# סאוועטיש היימלאנד

ליטעראריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאל

ארגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסםר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע



מאַרט

1975

# אינהאַלט


ארן ווערגעליס. פון נײַעם קוואל (לידער) . . . 3
נאטאן זאבארע. אינמיטן העלן באטאָג (ראָמאַן. סאָף) 7
אלעקסאנדער בעלאָוסאָוו. נײַע לידער . . . 40
דינע קאַלינאָווסקאַיאַ. אלטע לײַט (ראָמאַן. סאָף).
צייכענונגען פון ג. קאַלינאָווסקי . . . . . . . . 42
פיניע פּלאָטקין. דאָס געהעריקע וואָרט (לידער) . 78
הערשל פּאָליאנקער. א געשיכטע מיט א דאטשע און אנד. דערציילונגען . . . . . . . . . . . . 81
בוזי מילער. ביימער ציִען זיך ארוף (ליד) . . . 101
מענטשן — זייער צײַט און זייער גורל. מאַקס פּאָליאנאָווסקי. ניט ווײַט פון קאָטלובאַן . . . . . 102
פּאָרטרעטן פון הײַנטצײַטיקע ייִדישע שוישפּילער. כאַיִםביידער. אויג אף אויג מיטן צושויער . . . . . 111
זיכרוינעס. כאַיִם לויצקער. דער מענטש אינעם דיכטער . . . . . . . . . . . . . . . . . 118


## פּובליציסטיק


לעאָנעל דאדיִאני. „לינקע" ציִעניסטן — ווער זײַנען זיי? — די דרײַ אָוועס פונעם ציִעניסטישן סאָציִאַליזם. — דער האסטיקער גאנג פונעם „סאָציִאַל־ציִעניזם" אף רעכטס . . . . . . . . . . . . . 124
אויסלענדישע זשורנאַליסטן צוגאַסט אין ביראָבידזשאַן. עטל קלינגער (ייִסראָעל). די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט עקזיסטירט און אנטוויקלט זיך . . . . . . 132


---


ליטעראַרישער טאָגבוך. אוראַן גוראַלניק. פאַרבריידערטקײַט פון פעלקער — פאַרברידערטקײַט פון ליטעראַטורן . . . . . . . . . . . . . . . . . . 138


## ליטעראַטור־קריטיק. ביבליִאָגראַפיע. פּראַגן פון קונסט


ארן ראַסקין. כ.־נ. ביאַליק אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע . . . . . . . . 142
פּאָלעמיק. אנאַטאָלי גלאַדילין. איבער דעם וואָרט ווער איך זיך מיט טרערן באוואַשן; לעוו לעווין. „...דאָס, וואָס איר רופט דוניע, דאַרף זײַן א מאַנצבל" 151
אונדזערע מיטיילונגען. ייִסראָעל קאָוועלמאַן. העבראיִסטיק אין די רוסישע לערן־אנשטאַלטן און וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס . . . . . . . . . . 158
בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען. ק. גײַוואַנדאָוו. בא די קאָמוניסטן פון ייִסראָעל . . . . . . . . 163
אונדזער רעפּליק. מיקויעך איינעם אן „ענטפער" אף א רעפּליק פון „סאָוועטיש היימלאַנד" . . . . . . . 166
צום 75־טן געבורטסטאָג פון ה. אדאַם . . . . . . . 167
זיי אליין זאָגן עס... . . . . . . . . . . . . . 168
בער האַלפּערן. א לעבן אין טעאַטער . . . . . . 169
עס וועדט פאָרגעזעצט דער שמועס, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָנגעהויבן. אָלעס לופּיִי. צו כאַווע וואַטערס זיכרוינעס „שטייט אן אָבעליסק אין שענדעראָווקע" . . . . . . . . . . . . . . . . . 170
בריוו פון ייִדישע שרײַבער. עזראַ פינינבערגס בריוו . . 172
פאַרשיידנס . . . . . . . . . . . . . . . . . 180
נאָטיצן אפן קאַלענדאַר . . . . . . . . . . . . 183
כראָניק . . . . . . . . 131, 137, 157, 165, 167, 179
דאָס איז טשיקאַווע. וו. איוואַנאָווא. די שײַן פאַרטרײַבט דעם כוישעך . . . . . . . . . . . . . 185
פון אונדזער פאָטאָ־ארכיוו. ווייניק־באַוווּסטע פאָטאָגראַפיעס פון ארן קושניראָוו . . . . . . . . . . 187
לאָמיר זינגען נײַע לידער. קום ארײַן אין מײַן וועלט. ווערטער פון ארן ווערגעליס, מוזיק פון סערגיי טשעבאָטאַריאָוו . . . . . . . . . . . . . . . . 188
עליע פאַלקאָוויטש. שמועסן וועגן ייִדישער שפּראַך 190

ארן ווערגעליס

# פון נײַעם קוואַל

## אײגנאַרטיקײַט

קײן אָרט איך זוך ניט ווּ ס'איז בעסער,
איך פּלאָנץ ניט אײַן זיך מיט געוואַלד.
איך בין אַזוי ווי די בערעזע,
וואָס שטײט אין אַ סאָסנאָוון וואַלד.

דער פֿױגל קוקט אױף מיר געלאַסן,
ס'איז אײן־און־אײנציק מײַן געשטאַלט.
איך בין אַזוי ווי יענער יאַסען,
וואָס שטײט אין אַ בערעזע־וואַלד.

מײַן קרוין איז דאָרט, ווּ ס'איז געדיכטער,
ווּ פֿונעם שאָטן איז אַזש קאַלט.
איך בין אַזוי ווי יענע פֿיכטע,
וואָס שטײט מיט ראַבינעס אין וואַלד.

און וויסן מעג עס יעדער, יעדער:
אַרום מײַן האַרץ דאָס אײגנס שאַלט
און שטעלט אײַך פֿאָר — איך בין אַ צעדער,
כאָטש שטײן איך שטײ אין יאָדלע־וואַלד.

## דאָס געזאַנג װעגן רוסישן פּײזאַזש

*Умом Россию не понять,*
*Её аршином не измерить.*

Тютчев

באַם הימל — רײן דאָס לײַב. בלויז װו־ניט־ווּ עס ליגן אָנגעהױפֿט די דעמפּנדיקע װאָלקנס,
וואָס זעען אויס ווי אָנגעקוואָלענע מיט פֿײַכטקײַט שמאַטעס
אױף ערשטגעוואַשענער פּאָדלאָגע.
דערווײַל האָט נאָך די באַלעבאָסטע — די נאַטור —
קוים פֿאַרפֿאָראַשעט די הויכשפּיציקע די גרינע יעלן
און אויסגעשאָבן באַ דער וואָלגע די געדיכטע, אָפּגעקילטע כוואַליעס.
צעמישט מיט ערד, דאָס גרײַפּל־שנײיִעלע מאַכט קלעפּיק די פּאָדעשווע פֿון מײַן שוך,
אונטער דעם שנײ־רױכל דער טראָט טאַפּט אָן די שוין צעפּרי׳עטע, איבערגעצײַטיקטע,
פֿאַרגלאָזטע גראָזן,
וואָס גיבן וועגן זיך צו וויסן מיט אַ כרוסט, פּונקט ווי געשניטן וואָלט מען רויע קרויט. —
דאָס פּרוּווט זיך ווידער שטעלן אױף די פֿיס דער צוגעטשמעליעטער, געזונטער אָסיען,
נאָר, צוגעשאָטן שוין מיט שנײ און מיט אַ בײַוואָלדיק־געשפּינטן פֿרעסטעלע פֿאַרצויגן,
ער גיט זיך אונטער...
מײַן פֿוס און איך אײנגאַנצן בלײַבן צווישן האַרבסט און ווינטער —
אַליין פֿון זײ אַ סימען. ס'וועט אַדורכגײן נאָך אַ ביסל צײַט,
און פּונקט אַזוי כ'וועל אױף די קנאָכיקע, צעווײקטע שנייען, ענגדע קרירע,
זיך צודעקן מיט קווײטלדיקע ווערסנע־וואַסערלעך און ווידער זײַן צווישן די צײַטן פֿונעם יאָר —
אַליין פֿון ווינטער און פֿון פֿרילינג אַ טיף־טיפֿער סימען.
דערנאָך, ווען אָנשווימען דער זומער וועט,
איך וועל מעוווּלוּול אױך ניט ווערן פֿון זײַן הויכקײַט.

כ׳וועל אופגיין, ווי פון דעק עס בולבעט זיך ארוף א בלעזל,
ווי אף א נוס עס ליכטיקט זיך דער אָפּשײַן פון זײַן אינעווייניקייט.
ס׳וועט מיך ניט כידעשן, וואָס גראָזן זײַנען אָנגעשטאָפּט מיט אלדאָס גוטס,
באשפּריצט מיט גאָלדן־טוי און אָנגעשוואָלן.
ווען אומבאמערקט דער זומער וועט זיך נאָכאמאָל ארײַנגיסן אין הארבסט,
איך וועל זיך כאפּן: ס׳איז באם הימל ריין דאָס לײַב. בלויז ווו־ניט־ווו עס ליגן אָנגעהויפּט
די דעמפּפנדיקע וואָלקנס. גאָט, מײַן גאָט, שוין ווידער אָסיען...
צי ניט אליין דער אָסיען האָט אין זיך א שפּרייט געטאָן דעם שניי
און אופגעשלאָגן בא דער וואָלגע די געדיכטע, ווי פּיציא, פּארקילטע כוואליעס?
און — מיטאמאָל! עס טוט א טרייסל מיט איר קלייד די רוסישע מעטעליצע. אָ־האָ! ע־הע!
די רוסישע מעטעליצע!
די רוסישע מעטעליצע!
די רוסישע מעטעליצע!
די רוסישע מעטעליצע!
כ׳צערײַס דאָס העמד זיך אָפן לײַב, נעם אָן א פולע פאזעכע מיט ווײַסע פייגעלעך,
וואָס ווימלען, פלאטערן אין איר, אין אונדזער רוסישער מעטעליצע. אָ־האָ! ע־הע!
היי, שטערט מיר ניט. לאָזט אופנעמען די קוילעס און די קויכעס און די לײַדנשאפטן,
וועלכע הערן זיך ארויס פון אונדזער רוסישער מעטעליצע! —
דעם סקריפּ פון טויערן, צונויפגעקלאפּטע פון ראיעלן האָלץ, אין כאַלמאַגאָרער דערפער,
און דאָס באהאלטענע און ווייכע שורשען אין די ליפּטן פון די נײַ־ארבאַטער מויערן,
ס׳צעצויגענע געזאנג בא די זאוואלינקעס, וואָס וועקט די סקירדעס אינעם פעלד,
ביזוואנען אויך פון דאָרטן לאָזט זיך הערן, מורמלענדיק, א ריטשקעלע פון צווישן הייסע ליפּן,
און ס׳ריטשקעלע צעגיסט זיך אין א יונגן טײַך, וואָס שלעפּט די וואסערן
פון סאמע מיטן פון דער מוטערשער דערזשאַווע ביזן אײַז־פּאָליוס,
וועלכן די וועלט באדארף ניט ווייניקער פון הייסע טראָפּיקעס — צוליב באלאַנסן אף די ראַכוועסן.
היי, שטערט מיר ניט, לאָזט אופנעמען די קוילעס און די קויכעס פון דער רוסישער מעטעליצע.
און אויב איר האָט אליין זיך אָפּגעשיידט פון איר, איז עמעצער אין אומגליק אײַערן
דען שולדיק?
כ׳זאָג:

הערט שוין אוף צו ליארעמען,
פון דער פרעמדער צעראשט,
ס׳וועט אײַך מער ניט ווארעמען
דער רוסישער פייזאזש...

בא אונדזער הימל — ריין דאָס לײַב. בלויז ווו־ניט־ווו עס ליגן אָנגעהויפּט די דעמפּפנדיקע
וואָלקנס, וועלכע זעען אויס ווי אָנגעקוואָלענע מיט פײַכטקײַט שמאטעס
אף ערשטגעוואשענער פאָדלאָגע.
דערווײַל האָט נאָך די באלעבאָסטע — די נאטור —
בלויז פארפּאָראָשעט די הויכשפּיציקע די גרינע יעלן
און אויסגעשאָבן בא דער וואָלגע די געדיכטע, אָפּגעקילטע כוואליעס.
און — מיטאמאָל! עס טוט א טרייסל מיט איר קלייד די רוסישע מעטעליצע. אָ־האָ! ע־הע!
די רוסישע מעטעליצע!
די רוסישע מעטעליצע:
אין שטוב —
פון מענטשן און פון אויפעס
און פון פלאמען אין דעם אייוועלע
א ראש,
און ארויס־דאָרף,
אין פעלד
עס טוט א שפּרייט זיך
אף א האלבער וועלט
דער רוסישער פייזאזש.

## שורעס, אַנגעשריבענע דעם 9 מײַ 1945
## און אָפּגעזוכטע אין פיל יאָרן אַרום

טאַקע ניצל געוואָרן, מאַמע,
ניט געבראַכט דיר אין לעבן קיין צאַר.
איצט דו האָסט ניט קיין זון אין דער יאַמע,
איצט דו האָסט ניט קיין קינד אינעם יאַר.

טאַקע ניצל געוואָרן, טאַטע,
פון פאַרפאַלן צו זײַן אין געהיים,
פון אַרויסגײן אָן פיס פון פּאַלאַטע
און פון קומען אָן אויגן אַהיים.

טאַקע ניצל געוואָרן, טאַקע —
פון דער קויל, פון דער שפּיז, פון דעם שטריק,
פון דערשטאָכן צו זײַן אין אַטאַקע
און פון ווערן מיט גאַזן דערשטיקט.

נאַר, כאַלילע, ווען ס'גליק וואָלט געטראָפן
אָפּן כעזשבן פון היים און פון לאַנד —
אין די נעכט כ'וואָלט דען רויִק געשלאָפן?
כ'וואָלט דען ניצל געוואָרן פון שאַנד?

## מענטש

ס'איז מײַן גײַסט געראַם,
און מײַן קרוין איך טראַג
צווישן אײַז און פלאַם,
צווישן נאַכט און טאָג, —
ווײַל איך בין דער פּרינץ
אינעם מאַלכעס-פּעלד,
אינעם מאַלכעס-וואַלד,
אין דער מאַלכעס-וועלט.

גאָרניט אַזוי פּראָסט
דריי איך מיך אַרום
צווישן היץ און פראָסט,
צווישן גלײַך און קרום;
צווישן יונג און אַלט,
צווישן פּרוכט און צוויט. —
שײַן איז מײַן געשטאַלט,
קיין אײַנהאָרע ניט.

בין איך מיר אַ פּרינץ
אינעם מאַלכעס-פּעלד,
אינעם מאַלכעס-וואַלד.
אין דער מאַלכעס-וועלט.

ליכטיק און צעבליצט
פליסט מײַן לעבנס-טײַך
צווישן פראָסט און היץ,
צווישן קרום און גלײַך,
צווישן אַלט און יונג,
צווישן פּרוכט און צוויט. —
האַסטיק איז מײַן שוווּנג,
קיין אײַנהאָרע ניט.

בין איך מיר אַ פּרינץ
אינעם מאַלכעס-פּעלד,
אינעם מאַלכעס-וואַלד,
אין דער מאַלכעס-וועלט.

איבער טיפן טהאָם
ליגט מײַן וועג צום רוים,
צווישן דנאָ און שטראָם,
צווישן צוים און טרוים,
צווישן שווער און גרינג,
צווישן לייד און ליד. —
ס'איז מײַן שוועבן פלינק,
קיין אײַנהאָרע ניט.

בין איך מיר אַ פּרינץ
אינעם מאַלכעס-פּעלד,
אינעם מאַלכעס-וואַלד,
אין דער מאַלכעס-וועלט.

אַף דעם היכן וועג
שטייט מײַן אופטו אוף
צווישן שטראָם און ברעג,
צווישן טרוים און רוף,
צווישן גרינג און שווער,
צווישן לייד און ליד. —
שײַן עס איז מײַן ווערק,
קיין אײַנהאָרע ניט.

בין איך מיר אַ פּרינץ
אינעם מאַלכעס-פּעלד,
אינעם מאַלכעס-וואַלד,
אין דער מאַלכעס-וועלט.

ס'איז מײַן גײַסט געראַם,
און מײַן קרוין איך טראַג
צווישן אײַז און פלאַם,
צווישן נאַכט און טאָג, —
ווײַל איך בין דער פּרינץ
אינעם מאַלכעס-פּעלד,
אינעם מאַלכעס-וואַלד,
אין דער מאַלכעס-וועלט.

## אינגאנצן נײַ

איך זאָג עס אײַך: פון נײַעם קוואל,
און ניט פון אלטן, שעפּ איך,
און דאָס איז ניט קיין נײַער פאל —
דאָס ווייסט איעדער שעפער.
דער שעפער שאפט. אינגאנצן נײַ
עס איז זײַן ביסל אייגנס.
דער אלטער קוואל, וואָס פליסט דערבײַ,
ווערט פרישקייט ניט דערלייגן.
זײַן בײַטראָג לעבט אין צײַט און רוים,
און נייטיק איז ער שטענדיק,
נאָר ס׳קוועלעכל, וואָס לעבט ערשט קוים
און, דאכט זיך, באלד זיך ענדיקט, —
עס האָט באוויזן טאָן א שפּריץ
צו מיר אין הארצן סאמע,
און ס׳לאָזט אוועק מײַן זעל זיך איצט
אין וועג מיט דעם צוזאמען.

## איר זאָלט ניט פרעגן

איר זאָלט ניט פרעגן, פארוואָס א רעגן גייט.
א רעגן גייט. א האָגל פאלט.
עס ליגט די ראָסע.
סע שיט א שניי.
סע גייט א רעגן.

איר זאָלט ניט מיינען, אז אין רעגן טרינקען זיך די גרעזער.
די גרעזער טרינקען.
די שטיינער אין דער שטאָט זיך וואשן אין דעם רעגן.
אף אָנפּאָיען דעם פלאנץ
באדארף דער רעגן אײַנווייקן אין זיך די ערד,
אין וועלכער ס׳מוטשעט זיך פון דאָרשט דער וואָרצל.

איר זאָלט ניט רעדן וועגן רעגן מיט פארדאכט.
הייבט אוף די אויגן צו דעם הימל
און זעט, ווי ערלעך דאָרט די רעגן־ריייניקײַט געשעט.
אזוי ווי פארן אײַנשפּריצן רעפּועס מיט א שטאָך
דער דאָקטער האלט די נאָדל אפן פײַער,
אזוי אין הימל גליט די טראָפּנס פריִער אָן א בליץ,
א דונער קלאפּט ארויס פון וואָלקן ווי פון שטיין זיי,
און דעמלט ערשט עס גייט אף דר׳ערד א רעגן.
(א רעגן גייט. א האָגל פאלט.
עס ליגט די ראָסע.
סע שיט א שניי.
סע גייט א רעגן).

איר זאָלט ניט פרעגן, פארוואָס עס גייט א רעגן.



## נאָטאַן זאַבאַרע

# אינמיטן העלן טאָג

ראָמאַן

ס'איז געווען אין אַ מעסיבה פֿון די כּשערוסטע געסט באַם נאָסי. דער נאָסי איבן שעשעט אַליין איז אויך געווען דערבײַ. דער באַרסעלאָנער טוישעוו אַראָן האַלייווי, דער מעכאַבער פֿונעם ספר החינוך[1], וואָס איז געגעבן מיט לײַכטן לאָשן פֿאַרן פּאָשעטן פֿאָלק און איז צעטיילט אויף פּאַרשעס פֿאַר יעדער וואָך באַזונדער, האָט וועגן איבן סיגאַלס טפֿילע באַלד אַ זאָג געטאָן מיט דער גאַנצער האַרבקײַט:

— דאָס איז אַ געבעט צום מוסולמענישן גאָט, פּונקט אַזוי גוט ווי צום קריסטלעכן, אָבער ניט פֿאַרן גאָט פֿון יִיסראָעל. צו אונדז האָט עס קיין שום שײַכעס ניט!

די רויטע באָרד האָט באַ אים געפֿלאַמט, און די ליפּן זײַנע האָבן נאָך אונטערגעציטערט, גלײַך ווי ער וואָלט נאָך ניט דעם גאַנצן קאַס אַרויסגעבראַכט. איבן סיגאַלן האָט עס איינגאַנצן דערשלאָגן. ס'האָט אויף אים מער געדריקט דאָס שווײַגן פֿון די איבעריקע, ווי דער אָנפֿאַל פֿון אָט דעם מענטשן. נאָך איידער ער האָט געפֿרוווט עפֿענען דאָס מויל, האָט דער בייזער ייִד נאָך צוגעגעבן:

— אונדזערע נעוויִִים האָבן געגלייבט אין מלאה הארץ דעה[2], אָבער געשען וועט דאָס לאַכלוטן אָן צוואַנג.

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט דער מילדער באָניפּאַז ווידאַל. אין באַרסעלאָנע שעמט ער מיט זײַן קעגנערשאַפֿט צום ראַמבאַם. ער איז אויך אַ גרויסער ערד־באַזיצער, און אויף זײַנע פֿעלדער איז ער מעקײַעם פּאה און שכחה[3] — ער לאָזט קיינמאָל ניט אָפּשנײַדן די גערעטעניש ביזן לעצטן פּאַס פֿעלד און לאָזט זיך ניט אומקערן צו צונויפֿזאַמלען די פֿאַרבליבענע זאַנגען, אָדער נאָך אַ פֿאַרגעסענעם גאַרב טוווּע. אין ווײַנגאָרטן און באַ די איילבירט־ביימער לאָזט ער ליגן אויף העפֿקער די רײַפֿע און די אַליין אַראָפּגעפֿאַלענע ניט רײַפֿע פּיירעס. די פּויערים — שכיינים לאַכן פֿון אים און קלײַבן עס באַהאַלטענערהייט אַליין אויף. זיי קאָנען זיך אַלץ ניט דערוואַרטן אויפֿן זיבעטן יאָר, ווען ער זאָגט זיך איינגאַנצן אָפּ פֿון אַראָפּנעמען די טוווּעס, און דערהויפּט אויפֿן שמיטע־יאָר, ווען ער וועט באָטל מאַכן אַלע כויוועס, וואָס ווער פֿון די פּויערים איז אים שולדיק.

— דו זאָג מיר, איבן סיגאַל, — האָט ווידאַל זיך אַ קערעווע געטאָן מיטן פּאָנעם צו אים, — ווען האָבן מיר, ייִדן, אָנגעוואָרפֿן אַנדערע פֿעלקער אונדזער גלויבן? ווען האָבן מיר ווען־ס'איז געצוווּנגען אָנצונעמען אונדזער געדאַנקענגאַנג, אונדזערע מינהאָגים, אונדזער לעבנשטייגער?

— איך! איך האָב געצוווּנגען! — האָט איבן סיגאַל זיך אַ הייב געטאָן, און ער האָט אויסגעזען העכער פֿון אַלעמען, האַגאַם דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. — איך האָב זייער לײַכט און גערן אָנגענומען דאָס מאַכמעדאַנישע גלויבן, איך בין

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 1, 2, 1975.

[1] סײפֿער האַכינוך — בוך פֿון דערציִונג; [2] מאָלאָ האָאָרעץ דייאָ — די וועלט וועט פֿול זײַן מיט וויסן; [3] פּייאָ און שיכעכאָ — אָנזאָג פֿון דער טוירע באַם אַראָפּנעמען דעם שניט פֿון פֿעלד איבערצולאָזן אַ פּאַס טוווּע פֿאַר אָרעמעלײַט.

געוועזן ניט דולדיק צו די אַלע, וואָס האָבן עס ניט געטאָן אַזוי ווי איך! איך האָב גאָרניט געהאַט צו די, וואָס האָבן באַצײַטנס דאָס לאַנד פאַרלאָזט, איך בין גלײַכגילטיק געוועזן צו די, וועלכע זײַנען שפּעטער אַנטלאָפן. נאָר די יעניקע, וואָס זײַנען געבליבן מיט אונדז, האָב איך ניט געקאָנט מוחל זײַן די מינדסטע אָפּווײַכונג פונעם נײַעם גלויבן. ס׳האָט זיך מיר אַלץ געדוכט: זיי זײַנען מיר א דאָרן אין אויג, זיי פּאַטערן מיר די מאַראָכע, דעם ווערט מײַנעם און דער קלענסטער וואַקל זייערער נעמט עפּעס אויך אָפּ פון מײַן געטרײַשאַפט, פון מײַן מיט לײַב און לעבן איבערגעגעבנקײַט צום נײַעם גלויבן און לעבנספּיר. א רעשטל פון א פרי׳ערדיקן מינהעג, א ניט־אַראַבישער אויסדרוק אין זייער לאָשן האָט אַזוי ווי פאַרמינערט מײַן וואָג און מײַן עכטע אַראַבישקײַט סײַ אין דער שאַפונג, ווי אויך אינעם לעבנשטייגער. איך בין געוועזן דער מענטש, וואָס האָט אונטערגעזאָגט מײַן הערשער, דעם קאַליף, ער זאָל פאַרניכטן אַלץ, וואָס ס׳איז געשאַפן געוואָרן אָפן לאָשן איוורי, און ווען איך וואָלט געוווּסט, אַז ס׳איז נאָך פאַראַן ווער, וואָס באַנוצט זיך מיט דער שפּראַך צום שאַפן, בין איך גרייט געוועזן אים צו מאַסערן, ער זאָל געשטעלט ווערן תחת חרב[1]. איצט, ווען איך זאָל האָבן בעיאַד, וואָלט איך אײַנײַנעם מיטן צונג אַרויסגעריסן פון זיך דאָס אַראַבישע לאָשן, אָף וועלכן איך דענק, און רעד, און שרײַב...

מע האָט זיך אָף אים אַרופגעוואָרפן מיט קוילע־קוילעס און אים צוגעמאַכט דאָס מויל. דאָס נאָרוואָס געזאָגטע האָט קימאַט בא אַלעמען אַרויסגערופן א דערווידערונג, און ס׳האָט זיך צעפלאַקערט א שטורמישער וויקועך, בא וועלכן דער אַלטער זאַבאַרע האָט זיך באַזונדערס צעהיצט. ער האָט פון גרויס אופּרעגונג ניט געקענט דערזאָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. האָט בא אים דאָס רעדן איבערגעכאַפּט אַלכאַריזי:

— דאָס אַראַבישע לאָשן איז דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק. אין וויפל מעדינעס רעדן יי׳דן אָף אָט דער שפּראַך, און וואָס האָבן זיי שוין ניט געשאַפן אָף אָט דעם באַפליגלטן לאָשן פאַר די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר! נאָך פרי׳ער פאַר זייער נאָווי האָבן מיר שוין געהאַט די מעשוירערים אַל סאַמועל און דעם זון זײַנעם שוראַי׳ק.

— און די משוררת מרת שרה[2], — האָט זיך דער אַלטער זאַבאַרע נאָך אַלץ ניט באַרוי׳קט. — איך האָב בא די איבן טיבאָנס געזעזן אין א קסאַוויאַד איר א בינטל שירים פון מיט א האַלבן טויזנט יאָר צוריק, עכטע פרחים[3].

— איז דען די זאַך אינעם לאָשן? — האָט אַלכאַריזי נאָך ניט פאַרענדיקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. — אָט אינעם לוטער־לאַנד האָבן יי׳דן שוין לאַנג אָנגעהויבן רעדן אָפן לאָשן אַשקענאַזי. ווער ווייסט, וואָס ס׳קאָן נאָך נצמח ווערן?[4] אָוועלכע גרויסע יעצירעס ס׳קאָנען נאָך געגעבן ווערן אָף אָט דער פרעמדער שפּראַך? און אָף מיזרעך פון אַשקענאַז ליגן די מעדינעס פון די סלאַוון. ווער ווייסט מיר זאָגן, וואָס פאַר א לאָשן אונדזערע ברידער באַנוצן דאָרט? די שפּראַך איז בא אונדז אָפּט די האַלבאַשע. דער קנקן[5], אין וועלכן אונדזער אַלדאָס געשאַפענע ווערט אָנגעזאַמלט אָף עס אויסצופּאַרהיטן פאַר די קומענדיקע דוירעס. אָט אָף דערוף איז טאַקע כאַל דער פּאַסעק אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו[6].

דאָ איז פּלוצעם אַרויסגעשפּרונגען יויעל און פול מיט פאַרביטערונג גענומען פאַרוואַרפן איבן סיגאַלן:

— איר קומט צו אונדז מיט אײַערע ווײ־געשרייען און מיט די ראַכמים־גוואַלדן, ווען מע צאַפּט פון אײַך בלוט. אָבער מיר נייטיקן זיך ניט אין קלאָגמוטערס, מיר האָבן זיי גענוג אָן אײַך! מיר דאַרפן אויך ניט די יעניקע יי׳דן, וועלכע קומען צו אונדז מיטשטאַרבן. אָף צו מיט־אײַך! מיר דאַרפן אויך ניט די יעניקע יי׳דן, וועלכע קומען צו אונדז מיטשטאַרבן. אָף צו לעבן ביסטו אַוועק צו אַנדערע, און פאַר זיי האָסטו געשאַפן. איצט, אַז די אַנדערע האָבן דיך אָפּגעשטויסן, ביסטו געקומען זיך באַהעפטן מיט די, פון וועלכע דו ביסט אַוועק אָף שטענדיק. געהאַגאַם דו ביסט דאָרט געוועזן בלויז א צוגעקומענער, ניט קיין אײַנגעפונדעוועטער, האָסטו געהאגאם מיינט ווערן דער זינגער פון א פרעמד פאָלק, זויגן די זאַפטן פון א פרעמדן שטאַם. ס׳איז פאַראַן אַזא בלעטל, וואָס וואַקסט בא דער זײַט פון א בלום און ווערט אַליין פאַרדאַרט און פאַרטריקנט, אָן פאַרב און אָן א רייעך, ווײַל ס׳האָט ניט קיין אייגענעם לופט־וואָרצל, זוכט עס אַרײַנצוכאַפּן, אָן אָטעם טאָן מיט עפּעס פרעמדס, אָבער דאָס איז ניט אָף זיכער. און אַוואַדע ניט אָף לאַנג...

פון זײַנע רייד האָט א ווייע געטאָן מיט אַזא האַרבער אָפּנקײַט, אַז אַלע זײַנען נישטוימעם

[1] טאַכאַס כערעוו — אונטער דער שווערד; [2] מעשוירערעס מאַראַס סאַראָ — די דיכטערין פרוי סאַרע; [3] פּראַכים — בלומען; [4] ניצמאַך ווערן — אויסוואַקסן; [5] קאַנקאַן — קײַלע; [6] אַל טיסטאַקייל בעקאַנקאַן עלאָ בעמאַ שעיעיש בוי — קוקט ניט אָף דער קײַלע, נאָר אָף דעם, וואָס אין איר געפינט זיך.

געבליבן. דאָ זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן ווערטער מיט אַזאַ דרייסטער קלאָרקײַט, ווערטער און מאַכשאָוועס, וואָס זײַנען באַ אַנדערע עפּשער אויך אויפגעקומען, באַ וועמען נאָך דערווײַל אונטער אַ נעפל, און באַ וועמען שוין גאַנץ דורכגעטראַכטע, בוילעט אָפענע, נאָר אָן דער געוואַגטקײַט זיי אַרויסצוזאָגן מיטן פולן מויל. באַ אַלכאַריזין האָט זיך דער שמייכל פאַרפּלאָנטערט צווישן באָרד און פּייעס. און פון די ברייט צעעפנטע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ באַפרײדיקונג, ווי ער וואָלט זאָגן: נו, מער האָב איך שוין ניט וואָס צו ריידן, דער יונגערמאַן האָט פאַר מיר אַלץ ווי אויפן טעלער אַרויסגעלייגט.

באַ יויעלס טאַטן, דעם אַלטן זאַבאַרען, האָט די באַווייליקונג אָנגעקוועלט טיף אינעווייניק, האָגאַם אויסערלעך האָט ער אַרויסגעוויזן אומצופרידנקײַט און פאַרדראָס אויפן זונס כוצפּע. איבן שעשעט האָט זיך געקראַצט אין דער גרײַז־גרויער באַוואַקסנקײַט אויפן פּאָנעם, ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דאָ געוואָלט עפּעס אויסבעסערן, נאָר דאָס האַסקאָמעדיקע צושאָקלען פון נאָך אַנדערע בײַוועזנדיקע האָט אים אָפּגעהאַלטן דערפון. איבן סיגאַל אַליין, דער גע־טראָפענער, האָט מיט זײַנע בליקן מילד אַרומגעכאַפּט אָט דעם דאַרלעך־שלאַנקן יונגן באָכער, וועגן וועלכן ער ווייסט גאַנץ גענוי, אַז ער האָט ניט קיין מינדסטע שײַכעס צו וואָסער־ניט־איז שאַפונג. דער יונג האָט נאָך קיין איין שורע אייגענע ניט אָנגעשריבן. די גאַנצע אָוודע זײַנע שטעקט אין רפואת הגוף[1], איז ווי קומט ער זיך אַרויסשטעלן פאַר אַזאַ מײַדים אין רפואת הנפש?[2] ער ווייס, פאַרשטייט זיך, אַפילע ניט פּרוּוון אָפּפרעגן די אַלע האַלבע און גאַנצע עמעסן, וואָס מע האָט אים נאָרוואָס פאַרגעוואָרפן, און מיט אָט דעם אַרויסשפּרינגער וועט ער זיך אָוודע ניט אַרײַנלאָזן אין כעזשבוינעס. אָבער אָט די אַלע מענטשן ווייסן דאָך גאַנץ גוט דעם באַדײַט פון אָט די פרעמדע זאַפּטן, וואָס דערנערן אַ וועלט. ווו נאָר ס׳שלאָגט ערגעץ אַ פּילבאַר האַרץ, אַ דענקענדיקער מויעך, אין אַוועלכער מעדינע ס׳זאָל ניט זײַן, צו אַוועלכן פאָלק דער מענטש זאָל ניט געהערן, — איז אויב ער וועט ניט צופאַלן צו אָט דעם לעבעדיקן קוואַל פון אַראַבישן וויסן, — איז ווו נאָך וועט ער זײַן דאָרשט שטילן? באַ די אָפּשטאַמיקע פון די אַלטע גריכן? באַ די אַמאָליקע העלענער, פון וועלכע ס׳איז קיין סאָריד־אויפאָליט ניט געבליבן? צי באַ די פאַרגרעבטע יאָרשים פון די לאַטײַנער, וואָס האָבן זיך אײַנגאַנצן אויסגעטאָן פון יעדער מין כאָכמע און וויסן, און ווי די אָנסייכלדיקע פּראָצים, זיצן זיי פאַרהילט אין אָט דעם ווײַט ניט רייעך־ניכויעכדיקן קריסטלעכן ווײַרעך און לאָזן צו זיך קיין פרישן ווינטל ניט צו? אויב עמעצער אַ זייעריקער וויל זיך איצט דערלאַנגען צו די אַלע וויסנשאַפטן, צו וועלכע זייערע אָוועס האָבן אין דער פאַרגאַנגענהײַט דערגרייכט, מוז ער זיי זוכן ראַק אונטער דער גרינער פאָן פונעם אַראַבישן לאָשן.

— אַגעוו, האָבן נאָך דערווײַל ביז איצט די אַראַבישע געלערנטע ווייניקער פון אַלץ זיך באַמיט אַרײַנצוברענגען אָט די פרעמדע אויצרעס אין זייער פאַרמעגן,— האָט אַ ייִד אַ מע־טאַרגעם זיך געגלעט די באָרד, ווען איבן סיגאַל איז אָף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן.— ווען ניט אונדזערע טאַרגומים פון די גריכישע כאַכאָמים און פון די אַלט־רוימער, וואָלט זייער אַ סאַך פאַרלוירן געגאַן, און טאַקע פאַר די אַראַבער גופע.

דאָ האָט אַלכאַריזי אַ שמייכל געטאָן.

— ס׳איז גענוג צו דערמאָנען,— האָט ער געזאָגט,— דעם סולטאַן אָמאַר, ווען ער האָט באַזיגט די פּרעכטיקע אַלעקסאַנדריִע, און מע האָט באַ אים געפרעגט וואָס צו טאָן מיט די קסאַוויאַדן פונעם רײַכסטן ביכער־אויצער אָף דער וועלט, האָט ער אַזוי געפּאַסקנט: אויב אין די כיבורים שרײַבט זיך דאָס, וואָס ס׳איז פאַראַן אינעם קאָראַן, זײַנען זיי דאָך איבעריק. און אויב ס׳איז אין זיי דאָ אַזוינס, וואָס אין קאָראַן געפינט זיך עס ניט, זײַנען זיי שעדלעך. אין ביידע פאַלן איז בעסער זיי צו פאַרניכטן.

דער אוילעם האָט זיך צעלאַכט. איבן סיגאַל האָט אויך ווי פאַרשולדיקט מיטגעשמייכלט, און פאַרטראַכטערהייט האָט ער געפּרוּווט זיך אָפּגעבן דעם גערעכט.

— נו, דאָס איז געווען אַמאָל... מע דאַרף דאָך נעמען אין אַכט די צײַט.

— אָט וועגן דער צײַט וויל איך טאַקע זאָגן,— האָט זיך יויעל אין דערין אָנגעכאַפּט.— מיט שיינע עטלעכע הונדערט יאָר פאַר אָמאָרן האָט דער באַזיגטער יויכענען בען זאַקאַי געבעטן דעם רוימישן קייסער וועספּאַסיאַן בלויז איינס: תן לי יבנה וחכמיה[3].

קאַסמונע איז אינעם פאַרטונקלטן ווינקל פונעם גרויסן צימער געזעסן האַלב־אויסגעצויגן אויפן פאַרביקן טעפּיך, אונטערגעשפּאַרט מיט זײַד־קישעלעך און מיט האָריקע פעלן אַרום די פיס. ווי אַ פאַרטײַעטע האָט זי געפאָלגט דעם ווערטער־געפּעכט, געגאַפט און זיך געשלאָגן

[1] רעפואַס האַגוף — מעדיצין; [2] רעפואַס האַנעפעש — גײַסטיקע היילונג; [3] טען לי יאַוונע ווע־כאַכאָמעהאָ — גיב מיר יאַוונע מיט אירע געלערנטע.

מיט דער דייע: צי זאָל זי זיך אַרײַנמישן אינעם לײַדנשאַפטלעכן קריג פֿון אָט די פֿרעמדע מענער מיט איבן סיגאַלן? דערהויפּט האָט איר געשטויסן דערצו דאָס אָפּטע אַרויסשפּרינגען פֿון אָט דעם אַזעסדיקן יונגן עסקולאַפּ, וואָס לויט ווי איר דוכט זיך, שפּריצט פֿון אים מיט סינע און מיט שאָדן־פֿרייד וועגן דעם ביטערן גורל זייערן.

זי האָט עס אים געהאַט געזאָגט באַ דער ערשטער געלעגנהײַט, האָט ער זיך איר שיִער פֿאַר די פֿיס ניט געוואָרפֿן, און זי האָט אים גאָרניט געקאָנט אײַנשטילן, ער זאָל זיך שוין אויפֿהערן שלאָגן אַלכעט. פֿאַרן ערשטן מאָל האָט ער איר אַזויפֿיל גוטסקײַטן אַרויסגעזאָגט, און אין אַלץ, וואָס אַרום איר, האָט ער געזען הוילע מײַלעס: אירע שטראָף־רייד זײַנען אים ווי אַ באַלזאַם; פֿון איר צאַרטער שטים, פֿון דער קליידונג, וואָס אויף איר, פֿון איר קליינעם וווּקס איז ער ביז צו מעשוגאַס באַגײַסטערט. פֿאַר זײַן יונגן לעבן האָט ער שוין ניט איין מאָל מיט זײַן גאַנצן פֿײַער זיך אָנגעצונדן צו פּונקט אַזעלכע ווי זי, נאָר ס׳האָט געפֿעלט דאָס קענגזײַטיקע פֿרישע ווינטל אויף אונטערצוהאַלטן דעם פֿלאַם, האָט זיך דער שײַטער שטיל אויסגעלאָשן, און אַפֿילע קיין איין וואַרעמער פֿונק האָט זיך אינעם אַש ניט געקאָנט פֿאַרהיטן.

ער האָט זיך פֿאַר איר מיסנאַצל[1] געוועזן ווי פֿאַר אַן עלטערער שוועסטער. ווי פֿאַר אַ מאַמען האָט ער זיך מודיע געווען אין זײַנע זינד מיט דער פּרעכטיקער פּראָוואַנסאַלערן, דעם הערצאָגס גרויסוווּקסיקער שלאַנקער טאָכטער, און זי האָט פֿאַר אים אויף אויסווייניק געלייענט איבן סיגאַלס ליבע־לידער, אויך אַ מין זיך מיסוואַדע זײַן אויף די אייגענע כאַטאָים. יויעלן איז דאָס אַלץ ניט אָנגעגאַן... אַפֿילע אירע קאַלט־סייכלדיקע אייגענע לידער האָבן באַ אים אויך אויסגענומען, ווי דאָס בעסטע פֿונעם בעסטן, אַבי נאָר זײַן לעבן איר... זייערע באַגעגענישן זײַנען אָפּטער געוואָרן. זי האָט זיך ניט באַהאַלטן דערמיט. ניט זעלטן פֿלעגט זי אים אויפֿנעמען אין איר באַזונדערן צימער, ווו זיי האָבן אומגעשטערט געקאָנט אַ פּאָר שאָ זײַן צוזאַמען און זיך אַפֿילע אַרײַנזאָגן איינער דעם צווייטן אַזוינס, וואָס מע קאָן עס נאָר טאָן, ווען מע איז אויג אויף אויג. קאַנסומע האָט זיך, אַפּאָנעם, פֿאַרלאָזט אויפֿן אונטערשייד אין זייער עלטער און אויף דער מענערישקײַט פֿון איבן סיגאַלן, קעגן וועמען אָט דאָס באָכערל איז ניט מער ווי אַ פּערטל אָפּ. יויעל איז, ווײַזט אויס, אויך געקומען צו דער מאַסקאָנע פֿון אל תבשל בקדרה שבשל בה חברך[2], ביפֿראַט נאָך, אַז ער האָט דאָ לעבן זיך דעם טאַטן, זאָל לעבן און געזונט זײַן. עפּשער דערפֿאַר טאַקע איז ער געווען מיט איר אַזוי פֿרײַ אין די רייד, ווייסנדיק, אַז צו עפּעס מערערס וועט ניט קומען, און פֿון דערפֿון איז אויך די היימישקײַט צווישן זיי אַלץ מער געוואַקסן און געוואַקסן.

אָפּטמאָל זײַנען זיי צוזאַמען געריטן אויסער דער שטאָט, האָבן געפֿירט לאַנגע געשפּרעכן, וועלכע האָבן קאַנסומען באַגײַסטערט. ער איז באַ איר אין די אויגן געוואַקסן, און זי איז גרייט געווען אים צו הערן שאָענווײַז — און שווײַגעוודיק בלויז קוקן אויף אים און באַוווּנדערן זײַן ניכ־טער־זיכערע דרייסטקײַט, זײַנע מוטיקע און קלאָרע געדאַנקען, אַרויסגעזאָגטע מיט פּאָשעטע ווערטער, נאָר זיי האָבן געקלונגען ווי אַ געזאַנג, ווי עכטע פּיוט־שורעס, וואָס דרינגען אַרײַן אין דער נעשאָמע.

אויך דאָס מאָל האָבן זיי אונטערגענומען אַ לאַנגדויערנדיקן רײַט־שפּאַציר, און ווען זיי זײַנען שוין געוואָרן אײַנגעמידט און ס׳האָט אָנגעהויבן דעמערן, האָבן זיי פֿאַרקערעוועט אויף אַהיים.

ווען זיי זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן אין דעם ייִדישן שטאָט־פֿערטל, איז שוין געווען גוט טונקל. קיין מענטשן האָט מען דאָ קימאַט ניט געזען. אין דער פּוסטקײַט פֿון די שמאָלע געסלעך האָט זיך הילכיק אָפּגערופֿן דער רעגלמעסיקער טראָט פֿון די אַכט פֿערדישע פֿיס און דאָס אָפּטע קלאַפּן אין די פֿאַרמאַכטע לאָדנס, אַ קלאַפּן, מיט וועלכן מ׳האָט געוואָרנט וועגן אַ דראָענדיקער געפֿאַר אָדער אָנגעזאָגט אַ שלעכטע בסורע.

— אין שטאָט איז פֿאַראַן אַ מעס, קאַנסומע, — האָט יויעל געזאָגט. — עפּעס אַ כאָשעווער מאַן איז ניפֿטער געוואָרן.

דער טיר־קלאַפּער איז שוין פֿונעם געסל פֿאַרשוווּנדן, און אין דער צווייטער גאַס, ווו־הין זיי האָבן פֿאַרקערעוועט, איז אויך ניט צו זען קיין לעבעדיקן נעפֿעש. נאָר ס׳הערן זיך נאָך אַלץ פֿונדערווײַטנס די קלעפּ, מיט אַן איבערײַס אויפֿן קורצן מעהאַלעך, וואָס ס׳פֿאַרנעמט דער גאַנג פֿון הויז צו הויז.

באַם צופֿאָרן צו די פֿערד־שטאַלן אויף איבן שעשעטס הויף, ווי נאָר ער האָט געהאָלפֿן קאַנסונען אַראָפּשפּרינגען פֿונעם זאָטל, איז מיטאַמאָל פֿאַר אים אויסגעוואַקסן טאַנכום.

---

[1] פֿאַרענטפֿערט; [2] אל טוואַשייל ביקדייראָ שעבאָשייל באָ כאַווייַרכאָ — זאָלסט ניט קאָכן אין דעם טאָפּ, אין וועלכן דײַן כאַווער האָט געקאָכט.

— ווי קומסטו פלוצעם אהער, בן יקיר[1] מײַנער? וואָס איז בא דיר הײַנט פאר א יומא דפגרא?[2] — האָט זיך יויעל געוווּנדערט.

— ניט בא מיר... — האָט טאנכום, אַן אָנגעכמורעטער, איבערגענומען צו זיך אין די הענט בײדע פערד פאר די צײַמלעך און זיך געלאָזט מיט זײ צום שטאל־טויער אָף זײ אויסזאָטלען און אָפּפירן צום אָנקאָרמענען.

„עפעס איז א בער אין וואלד געפּייגערט", — האָט יויעל א טראכט געטאָן. אָדער ס'האָט טאקע געהאט א פולע דאָס נעכטיקע שמועסן מיט אים און דאָס וואָרענען. נעכטן, ווען די דינערשאפט איז שוין לאנג געשלאָפן, האָט ער דערזען טאנכומס געלעגער א ניט קײן גערירטן. ער האָט געוואַרט אָף אים עפּשער ביז האלבער נאכט. ער וועט שוין מיט אים מעקײַעם זײַן א כצאָס, האָט יויעל באשטימט. אפילע ווען ער זאָל דאָ דארפן שטײן און וואַרטן, ביז דער מאָרגנשטערן וועט פארשווינדן, נאָר ער מוז אים אָנלערנען. אָט דער ניכ־פעניק האָט אים געגעבן דאָס וואָרט גלײַך באם אָנקומען אהער: דאָ, אין בארסעלאָנע, צווישן אזויפיל כאשעווע לײַט באם נאָסי אין הויז, וועט ער אופהערן נאָכגעבן דעם יעיצערהאָרע אָף א שטיקל צײַט. האָט עס געדויערט פון עסטער־טאָנעס ביז פּורים. מע רעדט שוין דאָ אויך וועגן אים, אז ער ווערט אָפּט פארשווונדן אָף א גאנצער נאכט, און אז ער האָט שוין געפּרוּווט אפילע טרײַבן זנוס אָט דאָ אין הויף.

אָבער הײַנט — ווידער דאָס זעלבע. יויעל גײט אים נאָך פּוסטריט. ער איז מיט אים ארײַן אין שטאל, און דאָ באם זאָטל־הענגער איז ער צוגעשטאנען צו אים:

— האסט דאָך מיר נעכטן געשווירן בא וואָס הײליק איז, אז דו וועסט אופהערן צו נויפן. ווו ביסטו הײַנט געווען? וואָס וועסטו הײַנט צוטראכטן?

— וואָס איז די נאפּקעמינע? איך האָב הײַנט קײן זנוס ניט געטריבן! — האָט טאנכום מיט קאס גענומען אויסקערעווען די פערד.

— דאָס אלײן איז שוין א גרויסער אופּטו. און מאָרגן וועסטו זיך אויך פירן לײַטיש? — האָט יויעל גענומען שפאסן מיט אים.

— מאָרגן אויך. און אויך איבערמאָרגן... ביז מיר וועלן ניט פארלאָזן אָט דעם פארשאָל־טענעם מאָקעם. ווו מע קאָן ניט לעבן ווי א מענטש, — איז טאנכום ארײַן אינעם באַלעבאָס'טאָן.

— איז צו וואָס דאָס ארומשלעפן זיך גאנצענע נעכט, אז מענטשן זאָלן דיך כוישעד זײַן? זיצט מען אין דער הײם ביזן אוועקפאָרן פונדאנען, — בעט זיך בא אים יויעל נאָך אײן האנאָכע.

— וואָס זשע, איך טאָר שוין אפילע אינעם טאנץ־שטיבל זיך ניט באווײַזן? — האָט זיך טאנכום ווידער צעבײזערט.

— אינעם טאנץ־שטיבל?.. — איז יויעלן די זאך געוואָרן פארדעכטיק. — עפעס צו פרי ביסטו געקומען פון דאָרט...

— געקומען פון דאָרט... מע האָט אונדז צעטריבן. אָף גאנצע זיבן טעג האָט מען אָנגעזאָגט, מיר זאָלן קײן דריסאס־רעגל[3] דאָרט ניט האָבן. מע האָט בא די שפּילער דאָס שפּילגעצײַג צוגענומען. די פלײטע, די הארפע, אפילע דעם שאל־האָרן האָט מען ניט איבערגעלאָזט. עפעס א גרויסער מאן איז געשטאָרבן.

בא דער טיר, אָף דער שוועל, האָט אָף יויעלן אָפּגעוואַרט דער טאטע. אים איז ניט געווען צו דערקענען. זײַן קאָפּ איז געווען מיט אש באשאָטן, אָפּן בעגעד באם הארצן האָט זיך אָנגע־זען דער היפּשער ריס פונעם רעכטן לאץ, און די אויגן זײַנען געווען פול מיט טרערן.

— רײַס קרײַע, זון מײַנער, דער עמוד ברזל[4] אונדזערער, דער חד בדורו[5], — האָט ער זיך צעוויינט, — אונדזער גאון עולם[6], דער ראמבאם, איז שבק חיים לכל חי[7]. די ליפּן האָבן בא יויעלן א ציטער געטאָן באם ארויסזאָגן דעם „ברוך דיין אמת"[8]. ער האָט שוין ניט געקענט מיט זײַן קאָפּ איבערפרעגן, ווען איז דאָס געשען.

— גאָרניט לאנג, — האָט דער אלטער זאבארע ארויסגעוויינט, — אין כ' טבת[9], און אָפּן דריטן טאָג האָט מען אים אריבערגעפירט קײן טווערײַא... א בראָך צו אונדז, — האָט ער מיט בײדע הענט זיך א כאפּ געטאָן פארן קאָפּ, — מיר האָבן אָנגעווירן די עיני הגולה[10]. מיט וועמענס אויגן וועלן מיר איצט קוקן אָף דער וועלט?

---

[1] בען־יאקיר — טײַערער; [2] יומאָ דעפּאגראָ — יאָמטעוו; [3] פּוסטריט; [4] אמוד בארזעל — אײַזער־נער זײַל; [5] כאַד בעדוירוי — אײנער אין זײַן דאָר; [6] גאָוין אוילאָם — וועלט־גאָען; [7] שאָוואַק כאַיִם לעכאָל כײַ — ער האָט פארלאָזט דאָס לעבן, איז געשטאָרבן — אזוי זאָגט מען אָן וועגן דער פּטירע פון א צאדיק; [8] באָרוך דאיאָן עמעס — געבענטשט זאָל זײַן דער, וואָס זײַן מישפּעט איז גערעכט; [9] קאָף טייוויס — צוואנציק טעג אין כוידעש טייוועס; [10] אײנײ האגוילאָ — די אויגן פון דעם גאָלעס.

יויעל האָט דעם טאַטן פֿאַמעלעך אוועקגעזעצט אויפֿן אָוול־בענקעלע, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די שיך און גענומען רײַסן קריעה. ווײַטער האָט ער ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט זיך קיין אָרט ניט געפֿונען. אויפֿן דיל איז שוין געווען אָנגעוואָרפֿן פֿריש אָפּגעשניטן גראָז, ווי א רעמעז אויף אנוש כחציר ימיו[1]. ער האָט א קליין ביסל גראָז צונויפֿגעשאַרט אין א ווינקל און זיך אויף דעם א וואַלגער געטאָן. ער איז געבליבן זיצן ווי אויף א פֿוס־בענקעלע לעבן טאַטן און געשוויגן. וואָס האָט ער אים איצט וואָס צו זאָגן?

געווען צײַטן, ווען זיי האָבן זיך הייס געאַמפּערט אַרום דעם ניפֿטער. ס'האָט דעם אַלטן זאַבאַרען פֿאַרדראָסן: וואָס הייסט, דער אייגענער זון זײַנער איז אַזאַ קנאַפּער אָנהענגער פֿונעם ראַמבאַם? ווי אַזוי האָט ער גאָר פֿאַרזען, ניט אַכטונג געגעבן, דער בען־יאָקער זײַנער זאָל ניט אַרײַנפֿאַלן אין די נעצן פֿון די קעגנער? ער האָט געוווּסט, ווי נאָר דער זון איז אונטערגעוואַקסן און אַליין אָנגעהויבן צו דענקען, האָט ער זיך אַרײַנגעטאָן און איז געווען פֿאַרקאָכט אין יעהודע האַלייווי, אין די שירים זײַנע, און ראַק דער קוזרי[2] איז בײַ אים געווען קאָדשיי־קאָדאָשים. נו איז וואָס? ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט פֿאַרזוכט דעם טאַם פֿון אַנדערע אויצרעס, און שוין פֿון די יונגע יאָרן האָט ער א טעווע געהאַט צופֿיל שטעלן אויף זיך, ער איז שוין געווען אָנגעשטעקט מיט מחלת הזמן[3]...

יויעל טראַכט איצט פֿאַרן טאַטן פֿונקט אַזוי ווי פֿאַר זיך, און דאָ דערמאָנט זיך אים, ווי ס'האָט דעם טאַטן געקאָסט געזונט, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל פֿונעם זונס מויל געהערט, ווי ער איז ניט מאַסקים מיטן ראַמבאַמס א געוויסער אַרויסזאָגונג.

— ווי אַזוי וואַגט ער גאָר אָפּצופֿרעגן אַזאַ מגלה עמוקות[4], אַזאַ עוקר הרים[5]... און וואָס איז דאָס בכלל פֿאַר א טעווע זיך אַנטקעגנשטעלן די גרויסע רישוינים אונדזערע, און בכלל אָן עלטערן פֿאַר זיך... איר פֿאַרגעסט, אַז איר זײַנט נאָך דערווײַל מער ניט ווי יונגע נאַרישע ציגן.

איז יויעלן דעמאָלט אײַנגעפֿאַלן צו באַרויִקן דעם טאַטן דאַפֿקע מיט שטילע רייד און גאַנץ ביטמימעס:

— מיר זאָגן זיך ניט אָפּ פֿון אָפּגעבן קאָוועד די עלטערע, און מיר נייגן דעם קאָפּ פֿאַר דער גרויסקײַט פֿון די רישוינים. מיר ווייסן אויך, אַז מיר זײַנען יונגע ווילדע ציגן. נאָר מיר זײַנען אין דער בכינע פֿון אָט דעם ציגעלע, וואָס דער פּאַסטעך טראָגט נאָך אויף די הענט, און האַגאָם מיר זײַנען נאַרישער פֿון דער גאַנצער טשערעדע, זיצן מיר, פֿונדעסטוועגן, אויף די הויכע אַקסל פֿונעם פּאַסטעך, און מיר זעען א סאַך ווײַטער און בעסער פֿון אַלע איבעריקע.

ער האָט געהאַלטן איצט בײַ אַן אינווייניקסטן שמייכל טאָן אין זיך, נאָר ער האָט דערזען, ווי דער טאַטע איז דערשיטערט, האָט ער געפּרוּווט צו אים ריידן ווי צו אַן אָוול, מיט מענאַכעם־אָוולדיקע אויסדרוקן. נאָר דער טאַטע האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן. ער האָט ניט געוואָלט בעשום־אויפֿן זיך צושפּאַרן צו דער וואַנט אויף א דרעמל טאָן. פֿון אויפֿשטיין און גיין אויפֿן געלעגער האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. איז יויעל אַזוי אײַנגעשלאָפֿן אָט דאָ לעבן אים, מיט א הויפֿן גראָז צוקאָפּנס, און אַז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז דער טאַטע נאָך אַלץ געזעסן אויפֿן זעלבן אָוול־בענקעלע און האָט אַפֿילע ניט געוואָלט טראַכטן זיך רירן פֿונעם אָרט. ער איז הײַנט פּאַטער פֿון אַלע מצוות עשה[6]. ער דאַרף ניט טפֿילע טאָן, ניט מאַכן קיין בראָכע איבער גאָרניט און אויך ניט טויעם זײַן. אויב גאָט וועט אים נאָר געבן קויעך, וועט ער פֿאַסטן און טרויערן גאַנצע דרײַ טעג. דאָס איז דאָס ערשטע. דערנאָך וועט מען זען.

אינעם געמיינזאַמען עס־זאַל איז דער לאַנגער דעמבענער טיש געווען איצט אָן א צודעק. יויעל האָט אויף אים דאָס ערשטע מאָל געזען דעם געמעל: ייִצכאָק בײַ דער אַקיידע. דער אוילעם אָרכים, ווער ס'איז געשטאַנען בײַם קופּערנעם קיִער אויף צו וואַשן די הענט, ווער ס'האָט שוין די נאַסע הענט אָפּגעווישט מיט די גראָז־בלעטער, וועלכע ליגן דאָ אויך צעוואָרפֿן אויפֿן דיל. די האַנטעכער זײַנען געהאַנגען פֿאַרשעמט, און קיינער האָט זיך צו זיי ניט צוגערירט. אייניקע האָבן די הענט געלאָזט אָפּטריקענען פֿון זיך אַליין. דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש אויף טכיִעס־האַמייסים. ווײַל יעדער גרעזל דאָ איז אַן אָנדײַטונג אויף דעם, אַז די מייסים וועלן אַרויסשפּראָצן ווי דאָס גראָז אין פֿעלד.

צו דער סעודת הבראה[7] איז מען נאָך דערווײַל ניט צוגעטראָטן. מע וואַרט, אַפּאָנעם, אויפֿן

---

[1] ענויש קעכאָציר יאָמאָוו — א מענטשנס לעבן איז ווי א גרעזל; [2] יעהודע האַלייוויס א באַרימט ווערק; [3] מאַכלאַס האַזמאַן — קרענק פֿון דער צײַט; [4] מעגאַלע אַמוקויס — אויפֿדעקער פֿון די טיפֿעניש; [5] אויקייר האָרים — אויפֿרײַסער פֿון בערג; [6] מיצוווים אַסיי — מיצוועס, וואָס דאַרפֿן געטאָן ווערן; [7] סעודאַס האַוורויאָ — טרויער־מאָלצײַט.

באַלעבאָס, אַפּן נאָסי איבן שעשעט. אַכוץ דעם אַלטן יויסעף בען מעיִר, יויעלס טאַטע, פעלט שוין דאָ קיינער ניט פון זײַנע אָרכים ניכבאָדים[1]. אַפּילע איבן סיגאַל זיצט דאָ איינער אַליין באַ דער מײַרעוו־וואַנט, אַף דער נאָרוואָס אַרײַנגעבראַכטער באַנק פאַר אוויילים. זי איז נידעריק און פאַרנעמט קימאַט די גאַנצע לענג פון וואַנט צו וואַנט. די אַלע איבעריקע בענק און בענקלעך זײַנען פונדאַנען אַרויסגעטראָגן געוואָרן. דער טיש איז אָנגעשטעלט מיט שיסלען אַרבעס, און אַף דער נאַקעט־הוילער ברעט זײַנען אָנגעוואָרפן בייגל מיט אייער, אַלס א זייכער, אַז דעם מענטשנס לעבן קײַקלט זיך צום אָפּגרונט און אַלץ פאַרגייט.

יויעל האָט ניט באַלד דערזען דעם פעטער שעמטאָוו, וואָס איז אַרײַן אַהער מיט איבן שעשעטן צווישן אַן אוילעם מעקוראָווים אָן א גוט־מאָרגן, גלײַך ווי דער באַרמינען וואָלט געלעגן דאָ אַין כיידער. יויעל האָט מיט כידעש באַטראַכט דעם אומעטיק־דערשלאָגענעם איבן סיגאַלן. עפּעס האָט דאָ בוילעטער אַראָפּגעקוקט פון אים דער עלנט און די אָפּגעזונדערטקײַט זײַנע. ער האָט אַפּילע געוואָלט צוגיין צום דיכטער און אים אָנווײַזן אַף אייניקע פונעם אוילעם, וואָס זײַנען געווען שטאַרקע קעגנער פונעם ניפטער. ער אַליין איז אויך ווײַט פון זײַנע כסידים... און דאָך זאָל ער זען, ווי דער טרויער האָט אַלעמען באַגלײַך אַרומגעכאַפּט. דעם קאַטייגער[2], פונקט אַזוי ווי דעם סאַנייגער[3]. ווײַל דער שוכן עפר[4] איז געווען מיט זײַן פאָלק: זײַן בלוט און פלייש. ער האָט זיך פון זײַנע ברידער קיינמאָל ניט אָפּגעשאָקלט. ניט אין די גוטע, און אין די שלעכטע צײַטן אַוואַדע און אַוואַדע ניט.

יויעל וואָלט דאָס אים פאַרשפּאָרט זאָגן. איבן סיגאַל אַליין האָט דעמלט געטראַכט קימאַט דאָס זעלבע, נאָר אַף אַן אייגענעם אויפן. „אין בעסטן פאַל,— האָט ער צו זיך געזאָגט,— מע זאָל אים אַפּילע געווען לאָזן בלײַבן באַ זײַן רום און באַ זײַן געדולע, וואָלט נאָך זײַן טויט זיך עפּשער פאַרקלענערט די צאָל פון די ניט פאַרגינער, אָבער אַף זייער אָרט וואָלטן זיך געמערט די דוברי שקר[5]. וואָס וואָלט מען ניט אַרופגעוואַלגערט אַף אים נאָכן טויט? ווען מע האָט באַם לעבן, און אין די גוטע צײַטן, צו אים קיין צוטרוי ניט געהאַט. ווען אַפּילע דער גוטער קאַליף און אַנדערע פון זײַנע נאָענטע פרײַנט האָבן אים געהאַלטן פאַר א צוגעוואַקסענעם פרעמדן אייווער צו זייער אויסגעטאָקטן קערפּער. איז וואָס האָבן זיי זיך צו גרויסן מיט א שטיקל ווילדפלייש, וואָס אַז מע וויל, קאָן מען עס לאָזן, און אַז מע דאַרף, קאָן מען עס לײַכט באַזײַטיקן. אַן אַנדער זאַך איז מיט אָט דעם געשטאָרבענעם, וועגן וועלכן ער ווייסט אַזוי ווייניק. דאָס אייניציקע, וואָס ער האָט שוין דאָ געהערט, איז, אַז דער מענטש האָט געהאַט א סאַך קעגנער, און באַ אייניקע אַפּילע האָט ער אַרויסגערופן סינע. אָבער ס׳לאָזט זיך פילן אויך באַ זיי, אַז זיי האָבן אים אָנגעווירן. אַז ער איז זייערער, און אַז מיט זײַן טויט איז פון זיי עפּעס אָפּגענומען געוואָרן. דאָס באַווײַזט דער טרויער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט ניט נאָר אָט דאָס הויז, נאָר א גאַנצע שטאָט מיט ייִדן”.

איבן סיגאַל איז געווען דערבײַ, ווען מיט א שליכעס פון די ניט־ייִדישע שטאָט־בירגער האָט זיך אַרײַנגעריסן א רוישיקע קנופּיע צו איבן שעשעטן מיט טײַנעס און טאַרומעס: ס׳איז געבליבן אָנדערהאַלבן וואָכן צו דער ניטל־נאַכט, און די ייִדן מיינען אַף גאַנצע זיבן טעג האַלטן פאַרמאַכט זייערע ווײַן־קעלטערס! מע האָט נאָך הײַנט די לאָדנס פון די וואַרשטאַט־הײַזער ניט געעפנט. אינמיטן א וואָכעדיקן טאָג זײַנען די וועבשטולן שטום געוואָרן... און ווו האָבן זיך אַהינגעטאָן די קופּערשמידן און די טעפּער? ווו איז אַהינגעקומען דער קוישנפלעכטער? די סאַנדאַלן־מאַכער? די שטריק־דרייער? ווו וועט מען צו די פײַערלעכע טעג אײַנקויפן אַלץ, וואָס מע דאַרף האָבן נייטיק?

איבן שעשעט האָט זיי קוים באַרוּיִקט. מער ווי דרײַ מעסלעס וועלן די ייִדן ניט טרויערן. דערנאָך וועט אַלץ אַוועק אַזוי, ווי ס׳איז געווען. ער זיצט איצט, דער נאָסי, מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און קײַט א שטיקל בייגל מיט אַן אָפּגעשיילט איי. אַלע עסן דאָ שטייענדיק און אָפּגעקערט פונעם טיש, ווער צו איין וואַנט און ווער צו א צווייטער. צוליבן קאָוועד פונעם מעס, וואָס וואָלט ווי געלעגן דערבײַ, און ס׳איז ניטאָ מער ווי אָט דער איין כיידער, עסט מען בעכיפּאָזן און אין א זײַט, בעיעכידעס.

דאָ האָט יויעל דערזען דעם פעטער שעמטאָוו, ווען ער האָט זיך צום טיש אויסגעדרייט אַף אָנצונעמען מיט די פינגער א ביסל אַרבעס אַף דער דלאָניע. אָן א וואָרט צו זאָגן האָט דער פעטער א מילד וואַרעמען קוק געטאָן אַפּן זון פון זײַן ווײַבס ברודער און מיט א מינע, גלײַך ווי ער וואָלט פון פריִער געוווּסט, אַז ער וועט אים דאָ טרעפן, נאָר ניט איצט איז די

---

[1] כאָשעווע געסט; [2] קאַטייגער — באַשולדיקער; [3] סאַנייגער — פאַרטיידיקער; [4] שויכיין אָפאָר — פאַרשטאָרבענער; [5] דויווריי שעקער — ליגנערס.

צײַט אױף שאָלעם אָפּגעבן. יױעל איז נישטוימעם געװאָרן: װי קומט ער פּלוצעם אהער? א צעטומלטער, האָט ער זיך נאָך װײַטער אָפּגערוקט פונעם אױלעם און האָט זיך בישטיקע אַרױסגעכאַפּט, קעדײ אָנצוזאָגן די בסורע דעם טאַטן.

## דאָס פערטע קאַפּיטל

# טויט און לעבן

דער אַלטער זאַבאַרע איז ניט שטאַרק ניספּאָעל געװאָרן פונעם זונס צעטומלטן אַרײַנרײַסן זיך מיט דער אױסערגעװײנלעכער יעדיִע, אַז דער פּעטער שעמטאָװ איז געקומען צו פאָרן. ער האָט דעם שװאָגער געזען נאָך נעכטן, װי נאָר יענער האָט זיך אהער אַרײַנגעשטעלט מיט דער װיסטער בסורע. ס׳איז נאָך געװען װײַט צו שקיִע, אָבער אױסהערנדיק די בסורע, איז אים פינצטער געװאָרן די װעלט, און ער איז געפאַלן אין כאַלאָשעס. אזא גזאר מין האשאָמאַיִם!.. װער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז אין אײנער פון די לאַנגע טײװעס־נעכט, אין דער זעלביקער צײַט, װען ער, יױסעף בען מעיר, האָט נאָך עפּשער מיט האסמאַדע געפּײַלט די פערזן פון דער האקדאָמע צו זײַן ספר שעשועים, האָט דער גרױסער ראַמבאַם אױסגעהױכט זײַן נעשאָמע און ס׳איז מת בנשיקה[1] געװאָרן דער מענטש, װאָס מע קאָן אױף אים מיט רעכט זאָגן ממשה עד משה לא קם כמשה[2].

זיצט ער איצט אָן אַנגעבױגענער איבער א מעסיכטע, װוּ ס׳רעדט זיך װעגן טױט, און ער װיל דעם קאָפּ ניט אױפהײבן. יױעל טײַנעט מיט אים, אַז אַלע זײַנען שױן אין דער עס־שטוב, און ס׳איז שױן צײַט, אַז ער זאָל אױך גײן עפּעס טױעם זײַן. דערצײלט ער דעם זון, װאָס דער פּעטער שעמטאָװ האָט איבערגעגעבן: אין מאָסטאַט, װאָס לעבן קאַיִר, האָט די גאַנצע באַפעל־קערונג, די יידן, װי די מוסולמענער, געמאַלדן א דרײַטאָגיקן טרױער. אין יערושאָלאַיִם איז אױך געװען א טאָנעס, און אַפּן גאַנצן װעג פון מיצראַיִם ביז דער שטאָט טיבעריע, װוּ מע האָט דעם ניפטער צו קװורע געבראַכט, האָבן קינד־און־קײט קריִע געריסן.

דער זון העלפט אים זיך אױפהײבן פון אָול־בענקעלע, ער דאַרף גײן לעצוירעך[3], נאָר ער לאָזט ניט, מע זאָל אים באַגלײטן. איז ער דאָ געבליבן אַלײן, יױעל. ער קוקט אַרײַן אין דער מעסיכטע, און אױף דער צװײטער זײַט פונעם שאַרבלאַט, אַפּן האַלב לײדיקן שטיק פּאַרמעט, דערזעט ער דעם טאַטנס קסאָװ. „סוף אדם למות״[4] איז אָנגעשריבן מיט גרױסע אױסיִעס פון אױבן, און נידעריקער א ביסל: „בכ׳ טבת התקס״ה לבריאת העולם בלע המות לנצח״[5], צו זײַנע זיבעציק יאָר, דעם „מאור עינים״[6] אונדזערן, דעם מוירײנו װעראַבײנו מױשע בען מײַמאָן.

און דאָ האָט יױעלן א בליץ געטאָן א געדאַנק:

— ער איז דאָך ניסטאַלעק געװאָרן לױט דער קריסטלעכער צײַט־רעכענונג דעם דרײַצנטן, — איז דאָס ניט א רעמעז אױף זײַנע דרײַצן אַני־מײַמינס?[7] די צאָל דרײַצן... מע קען זיך דאָ ברעכן דעם קאָפּ אױף עפּעס אױסצוגעפינען א מין סיתרי דרזין[8]... נאָר װעגן װאָס טראַכט ער איצט, אַז מע דאַרף גאָר אין זינען האָבן, װיאַזױ צו װירקן, אַז דער טאַטע זאָל זיך אָפּזאָגן פון זײַן דרײַטאָגיקן טאָנעס? ער, יױעל אַלײן, װעט שױן בא אים גאָרנישט ניט פּױעלן. מע דאַרף זיך דערשלאָגן צום נאָסי, ראַק זײַן אַרײַנמישן זיך קען עפּעס האָבן א מאַמאָשעס.

אין דעם נאָסיס איבן שעשעטס גרױסן אופּנעם־צימער האָט ער געטראָפן אױך זײַן פּעטער שעמטאָװן, װעלכער האָט דאָ באַװיליקט אים אַרומצונעמען און א קוש טאָן אין בײדע באַקן. יױעל האָט געפרעגט אױף דער מומע טעכיע און האָט זיך באַלד גענומען באַקלאָגן אַפּן טאַטן:

— בא זײַן עלטער און בא זײַן איצטיקן געזונט קאָן אים אזא לאַנגער טאָנעס, כאָס־װעכאָלילע, שטאַרק פאַרשאַטן. ס׳איז שױן באַלד אַדורך דער צװײטער מעסלעס, און ער װיל אָנהאַלטן די פּײַן גאַנצע דרײַ טעג.

---

[1] מײס בינשיקאָ — געשטאָרבן מיט א קוש; [2] מימױשע אד מױשע לױ קאָם קעמױשע — פון מױשע ראַבײנו ביזן ראַמבאַם איז ניט געװען נאָך עמעץ, װאָס זאָל צוגעגליכן װערן צו מױשע בען מײַמאָן (דה. צום ראַמבאַם); [3] אױף באַדערפעניש; [4] סאָף אָדאָם לעמאָװױס — דער סאָף פונעם מענטשן איז דער טױט; [5] בעכאָף טײװױס הײ־טאָװ־קוף־סאָמעך־הײ ליבריִאַס האָױלאָם באָלאַ האַמאָװעס לאָנעצאַך — דעם צװאַנציקסטן טײװעס יאָר 5565 פון װעלט־באַשאַף האָט דער טױט צוגענומען אױף אײביק; [6] מעױר אײנאַיִם — ליכט פון די אױגן; [7] דרײַצן אַני־מײַמינס — די דרײַצן איקערדיקע פונקטן פון ייִדישן גלױבן, װאָס דער ראַמבאַם האָט אױפגעשטעלט; [8] סיסרײ דעראָזין — באַהאַלטענע סױדעס.

— ער איז מעשוגע? צי כאָסערדייע? — איז דער פעטער אופגעבראַכט געוואָרן און איז גרייט געווען שוין לויפן צו אים און אים דערלאַנגען א גאָב ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן.

איבן שעשעט, דער האַדרעספּאָנעמדיקער זאָקן, וואָס איז בערעך א צענדליק יאָר עלטער פונעם אלטן זאַבאַרען, האָט אים אָפּגעהאַלטן דערפון. ער האָט א מילדן שמייכל געטאָן און געזאָגט שטיל, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך:

— דער ראַמבאַם אליין זכר צדיק לברכה[1] האָט שוין אַמאָל געהאַט געזאָגט: לולא המשתגעים נשאר העולם חרב[2]. די מעשוגאָס וועט אים איבערגיין, נישקאָשע, — טוט ער א ברייטערן שמייכל צו יויעלן, און דעם פעטער שעמטאָוו, דעם כאָשעוון רײַזנדער און געשעפטסמאַן, האַלט ער נאָך אַלץ פאַרן אַרבל, — זאָל ער זיך נאָר גוט אויסהונגערן, וועט ער קליגער ווערן. ער וועט אַליין קומען זיך בעטן, מע זאָל אים עפּעס געבן אין מויל אַרײַן.

— איך האָב מוירע דאָס צו דערלאָזן. עס וועלן אים, כאָלילע, אויסגיין די קויכעס, — האָט יויעל פאַרזאָרגט זיך געסאָפּעקט, צי ס׳איז רעכט אַזוי, — איך ווייס זײַן מייכעש. ער לײַדט איצט מיט אַזויפיל כולשעס[3].

— אויב אַזוי, — האָט זיך איבן שעשעט א הייב געטאָן פון זײַן מאַלכוס־שטול, — איז לאָמיר שוין גיין צו אים, — און אינדרײַען האָבן זיי זיך געלאָזט דורך די פיל כאַדאָרים צום אלטן זאַבאַרען.

דער אַלטער האָט זיך ניט אַזוי גרינג אונטערגעגעבן. אַפן זון איז ער געווען לעהאָרעג אולעאַבעד[4], האַלעמײַ ער איז אים געגאַנגען פאַרקלאָגן, גלײַך ווי ער אליין וואָלט געווען עפּעס א בריִע אָן דאָאָס, וואָס פאַרשטייט גאָרניט אין די איניאָניי האַגוף. ער קאָן נאָך באָרעך־האַשעם אויסקומען אָן אכילע אושטיע[5] אוועלכע דרײַ מעסלעס. אין הילכעס מזון ומחיה[6] מעגן זיך נאָך באַ אים לערנען אַזעלכע גדולים און מעווינים, ווי דער זון זײַנער... און וואָס וויל באַ אים פויעלן דער שיינער שוואָגער זײַנער שעמטאָוו? וואָס האָט ער זיך ביכלאַל צו מישן אין דער האַנהאָגע זײַנער באַ אַזאַ גרויסער צאָרע?... אים, דעם געשעפטסמאַן, האָט עס, פאַרשטייט זיך, וויניקער געטראָפן, ווי די מענטשן פון גײַסט. זײַנע קאַראַוואַנען אַף דער יאַבאָשע וועלן ניט פאַרלוירן גיין, און אויך זײַנע שיפן אַפן יאַם וועלן פון דערפון ניט אײַנזינקען.

אַז ער האָט דאָס אַלץ אַרויסגעבראַכט גאַנץ אָפן און מיט נאָך שאַרפערע דיבורים, האָט דער שוואָגער שעמטאָוו געקוקט אַף אים מיט א מין גוטמוטיקײַט, גלײַך ווי ס׳וואָלט אים גאַנץ ניכע געווען דאָס אויסצוהערן. ער וואָלט נאָך א לאַך געטאָן, ווען דאָס זאָל זײַן אין אַן אַנדער צײַט און ניט באַ אַזעלכע אומשטענדן. ס׳וואָלט אים אפילע ניט אָפּגעשטעלט דאָס דערציילן די דערמאָנונג, וואָס איז אים נאָרוואָס אַרוף אַפן געדאַנק. זיי וואָלטן דאָ אַלע מיט אים גאַנץ געשמאַק מיטגעלאַכט.

דאָס איז געווען נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן. באַלד ווי ער האָט כאַסענע געהאַט מיט דער שוועסטער פון אָט דעם ייִדן, וועלכער איז אָבער דעמלט נאָך ניט געווען אַזאַ קײַסן, — טוט ער א וואָרף א בליק אַף זאַבאַרען, — איז געקומען צו עפּעס א מאַכלויקעס מיט אים, ער געדענקט שוין אפילע ניט, וועגן וואָס ס׳האָט זיך דעמלט געהאַנדלט, נאָר דאָס האָט ער גוט פאַרגעדענקט און באַ דער גאַנצער מישפּאָכע איז עס געבליבן לעזיקאָרן. אַז מע האָט אַמאָל געוואָלט א שפּאַס טאָן, פלעגט מען איבערכאַזערן די ווערטער, און מיטן זעלבן טאָן, ווי ער, האָט מען עס דעמלט מיט קאַס אַרויסגעבראַכט:

— דו ביסט באַ מיר א קלײנער מעיוכעס! מיט מײַן שיינער שוועסטער וואָלטן זיך געפונען שענערע באַלאָנים פון דיר אַף צו שלאָפן גיין...

קוקט ער איצט אַפן בייזן זאַבאַרען, וואָס איז ייִנגער פון אים און אויך פון איבן שעשעטן, וועלכער איז עלטער פון זיי ביידע, און באַמערקט ערשט, ווי שטאַרק ס׳האָט זיך אַפן שוואָגער זײַנעם אָנגערוקט די זיקנע פאַר די לעצטע פּאָר יאָר, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען. כוץ דעם טרויער־צושטאַנד, וואָס האַלט אים איצט אַזוי געבויגן, קאָן ניט געפעלן דער פאַרמעטקאָליר פון זײַן קרענקלעך געקנייטשטן פּאָנעם. דאָס איז דאָך ניט געוואָרן פאַר דעם איינעם לעצטן מעסלעס. מע קאָן פאַרשטיין דאָס אָפּגעשוואַכטע קאָל זײַנס בייסן ביטערן אײַנאַקשענען זיך אין דער אַמפּערײַ מיטן נאָסי. ער פילט, ווי אומגערעכט ער איז. ס׳איז פאַר אים, אַפּאָנעם, סאַם־האַמאָוועס דאָס דורכלאָזן איצט א טאָג א גאַנצן און עפּעס ניט טויעם זײַן. יויעל האַלט אין איין באַשטיין, אַז באַ דער מאַכלע, וואָס לאָזט אים ניט אָפּ שוין קאַמע וועקאַמע כאַדאָשים, נאָגט אים די גאַנצע צײַט אונטערן לעפּעלע, און ער מוז אַלעמאָל צוביסלעכווײַז, נאָך יעדע דרײַ־פיר שאָ, עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן. ביז איבן שעשעט האָט ניט גענומען וואָרע־

[1] זייכער צאַדיק ליוואָראָכאָ — געבענטשט זאָל זײַן דעם צאַדיקס אָנדענק; [2] לוליי האַמישטאַגים נישאַר האָוילאָם כאָרייוו — ווען ניט די מעשוגאָים, וואָלט די וועלט געבליבן כאָרעוו; [3] שוואַכקײַטן. [4] שטאַרק אופגעבראַכט; [5] עסן און טרינקען; [6] מאָזוין אומיכיע — שפּײַז און אויסקומעניש.

נען, אַז ער וועט מיט אים אופֿהערן האָבן אַ מאַגעמאַסע, אויב ער וועט ניט איבעררײַסן דעם טאַנעס. דאָס האָט געהאַט אַ שטיקל פּולע. ער האָט געגעבן די האַסקאָמע נאָר מיט אַ טנײַ. ער וועט עס טאָן נאָך זון־אונטערגאַנג, און אויך מאָרגן און איבערמאָרגן וועט ער אַזוי טאָן: טויעם זײַן איין מאָל אין טאָג נאָך זון־פֿאַרגאַנג.

שעמטאָוו האָט זיך נאָך געוואָלט פֿאַרהאַלטן דאָ און אויסדערציילן דעם שוואָגער זײַנעם וועגן די שיפֿן, וואָס זײַנען אים שוין דאַפֿקע יאָ אונטערגעגאַן. נאָר יויעל איז באַשטאַנען, אַז אויב וואַרטן מיט אָפּפּאַסטן ביזן זון־פֿאַרגאַנג, זאָל זיך דער טאַטע לעכאָלהאַפּאָכעס צולייגן אַ דרעמל טאָן. ער האָט דאָך די גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. האָבן זיי אים אַלע דרײַ געמוזט אַליין לאָזן, ווען ער האָט זיך שוין אָפּן געלעגער צוגעשפּאַרט, און ס׳האָבן זיך אים אָנגעהויבן קלעפּן די אויגן.

שעמטאָוו האָט בעעמעס פֿאַרלאָרן אַ גרויסן פֿאַרמעגן אינעם פֿערטן כוידעש פֿונעם קרײַ־סטלעכן טויזנט צוויי הונדערט פֿערטן יאָר. ער איז פֿאַרפֿאָרן מיט אַ גרויס אייגנס אין דער רײַכסטער וועלט־שטאָט קושטינדינע, וואָס די ייִשמעיילים רופֿן זי איסטאַמבול, אַ קליין שטיקל צײַט איידער די שטאָט איז געפֿאַלן. ער האָט זיך דאָרט באַזעצט אָפֿן צווייטן ברעג פֿונעם „גאָלדענעם האָרן”, אינעם ייִדישן פֿערטל, וואָס טראָגט דעם נאָמען דער קופּער־מאַרק. דאָס בעקאָיועדיקע הויז, וווּ ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט געהערט צום פּאַרנעס עליאָקום און איז געשטאַנען קעגניבער דעם קלויסטער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ בייס־האַקנעסעס. מע דערציילט נאָך איצט, אַז אין די צײַטן פֿונעם קיניג יוסטיניאַן דעם ערשטן, וואָס האָט פֿאַר־באָטן, דער ייִדישער פּייסעך זאָל אויספֿאַלן פֿריִער פֿאַרן קריסטלעכן, האָט מען אין אָט דער טומע אַרײַנגעבראַכט אייניקע גאָלדענע קיילים פֿונעם בייסהאַמיקדעש, נאָר זיי זײַנען דאָרט לאַנג ניט פֿאַרבליבן. מע האָט גענומען רעדן, אַז דאָס קאָן ברענגען צו אַן אומגליק פֿאַר דער שטאָט, ווי ס׳איז געשען מיט רוים. זײַנען פֿון דאָרטן מיטאַמאָל די קיילים פֿאַרשווּנדן, און אַדהײַנט ווייסט מען ניט, וווּ ער ס׳האָט זיי פֿאַרטאַכלעוועט, די שטאָט־הערשער צי די באַלע־באַטים פֿונעם קלויסטער־ראַט. האָט נאָך עפּשער געקאָנט בלײַבן אַ שפּור דערפֿון באַ ווּעמען ס׳איז פֿון די גײַסטלעכע יאָרשים? שעמטאָוו האָט זיך פֿאַרינטערעסירט מיט אָט דער מעגלעך צוגעטראַכטער געשיכטע. ווען ער זאָל געפֿינען אַוועלכן־ס׳איז סימען, אַ מינדסטן אָנדײַט, וואָס זאָל האָבן אַ שײַכעס צו אָט די פֿאַרלוירענע הייליקײַטן, וואָלט ער אָף אָט אַזאַ פּדיון שבוים[1] ניט געקאַרגט דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס, וואָס ער האָט אַהער אַרײַנגעבראַכט. האָט מען אים דאָ אויסגעלאַכט. די רײַכע זײַדציכטלער, די היגע גווירים־אַדירים, אַזעלכע, ווי יאָסים סאַרגענאַ אָדער אַראָן קוסטיפּאַ, וואָלטן אַליין באַלאָנים געווען אָף אָט דעם קדושע־קיניען. אַפּילע פּאָשעטע ייִדן באַלמעלאָכעס, די, וואָס לײַדן פֿון זייערע שכיינים די צעך־מײַ־סטערס קאָלעראָליי פּוראָנ׳עסן, וואָלטן זיך פֿאַר קנעכט פֿאַרקויפֿט, ווען זיי ווייסן, אַז דערמיט וועלן זיי אויסלייזן אַפּילע אַ שערבל פֿון אַ שטיקל קיילע, וואָס האָט אַמאָל געהערט צום בייסהאַמיקדעש.

דער היגער געלערנטער אווטאַליען האָט דערציילט שעמטאָוון וועגן די שווערע ליידן, וואָס דאָס אָרעמע פֿאָלק מוז דאָ אַריבערטראָגן. מע קאָן אַ ייִדן אינמיטן טאָג גלאַט אַזוי, אָן אַ פֿאַרוואָס, אָנברעכן די ביינער, און דאָס פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. מע קאָן אים נייטן, ער זאָל איבערטראָגן אַ שווער געפּעק אָף זײַנע דאַרע פּלייצעס, צי עפּעס אַן אַנדער שווערע מעלאָכע אָפּטאָן פֿאַר אַ קריסט אַ נויקעם־וועניטער. די קריסטלעכע קאַצאָווים און פּעל־שינ־דער באַוואַרפֿן אַ ייִדן, וואָס פּאַקט זיך זיי, מיט דער דרויב סראָכע, ס׳זאָלן אים באַפֿאַלן די הונגעריקע הינט. די גאַרבערס גיסן אויס דאָס קויטיקע וואַסער פֿאַר די שווועלן פֿון די ייִדישע הײַזער, און מע טאָר זיי קיין וואָרט ניט זאָגן. אַ ייִד טאָר דאָרט ניט רײַטן אָף קיין פֿערד, דאָס רעכנט זיך פֿאַר אַ פֿאַרברעכן. שעמטאָוו האָט דאָרט געהאַט אַ באַגעגעניש מיט אַ יונגן ייִדן, וואָס האָט יאָ געהאַט רעכט צו פֿאָרן רײַטנדיק אָף אַ פֿערד. די דאָזיקע רעכט זײַנען אים אַריבער בעירושע פֿון זײַן פֿאָטער שלוימע האַמיצרי, דעם לײַבמעדיק פֿונעם אימפּעראַ־טאָר עמאַנועל קאָמנען. די פּני העיר[2], פֿונעם פּאַרנעס־קוידעש ביז די ווײַנציכטלער, און אַנ־דערע רײַכע סאָכרים זײַנען אים רעכט מעקאַנע אָף דערויף. ס׳איז נאָך ניט געווען דער פֿאַל, אַז ווער פֿון די אַפּילע מערסטן פֿאַרמעגלעכע זאָל זיך דאָ קאָנען דערשלאָגן צו אַזאַ קאָוועד. איז וואָס קאָן מען העלפֿן, אַז מע איז אַזוי אין גאָלעס? מע האָט זיך געמוזט צוגעווינען ניט נאָר צו אַזאַ מין שיפֿלעס. מע איז געוווינט געוואָרן צו אַ סאַך ערגערע צאָרעס. מיט גרויס סאַוולאָנעס[3] און אין שטענדיקער מוירע פֿאַרן מאָרגעדיקן טאָג, וואָס קאָן ברענגען נאָך גרע־

---

[1] פּידיון שווױם — אויסלייזן געפֿאַנגענע; [2] פּניי־האַיר — די אָנגעזעענע מענטשן פֿון שטאָט; [3] געדולד.

סערע פּוראַניעסן, האָט מען אָפּגעשטופּט די כּיִע־שאָ, ביז ס'איז ווי פונעם הימל אראָפּגעפאלן אָט דער יום נוראָ[1], ניט נאָר פאר די ייִדן, נאָר פאר אלע טוישווים פון אָט דער אומגליקלעך־זינדיקער שטאָט.

שעמטאָוו האָט דעמלט דאָרט פארלוירן א גרויס פארמעגן, און ער איז קוים מיטן לעבן ארויס. ער וואָלט געמעגט זאָגן אני הגבר[2], איך בין דער מאן, וואָס קאָן ביפּרוויטרויט דערציילן, ווי־אזוי און פארוואָס דאָס אלץ איז געשען.

וועגן דעם „פארוואָס" האָט איבן שעשעט אליין גאנץ גוט געוווסט. נאָך עפּשער מערער און בעסער פון שעמטאָוון. ווען ער איז נאָך געווען מיט זײַן קיניג אין רוים, האָט ער שוין געהאט געהערט וועגן די געהיימע פּלענער פונעם ווענעציאַנער דאָזש הענריקע דאַנדאָלאָ. דאָס איז שוין געווען נאָכן אײַנעמען און כאָרעוו מאכן די אונגארישע שטאָט זאנדאר. דער פּויפּסט גופע האָט מויכל געווען דאָס פארניכטן א קריסטלעכע שטאָט דורך די קרייצטרעגער אונטערן טערעץ, אז צוליב א גרויסער הייליקער היסכײַוועס קאָן מען זיך אמאָל דערלויבן אָף א קליין ביסעלע רישעס. די „גרויסע הייליקע היסכײַוועס" האָט, פארשטייט זיך, געדארפט באטײַטן: דאָס אײַנעמען די שטאָט ירושאָלאַיִם און באפרײַען דעם קייווער פונעם געקרייציקטן. די ווענעציאַנער אָבער האָבן שוין דעמלט גאָר עפּעס אנדערש אין זינען געהאט. די גרויסע סאָכרים, די שיף־אייגנטימער, די געלט־מאגנאטן פון ווענעציע — פאר זיי אלעמען האָט דאָס רײַכע ביזאנץ געשטעקט ווי א דאָרן אין אויג, סײַ צוליב די קאָנקורענץ־טײַמים אפן לעוואנטישן האנדלס־מארק, ווי אויך צוליב די פארבאָרגענע אומגעהייער־רײַכע אויצרעס, וועלכע געפינען זיך דאָרט. איז ווי־אזוי לאָזט מען דורך אזא גליקלעכע געלעגנהײַט זיך ניט ארײַנמישן אינעם בלוטיקן קריג צווישן דעם אראָפּגעשלײַדערטן קיניג איסאאק אנגעל מיטן איצטיקן אימפּעראטאָר אלעקסי דער דריטער? ביפּראט נאָך, אז אויך דער הייליקער פּאָטער, דער פּויפּסט, איז שוין איצט בא דער מיינונג, אז די קריסטן, וועלכע האָבן זיך פאראקשנט אין דעם ניט וועלן אונטערוואַרפן זיך דער מאכט פון דער אַפּאָסטאָלישער קירך, דער קירך פונעם הייליקן פּעטרוס, זײַנען ערגער פון די סאראצינער.

איבן שעשעט האָט נאָך דעמלט אָפּגערעדט זײַן קיניג פון זיך לאָזן ארײַנציִען אין אָט דער נײַער אוואנטיורע. איצט האָט ער קיין כאראָטע ניט און איז רעכט צופרידן, וואָס דער קיניג האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד. לויט ווי מע שמועסט און ווי שעמטאָוו דער עד־ראיה[3] דערציילט, איז נאָך אָף דער וועלט ניט געהערט געוואָרן אזא בלוט־באָד. הײַנט דעם כורבן, וואָס זיי האָבן דאָרט אָנגעמאכט, ווי נאָר זיי האָבן אײַנגענומען די שטאָט! די שטאָט, וואָס בא ייִדן הייסט זי קושטינא, בא די קריסטן קאָנסטאנטינאָפּאָל און בא די יִשמאָיילים איסטאמבול, האָט אין זיך פארמאָגט אזויפיל פּראכט און אשירעס, אז פון זינט יעציראס האָוילאָם[4] האָט מען אין קיין שום אנדער קראַך פון אזוינס ניט געהערט און ניט געזען. גלײַך ווי מע וואָלט פון אלע וועלט־טיילן צונויפגעפירט אהער דאָס גאנצע האָב־און־גוטס פון גאָלד און פון זילבער, פון די טײַערסטע איידלשטיינער, ווערטפולסטע כפייצים און אויצרעס גאנצע מיט אויסארבעטונגען און קונסט־ווערק, מיט זעלטענע קסאוויאדן און הייליקע רעליקוויעס. פון דעם אלעמען איז געוואָרן א טעל אוילעם, אָפּער־ווייפער — אש און פּאָרעך. אין א וויסטעניש האָבן זיי די שטאָט פארוואַנדלט. זי איז כאָרעוו־וועניכרעוו געוואָרן.

שעמטאָוו דערציילט, אז ווי נאָר די קרייצטרעגער האָבן זיך ארײַנגעריסן אין שטאָט, האָט די אָרטיקע באפעלקערונג גענומען רויבן און פּלינדערן די ייִדישע הײַזער. דאָס גאנצע ייִדן־פערטל איז ווי באפאלן געוואָרן אינמיטן העלן טאָג פון א קאָהאָרטע רויבער און גאזלאָנים. די דאָזיקע מענוואָלים האָבן זיך ניט געריכט, אז הינטער זייערע פּלייצעס האָט זיך שוין פאנאנדערגעפלאקערט פונקט אזא גאזלעוואָי איבער זיי אליין, איבער זייערע הײַזער און ווײַב און קינדער, איבער זייערע פארמעגנס און האָב־און־גוטס פון זייער שטאָט. דאָס גאָטספּאָרכטיקע כאַיל האָט זיך באלד צוגעכאפּט צו די פּאלאצן און קלויסטערס, צו די סכוירע־לאגערן און גלאט ווויִן־הײַזער. זיי האָבן זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט אונטערצוציינדן א הויז, ווען זיי האָבן כוישעד געווען, אז דאָרט קאָנען זיי זיך אָנשטויסן אָף א ווידערשטאנד. דאָס פײַער האָט זיך איבערגעוואָרפן פון הויז צו הויז, פון גאס צו גאס. אין א צײַט ארום זײַנען שוין געשטאנען אין פלאמען פארשיידענע טיילן שטאָט, און דער פלאקער איז געוואקסן באנאנד מיט דער וואקכאנאליע פון אָנשטאָפּן די רויב־זעק, פון מאָרדעווען און שלאָגן ביז צום טויט, פון פארגוואלדיקן פרויען און זיך איזדיעקעווען איבער זיי. אין דעם זינען זײַנען פון די גאזלאָנים־ריטער אין די שווערע פאנצערן ניט אָפּגעשטאנען אויך די רויבער אין די לאנגע סוטא־

---

[1] יום־נוראָ — שרעקלעכער טאָג; [2] אני האגעווער; [3] אייד־ריִע — אן איידעס, וואָס האָט געזען דאָס געשעענע; [4] וועלט־באשאף.

נעס. די קאַטוילישע גײַסטלעכע זײַנען נאָך אַפּילע געווען פיל געשיקטער און פּיפּיקער אַף צו
טרײַבן זנוס. זיי זײַנען ניט אַזוי איבערקלײַבעריש געווען אינעם עלטער פונעם קאָרבן און
בענעגייע דעם אָרט. די באַהעפטונג האָט געקאָנט פאָרקומען אינעם ערשטן בעסטן קלויסטער
און אַפּילע אַפן אַלטאַר־טיש. אויב מיט אַ מינדעריעריקער, מיט קימאַט אַ קינד נאָך, איז אויך
קיין אוולע ניט, און זיי האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אינעם הייליקן סאַפּיע־קלויסטער לאָזן
טאַנצן נאַקעטע גאַסן־פּרויען, און אַ שיקערער אוילעם האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט. אין
אַן אַנדער קלויסטער איז מען אַרײַנגעפאָרן מיט פערד־און־וואָגן אַף אָנצופּאַקן פון דאָרט
די הייליקע קיילים, די רעליקוויעס, דאָס אַראָפּגעשלאָגענע גאָלד און זילבער פון דער ביל־
דער־וואַנט, דאָס אַרויסגעשלעפּטע פונעם אויצער־קאַסטן אין דער סאַקריסטיע[1].

די גאָלד־גיריקײַט פון די „באַפרײַער פון גאָטס קייווער” האָט ניט געוווּסט פון קיין אָפּ־
שטעל. מע האָט זיך אַפּילע דערקליבן צום קייווער פונעם אימפּעראַטאָר קאָנסטאַנטין דעם
ערשטן, צעקלאַפּט דעם סאַרקאָפאַג און פון דאָרט אַרויסבאַקומען אַן אויצער. מע האָט געראַבעוועט
באַ טויטע און באַ לעבעדיקע. ס'איז ניט געווען קיין איין שטאָט־בירגער, וואָס האָט נאָר עפּעס
פאַרמאָגט, מע זאָל אים איבערלאָזן אַ ניט קיין געפּלינדערטן. דערבײַ האָבן זיך דערמיט פאַר־
נומען סײַ דער ריטער פונעם העכסטן אַדל, סײַ דער געוויינלעכער קרייצטרעגער, ווענעציאַ־
נער סאָכרים און אַן ערעוורעאַוו פון דער־רועך־ווייסט־ווו ער האָט זיך גענומען. פאַר דרײַ טעג
זײַנען אויסגעהאַרגעט געוואָרן טויזנטער מענטשן. צוויי דריטל פון דער שטאָט איז אוועק
מיטן פײַער. אין די סרייפעס און בייס די ווילדע אָרגיעס פון די פאַרשיקערטע פון רויב און
גזילע איז פאַרניכטעט געוואָרן אַלץ. פון אַלע קונסט־ווערק פונעם אַנטישן אַמאָל און פון
דער שפּעטערדיקער צײַט איז געוואָרן אַש און בראָכוואַרג. הײַנט די ספאָרים־אויצרעס, די
פּילצאָליקע קסאַוויאַדן — זיי זײַנען געוואָרפן געוואָרן אין די שײַטערס ווי שײַטלעך האָלץ...

דאָ האָט שוין אויך דער אַלטער זאַבאַרע אויפגעציטערט.

— על אלה אני בוכיה![2] — האָט זיך באַ אים מיט אַ זיפץ אַרויסגעריסן דער פּאָסעק פון
די קינעס. האָגאָם ער האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט און האָט ווײַטער אָנגעהאַלטן דאָס אָוולדיקע
שטילשווײַגן, האָט אָבער אינווייניק אין אים געברויזט און געצאָרנט: וויי־וויי, וויפל טײַערע
ספאָרים זײַנען שוין פאַרניכטעט געוואָרן דורך ראָצכים און מענוואָלים, און וויפל וועלן נאָך
פאַרניכטעט ווערן אַף אָט דער רישעסדיקער וועלט? אין אָט די שאַפונגען לייגן אַרײַן די מע־
כאַברים דאָס טײַערסטע און בעסטע, דאָס איידלסטע און שענסטע פון דעם, וואָס זיי פאַר־
מאָגן, און ס'איז אַזוי גרינג צו מאַכן פון דעם אַש און שטויב.

אַלע זײַנע יאָרן האָט ער געלעבט מיטן פאַרגעניגן, וואָס ער האָט געהאַט פון ספאָרים,
פון אַ סאַך ספאָרים און פון קאָלערליי ביבורים. ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען אין אַ הויז,
ווו ס'פעלן ספאָרים. ער וואָלט ניט געקאָנט לעבן אין אַ שטאָט, ווו ס'איז ניט פאַראַן קיין ספאָ־
רים־אויצער. ס'איז אים טײַער יעדער מין סייפער אַף די אַלע לעשוינעס, אין וועלכע ער איז
באַהאַוונט. אַבי נאָר ס'איז דאָרט פאַראַן אַ מענטשנס געדאַנק, אַ מענטשנס ווילן, אַ ריינער
מענטשלעכער געפיל, אַוועלכער־ס'איז שיינער טרוים, מענטשלעכע האָפענונגען. אויב אַפּילע
ער האָט ניט געקאָנט מאָסקים זײַן מיט אַוועלכן־ס'איז ביבור, האָט ער אויך עפּעס־וואָס פון
דעם געלערנט. און ביכלאַל באַליידיקט זיך ניט אַ סייפער, ווען מע איז אַפּילע לאַכלוטן ניט
מאָסקים מיט די האַשאָרעס, וואָס ווערן דאָרט אַרויסגעבראַכט. בעדערעך־קלאַל האָט ער
שטענדיק פון די ספאָרים גענומען וויפל און וואָס נאָר ער האָט געוואָלט. און דאָס אַלץ, וואָס
ער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך, איז געוואָרן זײַן אייגנס. עמעס, פון אָט דעם פאַרמעג, וואָס
האָט אויך אין זיך קוילעל געווען דעם טאַמציס פונעם דורכגעטראַכטן און דורכגעלעבטן, האָט
ער דערנאָך בעשעפע און בעיאַד־רעכאָווע — מיט דער ברייטער האַנט דער וועלט אַוועקגע־
שענקט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, און ער איז פון דערפון לאַכלוטן ניט אָרעמער געוואָרן.
פאַרקערט, ער איז שטענדיק געווען באַ דער דייע[3], אַז ער האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן ניט ער־
גער פון אַנדערע, און עפּשער נאָך אַ פיל רײַכער לעבן פון די, וואָס זײַנען זיך מעטאַער
דורכן קעסעף וועזאָהאָוו[4], וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט לעראָוו. זיי זײַנען טאַקע בעעמעס זאַט
מיט קאָוועד און מיט די קאָלהאַמינים אוילעמהאַזעדיקע פאַרגעניגנס. און ער? יאָגט אים דען
ניט אָן שטענדיק דער קאָוועד, וווהין ער זאָל זיך ניט קערן און ווענדן? איז דען די אוילעמ־
האַזעדיקײַט פון זײַנע פאַרגעניגנס פון אַ קלענערער כשיוועס? אַדעראַבע וועאַדעראַבע. ער
האָט אַף זײַן לעבנס־וועג זיך באַגעגנט מיט אַ סאַך מערער גרויסע לײַט, ווי זײַן רײַכער

[1] אַן אָרט אינעם קלויסטער, ווו עס געפינען זיך די הייליקע כפייצים; [2] אל איילע אני בויכיאָ —
אָ דאָס באַוויין איך; [3] מיינונג; [4] רייניקן זיך דורך גאָלד און זילבער.

שוואָגער, לעמאַשל. ער האָט אַרײַנגעקוקט אין מערער ספֿאָרים, ווי יעדער אַנדערער פֿון זײַן גלײַכן. און וויפֿל האָט ער האַנאָ געהאַט פֿון יעקאָר־האַמציעסן, פֿון װוּנדערבאַרע קסאָו־יאָדן? און ווי גרויס איז דער פֿאַרגעניגן געווען פֿון זײַנע אָנצאָליקע נעסיעס? וווּ איז ער ניט אויסגעווען? און מיט וואָס האָט ער זיך ניט אָנגעזען און אָנגעהערט?

ווען מע פֿרעגט אים אָבער, צי וואָלט ער געוואָלט איבערלעבן נאָכאַמאָל דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, וואָס ער האָט איבערגעהאַט פֿאַר די אַלע יאָרן, ווייסט ער ניט, צי ער וואָלט עס געוואָלט. ס׳וואָלט עפּשער פֿאַר אים איצט געווען מער ווי אַ צו גרויסע טירכע דאָס אַלץ איבערקומען נאָכאַמאָל, פֿונדאָסנײַ, דאָס צווייטע מאָל איבערכאַזערן די אַלע אָפּקומענישן און אַפֿילע די גליקלעכסטע טעג אין זײַן לעבן. ס׳האָט קיין זין ניט. אַזויווי ער איז קיינמאָל ניט געווען צוגעבונדן צו מעטאַלטעלן, ער האָט קיינמאָל ניט באַדויערט, וואָס ער פֿאַרמאָגט ניט, ווי אַנדערע, די אָדער יענע זאַך, דעם אָדער יענעם כייפֿעץ, אַזוי וואָלט ער ניט געוואָלט זײַן צוגעבונדן צו דער אָדער יענער געשעעניש אין זײַן לעבן, פֿון וואָס פֿאַר אַ וויכטיקײַט דאָס פֿאַרגעקומענע זאָל ניט געווען זײַן. אָן אַנדער זאַך איז דאָס קומען צו עפּעס נײַס, צו נײַע אײַנדרוקן, נײַע נעסיעס, נײַע באַגעגענישן. איז ער אָבער איצט קיינמאָל ניט באַ זיך אין די הענט.

מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך פֿון קיינעם ניט געווען אָפּהענגיק, האָט ער שטענדיק געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט און איז געגאַן וווּהין ער האָט געוואָלט. ער קאָן ניט זאָגן, אַז דער וועג זײַנער איז שטענדיק געווען אויסגעזייט מיט הוילע בלומען. אַלץ איז געווען. ס׳זײַנען געווען קוויטן און אויך דערנער. דערפֿאַר אָבער איז דאָס שטעגעלע געווען אָן אייגנס, און וווּהין נאָר ס׳האָט געפֿירט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער וועג איז דער סאַמע גלײַכ־סטער. נאָר די לעצטע פֿאַר יאָר, פֿון זינט ער האָט זיך אָנגעהויבן דערווײַטערן פֿון זײַן רויפֿ־פֿאַך, וואָס האָט אים געגעבן פּאַרנאָסע, איז ער לײדער געוואָרן אַ רבי מכבד עשירים[1]. יעדער שריט זײַנער איז איצט געווענדט פֿון די גרויסע לײַט.

אָט איז אים דאָס לעצטע מאָל געשטאַנען אין וועג איבן שעשעט. האַגאַם ס׳איז אַ זינד כּאַראָטע צו האָבן, האַלעמײַ ער האָט אים דעמלט, דעם נאָסי, געפּאָלגט, אַדאַנק דעם האָט ער איצט לעבן זיך דעם זון זײַנעם יויעלן און ער האָט אויך אָף זײַן צאַד אַלכאַריזין. זאָל נאָר אַריבער דער ווינטער, וועלן זיי ביידע, מיט גאָטס הילף, באַלד נאָך פּייסעך זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. ער וועט זיך פֿאַר די פֿאָר כאַדאָשים אַ ביסל אָנעמען מיט קויכעס. עפּעס איז ער פֿאַר דער לעצטער צײַט אַ סאַך שוואַכער געוואָרן, און דאָ נאָך דעם ראַמבאַמס טויט...

אַ גאַנץ לעבן האָט זיך אים געדוכט, אַז ער פֿאַרמאָגט אָט דאָס קישעף־שטעקעלע, וואָס באַוויײַזט ווונדער: קוקסטו אָף דעם ווינטער־צײַט — זעסטו דעם פֿרילינג, קוקסטו אין פֿרי־לינג — דערזעסטו די רײַפֿקייט פֿונעם זומער, דערנאָך די שעפֿעדיקע זעט פֿונעם האַרבסט, דערבײַ פֿאַרגעסטו, אַז דו פֿאַרלויפֿסט דעם גאַנג פֿון דײַנע טעג און יאָרן. דו לויפֿסט אָף פֿאָרויס און דו פֿאַרגיכערסט דערמיט די דערנעענטערונג צום סאָף. ס׳איז אַדם דואג על איבוד דמיו, ואינו דואג על איבוד ימיו[2]. און וואָס העלפֿט שוין דאָס דײַגענען איבער די טעג, וואָס פֿאַרשווינדן? ניט יעדערן ברענגען דאָך די לאַנגע יאָרן צו אָן אויסגעלאָשענער זיקנע. אָט איז איבן שעשעט קיין אײַנהאָרע ניט מיט אַ שיינעם צענדליק יאָר עלטער פֿון אים, פֿעלט אים דען אַכוצן גוטן געזונט, ס׳זאָל אים ניט פֿאַרשטערט ווערן, מונטערקײַט, אימפּעט און ברען באַ יעדן מין נײַעם אופֿטו? אָט, אַפּאָנעם, אַז זאָט זײַן אין טעג און יאָרן הייסט נאָך ניט אַלט זײַן. אַפֿילע באַ די אַכציקער איז נאָך ניט קיין מוז, אַז דו זאָלסט דערפֿילן די אַלטקײַט, ווי אַ שווערע לאַסט אָפֿן רוקן. מע דאַרף זיך נעמען אין די הענט אַרײַן. ס׳איז גאָר קיין טאַכלעס ניט אָנרוקן אָף זיך די מאָרעשכוירע, זיך מאַכן עלטער און קראַנקער, ווי מע איז אײַנדערע־מעסן, אָנוואָרפֿן אָף זיך די זיקנע פֿאַר דער צײַט... און ביכלאַל, ווער קאָן עס באַשטימען די גענויע צײַט פֿון זיקנע? איז דען דאָ אַ פֿאַר אַלעמען גלײַכע מאָס פֿונעם עלטערן זיך? ווען ס׳איז באַשערט מעסושעלעכס יאָרן, און פֿונדעסטוועגן איז אָף אים כאַל דער פּאָסעק: „אָפּט פֿירן אַלטע פֿערד די פֿעלעכלעך פֿון די יונגע". און אַן אַנדערער טראָגט מיט זיך די אַלטקײַט פֿון געבוירן אָן.

בעדערעך־קלאַל איז אָט דאָס אַלט ווערן גאָר אַ קליינע כאָכמע, און ס׳איז לאַכלוטן ניט קיין מוז זיך אונטערגעבן דער ביטערער געוווינהײַט פֿון צו פֿײַניקן זיך באַם אַרומזוכן און געפֿינען די זיקנע. איז זי ניטאָ אינעם קערפּער, געפֿינסטו זי אינעם געמיט־צושטאַנד,

[1] ראַבי מעכאַבעד אַשירים — געמיינט: אַ געלערנטער, וואָס מוז זיך צוכאַנפֿענען צו די רײַכע לײַט; [2] אָדאָם דויעג אַל איבוד דאָמאָוו, וועיינוי דויעג אַל איבוד יאָמאָוו — דער מענטש איז באַזאָרגט וועגן פֿאַרלוסט פֿון זײַן געלט, אָבער ער זאָרגט ניט וועגן פֿאַרגיין פֿון זײַנע טעג.

אינעם דערפילן דעם טאַם פון דער צײַט, וואָס פאַרשווינדט. ווען מע ווערט נעענטער צו זיבעציק, הייבט מען ערשט אָן צו פאַרשטיין דעם באַזונדערן ווערט פון יעדן טאָג, פון יעדער שאָ. דער פּאָסעק וועגן קאָנען אײַנעמען די וועלט אֶין איין שאָ האָט, אַפּאָנעם, אַ גאָר נאָענטע שײַכעס צו די אַלע, וועלכע זײַנען שוין רײַף אין יאָרן.

וועגן דער כשיוועס פון צײַט איז זייער גוט געזאָגט בא איינעם פון די כאַכמיי הוידו[1], ווו ס׳ווערט דערציילט וועגן אַ באָכער, וואָס ליגט פאַרטראַכט, גאַנץ רויִק און שטיל, אַפּן זאַמד באַם ברעג יאַם. גייט פאַרבײַ אַן אַלטער מאַן און פרעגט אים: „וואָס טוסטו?״ — „איך טו גאָרניט״, — ענטפערט דער באָכער. דער זעלבער מאַן גייט דערנאָך פאַרבײַ אַ בוים, ווו אונטער זײַנע צווײַגן זיצט אַף אַ באַנק אַן עלטערער מענטש. פרעגט בא אים דער אַלטער מאַן: „וואָס טוסטו?״ — „איך טו גאָרניט״. — „ניין, ניט ריכטיק, — זאָגט אים דער אַלטער מאַן, — דו טוסט יאָ עפּעס, דו טוסט ווערן עלטער״.

אָט די אַלע מאַכשאָווועס וועגן אַלט ווערן, קראַנק זײַן, וועגן טויט און לעבן האָבן לעצטנס געפּײַניקט דעם אַלטן זאַבאַרען טאָג נאָך טאָג. דערבײַ איז קיין כילעק ניט, צי ער געפינט זיך דעמלט בעיעכידעס, איינער אַליין, צי מיט אים איז דער זון זײַנער יויעל, אָדער ער רעדט מיט אַנדערע מענטשן פון איבן שעשעטס הויז. אַלציינס טראַכט ער זיך זײַנס. וואָס איז שײַעך דאָס רעדן, רעדט ער נאָך אַלץ ווייניק, ווי אין די אָול־טעג, האַגאַם ער האָט שוין געענדיקט דאָס זיצן שיווע. מע האָט שוין בא אים אָוועקגענומען דאָס פּוסבענקעלע, אַף וועלכן ער איז אָפּגעזעסן די זיבן טעג. ליגט ער איצט דאָסראָוו אַף זײַן געלעגער און פילט זיך נאָך אַלץ פּאָטער פון מעקײַעם זײַן מיצוועס עשה[2]. ער באַמיט זיך ניט עסן בעציבור, קעדיי ניט דאַרפן מאַכן קיין בראָכע און ניט ענטפערן קיין „אָמיין״ אַף יענעמס בראָכע. דאָס טוט ער אַלץ צוליבן קאָוועד פון דעם מעס, וואָס ליגט שוין אין קייווער הונדערטער מײַלן ווײַט פון אים.

אַכוץ די עטלעכע מאָל, וואָס מע האָט אים ביגוואַלד פאַרשלעפּט צו אַן אַלגעמיינעם מאָלצײַט, האָט ער אַמיינסטן טויעם געווען בא זיך אין כיידער און מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. דאָס עסן, וואָס ער האָט געפּאָדערט, איז באַשטאַנען דערהויפּט פון שפּײַזן, וועלכע דערמאָנען אינעם טרויעריקן סאַכאַקל פון דער וועלט: אַז דעם מענטשנס לעבן איז קײַלעכיק און אַז אַלץ פאַרגייט. אָנשטאָט אַ שטיקל כאַלע האָט ער געבעטן, מע זאָל אים אַפּן טאָג אויסבאַקן אַ בייגל. אַ שטיקל בייגל מיט אַן איי איז בא אים אָנגעגאַן פאַר אַ מאָלצײַט. צום אָוונט־עסן האָט אים געקלעקט בלויז אַ ביסל אַרבעס.

אָט אַף אַזא דערעך האָט ער זיך געקליבן דערצײַען ביז צו די שלוישים.

האָט זיך אָבער דער דרויסן צו אָפּט אַרײַנגעריסן אין די דאַלעדאַמעס פון זײַן אָפּגעזונדערטקײַט און אַ טיל־טעל געמאַכט פון זײַן פּראַוועץ אווײלעס. פּלוצעם איז יויעל אַרײַן צו אים מיט אַן איבעראַשנדיקער נײַס, ער האָט נאָך מיטגעבראַכט מיט זיך פאַר אַן איידעס דעם מעכאַבער פונעם „גן טוב משלים״[3] און דעם איבערזעצער פון „קאַלילאַ וואָדימנאַ״[4], דעם טאַטנס אַן אַלטן יעדיד יאַקאָוו בען עליִעזער פון טאָלעדאָ. דער דאָזיקער מעשאָלים־שרײַבער, וואָס איז דאָ שוין אַן אַלטער טוישעוו בא איבן שעשעטן, פירט זיך איצט אוף ווי אַ נחבא אל הכלים[5]. ניט מ̇ע זעט אים, ניט מע הערט אים דאָ, גלײַך ווי ער וואָלט שוין געווען ניט הי. אָבער אַלע ווייסן, און דער אַלטער זאַבאַרע אויך בעסויכעם, אַז דאָס היט ער זיך אַזוי, קעדיי, כאָלילע, ניט צו האָבן אַ באַגעגעניש מיטן מעשומעד איבן סיגאַלן. ער האָט אַפילע געוואָלט מעוואַטער זײַן אַפּן נאָדיווס כעסעד מיט אים און לאַכלוטן פאַרלאָזן איבן שעשעטס הויז, ווי נאָר ער האָט זיך דערוווסט וועגן דער הילולע, וואָס מע האָט דאָ געמאַכט אַרום דעם כאַראָטע־מעשומעד, גוטע פרײַנט האָבן אים קוים דערפון אָפּגעהאַלטן.

איצט האָט עס אויך יויעלן אופגעבראַכט, ווען אָט דער טאָלעדער טאַלמיד־כאָכעם האָט אין אַ היציקן וויקועך געמאַכט מאַמעש אַן אַנטפּלעקונג מיקויעך איבן סיגאַלן. אַלנפאַלס פאַר אים, פאַר יויעלן, איז דאָס געווען אַן איבעראַשנדיקע יעדיִע.

— זאָל ער זיך ניט מאַכן פאַר אַ מעלופּם־קינד, — האָט זיך דער טאָלעדער צעשריגן, — אָט דער מומר להכעיס[6]... ער איז געוואַקסן אַ גדול בתורה ובחכמה[7]. דעמלט, ווען ער איז נאָך ניט אוועק אַף אַ שלעכטן וועג, האָט מען אים געפּרוּווט אויסוואַרפן, אַז פאַר אַ בען־טוירע איז אַ כאַרפּע און אַ בושע צו דערנידעריקן דעם מענטשלעכן מעהוס מיט יעיצערהאָרע־געזאַנגען, גלײַך ווי דאָס וואָלט געווען דער איקער פונעם מענטשנס לעבן. האָט ער געהאַט

---

[1] אינדישע פילאָסאָפן; [2] מיצוווס אסיי — מיצוועס, וואָס דאַרפן געטאָן ווערן; [3] גאַן טווו מעשאָלים — גאָרטן פון די בעסטע מעשאָלים; [4] אַ בוך פון אינדישע פאַבלען; [5] נעכבאָ על האַקיילים — אַ באַהאַלטענער; [6] מומאַר לעהאַכיס — אַקשן־מעשומעד; [7] גאָדויל בעטוירעָ אַווועכאָכמאָ — אַ גרויסער ערודיט.

דאָס אַזעס זיך צו פאַרענטפערן מיט צוויי נײַע שירים, אין וועלכע ער פאַרופט זיך אָף מוישע ראַביינו, אַז באַ אים קלוימערשט האָט ער זיך דערלאַנגט צום ריכטיקן סאָד פון דעם, וואָס מע רופט ליבע, און אַז דאַפקע ער, דער מוישע, וואָס האָט אויסגעלייזט די ייִדן פון מיצראַים, איז דער עמעסער לערער זײַנער, זײַן נאָווי, זײַן קויהענגאָדל, זײַן וועגווײַזער און דער דערמונטערער פון זײַן שאַפונג. אַזאַ כוצפּעניק איז ער שוין דעמלט אין די יוגנט־יאָרן געוואַקסן!

פאַרן אַלטן זאַבאַרען איז דאָס לאַכלוטן קיין נײַס ניט. ער ווייסט אַפּילע, אַז אויך די מוסולמענישע כאַכאָמים האָבן איבן סיגאַלן פאַרקלאָגט פאַר זייער דעמלטיקן מוישל, דעם קאַליף אַבו יוסוף. זיי האָבן אים צו וויסן געגעבן, אַז די גלוסטונג־לידער פון דעם יונגן פּײַטן פאַרסאַמען די מענטשלעכע גוטע זיטן. ס'ווערן געשטרויכלט דורך זיי ניט נאָר יונג און אַלט, נאָר אַפּילע אויך פרויען ווערן אַרײַנגעשלעפּט אין דער נעץ פון זינד. האָט דער קאַליף געשיקט צו איבן סיגאַלן אַ שעלי׳עך, און יענער האָט דאָרט געטראָפן דעם קאַליפס ייִנגערן ברודער באַם איבערשרײַבן דעם דיכטערס שירים. ווען דער שעלי׳עך האָט עס דערנאָכדעם דערציילט, האָט דער קאַליף באַ אים געפרעגט:

— און דו האָסט כאָטש אַ לייען געטאָן, וואָס מײַן ברודער שרײַבט דאָרט איבער? און צי האָסטו אַמאָל ביכלאַל געלייענט די לידער פון אָט דעם ייִדן?

— ניט נאָר איך. ס'איז ביכלאַל ניטאָ אין שטאָט באַ אונדז אַזאַ איינער, וואָס קאָן לייענען, סײַ צווישן מענער, ווי אויך צווישן די פרויען, ער זאָל ניט האָבן געלייענט זײַנע שירים. אַ סאַך פונעם פּאָשעטן האַמוין קענען זײַנע דיכטונגען אָף אויסווייניק.

— איז ווי קען איך מיט מײַנע איינע פאָר הענט פאַרמאַכן דאָס מויל באַ טויזנטער מענטשן? — האָט דעמלט דער קאַליף זיך פאַרענטפערט.

דאָס איז געשען, ווען איבן סיגאַל האָט נאָך ניט געהאַט איבערגעדרייט דעם שליסל, און ער איז נאָך קיין אָפּטריניקער ניט געוואָרן.

— אַזאַ נידערטרעכטיקײַט! אויך איצט נאָך גרויסט ער זיך מיט דעם, וואָס ער פאַרשטייט ניט אונדזער לאָשן. איך האָב די רעכט צו מאַכן אַזאַ אויספיר,— האָט זיך יויעל אָנגעצונדן.— „איך געדענק שוין קיין טמונאַס אָס ניט"— האָט ער מיט אַ מין ביטל און פאַריבל זיך אָפּגעשאָקלט, ווען קאַנסומע האָט אים פאָרגעלייגט אַ קוק טאָן אָף אַ קסאַוויאַד, וואָס זי האָט דאָ זיך אײַנגעשאַפט, אַ קסאַוויאַד, ווו עס שרײַבט זיך וועגן איר פאָטער.

— ווי נאָר אָט די דאָזיקע לײַט,— האָט צוגעגעבן דער טאָלעדער באַל־מעשאָלים יאַקאָוו בען עלי׳עזער,— ווי נאָר זיי קאָנען באַ דער מינדסטער מעגלעכקײַט באַווײַזן, אַז זיי זײַנען אָפּגעפרעמדט פון זייער שטאַם, שטאָלצירן זיי דערמיט. נאָך מער: זיי גרויסן זיך מיטן ניט וויסן און ניט קענען די שפּראַך אונדזערע, דעם שטייגער אונדזערן, אונדזערע מינהאָגים... זיי האַלטן עס פאַר גאָר אַ גרויסער מײַלע. זיי שטעלן זיך אַרויס מיט אַ פאָרשונג וועגן דעם לאָשן פון די מונזיריטן אָדער וועגן די׳אַלעקטן פון אַנדערע פאַרוואָרפענע שוואָטים. זיי שטודירן די דינאַסטיעס פון די כימיאַריטן, די צײַט־הערשאַפט פון די האַסאַנידן, זיי פאָרשן און לייענען אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער אורגעשיכטע פון די בעדוי׳נישע שוואָטים, זיי אינטערעסירן זיך זייער שטאַרק מיט די אורשפּרינגלעכע וואָרצלען פונעם אַראַבישן לאָשן, דערבײַ ווערט אַפּילע ניט גענומען אין אַכט די נאָענטע שײַכעס פון אָט דעם לאָשן צו דער אַלטער איווורי־שפּראַך. דער איינציקער שטאַם, וואָס זיי האַלטן, אַפּאָנעם, פאַר אומווירדיק אים צו דערמאָנען אַפּילע, איז דער שטאַם פון זייערע אָוועס. זיי האָבן זיך אײַנגערעדט, אַז נאָר אָף אַזאַ אויפן וועט מען זיי האַלטן פאַר עכטע מוסולמענער...

דעם אַלטן זאַבאַרע גייט איצט ניט אָן דער גאַנצער וויקועך, און דאָ איז נאָך יויעל צוגעטראָטן מיט אַ צווייטער איבעראַשנדיקער נײַס. לאָזט זיך אויס, אַז אורי מיט דער מישפּאָכע האָט שוין מעגלעך פאַרלאָזט לונעל און זיי זײַנען אַריבערגעפאָרן אין דער רעזידענץ־שטאָט פונעם פראַנקישן קיניג פיליפּ אווגוסט. דאָרט, באַם קיניגלעכן הויף, וועט ער אַרבעטן מיט זײַנע פּויאַלים אין דער מינץ־קאַמער. דאָס האָט אים דער פעטער ערשט הײַנט דערציילט וועגן דעם, און דער גאַנצער גוירעם פון אָט דעם איבערפאָר זײַנען די אָפּיצי׳אַלס. זיי ווילן האָבן לעבן זיך אָן אייגענעם מרביץ תורה ברבים[1]. לערן־באַכורים זײַנען שוין דאָרט פאַראַן איבערגענוג, און אַ בעסמעדרעש, אַ ניט לאַנג איבערגעבויטער פאַר דער יעשיווע, איז דאָרט אויך פאַראַן.

דעם טאַטן אָבער ליגט איצט ניט אין זינען אָט דער גאַנצער איניען. אַ גאַנצענע נאַכט

---

[1] מארביץ טוירע באַראַבים — טוירע־פאַרשפּרייטער.

האָט זיך דעם עלטערן זאַבאַרען געפּלאָנטערט די באַוועגונג פון א שפּוליק אין א וועבשטול. ער האָט עס אַזוי בוילעט געזען, און ס'האָט אים גאָרניט געוווּנדערט, וואָס ער זעט קיין מענטשן ניט דערבײַ. ער זעט ניט, ווו זײַנען די הענט, וואָס פאַרוואַרפן אַזוי געשווינד דעם שפּוליק אַף אַהין און צוריק. ס'שווינדלט אַזש אין די אויגן דער באַהעפט פון אַלץ נײַע פעדעם, וועלכע פּאַסן זיך אַזוי שיין אַרײַן אינעם פאַרביק געשטרײַפטן אויסגעוועב פונעם שטיק לײַוונט, וואָס האַלט אין איין וואַקסן. ער טראַכט דערבײַ, סאַראַ שיינער שטאָף דאָס וועט זײַן פאַר די בגדים צו זײַנע טרוימען, וואָס ער האָט אויסגעטראַגן פאַרן גאַנצן לעבן, און ער וויל דאָס צײַג א ריר טאָן מיט די פינגער. וואַרפט אים אָפּ די האַנט ציפּוירע, דאָס ווײַב זײַנע, יויעלס מוטער. ער האָט מיט איר אָפּגעלעבט זיבעצן יאָר. זי האָט געמיינט, אַז זי וועט פאַרבלײַבן אַן אַקאָרע, און האָט די ערשטע פאַר יאָר צו אים געטײַנעט, ווי די מוטער ראָכל: גיב מיר קינדער, אַניט — שטאַרב איך. ביז גאָט האָט אָפּגעטאָן פון איר די כאַרפּע, און זי האָט אים געבוירן דרײַ זין. זי האָט ניט אויסגעלעבט דאָס יאָר נאָכן אומקום פון די עלטערע צוויי קינדער. פאַרוואָס איז דאָס איר געקומען? פאַר וועלכע זינד איז זי צוגענומען געוואָרן גלײַך נאָך אָט דעם גרויזאַמען גזאַר? דאָס טראַכט ער אַזוי, צי דאָס טײַנעט זי אַזוי צו אים? און אַף זײַנע טרייסט־ווערטער און שטראָף־רייד, אַז ס'האָט גאָר קיין זינען ניט צו קומען איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן, מיט טײַנעס אומײַנעס, האַלעמײַ דאָס צוזאַמענלעבן זייערס איז פול געווען מיט אַזויפיל צאַר און ווייטעק, און דערצו נאָך איז זי אַזוי יונג פאַרשניטן געוואָרן, האָט זי געענטפערט:

— פאַר א פליג, וואָס לעבט מער ניט ווי איין טאָג, איז א גרויסער כילעק, וואָס פאַר א וועטער ס'האָט אָנגעהאַלטן אין אָט דעם איינעם טאָג...

מיט אָט די ווערטער אַף די ליפּן האָט ער זיך אופגעכאַפּט פון אַן אויסמאַטערנדיק־צעבראָ־כענעם שלאָף. דאָס האָט דאָס ווײַב זײַנס זיך באַקלאָגט אַפן טרויעריק־ביטערן וועטער, וואָס האָט באַגלייט איר קורצן לעבנס־וועג, און ער כאַזערט עטלעכע מאָל איבער דעם דאָזיקן זאָג אירן, גלײַך ווי ער וואָלט עס געוואָלט נעמען אַפן צונג און טאַקע א פּרווו טאָן דעם געדאַנק אויסטײַטשן אַף זיך אַליין. ווי׳אַזוי איז מיט זײַן אייגענעם וועטער? אַוועלכע געוויטערס און שטורעמס איז אים אמאָל אויסגעקומען בײַצוקומען? צי האָט אים אַמאָל פאַרכאַפּט דער גע־וויכער בא א זאַמד־שטורעם אין דער מידבער? דער געווירבל אונטער א ווינט־אויסבראָך אַף די וועגן? אָדער דאָס פאַלן פון די פּיס בא א שיפבראָך אַפן יאַם? ניין! קיינמאָל גאָרנישט ניט. ער איז דאָס גאַנצע לעבן זײַנס אַדורכגעגאַן לאַנגזאַם און געלאַסן, האַגאַם ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז בא מענטשן מיט אַזאַ גאַנג הערט מען וואָס ווײַטער אַלץ שוואַכער זײַנע טריט. אָבער ס'זײַנען אויך פאַראַן אַזעלכע, בא וועמען ס'בלײַבט איבער אַף א לאַנגער צײַט און עפּשער אַף אייביקע יאָרן דער הילך פון זייער שטילן גאַנג. אָט ווי, לעמאָשל, דער טראָט פונעם ראַמבאַם, וואָס וועט זיך לאָזן הערן אַף דאָר־דוירעס.

דאָ איז אים אַפן געדאַנק געקומען: ער טראַכט שוין איצט אַזוי ווייניק וועגן ראַמבאַם, און אַלץ מערער טראַכט ער מיט באַדויער וועגן זיך. די לעצטע עטלעכע טעג האָט ער שוין צופיל זיך אָנגעהויבן גרעבלען אין זײַן פיזישן און גײַסטיקן געמיט־צושטאַנד. ער האָט שטענ־דיק פײַנט געהאַט צו רעדן אָדער זיך פאַרטראַכטן וועגן זײַנע אייגענע כולשעס. ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט אונטערגעבן קיין שום כאַלאַס, זאָל עס אפילע געווען באַגלייט ווערן מיט שמערצן, און איצט... ער פילט ניט באַרעכהאַשעם קיין שום ווייטעקן, נאָר אָט די קעסיידער־דיקע מידקײַט און דאָס נאַגנדיקע צינעניש צום געלעגער. שוין פון ווען אָן איז ער ניט גערן דאָס אַרומגיין, דאָס שטיין אַף די פּיס. אָט די שוואַכקײַטן, וואָס האָבן אים גוויוער געווען נאָך פאַר דעם ראַמבאַמס טויט, זײַנען עפּעס געקומען אומבאַמערקטערהייט. מיט א פּאָר כאָדאָשים צוריק האָט ער זיך נאָך געפילט גאַנץ פעסט און פריש. ער איז פיל געגאַנגען צופוס און איז געווען אומדערמידלעך אין דער אַרבעט, אינעם לערנען, אינעם אַרומטראַכטן נײַע שאַפונגס־פּלענער, אינעם דענקען, אינעם אָנטיילנעמען אין א וויקועך. זאָל עס טאַקע זײַן די אָנקומענ־דיקע זיקנע־סימאָנים? אָ ניין! ווען ער האָט נאָר די געהעריקע מיטלען און ווען אַלכאַריזי זאָל מאַסקים זײַן, וואָלט ער נאָך איצט זיך אופגעהויבן און זיך געלאָזט מיט אים אין וועג אַרײַן.

קעדיי זיך איבערצײַגן, אַז ס'איז ניט קיין דיבורים בעטײלים[1], וועט ער הײַנט דעם גאַנצן טאָג זײַן אַף די פּיס. האַגאַם דער קאָפּ איז בא אים מער ווי אין אַנדער טאָג שווער ווי א שטיין. ער טוט א פּרווו דעם דויפעק: די קלעפּ זײַנען עטוואָס פאַרפּאַמעלעכט, אָבער גאַנץ רעגלמעסיק. א באַרוּיקטער נעמט ער זיך גרייטן צו דער טפילע. די מיקווע־וואַסער וועט אים

[1] פּוסטע רייד.

אָפּפרישן און שטאַרקן. ער ציט אַראָפּ פֿון זיך די נאַכט־בגדים, לאָזט אַראָפּ די האָריקע פיס פֿונעם געלעגער און נעמט זיי גלעטנדיק באַטראַכטן. אָפּן הוילן רײנעם לײַב דערזעט ער מיטאַמאָל אַ צעשיט פֿון פֿאַרדעכטיקט ראָז־געלבלעכע אַרבעסלעך־פֿלעקן. דער געדאַנק, אַז די קנייטשן, וועלכע גיבן אויס דעם מענטשנס עלטער, באַווײַזן זיך קוידעמקאָל אויף די ערטער, וואָס זײַנען פֿאַר אַלעמען אָפֿן, ווי אָפּן פּאָנעם, צום בײַשפּיל, בייס די פֿאַרשטעלטע טיילן פֿונעם מענטשנס גוף זײַנען נאָך אַזוי שטײַף און גלאַט, האָט אים איצט מערער פֿאַרנומען. אויך דאָס גלעטן זיך די ביידע נאַקעטע קני האָט בא אים דערוויַיל אָפּגעשוואַכט דעם אומרו איבער דעם אויסשיט, וואָס ער דערזעט אים אויך אויף די נאַקעטע אָרעמס און אַפֿילע אונטער די פּאַכוועס.

— מה גוף אנוש?[1] — האָט ער אַ זיפֿץ געטאָן. — גוף נכון לקבל פגעים[2], — האָט אַמאָל איינער געזאָגט. וואָס זשע איז דאָס פֿאַר אַן אָנשיקעניש?

ביזן האַלבן טאָג האָט ער אַליין כויקער־ווערדירעש געווען דאָס נאַקעטע לײַב זײַנס. דאָס האָריקע אײַנדזעלע אויף דער ברוסט, די באַוואַקסענע פיס זײַנען פֿרײַ געווען פֿון אָט די בלוט־פֿלעקן. אָבער די איבעריקע ערטער! האָט ער געפּרוווט מיט אײַנרײַבונגען, מיט קאָלערליי זאַלבן און וואַסערן אַרויסגעפֿינען דעם טאָך און די סיבע פֿון אָט דער פֿלוצעמדיקער אַנשיקעניש, נאָר ס׳האָט זיך גאָרניט באַקומען. האָט ער איבערגערעכנט אין געדאַנק די אַלע כאַלאַסן, פֿון וועלכע ער האָט געליטן פֿאַר דער לעצטער צײַט. קוידעמקאָל די אָפּגעשוואַכטקייט, דאָס איבערמידן זיך פֿון יעדן ריר און באַוועג. וועהאַשייניס, די אַפּעטיטלאָזיקייט. דער ווידערגעפֿיל צו יעדן מין עסן, מעג עס זײַן פֿון די טײַערסטע און געשמאַקפֿולע מײַכאָלים. הײַנט דאָס, וואָס דער קאָפּ פֿאַרדרייט זיך אָפּט, און דאָס ציִען צום געלעגער. ער שלאָפֿט איצט אַ סאַך מערער, ווי אַ מענטש אין זײַנע יאָרן. אָבער וואָס האָט עס אַלץ פֿאַר אַ שײַכעס צו אָט דעם מאָדנעם אויסשיט אָן אַ בײַסעניש און וואָס טוט לאַכלוטן ניט וויי?

יויעל איז באַלד געקומען צו דער מאַסקאָנע, אַז די זאַך איז געפֿערלעך. געפֿערלעכער אַפֿילע, ווי ווען דאָס זאָל זײַן דער ערגסטער מין צאָראַאַס. דאָס האָט, אַפּאָנעם, אַ שײַכעס צום בלוט־דרוק. ער האָט שוין געוואָלט אַפֿילע אַ פּרווו טאָן אָפּצאַפּן דאָס שלעכטע בלוט, האָט אים איבן שעשעט אָפּגעהאַלטן דערפֿון. אויך די איבעריקע רויפֿים, מומכים פֿון באַרסעלאָנע, צווישן זיי אויך דער קיניגלעכער רויפֿע, זײַנען מאַסקים געווען מיטן נאָסי. זיי האָבן מוירע געהאַט פֿאַר אַ בלוט־שטורץ, וואָס ס׳וועט עפּשער שווער זײַן צו האַמעווען. דער באַשלוס פֿונעם היפּשן קאָנסיליִום איז געווען, אַז מע מוז האָפֿן און וואַרטן, ביז די בלוט־טראָגנדיקע געפֿעסן פֿון אונטער דער הויט וועלן מיט דער צײַט אויף אַזויפֿיל געשטאַרקט ווערן, אַז זיי וועלן פֿון זיך אַליין אויפֿהערן צו בלוטיקן. מע דאַרף נאָר זען בעסער פֿילנעווען דעם כוילע און אַכטונג געבן אויף די אויסערלעכע בלוט־פֿלעקן: צי זיי פֿאַרמערן זיך ניט, צי זיי זעען זיך ניט אָן בוילעטער, געדיכטער?

דאָס דאַפֿקע ניט. יויעל באַטראַכט עטלעכע מאָל אין טאָג דעם פּאָטערס לײַב, און ס׳דוכט זיך אים, אַז דער בלוט־קאָליר אונטער דער הויט איז בלאַסער געוואָרן און פֿון אייניקע ערטער זײַנען די ראָז־געלבלעכע אַרבעסלעך אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן. אויף דעם אָרט איז פֿאַרבליבן אַ מין רויטלעכע אָנגעשוואָלנקײַט.

דער פּאָטער איז מאַסקים מיטן זון. האַגאַם פֿאַר די לעצטע פּאָר טעג האָט זיך שוין אין אים טיף אײַנגעגעסן דאָס ווערעמל פֿון ייִעש, אַז אָט־אָט עפּשער גאָר אינגיכן וועט זיך דאָס ביסל בלוט אין אים צעפֿליסן און פֿון אים וועט גאָרניט איבערבלײַבן. ער גלייבט אַפֿילע ניט אין דער אומשטערבלעכקײַט פֿון אַוועלכע־ס׳איז געדעכעניש נאָך זיך. ער מיינט, פֿאַרשטייט זיך, ניט דעם איצטיקן דאָר, אָבער מיט אַ דאָר שפּעטער, אין אַ קומענדיקן יאָרהונדערט — צי וועט זײַן נאָמען אַמאָל דערמאָנט ווערן? אָדער ער וועט לאַכלוטן אויסגעמעקט ווערן פֿונעם מענטשלעכן זיקאָרן? ער האָט ביז גאָר ווייניק אויפֿגעטאָן פֿאַר זײַן לעבן. אַ סאַך, אַ סאַך ווייניקער, ווי ער האָט בעיאַד געהאַט. עמעס, יעדערער אויף זײַן אויפֿן קריכט אויף די ווענט עפּעס צו דערגרייכן. איז וועד ס׳דערלאַנגט זײַן ציל, ווי הויך ער זאָל ניט זײַן, און אַ צווייטער קומט צו גאָרנישט ניט, ווען אַפֿילע די שטרעבונג זײַנע ליגט אים פֿאַר דער נאָז. דער פֿויגל, קעדיי זיך אַ הייב צו טאָן אין דער הייך, מוז זיך צוערשט אָפּרײַסן פֿון דער ערד. ווען אַ מענטש זאָל זיך אַזוי גרינג קאָנען אָפּשטויסן פֿון דעם, וואָס ס׳ציט אים אויף אַראָפּצו, פֿון די אַלע קליינלעכקײַטן, פֿון די אַלע פּוסטע איניאָנים און מײַסים...

ער טראַכט איצט וועגן אַלץ, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט און איבערגעלעבט. וועגן דעם

[1] מאַ גוף ענויש — וואָס איז דעם מענטשנס גוף; [2] גוף נאָכוין לעקאַבייל פּעגאָים — אַ גוף אויף אויפֿצונעמען פּלאָגן.

אַלעמען, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר ווירקלעך מאַמאָשעסדיקס. וועגן דעם, פֿון וואָס ער האָט געליטן און געהאַט אַגמעסנעפעש, און וועגן דעם, פֿון וואָס ער האָט געהאַט נאַכעס־רועך. וועגן זײַנע פּײַנען און פֿאַרגעניגנס. דערמאָנט ער זיך דאָס אַלץ, דערשײַנט עס איצט פֿאַר אים אין גאָר אַן אַנדער ליכט, אין מער רויִקערע און שאַרפֿערע קאָנטורן, און ער מוז קומען צום סאַכאַקל, אַז ער אַליין איז ניט געווען פֿון די מענטשן־שטאַמען, וועלכע וואַקסן אַרויס פֿון אַ מין אײַנגעוואָרצלטער באָדן־טיפֿקײַט. ער איז פֿון די געוויקסן, וואָס קנוילן און וויקלען זיך אַרום עמעצנס שטאַמען, שטרעבנדיק דערמיט זיך צו באַהעפֿטן מיט די פֿעסטע און די גוטע. קומען אים אויפֿן זינען די אַלע דערהויבענע באַגעגענישן מיט מענטשן, די גדולים פֿון זײַן צײַט. די געמיינזאַמקײַט מיט אָט די בעסטע האָט אים שטענדיק געלאָזט פֿילן, אַז ער איז פֿונדעסטוועגן ווײַט ניט קיין אָפּגעריסענער בלאַט, נאָר אויך אַ צווײַג פֿון אַ מעכטיקן שטאַמבוים. דעריבער טאַקע האָט ער, דער איינזאַמער מענטש, זיך קיינמאָל ניט געפֿילט עלנט, ווײַל אַ גײַסטיקע קרויוועשאַפֿט איז דאָך שטאַרקער פֿון אַ קערפּערלעכער, פֿונעם זײַן צווישן נאָענטע און אייגענע, וועלכע זײַנען דיר אָבער גײַסטיק פֿרעמד. זײַנע גײַסטיקע נויטן, זײַנע רוכניעסדיקע באַדערפֿענישן זײַנען שטענדיק אַזוי גרויס געווען, אַזוי ברייט און פֿאַרשיידן, אַז ער האָט געליטן גענעם־יעסורים, ווען ער האָט צוליב עפּעס וואָס ניט געהאַט די מעגלעכקײַט זיי צו באַפֿרידיקן. איצטער אָבער פּײַניקט ער זיך צוליבן פֿלוצעמדיקן אוועקפֿאַלן. דאָס ליגן צום בעט, די שלאָפֿלאָזע נעכט, וואָס זײַנען אים נאָך מער מעקאַצער די יאָרן, און די פֿיל מאַכשאָוועסן איבער די סאַכאַקלען, וועלכע ער פֿרוווט אונטערפֿירן, מאַכן אים פֿאַר אויס מענטש. צי איז דאָס טאַקע בלויז דער ווילן זיך אַליין אָפּצוגעבן אַ דין־וועכעזשבן וועגן אַלע זײַנע באַשטרעבונגען און אויפֿטוען, צי עפּשער באַהאַלט זיך אונטער אָט דעם געפּלאָנטער פֿון באַטראַכטונגען די שרעק פֿאַרן טויט?

ער גלייבט אָבער, אַז דער טויט וועט ניט קומען פֿאַר דער צײַט. מעג וויִאַזוי אומגעריכט די קרענק זיך אַרײַנגאַנוועגען אינעם מענטשן, וועט זי גאָרניט מאַכן, אויב דאָס לעבן איז נאָך ניט אויסגעלעבט. קומט אָבער די צײַט, איז — אין שלטון ביום המיתה[1]. ווען ס׳לייגט זיך דער צווייהויקערדיקער קעמל בײַ דער שוועל פֿון דײַן טיר, וועט דער מאַלעכהאַמאָוועס ניט פֿאַרשפּעטיקן אַף קיין איין רעגע ניט. קיין זאַך דראָעט ניט דער רײַפֿער פֿרוכט, אַכוץ דאָס אַראָפּפֿאַלן. אַזוי דעם בען־אָדעם דער טאָג פֿון שטאַרבן. ער, יויסף בען מעיִר זאַבאַרע, האָט ניט איין מאָל אין די כצאָס־שאָען זיך געפֿרייט מיטן זון־אויפֿגאַנג. ס׳האָט אים אָפֿט פֿאַרקלעמט אַ בענקעניש באַם באַגײַסטערט ווערן פֿון אַ פֿאַרביקער שקיִע, ס׳איז אים אָבער קיינמאָל אויפֿן געדאַנק ניט געקומען, אַז אָט דער זונען־גאַנג פֿירט אַ געצויִעם כעזשבן פֿון זײַנע טעג און יאָרן. די צײַט, זי האָט קיינעם ניט ליב און איז אויך צו קיינעם ניט באַזונדערס פֿײַנטלעך. זי איז אָבער צו קיינעם און צו גאָרנישט ניט גלײַכגילטיק. זי האַלט אין איין מעסטן דאָס, וואָס דאַרף פֿאַרשווינדן, און אָן ראַכמאָנעס שלײַדערט זי אָפּ פֿון זיך אַלץ און אַלעמען. עמעס, ניט אַלעמען... אָבער אים האָט זײַן זון יויעל צום זיבעטן יאָרצענדליק ניט געשענקט קיין נאָכוווּקס, דאָס איז אַלציינס, ווי אַ געזונטן בוים זיך האַלטן נאָר באַם שטאַם און ניט לאָזן וואָרצלען...

ער נעמט ווידעראַמאָל באַטראַכטן דאָס לײַב אַף זיך. אים שרעקן שוין ניט אַזוי די רויטפֿלעקן, ווי די אָנגעדראָלענע בלוט־אָדערן. מיט ניט קיין סאַך יאָרן צוריק האָבן זיך נאָך בײַ אים געלאָזט אָנטאַפּן די האַרטלעכע מוסקולן. איצט שטאַרצן אַף זייער אָרט אַרויס די בלוילעכע בלוט־געפֿעסן. רעב שמועל האַנאַגיד האָט נאָך געזאָגט, אַז אַ מענטש קאָן זיך ניט פֿילן גוט, ניט פֿאַרמאָגנדיק די דרײַ זאַכן: רויִקײַט, פֿרייד, געזונט. איז ווי קען ער איצט האָבן „פֿרייד“ נאָך דער פּטירע פֿונעם ראַמבאַם? ס׳איז נאָך צו פֿרי זיך טרייסטן מיטן „צדיקים במיתתם נקראים חיים“[2], און מיטן געזונט בײַ אים גופֿע האַלט, אַפּאָנעם, שוין אויך זייער שמאָל. אים האָט מיטאַמאָל אַ בליץ געטאָן א געדאַנק וועגן שרײַבן אַ צוואָע, אָבער די מאַכשאָווע האָט אים מיט שרעק אַ ווייטעקלעכן ברי געטאָן. עפּעס איז מיט אים טאַקע גאַנץ ניט קעשורע, וויבאַלד ער טראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן...און ביכלאַל, וואָס און וועמען האָט ער איבערצולאָזן? די גרויסע פֿאַרמעגנס זײַנע, דאָס אָרעמע בינטל כיבורים, צי די באַהאַוונטקײַט זײַנע אין כאָכמאַס האַרעפֿוע? אין דעם האָט אים שוין יויעל לאַנג איבערגעשטיגן. גיכער וואָלט שוין פּאַסיק געווען, ס׳זאָל בלײַבן נאָך אים עפּעס אַ מין ווידע־אָנזאָג, ווו ער זאָל אײַנצײַטיק אויך קאָנען אַנטפּלעקן די הכרה עצמית[3], זײַן זעלבסטדערקענטעניש. וואָס איז דען

[1] איין שילטוין בעיוים האַמיסאָ — ניטאָ קיין מאַכט אויפֿן טאָג פֿון שטאַרבן; [2] צאַדיקים בעמיסאָסאָם ניקראָיִם כאַיִם — געמיינט: גרויסע מענטשן בלײַבן לעבן אויך נאָך זייער טויט; [3] האַקאָראָ אַצמיס — זעלבסטבאַזיניקונג.

דאָס גאַנצע שרײַבן אונדזערס, אויב ניט קיין לעבנסלענגלעך ווידע־זאָגן? ווער קאָן נאָך עפּעס מער זאָגן וועגן זיך, ווי דער מענטש אַליין?

ווער קאָן נאָך וויסן אַזוי גענוי אַלדאָס דורכגעטראַכטע און דורכגעלעבטע? דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעטאָן, ווייסן טאַקע זײַנע נאָענטע גאַנץ גוט, אָבער צי ווייסן זיי, וואָס ער האָט געגאַרט צו טאָן? דאָס, וואָס ס'איז מיט אים געשען, ווייסן אַלע, אָבער וויאַזוי האָט דאָס געשע־ענע אַף אים געווירקט?

פאַרטראַכט ער זיך וועגן די פאַרשיידענע מינים ווידעס, וועגן וועלכע ער האָט געהערט אָדער געליינט. ווידעס פון גרויסע מענטשן מיט וואַרעמע הערצער. ווידעס פּיוטישע אין כאַרוזים[1], און אין וואָכעדיקע טיפּזיניקע שורעס פון געלערנטע. צו אוועלכן פאָלק ער זאָל ניט געהערן, דער באַל־מיסוואָדע, אַף אַ וועלכער שפּראַך זײַן ווידע זאָל ניט פאַרשריבן ווערן, איז אין איר שטענדיק פאַראַן דער הייליקער ציטער און עפּעס אַ מין שפּאַנענדיקער נײַגער, ווי צו אַ גרויסן סאָד.

וואָס קומט אָבער דערפון אַרויס, אַז זײַנע אייגענע סודעס וועלן שוין אָפּשטאַרבן מיט אים צוזאַמען? אַז ער האָט אין די בעסטע יאָרן זײַנע זיך קיינמאָל ניט אומגעקוקט אַף די אונטערשטע רעדער, נאָר פאַרקערט, יעדער מאָרגן איז בא אים שטענדיק געווען באַשטראַלט מיט די שענסטע האָפענונגען, מיט עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אים סאָפּקאַלסאָף ענדגילטיק גליקלעך מאַכן. ער האָט טאָמיד, נאָך פון די פריסטע קינדער־יאָרן געליטן פון צופיל טרוימען. פון טרוימען, וואָס זײַנען פון אָנהייב אָן פאַרורטיילט אַף ניט צו פאַרווירקלעכט ווערן, אָבער ער האָט געלעבט מיט זיי. מיט זיי איז ער געוואַקסן און זיך געעלטערט. זײַן גליק איז שטענ־דיק געווען געווענדט צום ווײַטערדיקן, צו דעם, וואָס דאַרף נאָך קומען, און דאָרט, אינעם ווײַטערדיקן, האָבן די איינפאַכסטע בילדער בא אים אויסגעזען ווי אײַנגעראַמט אין די פּרעכטיקסטע ראַמען.

בא וואָס זשע איז ער איצט געבליבן? באַם צעבײַטן דעם זיבעטן צענדליק איז דעם מענטשנס לעבן אַ פּלעמל אַפן ווינט. האַגאַם ער האָט זיך קיינמאָל ניט געשראָקן אַלט צו ווערן קערפּערלעך, דעריקער איז ניט אַלט ווערן גײַסטיק. טוט ער אָבער אַ פאַרגלײַך דעם ווילן זײַנעם מיט די מעגלעכקײַטן, וואָס ער פאַרמאָגט בא הײַנטיקן טאָג, ווערט אים גאַנץ שאָפּל אַף דער נעשאָמע. ער געפינט זיך אין אַ צושטאַנד, ווי עפּעס דער סאָטן־האַמאַש־כיס זאָל האַלטן אין איין געוועלטיקן איבער אים. ער פירט אים ווי אַ מעלופּם־קינד בא דער האַנט און איז אים ראַק מאַכריוו אוילאָמעס[2].

אַזוי איז אים זײַן וועלט כאָרעוו געוואָרן נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן, ווען ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזויפיל גלויבן אין זיך, מיט אַזאַ ליבע צום לעבן, צו זײַן רײַף ווערן, צו זײַנע דערפאָלגן אין דער מעדיצין און בא זײַנע ערשטע פּרוּוון אין פּיוט... און דעריקער, אחרון אחרון חביב[3], דאָס געפינען דעמלט זײַן זיווג, די באַשערטע זײַנע ציפּוירע, זאָל איר אָנדענק געבענטשט זײַן. באַם יעדן דערמאָנען זיך אין אָט יענע צײַטן מיט איר טוט אים נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אַ קלעם פאַרן האַרצן און ס'ווערן מעטושטעשע פּײַכט די אויגן. ס'טוט אַ לויף פאַרבײַ דער ערשטער גענוס, די באַפליגלטע כאַדאָשים און טעג אין מעשעך פון גאַנ־צע זיבעצן גוטע יאָר, און מיטאַמאָל דער גיכער טויט אירער, וועלכן ער האָט וואָס ווײַטער, דערפילט אַלץ שטאַרקער. אַפילע מיט עטלעכע יאָר נאָך דעם איז עס אָפט דערגאַן בא אים ביז צו אַ מין פאַרטרוימטן זײַן מיט איר, ביז אַ מין נאַכאַמאָל איבערלעבן אינעם געדאַכט דאָס גוטע, וואָס זי האָט אים געהאַט צוגעטיילט. דערפאַר טאַקע האָבן אים שטענדיק אַנטוישט די אַלע אַנדערע פרויען, מיט וועלכע מע האָט אים געפּרוּווט מעשאַדעך זײַן: בא דער זײַנען צו רויטע האָר, די אַנדערע האָט אַ זייער שאַרפן בליק, און בא יענער איז אַ ברייטער קינבאַק אָדער די ציין זײַנען מײַזלשע, און גאָר אַן אַנדערע האָט מיט עפּעס־וואָס אַרויסגערופן אַ ווידערווילן בא יויעלן. בלײַבט מען זיצן אַ פאַריאָסעמטער אַלמען, אַף שטענדיק שוין פאַריז־עשט, און מיט אַ פּיק אין האַרצן. אָט אַזוי גייט אַוועק אַ יאָר, און דרײַ, און פינף, און צען — דאָס גאַנצע לעבן.

דער טויט פון אַן ערשט ווײַב... דאָס האָט עפּעס געבראַכט צום אַנטלויפן פון אַן אײַנ־געזעסענעם אָרט, דעם כיישעק צום שטענדיקן וואַנדערן, וואַלגלען פון מאָקעם צו מאָקעם. דערבײַ האָט זיך אים געדוכט, אַז ער שטײַגט אַלץ העכער און העכער, נעמט זיך אָן מיט מער געניט־קײַט, כאָכמע, וויסן, — צום סאָף לאָזט זיך אויס, אַז ער גייט גאָר אַף צוריק, באַרג־אַראָפּ, נעענטער צום סאָף.

[1] אין דיכטערישע פערזן; [2] געמיינט: ברענגט אום זײַנע וועלטן; [3] אכרוין אכרוין כאָוויוו — געמיינט: דאָס ליבסטע.

איז וואָס מיט דער גענוישקייט און מיטן וויסן, אַז פאַר די עטלעכע טעג, וואָס ער ליגט א קראַנקער, ווייסט ער בלויז, אַז ער ווייסט נאָך גאָרנישט ניט, וואָס מיט אים איז; מיט יעדן ווײַטערדיקן טאָג פילט ער, אַז ווי.אַזוי ער זאָל זיך ניט שטאַרקן, דערגייט ער נעענטער צו דעם, וואָס עס שרעקט אים. בײַ יעדן נײַעם רויטן פלעק, וואָס ער דערזעט אויף זײַן לײַב, שרעקט אים אַלץ מער דער געדאַנק: דאָס איז אַ מין פלאַצן פון די אינערלעכע געפעסן, און דער גאַנצער אינגעווייד זײַנער וועט סאָפּקאָלסאָף פאַרגאָסן ווערן מיטן בלוט. בײַ וועמען ס'ווערט געזאָגט בדמיך חיי[1], און בײַ אים קען עס נאָך כּלילע קומען צום בדמיך תמות[2]. פון דערפון, אַפּאַנעם, נעמט זיך אַזאַ שוואַכקײַט אין אַלע אייוורים און די אַפּטע מידקײַט, דער קאָפּשווינדל און די שלאָפלאָזיקייט. באַנאַכט איז געגנוג דער מינדסטער שאָרך, ער זאָל זיך אויפכאַפּן און שוין מער ניט קאָנען אײַנשלאָפן, דערנאָך אַ גאַנצן טאָג זיך געפינען ווי אין היגערפלעט. דער אומגליק ליגט נאָך אין דעם, וואָס ער ווייסט ניט, ווי לאַנג קאָן געדויערן אָט דאָס צעשטערט ווערן פון די בלוט-געפעסן.

מיט אָט די פינצטערע מאַכשאָוועס האָט ער אָנגעהויבן אײַנדרעמלען. וויפל ער איז אָפּגעשלאָפן, ווייסט ער ניט. ער פילט נאָר, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי געוויינלעך נאָך אַ גוטן אָפּשלאָפן די נאַכט. עס וווּנדערט אים נאָר, וואָס עס טאָגט נאָך ניט. ער ליגט, און ס'איז נאָך אַלץ אַ געדיכטע פינצטערניש. גייט ער אַראָפּ פונעם געלעגער, קוקט אַרויס אין דרויסן: ס'איז נאָך פאָרט שטאָקפינצטער. אָבער די צײַט גייט, און ס'ווערט אַלץ ניט ליכטיקער. טוט ער זיך אָן, גייט אַרויס אין גאַס, און אויך דאָרטן טאַפּט ער אַ וואַנט אין דער פינצטער. ס'וועט שוין, אַפּאַנעם, אַזוי קיינמאָל ניט ליכטיק ווערן. כאַפּט אים אַרום אַ פײַנלעכע שרעק, און ווי עמעצער וואָלט אים פאַרן אָרעם געצופּט, ער זאָל אופוואַכן פון דער פאַרגליווערטקײַט. מיט צעעפנטע אויגן דערזעט ער יויעלן לעבן זײַן געלעגער. ער האָט נאָרוואָס אָפּגעלאָזט דעם טאַטנס רעכטע האַנט, וואָס איז געווען אָפּגעדעקט ביז אויף אַרופּצו, און בײַ דער העלער טאָג-שײַן פינטלען אַזוי בולעט די רויטלעכע פלעקן אויף דער הויט. ס'איז שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז אונטער דעם לײַב, וואָס איז געווען אַזוי קרישטאָל-ריין און איז איצט באַשאָטן מיט אַזאַ רויטלעכן אויסשיט, זאָל מיטן בלוט זײַן אַלץ קעשורע. ער פרעגט באַם פאָטער, צי איז ער גוט געשלאָפן.

— יאָ, מײַן זון, איך בין ווי געהעריק אָפּגעשלאָפן די גאַנצע נאַכט.

— און איצט ווי פילסטו זיך?

— ווי נאָך אַ נאַרישן כאָלעם. אַגעוו, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אדם[3] באַשטייט פון אפר, דם און מרור[4], — טוט דער אַלטער אַ ביטערן שמייכל, און אויף זײַן פּאָנעם איז צו דערקענען, אַז ס'האַלט מיט אים ערנסט.

יויעל זעט פאַר זיך איצט גאָר אַן אַנדער טאַטן. אַ מין שיוורע-קיילע. אַ מענטש, וואָס האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן די זיכערקײַט אין זיך. אין די אויגן בײַ אים האָט זיך באַוויזן אַ גאַנץ אַנדערער אויסדרוק, גלײַך ווי ער וואָלט געהאַלטן אין איין פרעגן אַפּילע באַם באַשטעטיקן, באַם באַטאָנען עפּעס, ווי נאָרוואָס, ווען ער האָט אויסגעטײַטשט די אויסיעס פון אדם (אָדאָם). ס'זעט אויס, ווי ער וואָלט געהאַלטן אין איין זוכן אַן ענטפער אויף דעם, וואָס ס'קומט מיט אים פאָר.

— וואָס זשע, דו פילסט זיך טאַקע אַזוי ביטער-שלעכט, טאַטע?

— ניין, מײַן זון. ס'איז מער ניט, וואָס איך בין איצט ענלעך געוואָרן צום כאַלפן, אונטערזער מעכוטן, אָט דעם אוריס פאָטער, וועלכער האָט אַ טעווע צו איבערצײלן עטלעכע מאָל די מאַטבייעס סײַ באַם געבן, סײַ באַם נעמען. איך האַלט אין איין איבערבלעטערן מײַן לעבנס-בוך אויף אַהין און צוריק. גאַנצענע שאָען פאַרנעם איך זיך מיטן אויסגריבלען פון זיקאָרן די אַדער יענע איבערלעבעניש, געשעעניש, מײַסים שעהאָ-י. וואָלט איך זיך בלויז באַנוגנט מיטן אָוואַר... דאָ האָב איך פונדעסטוועגן אַ פרײַ פעלד אויף צו גראָבן אין דער ברייט און אין דער טיף. עמעס, וואָס קומט דערפון אַרויס, אַז ס'איז שוין ניט מעגלעך עפּעס-וואָס צו ענדערן אין דעם, וואָס איז פאַרגאַנגען? טו איך זיך אָבער אַ נעם צום הײַנט, איז ער אַזוי בלוטלאָז אָרעם... — און דער טאַטע טוט אַ טיפן זיפץ. — אָט דאָס זײַן צוגעשמידט צום בעט און האַלטן ראָק אין איין טראַכטן און קלערן... דו פאַרשטייסט, זון מײַנער, יעדער מענטש לעבט אויף אַ געוויסן אָרט און אין אַ באַשטימטער צײַט. איך האָב, ווי דו ווייסט, קיין באַשטענדיק אָרט קיינמאָל ניט געהאַט. עפּשער דערפאַר ווייס איך טאַקע ניט, וווהין די צײַט מײַנע איז אַהינגע-

---

[1] בעדאָמאַיך כאַי — מיט דײַן בלוט ווערסטו לעבן; [2] בעדאָמעכאָ טאָמוס — מיט דײַן בלוט ווערסטו שטאַרבן; [3] אָדאָם — אַ מענטש; [4] אייפער, דאָם, מאָרור — אַש, בלוט, ביטערניש.

קומען. אָט דאָס איז, אפשר, דער סכאר פּאַרן וואָגל און וואַנדער־לעבן. איז וואָס זשע וואָלט איך געוואָלט, זון מײַנער?..

— איך ווייס זייער גוט דעם ראַצן דײַנעם, — איז אים יויעל פאַרלאָפן די רייד, — ס'איז אָבער איצט ניט די צײַט צו רעדן דערפון. ווער נאָר פריִער גוט געזונט...

דעם אלטן זאַבארע האָט פּלוצעם א שוויס באַשלאָגן. ער האָט איצט קיין קויעך ניט צו טײַנען און אים אײַנרעדן, פרעגט ער מיט א קאָל פון א שטאַרק אָפּגעשוואַכטן כוילע:

— און וואָס וואָלט דיך געאַרט טאַקע פאַרן צוזאַמען מיטן פעטער שעמטאָוו? פאַרוואָס ניט אויסנוצן אָט די געלעגנהײַט? ער ווייסט גוט יענע מעקוימעס... און די מינהאָגים זייערע...

יויעל האָט א באַהאַלטענעם שמייכל געטאָן: ווי ער דרייט זיך אויס, דער טאַטע, פון דעם, וואָס ער וואָלט געוואָלט זאָגן. ער האָט שוין ניט איין מאָל איבערגערעדט מיטן פעטער און מיט איבן שעשעטן וועגן זײַן הייסטן באַגער זיך צו מיסכאַטן זײַן מיט די אָפּיצ'יאַלס, און ער האָט באַם פעטער קימאַט ווי געפּויעלט, ער זאָל אים איצט מיטנעמען מיט זיך אין אָט דער ווײַטער נעסיִע צו זיי, און ער זאָל זיך טאַקע אַרײַנלייגן, אַז דער שידעך זאָל צו שטאַנד קומען. זאָגט ער צום טאַטן, יויעל:

— וואָס איז דאָס אײַלעניש, וועגן דו ליגסט צום בעט? האָט דאָך אפילע יאַקאָוו אָווינו געשיקט פריִער עליִעזערן אָן ייִצכאָקן. זאָל דערווײַל דער פעטער אליין פאָרן...

— עליִעזער האָט אָבער אָף צוריקוועגס געבראַכט מיט זיך ריוווקען צו פירן, און דײַן פעטער וועט עס ניט טאָן, — האָט דער אלטער א זיפץ געטאָן, און פון עפּעס א געדאַנק איז ער באַלד אופגעהייטערט געוואָרן. — האָסט דאָך שוין דאָרטן דײַן בוזעם־פרײַנט אורין, און אונדזער קצינען, די ליבלעכע. פון אומהיימלעכקײַט וועסטו דאָרט שוין זײַן באַוואָרנט.

האָט זיך אויך יויעל אין דעם אָנגעכאַפּט, און ער האָט פאַרקערעוועט דעם געשפּרעך, דערהויפּט אָף אוריס אריבערפאָר אהין, אָף זײַנע אַרבעטן אינעם קיניגס מינצקאַמער, און אַז ער האָט א סאַך פון זײַנע לערן־באַכורים אויך מיטגענומען מיט זיך. ער וועט מיט זיי דאָרט קענען מאַמשיך זײַן דאָס לערנען, ווי אין לונעל. דער אלטער איז מאַסקים מיטן זונס באַגײַסטערטע רייד וועגן אורין, וועגן זײַן דרייסטן שריט מיטן אריבערפאָרן אָף צאָפן, אין א לאַכלוטן נײַער סוויוועה, מיט א נײַעם הערשער, וועלכער איז, ווי מע זאָגט, א שטרענגער און א ביטערער. פון די אלע לויבערײַען פאַר אורין וועט דאָך צום טייל אויך פאַלן אָף אים, אָף יויעלן, אויב ער וועט פאָלגן דעם טאַטן און אײַנשטימען איצט צו פאָרן אהין מיטן פּע־טער שעמטאָוו. אכוץ דעם ארויסקוק אָפן שידעך מיט די אָפּיציאַלס, וואָלט ער ניט געוואָלט, דער זון זאָל מיט אים איצט דאָ זײַן, ביז ער, וועט עפּשער איבערקומען דעם שווערן צו־שטאַנד זײַנעם.

צי וועט ער אים אָבער איבערקומען? ס'טוט אים, דוכט זיך, גאָרנישט ניט ווי, נאָר דער אומרו וואַקסט בא אים פון טאָג צו טאָג, פון שאָ צו שאָ. אַז ער כאַפּט א קוק אָף דער הויט פונעם לײַב, אָף די באַפלעקטע דאָרע הענט, און אַז ער האָט נאָך נעכטן אויך דערזען די רויטע פלעק־צייכנס אָףביידע פיס, האָט זיך אין אים נאָך מער פאַרשטאַרקט די מוירע. מיט א שווער געמיט האלט ער זיך נאָך פונדעסטוועגן בא דער מיינונג, דערווײַל זיך פאַר קיינעם ניט קלאָגן. האָט ער אָבער דעם הײַנטיקן אינדערפרי ניט אויסגעהאַלטן. ס'האָט זיך אים מיטאַמאָל אויס־געדאַכט, אַז ער האָט שוין ניט וואָס צו פאַרבאַהאַלטן. די מאָרעשכוירע, וואָס הענגט אָף אים שוין דעם וויפלטן טאָג, וועט אים סײַווי אויסגעבן. ער האָט הײַנט שיר ניט ארויסגעבראַכט אויך פאַר יויעלן דעם טרויעריקן פּסאַקדין איבער זיך. אלציינס, האָט ער געטראַכט, וועגן דער האָן איז שוין באַם שויכעט אין דער האַנט, קאָן אים שוין ניט העלפן דאָס קרייען.

בא זיך זעלבסט האָט ער שוין געפּויעלט, אַז ס'איז געשען דאָס, וואָס עס דאַרף געשען מיט יעדן, בא וועמען פריִער, בא וועמען שפּעטער. און מיט א נײַעם שווערן געפיל האָט ער זיך אָנגעהויבן צוהערן צו דעם, וואָס עס פּירט אים בעהאַדראָגעדיק צום סאָף. עס גייט ניט אין די אויסערלעכע בלוט־פלעקן. עפּעס טוט זיך בא אים אינווייניק. עפּעס אַזוינס קומט דאָרט פאָר, אַז ער פילט, דאָס לעבן גייט פון אים אָפּ, און ער קאָן דערצו גאָרנישט ניט העלפן. ניט ער, דער אלטער רויפע־כוילים, און ניט דער זון זײַנער מיט די איבעריקע רויפים־מומכים, וועלכע רינגלען אים דאָ ארום, וועלן די זאַך ניט ענדערן. ער וויל זיך ניט נאַרן. מיט זיך אליין קאָן ער רעדן קלאָר און אָפן. ס'איז אָן איניען פון א פּאָר וואָכן, און עפּשער פון געציילטע טעג.

אָט פון דעם געדאַנק אליין האָט אים ווידער באַגאָסן א שוויס און ס'איז שווערער גע־וואָרן צו אָטעמען. ער האָט דערהערט דאָס אייגענע האַרצקלאַפּעניש. גוט, וואָס יויעל איז שוין ניטאָ דערבײַ, און זאָל אויך שוין קיינער ניט אַרײַנקומען דעם גאַנצן רעשט טאָג. וועט ער קאָנען ראַק טראַכטן און טרוימען. וואָס האָט ער שוין איצט צו רעדן מיט מענטשן? מיט

וואָס קאָן ער זיך מיט זיי טיילן? ער וואָלט איצט געוואָלט לאָזן דעם קויעך־האַדימיען[1], און זאָל ער אים פירן, גלײַך ווי ס׳איז נאָך גאָרנישט ניט געשען מיט אים. זאָל ער אים פירן צום ווײַטערדיקן, צום שיינעם אָסיד[2]. ס׳זאָל הייסן: ער, יויסעף בען מעיִר, האָט גאָר לאַכלוטן אַ טאָעס געהאַט. די קרענק וועט אַריבער. ער וועט באָרעכהאַשעם געזונט ווערן, און ס׳שטייען אים נאָך פאַר פּראַקטישע איבערלעבונגען.

ער דאַרף זיי איצט זייער נייטיק, אָט די זיסע צוקונפט־טרוימען. זיי האָבן אָבער איין גוואַלדיקן כיסאָרן: דו האָסט צו טאָן מיט זאַכן, וואָס זײַנען נאָך ניט פאַרגעקומען, און דאָס, וואָס עס וועט יאָ געשען, ווייסטו ניט, צי עס וועט זיך טאַקע באַקומען אַזוי, ווי דו טראַכסט איצטער, ווי דו וואָלסט געוואָלט, אַז ס׳זאָל זײַן... און דאָ כאַפּט זיך נאָך אונטער דער געדאַנק וועגן טויט, מאַכט ער ביכלאַל כאָרעוו די גאַנצע געבײַדע. דאָס אַלדאָס אויסגעטרוימטע צעקריכט, ווי אַ גאָס וואַסער אַף אַ שטיין. ער טרײַבט פון זיך די בייזע מאַכשאָוועס, וועלכע פירן אַרויף צו דעם, וואָס מע רופט מיטן קורצן נאָמען „טויט”. נאָר זיי טוען זיך זייערס, זיי לאָזן אים שוין אַזוי גיך ניט אָפּ. ער וויל בעסער טראַכטן וועגן לעבן. ער נעמט אָפּן זינען דעם סאַמע אָנהייב פונעם מענטשנס זײַן, דעם געבורט. קומט ער גלײַך צו דער מאַסקאָנע, ווי ענלעך זײַנען זיי איינס צום צווייטן: דער געבורט מיטן טויט. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז אָט דאָס קליינע אייפעלע, נאָך אין דער מוטערטראַכט, ווייסט, אַז אין אַ קליין שטיקל צײַט אַרום וועט עס דאַרפן פאַרלאָזן דאָס אָרט, אין וועלכן עס געפינט זיך. מיט שוידער טראַכט עס: וויִאַזוי גייט מען אַוועק פון אַזאַ ווייך־וואַרעם זיכער ערטעלע, ווו דער אַרום איז אַזוי צאַפּלדיק פּילבאַר און לײַכט־פוכיק, ווו מ׳איז אַזוי גוט באַשיצט פון יעדן מין קלאַפּ און צוזאַמענשטויס?.. און אַז ס׳קומט די צײַט צו פאַרלאָזן די מוטערטראַכט, גוואַלדעוועט אַוואַדע דאָס נעפעשל: אָן עק! אָט דאָ קומט שוין דער סאָף! און עס ווערט זיך, עס וויל זיך ניט אַרויסקלײַבן פון אַזאַ וואַרעם ענג נעסטעלע. קומט עס אָבער אַרויס אַף דער ליכטיקער שײַן, און ס׳דערזעט אַזאַ ברייטן שיינעם אַרום, מיט אַזויפיל לופט און רוים, מיט אָט דעם אַלעמען, וואָס הייסט לעבן, — פאַרגעסט עס אינעם פריִערדיקן פינצטערן וועלטל. צי דער מאַלעך האָט עס יאָ אַ שנעל געטאָן אַף צו פאַרגעסן, צי ניט, אַלציינס, דאָס באַשעפענישל איז גאַנץ קאָנטעט מיטן נײַעם מין לעבן. אָט אַזוי שטופּט יעדער איינער אָפּ דאָס באַשערטע ביסל יאָרן, און אַז ס׳קומט ווידער די צײַט, ווען מע מוז פאַרלאָזן די וואַרעמע נעסט פונעם ערדישן שטיקל וועלטל, ווילט זיך ווידער ניט, פונקט ווי דעמלט, ווען ס׳האָט זיך ניט געוואָלט אַרויסקלײַבן פון דער ווייכער מאַמעס טראַכט. פונקט אַזוי, ווי ס׳האָט דעמלט געמיינט, אַז דאָס איז שוין דער סאָף, אַזוי טראַכט מען אויך איצט וועגן סאָף פונעם לעבן, וועגן דעם, וואָס מע רופט אָן טויט. איז אַוועלכער פון אָט די צוויי טויטן איז טאַקע דער עמעסער?

אָט דאָס איז, אַפּאָנעם, די גרויסע נאַפקעמינע צווישן לעבן און טויט: דאָס אומקערן זיך צוריק צו אַ לעבן, צו אָט דעם, וואָס מיר רופן איצט טכיִאַס־האַמייסים. דאָס איז אַ זאַך, וואָס איז נאָך דערווײַל אויסער צײַט און רוים. דער טויט אָבער איז אָן איניען אַ מאַמאָשעסדיקער, און דער גאַנג צו אים איז אַ גאַנץ זיכערער. קומט ער צו גיין, בלײַבסטו שוין מיט אים עד ביִאַת המשיח[3]. וואָלט גוט און וויל געווען, אַז מע זאָל אים קאָנען באַגעגענען מיט אַ גוטמוטיקן באָרעכהאַבאָ. מיילע, וואָס האָב איך שוין אַזוי דערלייגט מיט מײַן קומען אַף דער וועלט? איך בין געקומען אַ הויל־נאַקעטער, סײַ מיטן גוף, סײַ מיט דער נעשאָמע, און גיי פון איר אַוועק אָן אָנגעפּעלצטער, אין זינען פון רועך, מיט קאָלטווו. איז אַ דאַנק דעם באַשעפער פאַר דערפאַר אויך. ווען איך זאָל זיך אַזוי ניט קלאַמערן אין דעם דעראָבערטן ביסל כאָכמע און וויסן, וואָלט איך זיך נאָך געקענט טרייסטן מיט אַזאַ מין מאַכשאָווע. פאַרוואָס, אַז אַ מענטש האָרעוועט זיך גוט אָן, איז ער זיך מעכײַע, ווען ער קאָן זיך צולייגן אַ דרעמל טאָן? קיין זאַך איז אים דעמלט ניט אַזוי נייטיק, ווי דער זיס־שטאַרקער שלאָף. פאַרוואָס זאָל זיך אַזוי ניט גלוסטן אַ מענטשן די אייביקע רו, ווי ס׳גלוסט זיך אָן אויסגעמאַטערטן דער שלאָף? מאַכמעס דער טויט, אַפּאָנעם, קומט שטענדיק פאַר דער צײַט. נאָך איידער ס׳האָט ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן דערעסן דאָס לעבן. מעגלעך, ווען מע לעבט מעסושעלעכס יאָרן... צי אַפילע אַ ביסל ווייניקער. זאָל זײַן אַזויפיל, וויפל ס׳איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשלעכן גוף אַף אויסצוהאַלטן. אַלקאָלפּאָנעם, ווען יעדער איינער זאָל זיך קאָנען געַנוג אָנזעטיקן מיטן לעבן, וואָלטן מיר עפשער דעם טויט אויך אַזוי אופגענומען, ווי אַ מידער דעם שלאָף? איך וואָלט שוין דעמלט אַזוי ניט געציטערט און ניט געפלאַטערט איבער דער כײַע־שאָ. ווי אַ געוווּנטשענער סאָף פונעם מענטשנס לעבן, וואָלט דער טויט עפשער געקומען ווי אַ צײַטיקע פּיירע, וואָס פאַלט אַליין מיטן גוטן ווילן אַראָפּ פונעם בוים.

---

[1] פאַנטאַזיע; [2] צוקונפט; [3] אַד ביִאַס האַמאָשיִעך — ביז מאָשיִעך וועט קומען.

דוכט זיך אים איצט, אז אף אָט די אַלע פֿינצטערע געדאַנקען פֿירט אים אַרויף דער סאָטן, אָט דער באַגלייטער זײַנער אין די אַלע נעסיעס, וועלכע ער האָט באַשריבן אינעם „סייפֿער שאַאשוים". ער האָט אים אַליין געשאַפֿן, אָט דעם סאָטן־האַמעקאַטרעג, קעדיי צו האָבן מיט וועמען זיך אויסטײַנען, כקירען און זיך אַמפּערן. ער האָט מיט פֿאַרגעניגן געפֿירט מיט אים דעם וויקועך אף די אַלע זײַטן פֿונעם גאַנץ היפּשן קסאַוויאַד. איצט, ווען דער כיבור איז שוין לאַנג פֿאַרענדיקט און ער דאַרף אים, דעם שעד, אף טויזנט קאַפּאָרעס, איז יענער אַליין געקומען און שטייט אים פֿאַר די אויגן. ער רעדט צו אים קלוימערשט אין נאָמען פֿון דעם, וואָס מאַכט א סאָף צום סאָד־האַבריִע[1]. וואָס זשע וויל ער פֿון אים, דער מאַלעכהאַמאָ־וועס? ס׳מאַכט אָן אײַנדרוק, ווי ער וואָלט געוואָלט, מע זאָל אים לויבן, מע זאָל אים מיט זמירעס באַזינגען, מע זאָל וועגן אים א צווייטן סייפֿער שאַאשוים שאַפֿן, ווײַל ער איז דער מאַלעך־האַגויִעל, וואָס ברענגט די אייביקע רו דעם מענטשן.

— און ס׳איז דאָך אַזוי גרינג צו קומען דערצו, — רעדט אים אײַן דער אומגעבעטענער שעד איינאַן, וואָס איז ווי א לעבעדיקער אַראָפּ פֿון די בלעטער פֿון זײַן כיבור. — ער איז אַוועק מיטן ווינט און איז ניטאָ מער, און דו בלײַבסט ליגן אין פֿרידן און זיכער, ווי אין דער שטאַרקסטער פֿעסטונג. דערבײַ, — גיט ער צו: — דו וועסט דאָרט זײַן באַשיצט פֿון יעדן מין בייז און שלעכטס, וואָס עס קאָן קומען פֿון א סוינע, ווי אויך פֿון א פֿרײַנט. פֿאַר גוטע, ווי אויך פֿאַר שלעכטע מײַסים, — שמייכלט דער שעד, — וועט זיך עס אַלץ ענדיקן, ווי א פֿאַלשער, ווי א בייזער כאָלעם. דאָס לעבן האָט דיך זיכער אין עפּעס־וואָס אָפּגענאַרט, אַנ־טוישט. בא מיר, — באַרימט זיך דער שעד אינעם נאָמען פֿונעם מאַלעך־האַדוימע[2], — איז ניטאָ קיין גענאַרערײַ. בא מיר איז דער ריינער עמעס. דאָס לעבן האָט דיך אומריין געמאַכט, און איך וועל דיך מעטאַער זײַן. אָט ליגסטו אָפּן געלעגער: טראַכסט, קלערסט, ברעכסט זיך דעם מויעך. די ראַיוינעס פּלאָגן דיך. בא מיר אָבער וועסטו ניט הערן קיין פֿאַלשע רייד, און דו אַליין וועסט ניט דאַרפֿן אָנקומען צו שעקער־וועקאָזאָוו, בא מיר וועסטו ניט דאַרפֿן וואָגלען און וואַנדערן. איך בין דײַן לעצטע היים. דאָס איז דײַן לעצטער טכום־שאַבעס. אָט די גרענעץ וועסטו שוין ניט אַריבערשפּאַנען...

...און ווי ער וואָלט געוואָלט דערזען דאָס, וואָס ער וועט ניט אַריבערשפּאַנען, האָט ער א דריי געטאָן דעם קאָפּ, און ס׳האָט אים גענומען שווינדלען אין די אויגן. ער שטוינט. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אין איין ווינקל פֿונעם צימער איז דער סופֿיט ווי מעשופּע געוואָרן, הענגט אַראָפּ נידעריקער, ווי אין די איבעריקע ווינקלען. האָט ער זיך ניט געפֿוילט אַראָפּצו־גיין פֿונעם געלעגער, און פֿון דער נאָענט האָט ער דערזען, אַז ניט נאָר דער סופֿיט, נאָר אויך דאָס שטיקל דיל אונטער זײַנע פֿיס, דער גאַנצער ווינקל נייגט זיך אף אַראָפּ און שאָקלט זיך, שאָקלט זיך ביז צום אומפֿאַלן.

...דעם גוואַלד האָט אופֿגעהויבן יאַקאָוו בען עליִעזער. ער איז אַרײַנגעקומען אין ביינהאַש־מאָשעס, צווישן מינכע און מײַרעוו, מעוואַקער־כוילע זײַן דעם אַלטן זאַבאַרען, און ער האָט אים ניט געטראָפֿן אָפּן געלעגער. האָט ער שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאָר ער האָט דערזען אינעם ווײַטן ווינקעלע עפּעס א פֿאַרטונקלעניש. וואָס זאָל עס דאָרט זײַן אַזוי אָנגעוואָרפֿן? דער כוי־לע איז געלעגן אין כאַלאָשעס, אײַנגעבויגן, האַלב אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. ווען מע האָט אים אָפּגעמינטערט, שוין אָפּן געלעגער, האָט מען אים ערשט אײַנגעגעבן א מין שלאָף־גע־טראַנק, און ער איז רויִק אָפּגעשלאָפֿן די גאַנצע נאַכט.

יויעל האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. ער האָט געוואַכט לעבן טאַטנס בעט, ביז ס׳האָט שוין גוט אָנגעהויבן טאָגן. ווען נאָך פֿרישטיק זײַנען אַרײַנגעקומען אַלכאַריזי, איבן סיגאַל, דער נאָך איבערגעשראָקענער יאַקאָוו בען עליִעזער, האָט יויעל נאָך אַלץ געפּיקט מיט דער נאָז אף א שטול לעבן טאַטנס בעט. זיי האָבן אים מיט גוואַלד אָפּגעשיקט כאָפּן א דרעמל, זאָל זײַן נאָר אף א פּאָר שאָ, אָבער ניט זיצנדיקערהייט זיך ברעכן. וואָס פֿאַר א טאַם האָט עס נאָך אַזא לאַנגער נאַכט אויף זײַן? קאָלזמאַן זיי זײַנען דאָ, מעג ער זײַן רויִק.

דער נאָדיוו אַליין איז געזעסן לעבן כוילע שוין נאָך האַלבן טאָג. ער האָט אַלעמען אַרויסגעשיקט פֿונעם צימער: אַז ער ווערט גאָרניט מיד, דער כוילע־מעסוקן, דעם גאַנצן טאָג מיט אַלעמען צו פּלאַפּלען! דאָ האָט ער עפּעס וואָס צו דערציילן איבן סיגאַלן און דערד־בײַ זיך באַגריסן מיט א נײַעם באַזוכער, דאָ דאַרף ער זיך א סוידע טאָן מיטן זון. און ווען איבן שעשעט איז שוין דאָ געזעסן, האָט די קליינע קאַנסומע, איבן סיגאַלס פֿרוי, געבעטן,

---

[1] סאָד פֿונעם באַשאַפֿן ווערן; [2] דער מאַלעך, וואָס באַגעגנט די טויטע אף דער שוועל פֿון יענער־וועלט.

מע זאָל זי לאָזן אַרײַנקומען אַף געציילטע מינוטן. זי וויל אויך מעקײַעם זײַן די מיצווע פֿון ביקור־כוילים. זי האָט זיך טאַקע לאַנג ניט פֿאַרהאַלטן. זי האָט פֿאַרלאָזט דעם ליידער צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע.

...און אַט ליגט ער שוין ווידער אויסגעצויגן אַפּן געלעגער, און ביכדיי צו טרײַבן פֿון זיך די מאַרעשכוירע, אַז ער איז שוין טאַקע אַ נויטע־לאַמוס, אַז ס'ליגט שוין דער טויט אַף זײַן פּאַנעם, זינגט ער זיך אינדערשטיל קאַפּיטלעך טילים, וועלכע ער געדענקט אַף אויסווייניק, און ער פֿילט זיך קימאַט גליקלעך, וואָס צווישן די אַלע זינד, וועלכע ווערן דאָ דערמאָנט, איז ניטאָ אַפֿילע קיין סימען פֿון די ווייניקע כאַטאָים, וועלכע ער איז יאָ באַ זײַן לעבן באַגאַנגען, דערהויפּט דער כעט פּונעם שטענדיקן אַרומוואַנדלען.

קוויקט ער זיך איצט מיט דער האַנאָע, וואָס ער האָט פֿון יעדן אַרויסגעזונגענעם אָדער אַרויסגעזאָגטן פּאַסעק, וועלכער איז געשריבן געוואָרן מיט די שטאַרקסטע פּיוט־מיטלען, קאַליר־פֿול ווי דער רעגנבויגן, און פֿײַערדיק ווי די זון. ער דערמאָנט זיך אין דער געמאַרע בראָכעס, ווו ס'ווערט דערציילט, אַז די טויערן פֿון געזאַנג זײַנען געעפֿנט געוואָרן און ס'זײַנען געקומען פֿון דאָרט דאָס טרעלן פֿון די זינגפֿייגל, דער געשאָרך פֿון די בלומען, בייס זיי צעעפֿענען דעם געבלעטער באַם פֿאַרטאָגיקן אַרויסגעבן דעם רייעך־ניכויעך זייערן, דער איידעלער געפּליסטער פּונעם ווינט, וואָס שפּאַצירט צווישן די צווײַגן פֿון די גאַניידן־ביימער, דאָס ציטערדיק־שטילע ריזלען פֿון די וואַסער־קוואַלן און דער שטורמישער געלויף פֿון די טײַכן. פֿון דעם אַלעמען איז געשאַפֿן געוואָרן די נעשאָמע, וועלכע האָט געדאַרפֿט אַרײַנגעבלאָזן ווערן אינעם עמבריאָן, וואָס איז נאָך געלעגן אין דער מוטערס בויך, און דאָרט, נאָך פֿאַרן געבוירן ווערן, האָט דער שפּעטערדיקער דאַוויד־האַמעלעך אויסגעזונגען זײַן באָרכי־נאַפּשי, ווו יעדער וואָרט איז אַ פּערל, און ווען די דאָזיקע פּערל זײַנען נאָך אָנגעסילעוועט אַף אַ שנירל, פֿול מיט געדאַנקען, האָט זיך טאַקע באַקומען דאָס טײַערסטע שטיקל צירונג, וואָס מיר וועלן עס טראָגן מיט שטאָלץ און מיט ווירדע ביזן סאָף.

ער באַוווּנדערט זיך אַליין, וואָס ער איז פֿלוצעם אין אַזאַ זינגעוודיקער שטימונג אַרײַנגעפֿאַלן. אַזוי באַטאַמט און מיט אַזאַ מעסיקעסדיקער באַהאַרצטקײַט זינגט ער אויס אַ קאַפּיטל נאָך אַ קאַפּיטל. וואָס איז הײַנט מיט אים אַזוי גרויס די געדולע? ווער ווייסט, וויפֿל ס'איז אים נאָך געבליבן צו דערהאַלטן זיך באַם לעבן? נאָר אַלציינס, דער, וואָס האַלט אין פֿאַלן, ציילט שוין ניט די טרעף פּונעם אַראָפּנידערן זיך. אים שרעקט שוין ניט אַזוי דאָס אוועקגיין פֿון דער וועלט. ער איז שוין קימאַט ווי גרייט דערצו. ס'פֿאַרדריסט אים נאָר, וואָס ער ווייסט ניט דעם טאָג און די שאָ... און דעריקער, וואָס ער וועט ניט קאָנען כאַפּן די מינוט, ווען ער וועט שוין אָנהייבן ניט וויסן, אַז מער לעבט ער שוין ניט.

מיט אָט דער גרייטקײַט צום „ניט לעבן" זײַנען אַריבער נאָך עטלעכע טעג. פֿאַר דער צײַט איז ער גאָר אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס'איז שווערער געוואָרן צו אָטעמען, און באַ יעדן ריר און באַוועג האָט דאָס האַרץ מעשונעדיק גענומען קלאַפּן.

דאָס סאַמע ערגסטע־ אָבער איז דאָס אַרויסדרינגען פּונעם בלוט אַף אויסן. ס'האָבן אָנגעהויבן בלוטיקן די יאַסלעס. צווישן די ציין איז שטענדיק פֿול געווען מיט רויטס, פֿון די באַזלעכער האָט אַ פּאָר מאָל אַ שטראָם געטאָן דאָס בלוט, און דערבײַ האָט ער לאַכלוטן אָנגעווירן דעם כיישעק צו נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן. די שלאָפֿלאָזיקײַט האָט אים אויך פֿאַרמאַטערט, ווײַל פֿון דעם, וואָס אים איז שווער געוואָרן דער קאָפּ, דערהויפּט דער אונטערשטער טייל, דער געניק און די שלייפֿן, און דער שלאָף קאָן אים ניט נעמען, פֿאַרמאַכט ער אָפּט די אויגן, ס'זאָל זיך אויסווײַזן פֿאַר די אַרומיקע, אַז ער דרעמלט. אָט אין אַזאַ „דרעמלצושטאַנד" האָט אים באַזונדערס געערגערט דאָס שטענדיקע אַכטונג געבן אַף אים. ער האָט אַפֿילע פֿאַרשטאַנען, ווי־אַזוי און מיט וואָסערע אויגן מע קוקט אַף אים. האָט ער זיך ווי קלוי־מערשט אַ ריס געטאָן פּונעם דרעמל און דערזען פֿאַר זיך יויעלן, וועלכער באַטראַכט אים פֿאַרלאָרן און טרויעריק. וואָס איז פֿאַראַן מערער אינעם זונס בליק, — ברענט אים דורך אַ מאַכשאָווע, — ליבשאַפֿט צי ראַכמאָנעס? דאָס לעצטע טוט אים אַ קלעם פֿאַרן האַרצן. ער האָט שוין געעפֿנט דאָס מויל עפּעס צו זאָגן, און אַ ניט אָפּגעווישטע טרער האָט זיך דערקײַקלט ביז צו דער נאָז. האָט ער שוין גאָרנישט ניט געזאָגט, און איבער דעם אַלטנס ליפּן איז אַזוי געבליבן שטעקן דער פֿאַרשוולדיקטער שמייכל איבער דעם, וואָס ער האָט עס ניט אַרויסגעזאָגט.

— נאַרעלע, — האָט ער דעם זון געוואָלט אַ טרייסט אונטערטראָגן, — דאָס שטאַרבן איז גאָרניט אַזוי שרעקלעך, ווי אַנדערע מיינען. אַ סימען האָסטו: די טויטע וויינען ניט, די לעבעדיקע באַוויינען זיי.

אינעם זעלבן טאָג, פּאַרנאַכט־צו, האָבן זיך באַ זײַן בעט צונויפֿגעזאַמלט אַלע די, וואָס האָבן דאָ אַ שײַכות צו כאַכמעס־האַרעפֿוע. אויך דער קריסטלעכער שטאָט־רופֿא איז געווען דערבײַ. ס'האָבן זיי איבערגעשראָקן דער בלוט־שטורץ פֿונעם האַלדז און דער בלוטפֿלוס. איצט האָט עס זיך אײַנגעשטילט. דוכט זיך אים אָבער אויס, אַז ער פֿאַרלירט די ריִע. עמעס, אין צימער איז שוין טאַקע עטוואָס טונקעלער, אָבער פֿונדעסטוועגן איז דאָך נאָך היפּשער טאָג, און פֿאַר אים גיסן זיך צונויף די געזיכטער פֿון די מענטשן, און ס'באַקומט זיך, ווי אַלע וואָלטן זיי געהאַט איין און דעם זעלבן פּאָנעם. ער לאָזט זיך באַטראַכטן, און ס'איז צו באַ־מערקן, ווי באַם רעכטן אויג איז דאָס נעץ־הײַטל אָנגעצונדן ווי פֿון אַ בלוט־אויסגוס. דאָס לינקע אויג איז לויטערער, טוט עס אים אָבער וויי, און ער באַמיט זיך עס פֿון צײַט צו צײַט צו פֿאַרמאַכן.

ס'איז אים שווער געוואָרן דאָס בײַזײַן פֿון די מענטשן. אים ווײַזט זיך אויס, אַז ווען ער איז אַליין, וואָלט זיך אים עפּשער איצט אײַנגעגעבן אַ דרעמל טאָן. האַלט ער צוגעמאַכט די אויגן, איז אים אָן ערעך גרינגער. דער געהער איז ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. ער הערט זיך אײַן אין דעם, וואָס מע רעדט, און דערקענט גלײַך דעם ריידער לויטן קאָל, נאָכן טעמבער פֿון דער שטים, אַפֿילע לויטן זיפֿץ, וואָס באַ וועמען פֿון זיי טוט זיך אַ כאַפּ אַרויס. פּונקט אַזוי אָנגעשטרענגט און קלאָר אַרבעט נאָך באַ אים דער מויעך. ער פֿאַרשטייט, אַז איצט, קאַלוזמאַן ער האָט עס נאָך בעיאַד, וואָלט ער פֿאַר אָט דער איידע מענטשן געדאַרפֿט אַ זאָג טאָן דאָס איינציקע, דאָס ריכטיקע און דאָס נייטיקסטע וואָרט. דאָס וואָרט, וואָס זאָל אין זיך קוילעל זײַן אַלץ, וואָס אַ מענטש האָט צו זאָגן פֿאַרן גרויסן אוועקגיין. אַ וואָרט פֿון די וואָרר־טער, וואָס ווערן געשאַפֿן באַם צעשטערן דעם סיידער פֿונעם אַלעפֿבייס, ווען מע זעט פֿאַר זיך די שוועבנדיקע אויסיעס. אָט דעמלט קומט דער גרויסער נעס פֿון יעצירע...[1]

איז וועגן וואָס פֿאַר אַ יעצירע קאָן איצט גיין אַ ריידן? אַז ער האָט שוין פֿאַרלוירן דעם גאַנצן קויעך פֿון וועלן עפּעס און דערמיט אויך דעם כיישעק זיך צו אַנטקעגנשטעלן דעם אַלעמען, וואָס שטערט אים.

אָט, צום בײַשפּיל, דאָס וועלן זײַן איצט אַליין. ער וועט עס זיי ניט זאָגן, און פֿון דער צווייטער זײַט, פֿאַרדריסט אים אַפֿילע, וואָס ער האָט איצט אַזאַ באַגער. ער האָט דאָך אַזוי ליב געהאַט מענטשן, זייערע רייד, דאָס טומלען זייערס, אויך מאַכלויקעס, אַז ס'איז אויסגע־קומען. ער האָט אַ גאַנץ לעבן געקרענקט ניט אַזוי מיט ליבע צו דער וועלט אָדער ליבע צו דער נאַטור, ווי מיט ליבע צום מענטשן. איצט איז אים אַזוי דערווידער דאָס האַוועניש זיי־ערס אַרום זײַן גסיסע־בעט, און קיין איינער פֿון זיי טראַכט גאַרניט צו פֿאַרלאָזן דעם צימער.

ווען ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז טאַקע בעעמעס אַליין, איז באַ אים געווען אײַנגערעדט, אַז ער האַלט נאָך אַלץ אין איין שרײַבן זײַן שפּיל־בוך, דעם „סייפֿער שאַאשועים". די שפּיל איז נאָך ווײַט ניט געענדיקט, האָט ער זיך געטרייסט. זײַן אייגן לעבן איז אויך אַ מין שפּיל, און ס'קאָסט אים צו טײַער דאָס אַרויסגיין פֿון אָט דער שפּיל. אָט דערפֿאַר טאַקע וועט ער זיך האַלטן מיט לײַב און לעבן פֿאַר זײַן כיבור, האַגאַם ער איז איצט אין אַ גרויסן פּלאָנטער. פֿאַרקומעניש פֿון זײַן „סייפֿער שאַאשועים" פּלאָנטערן זיך מיט מײַסעס פֿון זײַן שוואָגער שעמטאָוו וועגן די האַריגעס אין דער שטאָט קושטאַ, און דאָ קומט אים אָפּ זיבעצן דער גרויסער בראָך מיטן טויט פֿון ראַמבאַם. ער איז איצט אַ גאַנץ נאָענטער מעכוטן מיטן מאַלעכהאַמאָוועס. אָט געפֿינט ער זיך ערגעץ אין אַזאַ מעכטיק גרויס לאַנד, ווו דער מוישל זייערער איז ניט קיין קלענערער דעספּאָט פֿון פּאַרע מעלעך מיצראַיִם. יענער האָט זיך פֿיר־גענומען צו פֿאַרניכטן עוללים ויונקים[2], און דער האָט זיך אונטערגענומען צו פֿאַרטיליקן דעם רופֿים־שטאַנד. אויך ער, יויסעף בען מעיִר זאַבאַרע, געפֿינט זיך צווישן די פֿאַרטריבענע אָף אַ פֿאַרוואָרפֿענעם אינדזל, ווו מע קומט אום פֿון שווערער האַרעוואַניע. טראַכט ער באַ זיך: אָט דאָס האָב איך דערלעבט? צוליב דעם בין איך עס אויסגעווען ווו ערגעץ אַן עק, איך זאָל דאָ זען די בעהאָלע אָף די אויסגעצערטע טריבע געזיכטער, די ווילדע שרעק אין די אויגן באַ מענטשן, וואָס רינגלען דאָ אַרום דעם כוילע־גויסעס? דאָס שטאַרבט דער שלעכטער הערשער, דער טיראַן, דער פּאַרע. ער האָט שוין פֿאַרלאָרן דאָס לאָשן, און ווי מע זאָל אים האַלטן אין וואַרגן, דרייט ער מיטן קאָפּ און פֿאָדערט מיט די פֿאַרגלייזטע אויגן: ברענגט זיי מיר, די אַלע רופֿע־כוילים, וואָס איך האָב אומגעבראַכט. זאָלן זיי מיך ראַטעווען! פֿון זײַנע האַלב־טויטע בליקן בליצט מאַמעש מיט סינע און מיט דראָונג, נאָר ער קאָן קיין וואָרט ניט

[1] שעפֿערישקײַט; [2] אויפֿאַלים וועיונקים — קליינוואַרג און זויג־קינדער.

ארויסברענגען. שרײַט צו אים דער קראנקער זאבארע. און וואס ער וויל זאגן, ווייסט ער אליין ניט...

ווען דער זון האָט אים אופגעוועקט, איז ער געלעגן אין דער ברייט פון געלעגער, און בייס יויעל האָט דעם קאָפּ זײַנעם צוריקגעלייגט אפן צוקאָפּנס און אים צורעכט געמאכט דאָס בעטגעוואנט, האָט ער מיט א שווערן אָטעם געפּרוווט עפּעס דערציילן, נאָר ס'האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן.

איז ער געבליבן ליגן אין א האלב באוווסטלאָזן צושטאנד, דער קראנקער זאבארע, האגאם ער האָט נאָך פון צײַט צו צײַט אלץ ארויסגעבראכט אײנצלנע ווערטער, נאָר שוין אָן געשריי. דאָס רעדט ער אזוי מיט דעם ווײַב, מיט יויעלס מוטער. ער גיט איר צו וויסן, אז דער זון שטייט דערבײַ, דער אײנציקער יוירעש זיירעש. מער פארמאָגט ער ניט. און ווען זי רעדט אים אויס שוין דאָס וויפלסטע מאָל, האלעמײַ האָט ער טאקע א צווייט מאָל ניט כאסענע געהאט, וואָלט עפשער געווען נאָך א זון, זאגט ער צו איר:

— מיינסט, אז א צווײַג, וואס טראָגט אף זיך מער פון איין פּיירע, ווערט ניט אײַנגעבראָכן? — ער רעדט מיט איר גאנץ אָפענע דיבורים, און ווי איינער, וואס ווייסט שוין גאנץ גענוי, אז ער גייט פון דער וועלט, קאָן ער דעריבער זיך אָפּגעבן א כעזשבן־האנפעש. — איך ווייס אליין, — איז ער זיך מוידע, — אז איך האָב אָפּט געבויט לופט־שלעסער, האגאם איך האָב א סאך מאָל ניט געוווסט, ווו א טיר עפנט זיך. מערערע מאָל האָב איך פּאַשעט ניט געהאט דעם נייטיקן שליסל. איך האָב זיך זייער גוט געקענט, און אף אלע מײַנע מײַסים האָב איך געקאָנט קוקן מיט אָפענע אויגן. בענעגײַע אלץ אין מײַן לעבן בין איך שטענדיק געווען ביז גאָר ניכטער. נאָר אף מײַנע טרוימען האָב איך קיין שליטע ניט געהאט. דאָ בין איך שוין אינגאנצן פארבלענדט געוואָרן. און אפן שענסטן כאלעם מײַנעם...— און דאָ איז אים אף די ליפּן געבליבן הענגען דאָס לעצטע וואָרט, וואס ער האָט ניט באוויזן ארויסצוברענגען.

...ער איז דאפקע געשטאָרבן מיט א וווּנדערלעך־רויִקן טויט. דאָס איז שוין געווען אינדערפרי. די נאכט איז געווען זייער א שווערע. די מענטשן, וועלכע האָבן געוואכט ארום אים, האָט זיך עטלעכע מאָל געדאכט, אז דאָ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די גסיסע־ליידן. ס'האָט געשראָקן זײַן פּלוצעם געענדערט פארדומפּט קאָל, וואס האָט זיך געהערט ווי פון א ווײַטער פרעמדער וועלט. אן אנדערשמאָל, אין א קימאט גויסעסדיקן צושטאנד, האָט ער גענומען מאכן מיט די פינגער פון דער רעכטער האנט אינדערלופטן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס דרינגענד פארשרײַבן. ווען מע האָט אים געגעבן די פעדער אין האנט מיט א שטיק פּארמעט אפן צודעק און ער האָט זיך געפּרוווט אופזעצן, האָט אים פארכאפּט דער אָטעם, און די פײַנלעך־האסטיקע אָטעמצוגן מיטן צעעפנטן מויל האָבן באוויזן, ווי די לעבנסדאָרשטיקע נעשאָמע זײַנע ראנגלט זיך און וויל ניט אוועקגיין אזוי לײַכט פון גאָטס ערד.

צו פארטאָג־צו האָט ער מיט די אויגן געזוכט דעם זון. ווען מע האָט אים דערקלערט, אז יויעל איז שוין געפאלן פון די פיס און ער איז אוועק אף א קליין שטיקל צײַט א שלאָף טאָן, האָט ער זיך אויך ־ בארויִקט. די גסיסע האָט זיך בא אים, אפּאָנעם, געצויגן לאנג און שטיל. דוען ער איז שוין געלעגן א קאלטער, האָט זיך אויך אף אים גאָרניט ניט געענדערט. ווען מע זאָל אים ניט געווען צומאכן די אויגן, וואָלט זיך געקענט דוכטן, אז אָט וועט ער א שמייכל טאָן. האגאם, ווי בא אלע מייסים, איז אף זײַן פּאָנעם געלעגן א מין ערנסטקײַט און א כשיוועס. די זון־שטראַלן זײַנען שוין ארײַנגעדרונגען דורך די שמאָלע פענצטער־שפּאלטן. ארום דעם איבערגעדעקטן מעס האָט געזשומעט א מוק מיט פליגעלעך פון קרעם־קאָליר. עפּעס איז דאָ אלצדינג בוילעטער געוואָרן: אי די קאָלירן בא דער העלער זונען־שײַן, אי דער צוגעדעמפטער רייעד, אי דער אָפּקלאנג פון עמעצנס א שטילן זיפץ, און אפילע די שטילקײַט, וואס האָט ווי אויסגעשריגן דעם „ברוך דיין אמת"[1], ווי נאָר יויעל האָט זיך אף דער שוועל באוויזן.

בא יויעלן האָט זיך דאָס מויל ניט געעפנט. ער האָט אף זיך גלײַך גענומען קריִע רײַסן. מיט דער הוילער האנט האָט ער אײַנגעריסן דעם לינקן לאץ פונעם אויבער־בעגעד און האָט זיך באלד אף דער ערד אראָפּגעלאָזט נעענטער צום בארמינען. די כאראָטע־פּײַן, וואס ער איז פארשלאָפן דעם טאטנס לעצטע מינוטן, האָט אים אָן א שיר ווײ געטאָן. פון גרויס הארצווײטעק איז אים ענג געוואָרן אינעם שלונג, און די אויגן זײַנען נאָך אלץ געווען טרוקן...

בא וואס איז ער איצט געבליבן, דער פאריאָסעמטער איין־און־אײנציקער יוירעש דעם טאטנס? אך, ווי ס'פעלט אים איצט עמעצער אף צו טיילן מיט אים דעם גרויסן בראָך, דעם

---

[1] באָרוך דאיאָן עמעס — געבענטשט איז דער, וואס מישפּעט גערעכט (דער שפּרוך, וואס מ'זאָגט נאָך א טויטן).

גרעסטן פארלוסט, וואָס ער האָט ביז איצט געהאט אין זײַן לעבן. ווער וועט עס אים איצט קלענער מאכן די עלנט? ס'פּרוּווט עס טאָן טאנכום, וואָס זיצט דאָ לעבן אים מיט אן אראָפּגעבויגענעם קאָפּ. ס'האָט אים געוואָלט זאָגן א פּאָר טרייסט־ווערטער די קליינע קאנסומע, האָבן די טילים־זאָגער מיט בייזע בליקן זי אײַנגעשטילט. ווען ער זאָל דאָ האָבן קצינען, אוריִן, וואָלט ער עפּשער ניט געפילט אזוי די איינזאמקײַט און דעם טיפן קלעם, וואָס דריקן אָף דער נעשאָמע.

מיט דער לעווײַע האָט זיך פארצויגן ביז דער צווייטער העלפט טאָג. אָף די יִדישע גאסן האָט מען צוגעמאכט די טירן פון די געווֶעלבער. באַלמעלאָכעס האָבן פארלאָזט זייערע ארבעטס־ערטער און אויך צוגעשטאנען צום גרויסן אוילעם אָף צו מעקײַעם זײַן די מיצווע פון באגלייטן דעם מעס. קיין שום ווילד־פרעמדער, וואָס וועט אפילע ניט וויסן, ווער איז דער איינער, וועלכן מע באגלייט מיט אזא קאָוועד צו דער אייביקער רו, וועט ניט אויסמײַדן אויך צוצושטיין צו דער איידע יִדן מיט די אראָפּגעלאָזטע קעפּ. באגלײַך מיט זיי וועט ער נאָכשפּאנען מיט געלאסענע טריט נאָך די כאָשעווע מענטשן פון דער שטאָט, וועלכע בײַטן זיך פון מאָל צו מאָל מיטן טראָגן דעם אָרן. אז דאָס זײַנען בעעמעס די פּניי פון דער שטאָט, זעט מען אינעם אלטן איבן שעשעטן, דעם גרויסן גוויר און נאָסי, וועלכער איז אויך צווישן די, וואָס געפינען זיך גלײַך נאָך די נושאי המיטה[1].

משנכנס אדר מרבין בשמחה[2], און ער, יויעל, אין אזא ליכטיק־שיינעם כוידעש אָדער, אין א פרילינג־טאָג, דארף הערן דעם מיט ווייטעק ארויסגעבראכטן העספעד, וואָס אלכאריזי האָט געמאכט באם אָפענעם קייווער, און גלײַך נאָך דער באערדיקונג — דעם אייל מאָלע ראכמים, און דאָס נאָכזאָגן דעם ערשטן קאדעש יאָסעם.

ווי דערווידער איז אים דערנאָך געוואָרן דאָס אויסהערן אין די אלע שיווע־טעג די טרייסט־ווערטער. מענטשן קומען צו אים מיט מיטגעפיל־אויסדרוקן, און ער זיצנדיקערהייט דארף אָף אלץ אָפּענטפערן, עפּעס זאָגן, און ס'לייגט זיך ניט אפן סייכל קיין איין קלוג וואָרט, קיין איין רעכטער געדאנק. ער איז אזוי ווי פארטעמפּט געוואָרן פונעם ניט וועלן און ניט קענען באטראכטן די לאגע זײַנע. ער טרײַבט פון זיך די מאכשאָוועס, וואָס פּײַניקן אים. ווען ניט דער אלטער מינהעג, וואָלט ער גלײַך אנטלאָפן פונעם שיווע זיצן. אלץ, וואָס ארום אים, און דאָס, וואָס ער טוט אליין, טאָר אים אָף קיין רעגע ניט אָפּווענדן פונעם גרויזאמען גוירל, וואָס איז אָף אים געפאלן. ער קען שוין קימאט אָף אויסווייניק דעם סייפער איִעוו, קויהעלעס, די טרויעריקע פּסוקים באם נאָווי יִרמעיאָהו. ער האָט געוואָלט עפּעס אראָפּשרײַבן, האָט מען אים ניט געלאָזט. דאָס הייסט שוין טאָן א מעלאָכע, און דאָס איז ניט קיין קאָוועד פאר דעם, נאָך וועמען מע טרויערט. באמיט ער זיך פונדעסטוועגן ניט אָפּווײַכן פון דעם, וואָס איז אײַנגעפירט ווי א מינהעג. היט ער דערפאר אָפּ דאָס ניט אופשטעלן זיך, בעשאס עס קומט עמעצער ארײַן צו אים, זאָל דאָס זײַן אפילע א פרוי, דאָס ניט ענטפערן אָף יענעמס א גוט וואָרט, וואָס פאר א גוטס מע זאָל אים ניט ווינטשן, דאָס ניט וואשן זיך מיט קיין ווארעם וואסער, ניט שערן די האָר פון קאָפּ, ניט שנײַדן די נעגל, ניט טראָגן קיין שיך אָף די פיס. און ווען ער האָט שוין געמוזט אָנטאָן די שיך באם ארויסגיין פון שטוב, האָט ער אין זיי אָנגעשאָטן צוביסלעך ערד.

עס האָבן זיך געענדיקט די שיווע־טעג, נאָך דעם האָט יויעל געדארפט דערציִען ביז צו די שלוישים[3]. פאר דער צײַט איז אדורך דער פריילעכער פורים און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די יאָמטעוודיקע פּייסעך־טעג. באלד נאָך די שלוישים, דעם ערשטן טאָג כאלעמויעד פּייסעך, איז יויעל פארבעטן געוואָרן צו איבן שעשעטן אין זײַן כיידער־מעיוכעד. דאָרט זײַנען אויך געווען יאקאָוו בען עליִעזער, אלכאריזי און נאָך אייניקע פונעם טאטנס מעקוראָווים. יויעל האָט זיך א ביסל פארלאָרן בא אָט דעם צונויפקום. ער האָט ניט געוווּסט, צי דאָס איז קלאָל א שבת אחים[4], אָדער זיי זײַנען זיך צונויפגעקומען וועגן אן איניען, וואָס האָט אויך א שײַכעס צו אים. צוליב וואָס דען האָט מען אים גערופן אהער? און דאָס האָט זיך טאקע גלײַך באשטעטיקט, ווי נאָר ער האָט דערזען באם נאָסי אפן טיש דעם טאטנס קסאָוויאדן.

— דאָ האָבן מיר אָפּגעטיילט זײַנע אייגענע קסאָווים, — האָט יאקאָוו בען עליִעזער זיך געווענדט צו יויעלן, — דאָס איבעריקע, קאָפּיעס פון פרעמדע כיבורים, ארויסגעשריבענע ערטער פון קאָלערליי מעקוירים, האָבן מיר אָפּגעלייגט באזונדער.

---

[1] נויסייי האמיטאָ — די, וואָס טראָגן דעם אָרן; [2] מישעניכנאַס אדאָר מארבין בעסימכאָ — ווען ס'קומט כוידעש אָדער, איז גרויס די פרייד; [3] שלוישים — די דרײַסיק טרויער־טעג; [4] שעוועס אכים — א פרײַנטשאפטלעכער צונויפקום.

— דאָס אַלץ איז דײַן פֿאַרמעגן, יויעל, — האָט איבן שעשעט צוגעגעבן, — איך וועל זיך נאָר דערלויבן לאָזן אַראָפּשרײַבן קאַפּיטלעך פֿון זײַנע ניט באַקאַנטע כּיבּורים, בכדי זיי צו פֿאַרשפּרייטן צווישן די כאַכמיי יִסראָעל.

— דאָ איז פֿאַראַנען, — האָט יאַקאָוו בען עליִעזער געגומען אַרײַנקוקן אין אַ פּאַרמעט, וואָס ער האָט פֿון האַנט ניט אַרויסגעלאָזט, — אַ ניט־פֿאַרענדיקטער קסאַוויאַד אונטער דעם נאָמען „תמצית הדם"[1]. דאָס איז ווי אַ העמשעך פֿון זײַנעם אַ פֿריִערדיקן כּיבּור, — האָט ער געוואָלט נעמען דערקלערן, נאָר מע האָט אים איבערגעשלאָגן, און ס'איז אוועק אַ וויקועך: צי איז דאָס ניט אַ פּויעל־יויצע פֿון דעם, וואָס ער האָט שוין אַליין געפֿילט אַ לאַנגע צײַט דאָס שלעכטע בלוט אין זיך, און דאָס האָט אים געשטויסן זיך נעמען צו אַזאַ פֿאַרהוילענעם געביט אין דער כאָכמאַס האַרעפֿוּע. אָדער פֿאַרקערט, מיטן אַרײַנדרינגען אַלץ ווײַטער און וואָס מער אינעם דערלערנען דעם טאַמצים האַדאַם, האָט ער פּלוצלינג אין זיך אַליין אַנטפּלעקט די סימאָנים פֿון דער קראַנקהײַט. און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז האַגאַם ער איז געווען אַ גרויסער רויפֿע, האָט ער אָבער זיך אַליין מיט גאָרנישט ניט געקאָנט העלפֿן.

יויעל האָט זיך ניט אַרײַנגעמישט אין די רייד. ער איז געפּלעפֿט געווען פֿון דער יעדיִע, אַז דער טאַטע האָט געשריבן וועגן דעם עצעם פֿון בלוט. ער האָט עס קיינמאָל ניט געהערט פֿון אים, און אין מעשעך פֿון זײַן קורצן קראַנק זײַן האָט ער זיך מיט גאָרנישט ניט אויסגעגעבן, אַז ער האָט עפּעס מער גרינטלעכע יעדיִעס אין אָט דעם איניען. אַדראַבאַ, ער האָט מיט האַכנאָע אויסגעהערט יעדן איינעם, וואָס קאָן עפּעס זאָגן בענעגייע דער בלוט־קראַנקהײַט.

אַלכאַריזי האָט  אַ סאַך געמאַכט צו דער פּאָלעמיק, נעמענדיק פֿאַרלייענען דעם פֿאַרשטאָרבענעמס אַ שיר „אַראַלים והחשמלים"[2]. איבן שעשעטן איז דער שיר אַף אַזויפֿיל געפֿעלן, אַז ער האָט באַשטימט איבעראַכטאָג שאַבעס, אַז מע וועט דערלעבן און זײַן געזונט, אים אַליין אײַנכאַזערן מיט די מיספּאַלעלים, און זאָל ער אַזוי געזאָגט ווערן אַלע יאָרן אין דער זעלבער צײַט צום אָנדענק פֿון דעם מעכאַבער. אַלכאַריזי האָט נאָך דורכגעלייענט דעם געשטאָרבענעמס אַ פּיוט „עיני לבבי"[3] און אַ סליכע „זבח בן אביון"[4], וווּ די אויסיִעס פֿונעם שעם זבּרה (זאַבאַרע) זײַנען אַרויסגעפּירט באַם אָנהייב פֿון די כרוזים.

אָבער ניט נאָר צוליב דעם אַליין האָט מען אײַנגעלאַדן יויעלן אַף אָט דער כאַשעווער מעסיבע. צווישן די איבערגעבליבענע קסאָווים האָט מען אויך געפֿונען אַף אַ פּאַרמעט פֿון אַ פֿרעמדן כּיבּור דעם טאַטנס אַ ניט דערשריבענע צוואָע. ער הייבט זי אָן מיט אַ מין ווידע. ער ווייסט, שרײַבט ער, אַז דעם נויטע לאָמוס[5] איז מען מעכויִעוו צוצורעדן, ער זאָל ניט מוירע האָבן ווידע זאָגן, ווײַל ס'טרעפֿט, אַז דער, וואָס איז זיך מיסוואַדע, בלײַבט לעבן, און דאַפֿקע דער, וואָס ציטערט פֿאַר דעם, פֿאַרלאָזט די וועלט ווי אַ שטומער באַלכײַ. אים דאַרף מען שוין דערמיט ניט טרייסטן. ער ווייסט בעלי־סאָפֿעק, אַז זײַנע טעג זײַנען געציילטע. ווײַל ער, איידער ער וועט אוועקגיין, בעטן מעכילע באַ אַלעמען, קעגן וועמען ער האָט געזינדיקט, ווי מיט מײַסים, ווי מיט רייד, דערנאָכדעם, ווען ער גיט אָפּ דאָס רעכט און אַ לויב דעם אייבערשטן און זײַן גערעכטן מישפּעט, בעט ער באַ אַלע זײַנע מעקוראָווים און פֿרײַנט, זיי זאָלן מאַשפּיִע זײַן, אַז הער זון זײַנער יויעל בען יויסעף זאַבאַרע זאָל נאָך הײַנטיקס יאָר, אינעם יאָר פֿון זײַן פֿאַרגיין אין דער אייביקײַט, זיך אָפּזוכן זײַן זיוועג. ער וואָלט אוודע געוואָלט, אַז דאָס זאָל זײַן די באַס אָפּיציִאַל. דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז זי איז דאָס דער זיוועג מין־האַשאָמאַיִם, און זיך מיסכאַטן זײַן מיט די אָפּיציאַלס איז אויך פֿאַר אים, פֿאַרן טאַטן, אַ זאַך פֿון גאָר גרויסער כשיוועס. די געמאָרע זאָגט אָבער: אַז מע טאָר קיין ווײַב ניט נעמען, ביז מע זעט זי ניט אַפּריִער. איז דעריבער דער באַגער זײַנער, אַז יויעל זאָל אַפֿילע נאָך אין די שלוישים־טעג זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. „אויב מײַן טײַערער שוואָגער וועט אײַנגיכן טאַקע פֿאָרן אַהין, זאָל ער אויספּויעלן, אַז מײַן יויעל זאָל מיט אים פֿאָרן צוזאַמען. אויב ניט, זאָל דער נאָסי איבן שעשעט נעמען אַף זיך די טירכע אויסצווירקן, אַז דער זון זאָל בעלי ניידער אויספּילן מײַן לעצטן ווילן".

דער פּעטער שעמטאָוו איז אוועקגעפֿאָרן באַלד נאָך יויעלס שיווע־זיצן. ס'איז אויסגעפֿאַלן גלײַך נאָך פּורים. ער איז אָבער געפֿאָרן ניט צו די אָפּיציִאַלס, נאָר פֿאַרקערעוועט אַף צוריק אַהיים. ער האָט ניט געוואָלט, אַז די שלעכטע יעדיִע וועגן איר ברודערס טויט זאָל צו זײַן ווײַב אָנקומען דורך פֿרעמדע בסורע־אָנזאָגער און ער זאָל ניט זײַן דערבײַ. האָט ער מעוואַטל געמאַכט דאָס גיכע זען זיך מיט די קינדער און זיך אומגעקערט אַף פּייסעד צו זײַן זוטרען.

[1] טאמציס האדאם — דער עקסטראַקט פֿונעם בלוט; [2] ערעלים וועכאשמאַלים — מאַלאָכים און ליכט־פֿאַרשפּרייטער; [3] אייניי לעוואָווי — די אויגן פֿון מײַן האַרץ; [4] זעוואַך בען עוויוין; [5] דעם, וואָס האַלט באַם שטאַרבן.

אף מאָרגן נאָך דער מעסיבע האָט יויעל זיך אָנגעהויבן גרייטן צוזאמען מיט טאנכומען אין וועג אריַין. ס׳איז אים געווען גאנץ שאָפל אף דער נעשאָמע דאָס אוועקפאָרן פונדאנען און דאָס, וואָס א סאך דאָ אין הויז ווייסן גוט די סיבע פון זײַן פלוצעמדיק גיכן אָפפאָר. צו איבן סיגאלן איז ער נאָך פריִער אריַין זיך געזעגענען. ער האָט ניט געוואָלט, אז אויך קאנסומע זאָל זײַן צווישן די ארויסבאגלייטער פונעם נאָדיווס הויף. אף עמעצן פון זייביידע קאָנען מענטשן באמערקן עפעס אזוינס, וואָס יויעל וואָלט ניט געוואָלט, עס זאָל בלײַבן הענגען אף קאנסומען, וועלכע בלײַבט נאָך דאָ.

בייס דער נעסיִע האָט ער א סאך געטראכט וועגן איר. ניט ווייניקער ווי וועגן דער, צוליב וועמען ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אריַין. ער האָט געריַיזט ניט געײַלט. אין א סאך מעקויי־מעס האָט ער זיך פארהאלטן אף לענגער. ער האָט אפילע געהאט בעדייע אָפצוקערעווען אף א טאָג צוויי צו וועטוריען. זיי זײַנען פארבײַגעפאָרן ניט וויַיט פון איר מאָנאסטיר־שטעטל סאָמיור, ווו דער אבאט מאָנט בא יִדן א צינש־אָפצאָל פאר אריבערשפאנען דעם נײַעם בריק. נאָר ניט דאָס האָט אים אָפגעשטעלט...

א גרויסע מעניִע איז פאר אים איצט טאנכום. ער גיט אָפּ אים אכטונג נאָך אלץ ווי אין די וואָל־טעג. ער פארלויפט אים דעם וועג בא יעדער קלייניקײַט. ער איז דער, וואָס באשטימט, ווען און ווו צו מאכן אן אָפרו אף אונטערהאָדעווען די באלעכאִים און פאר זיך אליין, ווו און בא וועמען צו באשטעלן עסן, אין וועלכן אָרט זיך אָפשטעלן אף נאכטלעגער. דערבײַ האָט ער אין זינען, אז אין די אלע ערטער זאָל זײַן א שול, ווו צו קאָנען זאָגן דרײַ מאָל א טאָג קאדעש. אז ס׳איז דורך א מעסלעס און זיי זײַנען געקומען אין אן אָרט, ווו זיי האָבן בעשום־אויפן זיך ניט געקענט דערקלײַבן צו א מיניען יִדן, האָט עס טאנכומען מער געקימערט, ווי דעם קאדעש־זאָגער. דער טאָג איז דעמלט געווען א פארשטערטער, און ס׳איז זיי שוין אין אלץ געגאנגען מיט דער פוטער אראָפּ.

אזוי איז געווען הארט פארן אָנקומען אפן אָרט. שוין דאָ, אפן קיניגס קליין שטיקל לאנד איל דע־פראנס, האָבן זיי זיך געײַלט צום יִדישן יִשעוו סאנס. זיי האָבן פארלאָזט א ריטערלעכן שלאָס, ווו מע האָט זיי פארבעטן אף נאכטלעגער און אף אלץ, אין וואָס זיי נייטיקן זיך, ווען מע האָט זיך נאָר דערוווּסט, אז יויעל איז א מעדיקער. זיי קאָנען דאָ אָפרוען א טאָג, און א וואָך, און אפילע א כוידעש א גאנצן, אויב זיי באגערן נאָר. האָט אים טאנכום ניט געלאָזט זיך דאָ אָפשטעלן אפילע אף דער איינער נאכט, ניט געקוקט אף דעם, וואָס עס האָט שוין אָנגעהויבן גרויען דער דרויסן. דער וועג איז ניט אזא לאנגער, האָט ער געזאָגט. און אָן איבעריקער אײַלעניש וועלן זיי צו דער צײַט דערגרייכן צו די נאָך אָפענע שטאָט־טויערן.

גיי ריכט זיך, אז דער ארציבישאָף פון סאנס לאָזט ניט אריַינפאָרן קיין יִדן אין א כאָגע־טאָג אין שטאָט. דעם גאנצן מעסלעס שטייען די קירכע־דינער בא די טויערן, און ס׳איז זיי ניט אײַנצוברעכן, כאָטש נעם און נעכטיק איבער אפן הוילן פעלד. דערצו האָט זיך פארער־גערט דער וועטער, און ס׳וועט, מעגלעך, א גאנצע נאכט רעגענען. האָבן זיי זיך קוים אײַנ־געבעטן איבערזײַן אינעם שוימרים־שטיבל, וואָס שטייט דאָ ניט וויַיט אן איין־און־איינציקס ווי א קרוציפיקס־ציילעם אף די וועגן.

דערפאר אפן דריטן טאָג זײַנען זיי שוין געווען בא די אָפיציִאלס. ס׳האָט זיי פארנומען צו זיך דער עלטערער פון די ברידער, יאָסיף אָפיציִאל — דער, וועמען מע האָט גערופן יאָסיף האמקאנע, דער פּאָלעמיסט. בא אים האָט אויך געלעבט דער באָכער פון קיִעוו, וואָס יויעל האָט זיך מיט אים אמאָל געהאט געטראָפן אין לונעל, בא איבן טיבאָנען. דעמלט אָבער זײַנען זיי ביידע געווען שטומע צינגער און מע האָט זיך קוים געקאָנט פארשטיין. איצט, ווען דער באָכער קנאקט שוין אפן פראנקישן לאָשן, ווי פון א סייפער ארויס, און זיי קאָנען זיך אויס־ריידן ווי געהעריק, לאָזט מען זיי אָבער אף קיין מינוט ניט איבער צו זײַן אליין אינצווייען.

אורי מיט קצינען באשטייען, אז יויעל זאָל שוין אריבערפאָרן צו זיי. אויב ניט אינגאנצן, איז לעכאָלהאפאָכעס אף ביז איבער שוועס. ווען קצינע זעט, אז עס האלט שמאָל, און אז דער עלטערער אָפיציִאל וויל אפילע ניט הערן וועגן ארויסלאָזן דעם אָנגעזעענעם גאסט פון זײַן שטוב, נאָך איידער יענער האָט זיך גוט אָנגעוואָרעמט, און אז אויך דער באָכער פון קיִעוו האָט זיך מאמעש ווי אײַנגעקלאמערט אינעם גאסט, צעווייִנט זי זיך פלוצעם און נעמט אף א קאָל באקלאָגן איר ליבן פעטערס, דעם אלטן זאבארעס, טויט. דאָס האָט שוין יויעל ניט געקאָנט פארטראָגן, און זיי אלע האָבן איר גלײַך געמוזט נאָכגעבן. דער רובין־שטיין אף דער ברוסט בא איר האָט ווי העלער זיך צעשפילט, ווען זי האָט דורך די פערל־טרערן א פארשעמטן שמייכל געטאָן. אורי האָט איר מיט זײַן טיכל געווישט די אויגן, זי זאָל זיך ניט דערוועגן מער צו וויינען. מיט זײַן פארזאָרגט־געטרײַען ארומהאָווען ארום דעם וויַיב האָט

ער ווי געגעבן אנצודייטן, אז זי איז אף דער צייט און מע דארף זיך פארזיכטיקער און בענימעסדיקער מיט איר באגיין. בעכאל־אויפן טאר מען ניט צולאזן, זי זאל פון עפעס־וואס האבן אגמעסנפעש.

קצינע איז שוין בא אים א מאמע פון צוויי טייערע זין, און אז גאט וועט געבן דאס דריטע קינד א מיידעלע, וועט עס אויך זיין א מאטאנע פון זיין ליבן נאמען. דעריקער, וואס ער איז באַרעכהאשעם אפגעהיט געווארן צו זיין א פאטער פון איין קינד. דאס וואלט פאר אים געווען א גרעסערע צארע, ווי צו בלייבן, כאלילע, מיט איין העמד אפן לייב. אים האט לעכאטכילע געשראקן, וואס סיי קצינע איז פארבליבן א באסיעכידע און אויך ער איז געווען אן איין־און־איינציקער בא טאטע־מאמע. האט ער מוירע געהאט, ס׳זאל זיך בא אים אויך ניט איבערכאזערן דאס זעלבע, ס׳זאל ניט אריין אין א מין יערושע־זאך. דערפאר זיינען בא אים די יינגלעך אפגערוקט איינער פונעם צווייטן אין א יאר. דערנאך האט ער זיך פארגונען א יאר איבערצוהיפערן. וואס שייעך דעם קלענערן, איז אין זיין פאנעם ניט אריינצוקוקן, אזוי שיין איז ער. אט אימירצעהאשעם אין שוועס, אינעם טאג פון מאטן־טוירע, וועט ער אים אריינברענגען צווישן די תינוקות של בית רבן[1]. דער בכאר האלט שוין בא מיקרע[2], און מע האט אים שוין אויך אנגעהויבן אריינצופירן אינעם טארגעם אונקעלעס, זאל ער צוביסלעכווייז זיך צוגעווינען צום לשון אראמי[3], וועט אים דערנאך גרינגער זיין אריינדרינגען אינעם היכל התלמוד[4]. דארט, אין לונעל, האט דאס יינגל אוואדע געהאט א בעסערן איוורי־מעלאמעד. אויך די כיידער־יינגלעך ארום אים זיינען געווען אנדערע. האט אבער דער טאטע זיינער פון דארטן געמוזט אויקער זיין, אוועקווארפן אלץ מיטאנאנדער און זיך אריבערפעקלען מיט האק און פאק קיין צאפן־פראנקרייך.

ס׳איז שוין באלד דאס דריטע יאר, אז אשער אפיציאל האט באם קיניג פיליפ אווגוסט באקומען די פאכט אף צו שטעמפלען די קיניגלעכע מינץ־מאטבייעס. דער קיניג האט שוין בא אים ארויסגעשלעפט דאס פאכט־געלט אף גאנצע פינף יאר פארויס, און דער רעווועך בלייבט נאך דערווייל שטעקן אין די טיגלען, ווייל ס׳איז ניטא מיט וועמען די הענט צו צעפירן. אף קיין גוטן מייסטער אין דעם געביט האט ער נאך ביז איצט ניט אנגעטראפן. די אלע שטעמפלמאכער בא אים אין דער מינצקאמער זיינען גענומען געווארן פון צווישן קופערשטעכער, מעשגיסער און אפילע שטיינקריצער. איז ער אורין גרייט געווען אף זיינע הויצאעס אריבערפירן צו זיך מיט אלע זיינע קיילים און מאכשירים און מיט האק און פאק. האט אבער אורי זיך איינגעשפארט, אז ער מוז אויך מיטנעמען מיט זיך בא העכער א מיניען פון זיינע גוטע פויאלים מיט זייערע מישפאכעס. אפיציאל האט געמוזט מאסקים זיין, און אזוי האבן די לונעלער באלמעלאכעס זיך דא פארפעסטיקט אפן בעסטן און שענסטן אויפן. אין א באזונדערן ניט קיין גרויסן ביניען, אין קיניגלעכן הויף האבן זיי אוועקגעשטעלט עטלעכע הארנס מיט די בלאז־זעק, א לייט־אייוועלע, א שלייפעריי און א קלעם־האמער, וואס האט א מויל ווי אן אפצווענגע. און אורי מיט זיינע יידן האבן זיך גענומען צו דער ארבעט. אורי האט נאך פארטראכט איינפיהן, לויטן מוסטער פונעם געלט אפן מיזרעך, א געלעכערטע מאטבייע. אויסער דעם, וואס ער וועט איינשפארן א געוויסן סכום איידל־מעטאל, וועט עס פארגרינגערן די ארבעט פון די קריצער. ער האט שוין אפילע אויסגעמייסטרעוועט א מין האנט־בויער, וואס וועט לייכט אויסדרעלן די עפענונג, נאך איידער דער מעטאל וועט פארהארטעוועט ווערן. נאר ער האט עס אפגעלייגט אף נאך שוועס. ער דארף נאך וועגן דעם ארומרעדן מיטן באלעבאס פון דער מינצקאמער, מיט אפיציאלן, און יענער דארף עס נאך פויעלן באם קיניג. האט ער עס אף א צייט זיך ארויסגעשלאגן פונעם קאפ.

דערווייל איז אורי פארנומען מיט די צוגרייטונגען צום יאמטעוו. אכוץ יויעלן, האט ער נאך א כאשעוון גאסט, איינעם א באלטויספעס[5] פון די קאנטן. יאקאוו בען שלוימע דע קורסאן איז זיין נאמען. ער האט געלערנט בא דעם גרויסן שימאן פון סאנס, און זיינע טויספעס צו דער געמארע האט ער צונויפגעזאמלט אין א סייפער, וועלכן ער האט א נאמען געגעבן „נימוקים"[6]. ער שרייבט אויך א כיבור וועגן אלטע מאטבייעס, צוליב דעם האט ער אנגעטראפן אף אפיציאלס מינצקאמער, און דא איז זיך אורי מיט אים צונויפגעגאן. ער האט אים גלייך פארנומען צו זיך אהיים. און אזיווי די דירע איז בא אים דא ניט אזא גערוימע, ווי אין לונעל, האט ער אים באזעצט בא זיך אינעם ארבעט־צימער, וואס איז פול אנגעשטעלט געווען

[1] טינויקויס שעל בייס ראבאן — כיידער־יינגלעך; [2] אריגינעלער טעקסט פון כומעש; [3] לאשן ארא־מי — אראמעיש, דאס לאשן פון טאלמוד; [4] הייכאל האטאלמוד — פאלאץ פונעם טאלמוד; [5] קאמענטאטאר פון טאלמוד; [6] באגרינדונגען.

מיט די מאַכשירים, מיטן גרויסן וואַרשטאַט. דאָרט האָבן זיי פאַרבראַכט די נאַכט, ביז ס'האָט געגומען שאַרן אַף טאָג, אין דיוורייִ־טוירע.

זיי האָבן זיך צונויפגעשטויסן באַם איניען כינוך[1]. דער גאַסט האָט פאַרהערט דעם פּיריאַ־ריקן אוונערן, אוריס בכאָר. דאָס קינד האָט דײַטלעך און פליסיק, אָן אַ טײַטל, איבערגע־לייענט דאָס שווערע לאָשן פונעם אָנהייב אַקדאָמעס[2]. ער האָט אויך געגעבן צו דערקלערן דעם טײַטש פון די ערשטע פּאָר סטראָפן, וועלכע ער האָט אָפּגעזאָגט אויסווייניק. דער אוי־רעך איז נישטוימעם געבליבן. ער האָט אַרויסגעזאָגט אורין זײַנע ספּייקעס, צי מע דאַרף אין אַזאַ עלטער באַלעסטיקן דאָס קינד מיט שווערע, ניט קלאָרע אויסדרוקן. מיט אַ קינד דאַרף מען רעדן אַף אַ קלאָרן לאָשן און טאַקע צוערשט אים צוגעוווינען צו אַ ריינעם און לויטערן העברעיִש.

אורי האָט זיך ניט וועגן דעם געאַמפּערט. מיט דעם קאָן ער לײַכט מאַסקים זײַן. ער וויל אָבער דערוויסן, אַז פאַרן קינד טאָר מען ניט פאַרבאַהאַלטן אָדער זיך אָפּשאָקלען פון זײַנע באַדערפעניש מיט טערוצים. וויל ער עפּעס דערגיין מיט פרעגן קאַשעס צי מיטן אייגענעם סייכל, דאַרף מען אים אַרויסהעלפן. פאַרוואָס פאַרהוילן פון אים דעם טאָך פון די אַקדאָמעס, אויב ער ווייסט שוין, אַז אָן זיי איז ניטאָ קיין שוועס, פּונקט ווי אָן דער האַגאָדע איז ניטאָ קיין פּייסעך?

— די באַגערן באַם קינד זײַנען זיכער אָפּט גרעסער, ווי די מעגלעכקײַט זיי צו באַפרידיקן. אַפילע די געמאָרע זאָגט: זאָג ניט צו דײַנע קינדער אַזוינס, וואָס דו ווייסט ניט קאָנען אויספילן. דאָס קינד פאַרלירט דעמלט דעם גלויבן און ס'לערנט זיך אָפּ זאָגן אַ ליגן.

דאָ דערמאָנט זיך אורי, אַז ער האָט צוגעזאָגט דעם קליינינקן הילעלן אַ מאַטאָנע פון מאַטאָנע־לאַנד. ער וועט זי אים אונטערטראָגן דעם צווייטן טאָג שוועס, בייס דאָס קינד וועט דאָס ערשטע מאָל זיך זעצן צום טיש לערנען. דער קליינינקער האָט עס זיכער גוט פאַרגע־דענקט, און ער, דער טאַטע, איז נאָך אַפילע ניט צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. ס'דאַרף גע־דוירן אַ גוטע פּאָר שאָ, ביז ער וועט אויסמײַסטרעווען פונעם לײַכטן טאַמאַריסק די הילצער־נע צוויי לוכעס, דערנאָך ערשט אויסבראַנען די אויסיִעס אַף זיי. זיי מוזן געמאַכט ווערן אַזוי, אַז ווי קליין זיי וועלן ניט זײַן, מוזן זיי זיך גוט אָנזען.

אָט דאָ אַנומלטן האָט ער מיט זײַנע ייִנגלעך געהאַט אַ שמועס וועגן דעם מעהוס פונעם אַלעפבייס, אַ שמועס, וועלכער האָט זיך אים באַזונדערס פאַרגעדענקט. ער האָט גראָד דעמלט דעם עלטערן געבראַכט די שפּיל מיט די אויסיִעס־טאָוולען און גלײַך געגומען באַווײַזן, ווי מע קאָן צונויפשטעלן מיט איינע און די זעלבע בוכשטאַבן דאָס גוטע און דאָס שלעכטע. אָט זאָל ער אַף ציקאַוועס צוזוכן די טעוועלעך אַף צונויפלייגן דאָס וואָרט „ענג"[3], און איצט זאָל ער די זעלבע אויסיעס אויסלייגן אַף צוריק: וועט זיך באַקומען דאָס וואָרט „נגע"[4], וואָס באַטײַט אַ פּלאָג.

דער קלענערער, הילעלקע, וואָס דער איניען פון צונויפזאַמלען אויסיִעס אַף צונויפשטעלן פון זיי ווערטער איז אים נאָך געווען פרעמד, האָט זיך פאַרשפּילט מיט די גרעסערע סאָף־אויסיִעס. ער קלײַבט זיי אַרויס, די אַלע פינף צוזאַמען, און דערפרעגט זיך, פאַרוואָס זײַנען זיי אַזעלכע לאַנגע?

— צו די קליינע ציגל דאַרף מען אַמאָל אַ גרעסערן ציגל אַף צו פאַרפעסטיקן די וואַנט באַ די עקן, זי זאָל זיך אַזוי גיך ניט אײַנוואַלגערן,— ענטפערט אים אורי.

— און דאָ באַם טישטעך,— כאַפּט אונטער דער עלטערער, אוונער,— זײַנען די לאַנגע שווערע פרענדזן אויך געמאַכט, קעדיי דער ברעג זאָל זיך אַזוי גיך ניט אָנהייבן צו צעפּאַלן?

— גאַנץ ריכטיק, — איז דאָס אורין ווילגעפעלן, און ער נעמט אַראָפּ דעם לײַוונטענעם מיזרעך[5] פון דער וואַנט, — די וועבער האָבן עס שטענדיק אין זינען. באַ יעדער מין אויס־אַרבעטונג ווערן די זײַטן מיט שטאַרקערע פעדעם באַפעסטיקט,— באַווײַזט ער די קאַנטן פונעם מיזרעך.

הילעל איז געווען פאַרנומען מיט זוכן די לענגערע אויסיִעס אינעם פאַרמעט, וואָס איז געלעגן אַן אויפגעראָלטער אַפן טיש. דאָס זײַנען גראָד געווען די אַקדאָמעס, וואָס אוריס אַ געהילף אין דער אַרבעט, אַ שרײַבער, האָט פאַר אים אָנגעשריבן און דערבײַ באַפּוצט דעם אָנהייב מיט אַ געשטאַלט פון מוישע ראַבעינו, פון וועמענס קאָפּ עס שטעקן אַרויס אַ מענגע שטראַלן. דער קליינער האָט ניט געוווּסט, באַ וואָס זיך אָפּשטעלן: צי באַ אָט דעם בילד, צי באַם פילפאַרביקן מיזרעך מיט די לייבן און מיט די אויך גרויסע אויסיִעס, וואָס

[1] דערציִונג; [2] פּיוטים, וואָס ווערן געזאָגט שוועס; [3] אויגנעג — פאַרגעניגן; [4] נעגאַ; [5] אַן אויסגע־העפט בילד פון רעליגיעזן אינהאַלט.

פלעכטן ארום א מענורירע מיט זיבן לײַכטער. פון די בײדע מעגלעכקײַטן האָט ער זיך גאָר פאַרקוקט אָפּן טאָטן, וועלכער דערציילט אַזוי פּאַרכאַפּנדיק, וויאַזוי מוישע ראַבײנו האָט געשריבן די טוירע מיט שוואַרץ פײַער, און ווען אײניקע טראָפּנס פון שוואַרצפײַערדיקן טינט זײַנען געבליבן אױפן שפּיץ פעדער, האָט ער דעם שפּיץ אָפּגעווישט אין די האָר פונעם קאָפּ. פון דערפון האָבן זיך גענומען די ליכט־שטראַלן, וואָס האָבן באַלויכטן ניט נאָר דעם גאַנצן ארום, דעם באַרג סיני מיטן מידבר, נאָר די גאַנצענע וועלט האָבן זיך ארומגעכאַפּט.

אורי האָט געזען, ווי בײדע קינדער קוקן פאַרגאַפט אױף מוישעס בילד. האָט ער געפּרוווט אין דעם נוסעך דערציילן ווײַטער, וויאַזוי די לוכעס זײַנען געשריבן געוואָרן מיט שוואַרצן פײַער אױף ווײַסן פײַער. אָט אַזוי ווי מע שרײַבט איצט מיט שוואַרצן טינט אױף ווײַסן פּאַרמעט. די אויסיעס זײַנען געווען טיף אײַנגעקריצט אין די טאָוולען פון די שטײנערנע לוכעס, און מוישע ראַבײנו האָט זײ געטראָגן און ניט געפילט קײן שום שווערקײַט, גלײַך ווי זײ וואָלטן גאָר קײן וואָג ניט געהאַט. ווען ער האָט זיך אָבער דערוווּסט, אַז דאָס פאָלק האָט געזינדיקט, איז דער קסאַוו מיט די אויסיעס גלײַך ארויסגעפלויגן, און ס'זײַנען געבליבן די הוילע נאַקעטע שטײנער. זײַנען זײ אַזוי שווער געוואָרן, אַז ס'איז שוין אוממעגלעך געווען זײ צו טראָגן. האָט ער זײ אַראָפּגעוואָרפן, און די לוכעס זײַנען צעבראָכן געוואָרן. אָט דערפאַר הײסן די אויסיעס אויך אותיות פורחות[1].

סימכעס מאַכט מען בײַ ייִדן פון דער ברייטער האַנט. אַזוי איז שוין פון שטענדיק אײַנגעפירט אין פּראָווינץ, און אַזוי האָט זיך אויך אורי נויהעג געווען. דערהויפּט, ווען די סימכע האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ שײַכעס צו זײַנע זין. דעמלט האָט ער פאַרבעטן צו זיך אַ האַלבע שטאָט, און אױף די סודע־הויצאָעס וואָלט אַ מישפּאָכע געקאָנט לעבן אַ האַלב יאָר. דאָ אָבער, אױפן נײַעם מאָקעם, האָט ער נאָך דערווײַל ניט אַזאַ היפּשן זײַטיקן אוילעם. און די הײמישע? גוט. וואָס יויעל איז געקומען צו פאָרן, און נאָך אַ פּאָר געסט האָט ער פון פריִער, וועלכע ער האָט פאַרהאַלטן אױף ביז נאָך יאָמטעוו. אויך די באַלמעלאָכעס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון לונעל, און דערצו נאָך די מישפּאָכע אָפּיציאַל. איז ווינען זײ אין אָרלעאַן גופא. אַזאַ ווײַטער מעהאַלעך פונעם קיניגלעכן מינץ־הויף, ווו אורי האָט זיך באַזעצט! פון צופוס גײן איז פאַר די ברידער אָפּיציאַל, וועלכע זײַנען שוין בײדע אין די יאָרן, ניטאָ וואָס צו ריידן. קומען רײַטנדיק אין די טעג פון שווועס איז דאָך אויסגעשלאָסן. סײַדן עפּשער ערעוו... אױף בײדע טעג שווועס. ווער ווייסט? זײ האָבן צוגעזאָגט.

פונדעסטוועגן האָט די קעכנע דולציע, מיט וועלכער קצינע האָט זיך בעשום־אויפן ניט געוואָלט צעשיידן און זי מיטגענומען אַהער, צעלייגט די קיך אױף אַ גאָר גרויסאַרטיקן אויפן. זי האָט געטײַנעט: אוועקזעצן הילעלקען, דעם אַלעפּבײסניק, דאָס ערשטע מאָל מיטן מעלאַמעד באַם טיש איז באַ איר פּונקט אַזאַ סימכע, ווי אַ בריס. און דער יאָמטעוו שווועס איז אויך עפּעס ווערט.

די אויסהעלפערן, וואָס זי האָט גענומען אױף אַ פּאָר טעג אױף צו האָבן נאָך אַ מענטשן אונטער דער האַנט (דער מעוברעסער קצינען לאָזט זי ניט אַריבערשפּאַנען די שוועל פון דער קיך), האָט איר אויסגעלערנט אַ נײַעם מין שוועסדיקן געבעקס, וואָס זי רופט מיט אַ נאָמען פון איר לאַנד־שפּראַך. דאָס געבעקס איז דולציען זייער צום טאַם. דאָס זײַנען אַזעלכע געוויקלטע בלעטער, אָנגעפילט מיט איבערגעשלאָגענעם געווירצטן קעז, און זײ צעשיטן זיך אין מויל, נאָך אײדער מע נעמט עס צעקײַען, אָבער פּאַרוואָס אַזאַ אומפאַרשטענדלעך אויסטערלישן נאָמען באַ זײ „ווערטוטן". וואָס הײסט עס?

די אויסהעלפערן, אַ פּאַרוואָגלטע אַהער דורך די קרייצטרעגער פונעם אשקענאַזי־לאַנד, פּרוווט איר געבן צו פאַרשטײן: דעם נעשה ונשמע[2], וואָס די ייִדן האָבן אויסגעשריגן באַם מאַטן־טוירע, לעבן באַרג סיני, ווייסט זי, וואָס דאָס הייסט?

— נו, יאָ, ווער ווייסט עס ניט?

— באַדאַרף מען דאָך פריִער הערן וואָס און ווען, דערנאָך ערשט טאָן פאָלגן און ניט פאַרקערט, אויספאָלגן נאָך אײדער מע ווייסט עפּעס וואָס,— דערקלערט איר די ייִדענע.

— יאָ, אָבער וואָס האָט עס צום געבעקס? — האָט זיך שוין דולציע גענומען בייזערן.

— אָט דאָס איז עס טאַקע, — האָט די ייִדענע געשמייכלט, — די וועלט האָט זיך גענומען כידעשן: פריִער טאָן און נאָכדעם הערן? ווער טוט דען אַזוי? האָט עמעצער זיך געכידעשט, און אָט דער דאָזיקער כידעשלעכער אויסגעשריי „ווער טוט" איז געוואָרן דער נאָמען פון אָט דעם מעכײַעדיקן שוועסדיקן געבעקס: ווערטוטן.

אָט אַזוי שמועסנדיק, האָבן זײ ניט באַמערקט, ווי ס'איז צוגעבערענט געוואָרן די גרויסע

---

[1] אויסיויס פוירכוים — פליִענדיקע אויסיעס; [2] נאַאַסע וועניִשמאַ — מיר וועלן טאָן און הערן.

צווילינג־כאַלע מיט די פיר שפּיצן. דאָ דאַרף מען שוין דולציען ניט דערקלערן, פּאַרוואָס מע באַקט אויס אָט דעם מין כאַלע. אין אַנדערע ערטער רופט מען עס נאָך די תאומים־כאַלע, דער צייכן פאַרן תאומים סיוון[1], אין וועלכן ס׳פאַלט אויס דער יאָמטעוו שוועס.

פונעם צובערענעכץ איז אַפילע קיין סימען ניט געבליבן, ווען אָט די הויכטורעמדיקע כאַלע האָט זיך געהויבן אַפן יאָמטעוודיקן טיש איבער קאָלערליי אַנדערן געבעקס, דערהויפּט מילכיקן, לעקאָווער שוועס. דעם קײַלעכיקן פּוטער־קוכן האָבן אַרומגערינגלט מילכיקע מאַנדל־בייגל, לאַקריץ־פּלעצלעך און אַנגעוואָרפּענע קיסנין — אַזאַ געבעקס אין דער פאָרם פון בײַטעלעך. דער געפלאָכטענער קעז־קוכן, מיט אַ לייטערל פון אויבן, איז שוין געווען צעשניטן, אָבער ער האָט נאָך געאָטעמט מיטן געשמאַקן געבעק־רייעך, וואָס האָט אים אײַנ־געהילט, און געררייצט דעם אַפּעטיט. פון אָט דעם פול־אָנגעשטעלטן טיש איז שוין אוועקגענו־מען געוואָרן בלויז דער קוכן, אַ געפּרעגלטער אין האָניק, אַף וועלכן עס זײַנען אַרום אַ דריידל אויסגעבאַקן די אויסיעס מערובאַעס[2]. דערמיט האָט זיך אורי אַליין פאַרנומען. ער האָט עס אויסגעפלאָכטן יעדן אָס באַזונדער. ער האָט אויך אַף אַן אָפּגעקאָכט איי אויפגעשריבן פּסוקים, און דאָס אַלץ איז מיטגעגעבן געוואָרן דעם קליינינקן באַלסימכע, דעם דרײַיאָריקן הילעלן, איבער וועלכן מע האָט נאָרוואָס מעקײַעם געווען די מיצווע פון ראשית הגז[3]. דאָס ערשטע מאָל פאַר די אַלע דרײַ יאָר האָט מען אים אָפּגעשאָרן, און די האָר פון זײַן קאָשער קעפּעלע האָט דולציע גוט באַהאַלטן. זי וועט זיי אַרײַנלייגן, אַז מע וועט דערלעבן, אינעם בעטגעוואַנט צום טאָג, ווען ער וועט שטיין אונטער דער כופּע. דערווײַל האָט מען אים נאָך ערשט גע־בראַכט צו טראָגן, אײַנגעהילט אין אַ טאַלעס, אַפן שול־הויף.

דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג שוועס, גאַנצפרי, נאָך איידער די מיספּאַלעלים זײַנען זיך צונויפגעקומען. אָבער דער ראש־האַקאָהאָל מיט די שאַמאָסים האָבן שוין געוואַרט אַף די אַלע קינדער, מיט וועלכע מע הייבט הײַנט אָן צו לערנען. זיי זײַנען געשטאַנען אַפן דרויסנ־דיקן באַלעמער פון דער ווײַבערשער שול, ווי אַף אַ באַרג, און דער גאַנצער אוילעם מיט די קליינע קינדער זײַנען געשטאַנען אַפן הויף, אין דער נידער. פון אויבן האָט מען אַראָפּגעגעבן פאַר די קינדערסוועגן ניט קיין גרויסע ליימענע טאָוולען מיט די אָנהייב־ווערטער פון די צען געבאָטן. ווען אורי האָט אַזאַ באַקומען פאַר זײַן באַלסימכע, וואָס ער האָט געטראָגן אַף די הענט, האָט ער מיט אַלע זײַנע געסט זיך געלאָזט צום הויז פונעם דאַרדעקע־מעלאַמעד, וועל־כער האָט שוין געוואַרט אַף זיי בא דער אָפענער טיר פון כיידער. דאָרט האָט מען דעם קליינעם הילעלקען באַזעצט באַם טיש אויבנאָן און מע האָט אים געגעבן לייענען די אויסיעס פונעם טאָוועלע. אַז ער האָט זיי קימאַט אַלע אָנגערופן אַף אַ הויך קאָל, האָט מען אים גענו־מען פאַרהערן די קלענערע אויסיעס פון דעם קוכן, די, וואָס אורי האָט אויסגעפלאָכטן. דערנאָך ערשט די נאָך קלענערע אויסיעס, וואָס אַפן שאָלעכץ פונעם איי. נאָך דעם האָט מען אָפּגע־שיילט דאָס איי, באַשמירט מיט פרישן האָניק דאָס אָפּגעבראָכענע דריידל פונעם מיט קוכן, און די ביידע זאַכן האָט מען דעם קינד געגעבן צו עסן. דאָס איז אַ סגולע, אַז דאָס האַרץ זײַנס זאָל זײַן אַלעמאָל אָפן פאַר מײַסים־טויוועם. און דעם גאַנצן קוכן, שוין אָנעם דריידל, האָט מען געבראָכן און געטיילט די געסט.

צו יויעלן, וועלכער איז געשטאַנען ווי אויסערן קרײַז פון די אויפגעלעבטע אַכלער, האָט זיך דערנענטערט דער באָכער פון קיִעוו מיט אַ פּרויענצימער בא דער זײַט. זי האָט נאָך פונדערווײַטנס אָפּגעבראָכן פון איר שטיק קוכן, און נאָך איידער זי האָט אַ וואָרט געזאָגט, האָט זי עס אים דערלאַנגט. יויעל האָט עס אַזוי אויך, אָן אַ שום כידעשן זיך, גענומען אָפּבײַסן. ער האָט איר, דוכט זיך, אַפילע קיין דאַנק ניט געזאָגט. און דער נײַגער אַף צו דערוויסן זיך, ווער זי איז, האָט אים אויך ניט באַשעפטיקט. ער האָט מיט איין אויער געהערט די רייד פונעם באָכער פון קיִעוו, און אַף דער פרוי האָט ער דערזען אירע גאָלדיק רויטלעכע געדיכטע האָר, פאַרקניפּט אַפן נאַקן אין אַ מין האָר־נעצל מיט אַ ביינערן רייפל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אויך איר קאָפּטיכל. זי האָט זיך אַ פּאָר מאָל אוועקגעדרייט פון זיי, האָט ער געקענט באַ־טראַכטן אויך איר לאַנג קלייד מיט די שמאָלע אַרבל, דעם שפּיציקן זוים אַפן קלאָר־ווײַסן קעלנערל אַרום איר שלאַנקן האַלדז. און ווען דער אוילעם האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערגיין, איז קיצינע צוגעגאַנגען צו יויעלן, אים אוועקגענומען אין אַ זײַט און אים שטיל געפרעגט:

— זאָג, איאַ, זי געפעלט דיר?

(סאָף פון דריטן בוך)

---

[1] טעוימים — צווילינג, דער זאָדיאַק־צייכן פון כוידעש סיוון; [2] די פּירקאַנטיקע אויסיעס פונעם אַלעפבייס; [3] רעישיס האַגאָז — די ערשטע אָפּשערעניש.

## *אלעקסאנדער בעלאָוסאָוו

# נײַע לידער

## קלאָץ־קאַשעס

צי ווייסט איר,
וואָס עס האָט דער ווינט באַנאַכט
געשעפּטשעט צו די בלעטער
פון א טאָפּאָל־בוים
אין גאָרטן?

איר ווייסט ניט?
איך — אוואַדע ניט.

ער וועט אונדז קיינמאָל
ניט אַנטפּלעקן זײַנע סודעס:
ער איז א פּראָסטער ווינט,
אָן קיין שום כיטרעקײַט.
און מיר, מענטשן,—
מיר האָבן צופיל ליב
צו שטעלן קלאָץ־קאַשעס.
ווען זיי זײַנען
לאַכלוטן איבעריק...

## פרייד

ווינטער — אין דער גאַנצער וועלט,
אין דער גאַנצער וועלט איז ווינטער!
ס'האָט אין הארצן אופגעהעלט,
און עס וואַרט דער טינט אין טינטער.

נאָר איך גיי ארויס אין גאָרטן,
צו די שטאָלצע ביימער־ברידער.
כ'טײַנע אויס מיט זיי זיך דאָרטן,
אָפן שנײ כ'שרײַב מײַנע לידער.

אָפן שנײ, ווי אָף פּאַפּיר,—
מײַנע טריט אין שורעס שוואַרצע.
ס'בריט דער פראָסט, און כאָטש איך פריר,
דאָך עס שפּראָצט די פרייד אין הארצן.

## עכטקײַט

איך בין נאָך יונג, דאָך טאָג נאָך טאָג
פאַרלענגערט זיך די קייט פון יאָרן.
ערשט נעכטן האָט מען מיר געזאָגט,
אַז צו אלטמאָדיש כ'בין געוואָרן.

צי בין איך טאַקע שוין צו אלט
און מײַן געזאַנג איז מער ניט בייטיק?

עס שטייען ספּייקעס אָן א שיר
לעם יעדן וואָרט, ווי שטרענגע וועכטער,

פון אָט די ווערטער ווערט מיר קאַלט
און ס'כאַפּט זיך אוף אין מיר א ווייטעק:

דאָך לעבט א האָפענונג אין מיר,
אַז אַלע ווערטער זײַנען עכטע.

## שולאַמיס

איטע דאָברער געווידמעט

כ'האָב באַגעגנט דיך, שולאַמיס, —
סאָפּקאָלסאָף איז עס געשען!
כ'האָב באַגעגנט דיך, שולאַמיס,
אָף די ברעגן פון אירפּען.

דו ביסט ניט אַשער לישלוימוי,
ניט קיין העלדין פון טאַנאַך —
גאַנצע טויזנט שיר־האַשירימס
וואָלטן דיך ניט אויסגעטראַכט!

האנט אין האנט מיט דיר געגאנגען,
אויג אף אויג מיט דיר גערעדט;
איינס נאָר עגבערט מיר אין הארצן:
כ'האָב געטראָפן דיך צו שפּעט.
מײַן שלימאזלדיקער גורל
האָט זיך ביטער אויסגעלאַכט —

בלויז צוויי־דרײַ געבענטשטע שאָען
האָב איך דאַן מיט דיר פאַרבראַכט.
ביסט אלץ ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער,
ווײַל דער צוג שלעפּט מיך אוועק.
און עס ווערט מיט גראָז פאַרוואַקסן
אונדזער שטעג לענגויס דעם ברעג.

## צווישן טאָג און נאַכט

ערגעץ צווישן טאָג און נאַכט
האָט מײַן אומרו אופגעוואַכט:
ס'איז פאַרטאָג? עס איז פאַרנאַכט?
האָט באַהאַלטן זיך דער ווינט;
ס'אויג — האלב־זעעוודיק, האלב־בלינד;

עפּעס וועט געשען אצינד.
צי דער שאָטן, צי די שײַן —
אָבער עפּעס מוז אַרײַן;
וואָס וועט קומען, דאָס זאָל זײַן.

## א ש ײַ ל ע

פונוואנען קומט מײַן ליד, האָסטו געפרעגט?
כ'וועל דיר ניט קאָנען ענטפערן דערווײַלע,
ווײַל כ'זוך אן ענטפער אף אן אנדער שײַלע:
פונוואנען אָט די שטומקײַט קומען פלעגט,
ווען יעדעס וואָרט איז שווערער פון א שטיין,
ווען כ'פיל זיך אף אזויפיל נישטיק־קליין
און אויסגעשעפּט, אז ס'ווילט זיך גאָרניט לעבן —
וועסט עפּשער מיר דערוף אן ענטפער געבן?





דינע קאַלינאָווסקאַיאַ

# אַלטע לײַט

(ראָמאַן)

— וועסט ניט גלייבן, גרישע, איך פאַרזיכער דיך, איך בין גליקלעך, וואָס א העלפט פונעם זשערעבטשיק, כוץ דעם עק, וואָס איז געווען לייזערס, איז דיר אַזוי גוט צוניץ געקומען. ביסט א מאָלאָדיעץ, דו האָסט געטאָן ווי א מאַנצבל א קאָזובאַי! גענומען און פאַרקויפט. אָבער זאָג מיר, פאַרוואָס געדענקסטו ניט, אַז מיר האָבן געגעכטיקט אפן טאָפּאָל! אונדזער סאָד געדענקסטו? דאָרטן זײַנען געוואַקסן ניס, פלוימען. דעם בוידעם געדענקסטו? און די אַרעמבלוטיקע סאָרעלע, וואָס האָט נאָך אונדז טאָמיד געשפּיאָנעוועט?

— יאָ, יאָ, איך געדענק אַלץ זייער גוט! א שאָד, וואָס איך קאָן ניט צופאָרן קיין קאָדימע. אָבער, סוליע, פאַרוואָס זאָלסטו בא מיר ניט נעמען דאָס געלט פאַרן לאָשעק? דו ביסט ניט רײַך, איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס דערווידערסטו?

— דו ביסט אויך אַן אַקשן, איך רייד מיט דיר קלאָרע דיבורים. פאַרקויפן אַן אַלגעמיינעם זשערעבטשיק איז א זינד, דאָס איז קלאָר, נאָר מיר אָפּגעבן געלט אין זעקס און פופציק יאָר אַרום איז א כאַזערײַ. צי דען ביסטו ניט אײַנשטימיק?

— איך וויל באַצאָלן מײַן כויוו, מיר איז ניט וויכטיק, וואָס ער איז א לאַנגיאָריקער. איך בין א לײַטישער מענטש! — גרישעס קאָל איז אַלץ העכער און העכער געוואָרן, דאָס פּאָנעם האָט זיך אָנגעגאָסן מיט פײַער, און זײַן קאָל האָט ווי געפּלאַצט.

— פידרעך, גרישענקע! — האָט סאָול אויסגעשרײַען. ער איז געווען זיכער, אַז ער פאַרשטייט דעם שוועסטערקינדס אָנצוהערעניש און אַז ער האָט געפונען דאָס עמעסע דיפּלאָמאַטישע וואָרט. ער האָט איבערגעכאַזערט: — פידרעך!

— איך וויל ניט זײַן דײַן באַלכויוו, סוליע, איך דאַרף ניט קיין רעוועך פון מײַנע פרײַנט, — האָט גרישע געזאָגט, אָבער עס האָט זיך שוין געפילט א געוויסע נאָכגיביקײַט.

---

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 2, 1975.

— מאלע וואָס מיר ווילן ניט! איינער וויל ניט דאָס, א צווייטער עפּעס אנדערש. און וואָס פאר א מעקעך קאָנסטו מיר באַצאָלן? אין אונדזער ווערעמדיקער עלטער האָט עס קיין שום ווערט ניט. איך פרעג דיך, וועגן וואָס אמפּערן מיר זיך, גרישע? איך וויל דאָס ניט הערן. פאר מיר איז דאָס א היפּש שטיק פערדן־פליייש, און גאָר! פערדן־פליייש, וואָס איז שוין פון לאַנג פאַרפוילט! ענטפער מיר בעסער אויף מיין פראגע, שמענדריק, מיט וואָס האָסטו זיך פאַר־נומען אין דער דאָזיקער אמעריקע דיינער? וואָס פאַרא איניאַנים האָסטו דאָרטן? א מאַגאַזין האָסטו, צי דו דינסט בא א באַלעבאָס?

— לאָז געמאַך, סוליע, איך בין אן אלטער מענטש, מער גאָרנישט! אָבער אַמאָל האָב איך נישקאָשעדיק געדרייט די פּעדאַלן!

— האָסט געאַרבעט אויף א מאַשין?

— זאָג מיר בעסער, וואָס האָב איך ניט געטאָן? אן אַנטרעבער בין איך געווען, גלייב מיר, ניט פון די לעצטע! דערנאָך האָב איך פאַריכט וועלאָסיפּעדן, ניט שלעכט פאַרדינט. איך האָב זיך רויק געקאָנט לערנען. כ׳האָב דאָך געענדיקט אן אוניווערסיטעט. איך האָב סטאַזשירט אין פאַריזש, סוליע. אָבער אינגיכן האָב איך פאַרשטאַנען, אז פאַריכטן וועלאָסיפּעדן לוינט מער, ווי לערנען די פּערסישע שפּראַך מיט טעמפּע סטודענטן. כ׳האָב כאַסענע געהאַט! עס האָט מיר אָפּגעגליקט! ס׳האָט זיך געגומען באַווייזן געלט. מיינסט, נאַדאָן? א האָר אויך ניט! מיין ווייב איז א כאַכמאַניעס, א פּאָליטיקער, א סטראַטעג. זי האָט מיר געייצעט, איך זאָל אָפּקויפן די מאַסטערסקאַיאַ באַם באַלעבאָס. און ס׳האָט מיר ווידער אָפּגעגליקט! אין דריי יאָר האָב איך מיט מיין ווייב דערפון געמאַכט ניט קיין גרויסע מעבל־פאַבריק, און ס׳האָט מיר ווידער אָפּגע־גליקט. איך האָב א ווייב שוין איינמאָל א ווייב!

— האָסט איר פאָטאָגראַפיע?

— זיכער! לאָמיר זיך צוזעצן, וועסטו א קוק טאָן!

זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף א צעפּאָרענער באַנק, באַם פּאַרק הינטער דער אָבסערוואַטאָ־ריע. גרישע האָט אַרויסגענומען א גאַנץ פעקל פאָטאָ־קאַרטלעך. איינס פון זיי האָט ער א וואָרף געטאָן אויף סאָלס קני.

— דאָס איז מיין אויטאָבוס. כ׳האָב געפירט מעבל מיינע קונדן. לייענסט ענגליש? זעסט, אויפן אויטאָבוס איז אָנגעשריבן מיין נאָמען — גאַרי סטיין! איבער דער גאַנצער שטאָט איז געפלויגן מיין נאָמען. דאָרט, ווו איך וווין, קען מען מיך גוט.

— מע קען דיך דאָרט אלס גאַרי סטיין, צי ווי הערש שטיימאַן?

— וואָס איז די נאַפקעמינעץ?

— פאַר ווייטער!

— זעסט, אויף דעם פאָטאָ־קאַרטל איז מיין ווייב נענסי, און אויף דעם מיינע קינדער — מייקל און ראָזע.

— א פריילעך ווייב, כיינעוודיקע קינדער, גרישע, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געזאָגט, באַטראַכטנדיק די פאָטאָגראַפיעס.

— ביסט גערעכט, כיינעוודיקע קינדער. כ׳האָב זיי גענומען קליינינקע, האַלב־טויטע, פון א קאָנצלאַגער. זיי זיינען געווען קראַנק און שוואַך. ווו נאָר עס איז געווען א קראַנקייט, האָט זי זיך געטשעפּעט צו זיי! אָבער איצט, סוליענקע, זיינען זיי אויסגעוואַקסן, ווווילע קינדער. מייקל איז אן אינזשעניער אין א סאָלידער פירמע, ער האָט א פרוי און א קינד. ראָזע איז א טאַלאַנט, א קינסטלערן, אויף פאַרצעלייַ מאָלט זי! זי האָט א פּריז פאַר איר אַרבעט!

— זי איז שוין אויך א כאַסענע געהאַט?

— אָ, סוליע, ס׳איז עפּעס פון די גרינגע זאַכן הייַנטיקע צייַטן כאַסענע מאַכן א טאָכטער!

— ס׳וועגדט זיך ווו, גרישענקע. בא אונדז, צום בייַשפּיל, איז דאָס שוין צו גרינג. מיינעביידע טעכטער האָבן באַוויזן צוויי מאָל כאַסענע האָבן, בין איך זוכע געווען האָבן פון צווי טעכטער פיר איידעמס, און אלע פיר זיינען מיר גראָד געפעלן געוואָרן — ווווילע יונגאַטשעס! די פאָטאָגראַפיעס געפעלן מיר אויך, אויסגעצייכנטע קוואַליטעט! שיינע קאָלירטע פאָטאָס. אויף דער פאָטאָגראַפיע איז דיין שטוב?

— מיין שטוב, אכט צימערן. קום צו פאָרן, אַרט וועט קלעקן! וועסט זען מיין סאָד. איך האָב צוויי אויטאָמאָבילן. מיין מעבל־פאַבריק האָב איך פאַרקויפט. אצינד בין איך א פרייַער מענטש. וואָס עס גלוסט זיך מיר, דאָס טו איך. קום צו פאָרן, וועלן מיר מאַכן א רייַזע, — האָט מיט צולאָכעס־גיפט געזאָגט גרישע, — ווינטער רו איך אויף אין פלאָרידע. וועסט וועלן, גיבן מיר א פאָר צו אהין. איבער אייראָפּע מאַך איך א רייַזע אין פרילינג. כ׳קאָן זיך מיט דיר דורכפאָרן קיין רוים, קיין פאַריזש!

סאול איסאקאוויטש האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט בעסער פֿאָרן קיין קאַדימע, ווײַל אַף אַזאַ רײַזע, וואָס גרישע לייגט אים פֿאָר, האָט ער ניט געהאַט, האָט ניט און וועט ניט האָבן קיין קלינגערס.

— זאָג מיר אָקאָרשט, מיר פֿאָרן קיין קאַדימע אָדער ניט?

— איך קאָן ניט פֿאָרן קיין קאַדימע, — האָט גרישע געענטפֿערט, און, אַליין ניט ווייסנדיק פֿאַרוואָס, האָבן זיי זיך צעלאַכט. זיי האָבן זיך אופֿגעהויבן פֿון דער באַנק און אַוועקגע־שפּאַנט. — קאַדימע איז ניט אײַנגעשלאָסן אין מײַן מאַרשרוט. — זיי האָבן נאָך אַלץ געלאַכט, די צוויי דורכגעטריבענע אַלטע לײַט.

— וואָס הייסט דו קאָנסט ניט פֿאָרן קיין קאַדימע? איך פֿיל דיר מיט, און איך וועל פֿאָרן אָן דיר. ווען איך וויל, קאָן איך פֿאָרן, גרישע. די מינוט טו איך זיך אַ הייב און איך פֿאָר מיר אַהין, אין מײַן טײַערער קאַדימע, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געזאָגט מיט אַ שמייכל פֿון אַן אַלטן לערער, וואָס קוקט אַף זײַן באַליבטן טאַלמיד. — איך וועל מיר צופֿאָרן אַהין און זען, צי איז גאַנץ אונדזער טאַפּאָל. ווי גייט דאָרטן די בויונג, ווי זעט אויס די באַן־סטאַנציע, דער וואָקזאַל. דערנאָך וועל איך דיר אָנשרײַבן אין אַ בריוו, גרישענקע, פֿאַרשטענדלעך, אויב דו וועסט עס וועלן וויסן.

— געוויס וועל איך וועלן. באַשרײַב מיר אַלץ. אָבער איצט דערצייל מיר וועגן זיך. וואָס פֿאַר אַ קאַפּיטאַל האָסטו? ווי האָסטו דורכגעמאַכט די אַלע יאָרן? האָסט מיר גאָרנישט ניט דערציילט. צי דען האָסטו ניט וואָס מיר צו דערציילן? — האָט גרישע אַרויסרופֿעריש גע־פֿרעגט.

— דאָ האָב איך דיר ניט וואָס צו דערציילן. אַז דו וועסט קומען צו אונדזערע געפּילטע פֿיש, בעט איך דיך, זאָלסט גוט דורכרייניקן דײַנע אויערן, גרישענקע. דו וועסט הערן אַ לאַנגע געשיכטע, אַ ראָמאַנטישע לעבנס־געשיכטע, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש צוגעזאָגט און אויסגערופֿן: — אָט זײַנען מיר געקומען צו מאָניען!

— ווו, ווו ווינט ער עס, מאָניע?

וווּנדערלעך איז די גאַס, ווו מאָניע ווינט. די בלאַנקע טראַמוויי־ליניעס פֿליסן, ווי אַ זילבער־טײַך צווישן דעם געדיכטן גראָז אונטער די גרינע טאָפּאָל־קרוינען, ווו די אַלטע שטיבער קוקן אַזוי גאַדלעסדיק מיט די אָפּגעבליאַקעוועטע פֿאַסאַדן...

— ווו, ווו ווינט ער, מאָניע, ווײַז מיר!

— זעסט, דאָרטן, ווו דער טויער איז אָפֿן, — האָט מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט גע־וויזן סאָול איסאַקאָוויטש, — דאָרטן, ווו די גאַנצע וואַנט איז פֿאַרצויגן מיט ווילדע ווײַנטרויבן, ווו דאָס מיידעלע שפּרינגט איבער אַ שטריקעלע און בײַ דער טיר איז צוגעפֿעסטיקט אַ רויטער שטערן. דאָס באַטײַט, אַז די שטוב איז פֿון קאָמוניסטישן שטייגער.

— דו ביסט דאָך אַן עמעסער פּאָעט!

— אַזוי מיינסטו? — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געשמייכלט, צוגעפֿירט גרישען ביז צו דער טיר, אַ קוועטש געטאָן די ווײַסע גלעקל־קנאָפּקע. גרישע האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און געווישט מיטן רויט־גאָלדיקן טיכעלע דעם קאָפּ.

— גרישע, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש אַ זאָג געטאָן, — שענק מיר דײַן טיכעלע, איך וויל עס האָבן ווי אַן אָנדענק פֿון דיר.

— נעם, כ׳וועל דיר ברענגען אַ גאַנצן האַלבן טוץ. איך האָב אָן אַ שיר אַזעלכע טיכע־לעך! — האָט גרישע זיך געפֿלײַסט אַרײַנצורוקן דאָס טיכעלע אין סאָול איסאַקאָוויטשעס האַנט גראָד דאַן, ווען די טיר האָט זיך געעפֿנט.

— זוניע!! וואָס איז מיט דיר, זוניע, קום אַרײַן!

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט. סאָול איז געבליבן שטיין אין הויף און געוואַרט, אַז די ברידער זאָלן זיך דערמאָנען און אים אַ רוף טאָן. אָבער קיינער האָט זיך ניט דערמאָנט, קיי־נער האָט סאָולן קיין רוף געטאָן, בלויז די קאַץ איז אַרויסגעגאַנגען פֿונעם אָפֿענעם פֿענצטער. זי האָט פּאַמעלעך זיך געלאָזט גיין איבערן קאַרניז. אויסגעבויגן דעם דאַרן עק, האָט זי אַ קוק געטאָן צו דער גאַס, אַ לעק געגעבן זיך דאָ און דאָרט און געשענקט סאָול איסאַקאָוויטשן אַן אײַנ־קאַלטן בליק. סאָול איסאַקאָוויטש האָט ניט ליב געהאַט, מע זאָל אַזוי אַף אים קוקן, און ער איז אַוועק פֿון הויף, כאָטש עס האָט זיך אים זייער געוואָלט זײַן אַפֿן אייבערשטן שטאָק אינײנעם מיט די ברידער!

# ביבלישע איניאַנים

אזוי איז עס פאָרגעקומען.

— זוניע, נאַ דיר גאָר זוניע! וואָס איז מיט דיר דער מער, נו, שוין, קום אַרײַן! דו ווילסט טרינקען טיי? — האָט מאַניע געפרעגט, שטייענדיק לעבן קלאַרעס גלעזער מיט א טעלער אין דער האַנט.

— גיב טיי.

— קאַשע ווילסטו?

— זאָל זײַן קאַשע.

מאַניע האָט פון בופעט גענומען א טעלער מיט א לעפל, אויסגעשקראַבעט פון דעם טשוהונטשיק די צוגעברענטע קאַשע. ווידעראַמאָל געזאָגט:

— שוין גאַנץ לאַנג, אַז דו ביסט ניט אַרײַנגעלאָפן.

— גאַנץ לאַנג...

— זע, מיר דוכט, אַז דו ביסט מאָגערער געוואָרן, — האָט מאַניע באַמערקט, ניט קוקנדיק אַף גרישען.

יענער האָט אײַנגעשטימט:

— יאָ, איך בין אָפּגעצערט.

— דו ביסט געווען אין מאָסקווע?

— איך בין דאָרטן געווען.

— אינטערעסאַנט. וואָס קוקסטו? קלאַרע פילט זיך הײַנט ניט איבעריקס. וואָס האָט דיר געזאָגט באַריע?

— דו ווייסט, מאַניע, וואָס באַריע האָט געזאָגט? ער האָט געזאָגט, אַז ס'איז אין דער וועלט ניט פאַראַן אַזאַ קראַפּט, וואָס זאָל קאָנען שטערן צווי לײַבלעכע ברידער זיך אַרומצונעמען.

— ער איז ניט קיין טיפּעש, באַריע, — האָט מאַניע שטיל א זאָג געטאָן, זיך האַסטיק א לאָז געטאָן צו גרישען און אים אַרומגענומען.

— מאַניע, — האָט קלאַרע אויסגעקערעוועט דאָס פּאָנעם צו זיי, — נעם צו דעם טעלער פון מײַן האַנט, באַקען מיך מיט גרישען, איך בין דאָך נאָך ניט געשטאָרבן!

דערנאָך האָט מאַניע געוויינט און ווידער אַרומגענומען גרישען. און א ביסעלע שפּעטער האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון צוואַק דעם רימען, וואָס ער האָט לעבאַטכילע אָנגעגרייט פאַרן ברודער, האָט אים טאַקע גוט מעכאַבעד געווען, און גרישע האָט געשמייכלט און ניט באַוויזן צו ציילן, וויפל שמיץ ער האָט אַרײַנגעכאַפּט.

דערנאָך האָט דאָס גלעקל זיך צעקלונגען. מאַניע האָט אופגעהויבן א פינגער און איז אוועק עפענען די טיר. גרישע האָט געהערט, ווי מאַניע האָט דאָרט געזאָגט:

— איצט האָסטו דיר טאַקע זוניען! וואָס איז די מײַסע, גיי אַרײַן, גיי שוין, זוניע.

און זוניע איז אַרײַנגעגאַנגען. און ס'איז געוואָרן א דרעלינג, כוץ די פרויען.

— כ'האָב ווי געפילט, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט! — האָט זוניע געלאָזט וויסן.

און זיי האָבן זיך געפרייט אַלע איינעם. ווי זשע אַנדערש, זיי זײַנען דאָך געווען לײַב־לעכע ברידער, וואָס פאַר א מאַכט האָבן דאָ געקאָנט האָבן די זעקס און פופציק יאָר?

זוניע האָט געבראַכט פאַרן עלטערן ברודער אַן אַף. גרישע איז געקומען מיט ליידיקע הענט. ער האָט גלײַך געוואָלט גיין אין האָטעל נעמען די מאַטאַנעס, אָבער די ברידער האָבן אים ניט געלאָזט, זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס וועט ניט פאַרשפּעטיקן. מע האָט זיך געזעצט צום טיש. עס האָט זיך געפונען ווײַן, ברויט, פּוטער, שפּראָטן, וווּרשט און נאָך עפּעס, וואָס גוטע־טשקע האָט צוגעשיקט. די עלטערע ברידער האָבן געפרעגט גרישען, ווי האָט ער געלעבט, גרישע האָט געענטפערט, אַז ס'איז אַלץ געווען — סײַ ליכטיק, סײַ פינצטער, און ער האָט גע־וויזן אַלע פאָטאָגראַפיעס, די ברידער זאָלן זען דאָס ווײַב זײַנס, די קינדער מיט די קינדס־קינדער, דעם אויטאָבוס זײַנעם, דאָס הויז זײַנס אָפּן בערגל.

גרישע האָט עס אַלץ געוויזן און געפרעגט באַם מיטעלן ברודער, ווי סע האָט זיך אים געלעבט. און זוניע האָט געענטפערט, אַז ער האָט גוט געלעבט, אַז מיטן געזונט איז באַ אים און באַ זײַן ווײַב ווויל, און דער זון מיטן ווײַב און קינד זײַנען אויך געזונט און אַז די דירע מיט דער דאַטשע לעבן פּאָנטאַן זײַנען ביז גאָר וואַזשנע.

און דאָ האָט זיך מאַניע דערמאָנט וועגן דער דאַטשע, ער האָט געלאַכט און זיך געוויצלט, אַז אַף זוניעס דאַטשע איז פאַראַן א מאַזיק א דוש, און יעדער בידנער דוש־ליבהאָבער מוז דרייען מיט די פיס די פּליומפּ־פּעדאַלן, קעדיי די וואַסער זאָל אים שמײַסן פון אויבן. דער, וואָס קאָן אָבער ניט גיין מיטן קאָפּ אַראָפּ און דרייען די פּעדאַלן מיט די הענט, יענער בלײַבט,



נעבעך, מיט ברודיקע פיס. דאָ האָט גרישע ווידער געפרעגט בא מאָניען, ווי ער האָט געלעבט, און מאָניע האָט, פאַנאַנדערגיסנדיק דעם וויַין אין די גלעזלעך, געענטפערט, אַז אַף זיַין לעבן קאָן מען קוקן אַזוי, ווי אַף דער גרינער פלאַש. אָבער עס ווענדט זיך, ווי מע זאָל קוקן. אויב קוקן אַף דער פלאַש פון דער זיַיט — איז עס א פלאַש און גאָר. אויב קוקן פון אונטן — זעט מען א טונקל קיַילעכדיק דעקל. אָבער אויב מע זאָל קוקן איַנווייניק — זעט מען, ווי דאָרטן גיסט זיך איבער און פיַנקלט, אַז עס איז א מעכיַיע. דערביַי האָט ער געלאַכט, געגעבן זיַינע ברידער די פלאַש, זיי זאָלן אַהין אַריַינקוקן. גראָד דאָ האָט זיך אַריַינגעמישט קלאַרע.

— מאָניע, וואָס דרייסטו א קאָפּ מיט דער פלאַש? דערצייל בעסער וועגן נאַטאַשען און וואָלאָדיעטשקען!

האָט מאָניע געפאָלגט קלאַרען, געבראַכט דעם אַלבאָם, געבלעטערט די אַלבאָם־זיַיטלעך פון רעכטס אַף לינקס. ער האָט געוויזן נאַטאַשען מיט וואָלאָדיעטשקען פון זויג־עלטער ביז זייערע איצטיקע יאָרן. און קלאַרע האָט, זיצנדיק אַפן געלעגער, דערציילט:

— ווען וואָלאָדיעטשקע איז אַלט געווען פיר יאָר, ביז הונדערט מיט צוואַנציק, האָט ער איַן קיך געפרעגט מאָניען: זיידע, וואָס וועט זיַין, אויב די רעגירונג וועט דערלויבן, קינדער זאָלן אָנצינדן שוועבעלעך? — קלאַרע האָט עס דערציילט און זיך צעוויינט פון ליבע צום אייניקל.

דערנאָך האָט מאָניע געוויזן די פאָטאָגראַפיעס פון זיַין טאָכטער גוטע, זיַין איידעם איגאָר און דעם איידעמס עלטערן, די מעכוטאָנים, פּיאָטער וואַלעריאַנאָוויטש און מאַריאַנאַ פּאַוולאָווּנאַ פון מאָלדאַוויע. און מאָניע האָט צוגעגעבן:

— זיי זיַינען אַגראָנאָמען, דאָס איז אַן אינטעליגענטע מישפּאָכע.

אַף נאָך א זיַיטל איז פאָרגעשטעלט געוואָרן זוניעס מישפּאָכע אין פּולן באַשטאַנד — זוניע גופע, זיַין וויַיב סאָניע, זיַין זון באָריע אין ציווילן אָנטאָן מיט זיַין וויַיב סוועטלאַנע, וועלכע האָט שטודירט און געענדיקט דעם זעלבן יורידישן פאַקולטעט ווי באָריע. אויך זוניעס

אייניקל האָט מאַניע געוויזן, ליאַניע דעם קאָמסאָמאָליעץ און ווידעראַמאַל באַריען אין מיליטערישער אַמוניציע. דערנאָך האָט מאַניע געוויזן זיך פּערזענלעך, קלאָרען און זייער קליין טעכטערל גוטעטשקען. אָפּ נאָך אַ פֿאָטאָגראַפֿיע איז געשטאַנען זייער טאַטע — מאַניעס, זוניעס, גרישעס ליבלעכער טאַטע, דער גיבער זעליק, וואָס האָט אין געוועט אופגעהויבן אַ שטיק אייזן און ס׳האָט געפּלאַצט אין אים אָן אָדער און ער איז אוועק פון דער וועלט. ער איז דאַן אַלט געווען אינגאַנצן זיבן און דרײַסיק יאָר. און אָט איז זעליק דעם גיבערס ווײַב, זייער מאַמע, די קראַסאָוויצע סויבל, די אַלמאָנע, דער קאָפּמענטש, די אופזוערן פון שטיינערנעם פּאַלעץ, וואָס אַ פּאַרעץ אַ מאָלדאַוואַן האָט געבויט באָם דניעסטער, און סויבל האָט געזעסן און זיך באַמיט, אין פּאַלעץ זאָל זײַן אַ גלעזערנע פּאַדלאָגע מיט גילדענע פישעלעך.

און אָט קוקט פון אַ פֿאָטאָגראַפֿיע דער זיידע זיירערער פון דער מאַמעס צאַד, דער אומעטיקער זיידע מענדל, דער טאַלמיד־כאָכעם און דער צאַדיק אין דער יאַרמלקע, וואָס איז געווען אין דער געמאָרע, ווי באַ זיך אין דער היים. ער איז געווען אַ קענער אין פּילפּל און אין טײַטשן. לעבן אים אָפּ אַ שטול זיצט די באָבע מיריאַם — ווי נאָכגיביק און ווייך זי האָט אוועקגעלייגט איר האַנט אָפּ זײַן קליינעם אַקסל.

איצטער גייט דער זיידע פון טאַטנס צאַד, וואָס איז געווען אַ באַלעגאָלע באַ דער באַנסטאַנציע און האָט געהאַלטן אַ סאַך פּורמאַנעס, דער ערנסטער, האַרבער מענטש זוסיע שטיימאַן. ער זיצט איינינעם מיט זײַן ווײַב מיריאַם, באַ וועלכער די ברעמען זײַנען אַזוי הויך אָנגעצייכנט, אַז זיי שנײַדן שיר ניט איבער דעם גאַנצן שטערן. איר גאַנצער אָנבליק אָטעמט מיט פּריילעכקײַט, אפילע אירע קליינע אויערן, וואָס קוקן אַרויס פון אונטער דער פּאַטשיילקע, זײַנען ביז גאָר היימלעך.

צולעצט האָט מאַניע געוויזן אַ פּאַטאַ, פון וועלכער עס האָט געקוקט דער זיידעס שימקע מיט דער ווײַסער גרײַזער באָרד, אַ דרערשראָקענער, וואָס ער מוז שטיין אַנטקעגן פּאָטאָ־אַפּאַראַט. דער אַלטיטשקער האָט געלעבט אַקוראַט הונדערט יאָר און איז געשטאָרבן פּונקט אין זײַן געבוירן־טאָג.

אַזוי זײַנען די ברידער לאַנג געזעסן, געקוקט אָפּ זייערע אייגענע און באַדויערט, וואָס די פּאָטאָ־קונסט איז ניט דערפונדן געוואָרן, בײַס די קייסאָרים פון מיצראַים האָבן געוועלטיקט.

דערווײַל איז זיך סאַול איסאַקאָוויטש געגאַנגען מיט דעם בלינדיקן וועג צוריק אַהיים. ס׳האָט אים פּאַרדראָסן, וואָס די ברידער האָבן אים ניט אַרײַנגערופן. אייגנצײַטיק איז ער געווען צופרידן, וואָס ער וועט קענען אַרומטראַכטן אַ סאַך זאַכן, און טראַכטן האָט ער באַדאַרפט טייקעף.

הייסט עס, גרישע וועט צו אים קומען מאָרגן און ס׳וועט גיין אַ שמועס וועגן לעבן. דאַרף מען אים אויסמאָלן דאָס סאַמע גליקלעכע, אָבער אויך טרויעריקע געשעענישן. פּאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז אויך דאָ וועגן וואָס צו מאַכן אַ שווײַג. צום בײַשפּיל, דאָס, וואָס עס האָט געטראָפן אין די „קלאָרע פענצטער”. דאָס דאַרף מען ניט דערציילן, דאָס קאָן שאַטן דעם לאַנד. וועגן מישקע איזאַקאָוס אײַנשטיין באַ אים דאַרף מען אויך ניט ריידן, ווײַל ס׳קען זייער זײַן, אַז גרישע זאָל עס פאַרשטיין ניט ווי עס דאַרף צו זײַן. סאַול איסאַקאָוויטש האָט געקלערט, אַז צום פּײַערלעך־דיפּלאָמאַטישן אופנאַם דאַרף צוגעגרייט ווערן אַ שלאָגלערישהײַנטיקע געשיכטע, קעדיי ער, סאַול שטיימאַן, זאָל אַנטשטיין פּאַר גרישען אין דער געהעריקער שײַן. מאָרגן וועט ער אָנטאָן דאָס קרעמעוווע ניילאָן־העמדל, ער וועט זיצן מיט רעדוועקען באַ איין עק טיש, באַם צווייטן וועלן זיצן מאַניע מיט גרישען. ער וועט געדולדיק וואַרטן, ביז אַלע וועלן אויסשעפּן זייער „דו געדענקסטו”, ער וועט אַפּילע וואַרטן, ביז גרישע וועט גענוג זיך אָנבאַרימען מיט זײַנע גליקן פון אַמעריטשקע, ער וועט וואַרטן ביז דער מינוט, ווען די געסט וועלן וויסן, וויפל דער זייגער האַלט, און דאַן וועט ער אַרויסלייגן די אַנטשפּרעכיקע געשיכטע און ער וועט זאָגן:

— צי ווילט איר, טײַערינקע מײַנע, וויסן, וואָס כ׳האָב געטאָן די נאַכט?

אַדע וואָלט געזאָגט:

— ביסט געלאָפן צו דײַן ליובאָוניצע!

רעוועקע וואָלט איידל אַרויסגעבראַכט:

— האָסט געכראָפּעט, ווי אַ קאַבאַן.

דער איידעם סאַשע וואָלט געוויס געזאָגט:

— איר האָט געטריבן סאַמאַהאָן.

שורקע וואָלט זיך געכאָכמעט:

— זיידע, דו האָסט געמאַכט פאַלש געלט!

און ווען אַלע וואָלטן זיך גוט אָנגעלאַכט, דאַן וואָלט ער אַ נעם געטאָן די לייצעס אין די אייגענע הענט און וואָלט שוין געוווּסט וואָס צו דערציילן.

סאָול איסאַקאָוויטש איז געגאַנגען, אונטער זײַנע טריט האָבן געסקריפּעט די קליינינקע שטיינדעלעך און דער זאַמד, מיט וועלכן די סטעזשקע איז געווען באַשאָטן. ער האָט זיך צוגעגרייט אויסצודיכטן אַ געשיכטע לויט אַלע קלאָלים — מיט דער נייטיקער אַנטוויקלונג, מיט אַן אַרײַנפיר און אַ קולמינאַציע־פּונקט.

נאָר סאָול איסאַקאָוויטשן איז ניט געווען באַשערט אויסצודיכטן זײַן געשיכטע — ער איז דאָך טאָמיד געווען אַ מאַזלדיקער.

— סוליע, כריין. ס'איז מיר גאָר פון זינען אַרויס צו קויפן כריין!

מיט די ווערטער האָט אים באַגעגנט רעוועקע, ווען ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב.

רעוועקע האָט שוין באַוויזן אַ שפּרונג טאָן צום מאַרק קויפן אַ העכט און יונגע הענדעלעך, אָבער דאָס סאַמע נייטיקסטע, כריין, האָט זי גראָד פאַרגעסן.

— גוט, איך וועל קויפן כריין, — האָט אַן כיישעק צוגעשטימט סאָול איסאַקאָוויטש, בייס־מײַסע פאַרשטייענדיק, אַז דער כריין גאָזלט באַ אים צו צײַט און די געהעריקע געשיכטע וועט ער ניט דערטראַכטן. ער האָט פון דער גרינג עפּעס איבערגעכאַפּט און, נאָך קײַענדיק, איז ער אַרויס פון שטוב קויפן כריין.

דער מאַרק איז ווי אַ פּלעק פון טינט אָף מעק־פּאַפּיר זיך צעפלאָסן איבער די נאָענטע גאַסן. די פּאַרקנס, וואָס האָבן אים געזאָלט אָפּצוימען, האָבן ניט געהאָלפן. דער מאַרק האָט זיך אַריבערגעגאָסן איבער זיי, האָט געשווויבלט און געגריבלט אין די נאָענטע גאַסן און געסלעך. ער האָט אופגערעגט און צעבויטעט די שטימונג פון די מענטשן, ווי דער רייעך פון טײַך רעגט אוף דעם פישער.

נאָר דער מאַרק איז געווען ניט נאָר דאָרט, ווו ער איז געווען. די איבערגעפּולטע טראַמווײַען, וועלכע זײַנען געפאָרן צום מאַרק, די פורוען, וואָס זײַנען קעסיידער אַרויס פון די טראַמווײַען מיט געשטריקטע קאָשעקלעך, אוואָסקעס אין די הענט, פון וועלכע ס'האָט אַרויסגעקוקט גרינס, איז אויך געווען דער מאַרק. די טראַמווײַ־בילעטן, צוקערקע־פּאַפּירלעך און די ציבעלע־שאָלעכץ, וועלכע האָבן געשורשעט, ווי די דינע פליגל באַם טײַך־פלאַטערל, זײַנען אויך דער מאַרק. די שאָלעכץ פון די זונרויזן־יאָדערלעך, די בלעכענע גאָפּרירטע דע־קעלעך פון ביר־ און לימאָנאַד־פלעשער — דאָס אַלץ איז דער מאַרק, און דאָס אַלץ איז צו זען אין די דערבײַיִקע געסלעך. אַהינטער דעם פּאַרקן, אָפן סאַמע מאַרק פאַרגעסט אָפט דער מענטש, וואָס ער האָט געוואָלט קויפן. ער בלאָנקעט ווי אַ צושויער, ווי אַ גאַסט. ער איז באַ־צויבערט פון דער שעפע, פון דעם אַלעם, וואָס זײַן בליק באַגעגנט דאָ.

דער פּראָדוקטן־מאַרק האָט ניט די אַטמאָספער פון דער „טאָלקוטשקע". דאָ זײַנען ניטאָ קיין שמאַטע־הענדלער, דאָ הערט מען ניט קיין זידלערײַען.

אויב אָפן פּראָדוקטן־מאַרק וועט אַ פרוי לאַנג איבערקלײַבן אַ בינטל יונגע רעטעכלעך, וועט די קאָלווירטניצע, וואָס פאַרקויפט עס, צו איר זאָגן:

— אוי, געזונט זאָלסטו זײַן, טײַערינקע. דו קויפסט דאָך ניט קיין בעהיימע, קויפסט רע־טעכלעך.

צו אַ קוינעטע, וואָס טאַפּט לאַנג אַרום, וועט די פאַרקויפערן גוטמוטיק זאָגן:

— טײַערינקע, וואָס קיצלסטו אַזוי די הון? זי וועט דאָך אַלציינס ניט לאַכן.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט ענדלעך דערזען אַ מומע מיט כריין.

פונוואַנען האָסטו געבראַכט דעם כריין, פון ווײַט?

— פון „יאַסנײַע אָקנאַ". האָסט עפּשער געהערט?

— געהערט, ווי זשע.

אָט וואָס סאָול איסאַקאָוויטש האָט דערהערט אָפן מאַרק:

— אָט ווי דו זעסט, מײַן טײַערינקער, האָב איך אַליין דעם כריין פאַרזעצט אָף מײַן קאָפּ.

עס וואַקסט און וואַקסט, איך קען פון אים ניט פּאָטער ווערן.

— עס וואַקסט דאָך ניט פון זיך אַליין. גראָב אויס, מומינקע!

— זײַ אַ בערייע און גראָב אויס! דער וואָרצל ליגט אַ מעטער די טיף. אַ וויסטע גע־רעטעניש. איך שלעפּ און שלעפּ אָפן מאַרק און קאָן אים ניט פאַרקויפן. מײַן מאַן, דעם בײַדוק, איז אַלציינס, ער וועט ניט נעמען די לאָפּעטע אין האַנט. און איך, ווי דו זעסט, האָב ניט קיין פינגער אָף דער רעכטער האַנט, וואָס קאָן איך טאָן?

— ווי לעבט איר דאָרטן באַ אײַך אין „יאַסנײַע אָקנאַ"?

— מיר לעבן גוט. וואָס פרעגסטו אַזוי? ניט שוין זשע ביסטו באַ אונדז געווען?

— אנומלטן בין איך געווען. א מישפּאָכע האָסטו? קינדער האָסטו?

— איך האָב קינדער, נײַן אײניקלעך. ס'איז דאָ פון וואָס אַנצוקווועלן. קיין געזונט איז ניטאָ. זעסט מײַן האַנט?

— אוי־יוי־יוי! ווי־אַזוי איז דאָס געשען?

— כ'וועל דיר זאָגן, וועסטו ניט גלייבן! אנומלטן בין איך קראַנק געוואָרן מיט א גריפּ, נאָכדעם האָב איך פאַרלאָרן דעם פאַרשטאַנד. געווען ניט באַם זינען. דער מאַן האָט מיך אַף א מינוט ניט אָפּגעלאָזט פון זיך, מוירע געהאַט, איך זאָל דאָס לעבן זיך ניט נעמען. דאַפקע אין יענער צײַט האָבן מיר געבויט א שטוב, האָט מען פון זאַוואָד געדאַרפט ברענגען ציגל. ווערטלט זיך מײַן מאַן: „איך גיב דיר מײַן האַנט, אַז מע וועט מאָרגן קיין ציגל ניט ברענגען". דער סייכל האָט זיך דאַך בא מיר געפעלט, גיי איך שטילינקערהייט אַרײַן אין דער קאַמער, דאָרטן איז בא אונדז געלעגן א קרומער טערקישער שאַרפער קינזשאַל, א סאַקאַנע אים צו נעמען אין דער האַנט. ער איז גוט צוניץ געקומען אין דער באַלעבאַטישקײַט, מיר האַלטן דאַך כאַזיירים... בעקיצער, איך האָב מיט דעם קינזשאַל דערלאַנגט איבער דער רעכטער האַנט, און פאַרטיק — די פינגער זײַנען אַראָפּגעפלויגן, ווי ניט געווען! ס'איז געקומען די „גיכע הילף", מע האָט מיך אוועקגעפירט אין שפּיטאָל, בא פינף כאַדאָשים האָט מען מיך דאָרט געהאַלטן. אַז ווי איז שוין געווען צו מיר!

— אײַער כאַטע שטייט די דריטע פון צערקווע?

— די דריטע, טײַערע מײַנער. פונוואַנען ווייסטו דאָס? עפשער האָסטו דאַן געבראַכט ציגל, אָדער דו ביסט א פאָטאָגראַף, האָסטו פאָטאָגראַפירט די אײניקלעך?

די כריין־מומע האָט שמייכלענדיק אַרײַנגעקוקט אין סאָול איסאַקאָוויטשעס פּאָנעם, זי האָט געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן, און געגלעט די באַק מיט דער אָנפינגערדיקער ברוינער דלאָניע.

ער וואָלט עפשער אָנגערופן זײַן נאָמען, כאָטש ער האָט זי ניט דערקענט, ווײַל זי איז ניט ענלעך געווען אַף יענער קראַסאַוויצע, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן דעם גלעטשיק סאַמאָהאָן אין סאָד און אים אוועקגעשטעלט אַפן טיש אונטער די ביימער. אָבער דאָס, וואָס זי האָט דערציילט וועגן קינזשאַל, איז געווען דער ריכטיקער סימען, אַז דאָס איז זי, און סאָול איסאַקאָוויטש האָט געוואָלט זאָגן:

„ניין, מומע, ניין... קיין ציגל פאַר אײַער נײַער שטוב האָב איך ניט געבראַכט, אײַערע אײניקלעך האָב איך ניט פאָטאָגראַפירט. אין נײַן־און־צוואַנציקסטן יאָר האָט אײַער פאַרצײַטיקער קינזשאַל זיך צוגעריירט צו מיר. איר דערקענט מיך ניט?"

ווען ער זאָגט עס, וואָלט זי געוויס אַרויסגעקרעכצט: „גאָט מײַנער!" אָדער זי וואָלט גענומען יאָמערן, ווי א קלאָג־מוטער. זי וואָלט אים דערציילט, אַז זי איז נעבעך ניט געשלאָפן, אַז זי האָט טפילע געטאָן פאַר אים אין צערקווע, אָדער זי וואָלט אים גאָר גערופן צו זיך אין געסט, און מיט דעם זעלביקן טערקישן קינזשאַל וואָלט זי דערשטאָכן א כאַזערל און וואָלט אים מעכאַבעד געווען. מע וואָלט געטרונקען סאַמאָהאָן, פריילעך געוואָרן, און דאַן וואָלט מען זיך דערמאָנט, ווי איר מאַן האָט מיט דעם דאָזיקן קינזשאַל אנומלטן עפּעס געטאָן איינעם אַן אַגיטאַטאָר. סאַפּקאַלאָסאַף איז די כריין־סויכערטע געווען דעמלט נאָך לײַכטזיניק, זי האָט גוט געטאָן, וואָס זי האָט אַרויסגעטראָגן דעם גלעטשיק סאַמאָהאָן. איצט איז זי א מאַמע און א באָבע, און איך בין געבליבן בא מײַנע צוויי טעכטער. דער גלעטשיק סאַמאָהאָן האָט מיך געראַטעוועט פון אַן אומפאַרמײַדלעכער בלוטפאַרגיפטונג. איר מאַן האָט דעמלט אויסגעגאָסן דעם סאַמאָהאָן אַפן טערקישן קינזשאַל און צוגעלייגט א שוועבעלע. און אַזוי איז געמאַכט געוואָרן די דעזינפעקציע...

ווען ער זאָגט עס איר אַלץ, קאָן זייער זײַן, אַז זי וואָלט געלייקנט שטיין און ביין. אַזוינע געדאַנקען האָבן זיך דורכגעטראָגן אין סאָול איסאַקאָוויטשעס מויעך, ער האָט אויסגעקליבן דרײַ גראָבע בלייכע כריין־וואָרצלען, באַצאָלט, גענומען צען קאָפּעקעס רעשט, און דאָ האָט זי צו אים געזאָגט:

— נעם אָט די ראַבינקע פּאָסאָליעס, זיי זײַנען זייער זיסע.

— ניין, — האָט זיך אָפּגעזאָגט סאָול איסאַקאָוויטש, — אַף ראַבע פּאָסאָליעס האָט מײַן ווײַב מיר קיין געלט ניט געגעבן.

— ווער ביסטו פאַרט, וואָס דו ווייסט, אַז מײַן שטוב איז די דריטע פון דער צערקווע?

— ווען איך זאָג דיר, ווער איך בין, וואָלסטו זיך דערשראָקן. זײַ געזונט! — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געווונטשן, אַרײַנגעלייגט דעם כריין אין דער רעקל־קעשענע, איז אוועק, דערנאָך זיך אומגעקוקט — די כריין־סויכערטע האָט צוגעלייגט די האַלבע דלאָניע צו די ליפּן. אין אירע קאַרע אויגן איז געווען שרעק און אומרו.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט פֿאַרקניפּט אָפּן רוקן דעם גרויסן פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט אין דער זשמעניע פֿון דער לינקער און איז געשווינד אַוועק פֿון מאַרק. ער האָט זיך געבייזערט אין האַרצן: „אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם! אַ געפֿערלעכער מענטש! דו וועסט זיך דערשרעקן! אַ וויסטע כאַרפּע...".

סאָול איסאַקאָוויטש, הערט זיך צו, וועגן וואָס זשומען די ווילדע בינען איבער די קוסטעס מיט ווילדע רויזן, ז־ז־ז.. וואָס פֿאַר אַ וווּנדערלעכער, וווּנדער זײַנען דעם מענטשנס הענט! איבערן גרינעם גאַזאָן גייט אַ קינסטלעך רעגנדל. אָט וועגן וואָס די בינען זשומען. מע קאָן אונטערשטעלן די ברייטע דלאָניעס און ס'וועט זײַן באַקוועם זיך אָנצוטרינקען. מע קאָן זיך אָנכאַפּן אין טראַמוויי־רימען, איז באַקוועם צו שטיין אַפּילע, בייס דער טראַמוויי רירט זיך פֿון אָרט. מע קאָן נעמען מיט די געהאָרכזאַמע פֿינגער אַ כריין־וואָרצל, וואָס מע האָט געקויפֿט באַ דער באַלעבאָסטע פֿון „יאַסנע אָקנאַ", און אים אָנרײַבן אָפּן ריבאײַזל, וועט אײַער ווײַב רעוועקע ניט דאַרפֿן וויינען. אָט וועגן וואָס די בינען זשומען! ז־ז־ז..

צו מיטיק איז דער מיטיק ניט פֿאַרטיק געווען. רעוועקע האָט זיך אַרײַנגעטאָן אין אויסביינדלען דעם העכט, און אין אַנדערע באַלעבאַטישע אַרבעטן האָט זי פֿאַרגעסן, אַז די צײַט גייט. און דאָס איז געווען אַ גוטער סימען, ווײַל ווען ריווע די בעריע איז געווען אַ קאַפּעלע שולדיק אָדער זי האָט עפּעס פֿאַרזען, איז זי געווען גוטהאַרציק. אָבער דאָס איז געווען אַזוי זעלטן, אַז סאָול איסאַקאָוויטש האָט אַזויבע פֿאַלן געדענקט אַזש פֿון ערשטן טאָג, ווען ער האָט אָנגעהויבן לעבן מיט איר.

איצט איז פּונקט געווען אַזאַ פֿאַל, און ער האָט אָן שום ריזיקע געקענט אַ וואָרטשע טאָן:

— וואָס האָסטו פּלוצעם פֿאַרטראַסקעט אַזאַ באַנקעט?

און זי האָט געענטפֿערט:

— קעדיי דיר צו פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן, שוטעט!

סאָול איסאַקאָוויטש האָט נאָך אַזאַ ענטפֿער געזאָגט זייער פֿאַרזיכטיק:

— כ'וועל אויסטרינקען אַ גלאָז טיי מיט פּוטער מיט ברויט. אַ לעפֿל אײַנגעמאַכטס מעג איך נעמען?

— וואָס איז דאָ צו ריידן? נעם, וועלכן דו ווילסט, — האָט רעוועקע שולדיקלעך דערלויבט.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט געטרונקען טיי, באַשמירט אָפּן ברויט פּוטער, דערנאָך אײַנגעמאַכטס, נאָך יעדער ביסן זיך באַלעקט, און אָפּן זינען איז אים געקומען אַזאַ זאַך: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַ וואָך נאָך זײַן כאַסענע מיט רעוועקען איז זײַנער אַ פֿרײַנט, לייזער שקאָלניק, געקומען זיי באַגריסן און ער האָט געבראַכט דראַש־געשאַנק — אַ שטאָף בראַנפֿן מיט געוויאָנדזלטע פֿיש. רעוועקע האָט דאַן געזאָגט: „זיצט און וואַרט, אין צען מינוט אַרום וועל איך צושטעלן קאַרטאָפֿל און אָפּרייניקן די פֿיש". זי האָט גיך אָנגעצונדן דעם פּרימוס און איז ווי אין וואַסער אַרײַן. אין אַ צײַט אַרום איז סאָול איסאַקאָוויטש אַוועק אַ קוק טאָן, וואָס זי טוט אין קיך. דאָרטן האָט געררוישט דער עלנטער שפּאַגל־נײַער פּרימוס. קיין שום טאָפּ איז אָפּן פּײַער ניט געשטאַנען. דאָס בלוי־רויטע פּײַער האָט אומנוציק געברענט. ריווע איז אין קיך ניט געווען. סאָול האָט אַ קוק געטאָן באַ די שכיינים — ניטאָ, אין הויף — אויך ניטאָ! זי איז אַרײַנגעלאָפֿן, בייס סאָול איסאַקאָוויטש און לייזער שקאָלניק האָבן שוין ניט געוווּסט, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן. זי איז דערשינען אין אַ נײַ קלייד, נאַרוואָס פֿון דער נאָדל אַרויס. אַ פּרעכטיק קלייד פֿון רויטן זשאָרזשעט! דערזען, ווי זי בלאַנקעט און שעמערירט פֿון פֿרייד, האָבן זיי געמאַכט לעכאַים, און זי האָט אַף זיי געשריִען:

— איר האָט נאָך גאָרנישט ניט געטאָן?

זיי האָבן אַלע דרײַ געקײַכט פֿון געלעכטער, ווײַל ווען ריווע האָט געלאַכט, איז געווען אומעגלעך ניט צו לאַכן מיט איר אײנײנעם.

— פּוליאַקעס! — האָט זי געשריִען. — די מינוט גייט שיילן קאַרטאָפֿל! איך וועל רייניקן די פֿיש אין מײַן נײַ שיין קליידז! רירט זיך!

דערנאָך איז לייזער אַוועק, און אין צימער האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ זילבערנע נאַכט. ריווע האָט זיך געפֿילט שולדיק. דערצו איז זי געווען גוט פֿאַרליבט. אין יענער נאַכט זײַנען זיי ניט געשלאָפֿן, ביז די ערשטע מילכיקערנס האָבן זיך באַוויזן אין גאַס.

אין שטוב האָט געשמעקט מיט רייכעס פֿון יאָמטעוו. איבערן קאָרידאָר און אינעם צימער האָבן זיך געהוידעט אַראָמאַטן פֿון מישע איזאַאָוס צײַטן. אַ פֿאַלומעסעק געפֿילטע פֿיש האָט סאָול מיט גרויסע שווערקײַטן אַרײַנגעשפּאַרט אין כאָלאָדילניק. אַ באַרג דינסטע כרוסטיק־

לעך האָט זיך פונעם אַלמער געהויבן צום סופיט, אַף דער פענצטער־ברעט האָט פּאַוואָליע זיך געקילט אַ בורשטין־פּעציאַ פון אויפּעס.

סאָולן האָט זיך אין ערגעץ ניט געוואָלט אוועקגיין פון ריוועס פאַרמאַטערטקייט און ווייכקייט, פון דער פאַריאַמטעוודיקער אַנגענעמער אופרעגונג, פון דער זיכערקייט, אַז אַלץ איז אין פולער פאַריאַמטעוודיקער אָרדענונג. אָבער ער האָט געדאַרפט גיין צונויפרופן די געסט אַף דער סימכע.

ערשטנס, איז ער אַוועק צו דער שוועסטער. געקומען צו מאַניען, האָט ער זיך אוועקגע־זעצט אַף אַ שטול אין סאַמע מיטן צימער. אַזוי איז ער געזעסן, די הענט פון די קעשענעס ניט אַרויסגענומען.

באַ דער שוועסטער, ווי ער האָט באַמערקט, האָט אַלץ געבלאַנקט. זי איז שוין געווען אָנגעטאָן, מע קען זאָגן אויסגעפּוצט, פאַרטיק צו גיין אין געסט, אַפילע מיט מאַניקיור. דער שכיינעס מיידעלע מיטן געלן קעצל האָבן זיך געשפּילט אַף דער סאָפע, מאַניע האָט קעסיידער געדאַרפט פאַריכטן די צעוואָרפענע קישעלעך. די ראַדיאָ האָט געזונגען פּיאָנער־לידער, פון די געעפנטע פענצטער אין דער יאַם־שול, וואָס איבער דער גאַס אַנטקעגן, האָט זיך אַרײַנ־געהאַקט, ווי אַ נײַער צוויאַק, אין מאַניעס אָפענעם פענצטער אַן ערשטראַנגיקער „זדראַוויאַ זשעלאַיעם!” אַזוי אַז עס האָט זיך געוואָלט אַ קנאַק טאָן מיט די אָפּצאַסן און שטיין בלײַבן פּאַר זיך גופע, ווי אַף דער וואַך. דורך דער שיינער גאַס מיט די קאַרעאַטידן אַף די שטיבער און מיט די פאַרשיידנפאַרביקע וועגעציאַן־פענצטער האָבן פאַרבײַ די פּאַסאַדן מיט אַ קנאַק געראָלט מאַשינעס, געלאָדענע מיט פרישע ציגל, אַזוינע רויטע און פרישע, אַז עס האָט זיך געדאַכט, זיי זײַנען נאָך הייס. די מאַשינעס האָבן גערוישט און געררעוועט, אָנגעפילט דעם אַרום מיט בענזין־רייכעס און, פאַרבײַפאָרנדיק מאַניעס אָפענעם פענצטער, געיאָגט שנעלער, ווײַל זיי האָבן אָנגעוואָרן דעם טעמפּ, בייס זיי האָבן פאַרקערעוועט פון אהינטער דעם ווינקל. מיט איין וואָרט, דער פרימאָרגן איז געווען אין פולער בליונג.

— דו האָסט אים געזען? ער איז געווען באַ דיר? ווי זעט ער דיר אויס? — האָט מיט אַ קלינגעוודיק־פריידיקער שטים געפרעגט מאַניע.

— אַן אַמעריקאַנער! — האָט סאָול איסאַקאָוויטש אויסגערופן און אַ הייב געטאָן איין אַקסל, ווי ער וואָלט אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז קאַמיש, אָבער ניט שאַרפזיניק צו זײַן אַן אַמעריקאַנער. — ער האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אַ שפּראַץ אַף טאָג, מיר זײַנען נאַרוואָס אופגעשטאַנען! — און סאָול האָט אופגעהויבן דעם צווייטן אַקסל, ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז אַף דער גאַנצער וועלט וועט זיך ניט געפינען אַזאַ איינער, וואָס זאָל אַזוי פרי אָפּשטעקן אַ וויזיט. — כ'האָב זיך געוווּנדערט, ווען האָט עס אָנגעטראָגן באַגינען מיטן לאַמטערן אין דער האַנט. איך טו אַ קוק — גרישקע פון אַמעריקע!

זיי האָבן זיך צעלאַכט. אינדערעמעסן, ווער וואָלט ניט געלאַכט — עפּנסט די טיר און דו זעסט, אַז אַנטקעגן דיר שטייט גרישקע שטיימאַן פון אַמעריקע.

— ער וויל, — סאָול איסאַקאָוויטש האָט אויסגעווישט די טרערן פון געלעכטער, — ער וויל, איך זאָל אים באַגלייטן צו מאַניען, אָבער איך זאָל ניט אַרײַנגיין, ער אַליין זאָל אַהין אַרײַנגיין... — און סאָול איסאַקאָוויטש האָט זיך ווידער פאַרכלינעט פון געלעכטער. — גריש־קע האָט מוירע צו גיין!

— מע דאַרף אים פאַרשטיין, סוליע, — האָט, קײַכנדיק פון אַ נײַ געלעכטער, אַרויסגע־פּראַלט מאַריִע איסאַקאָוונע, — שטעל זיך אַף זײַן אָרט.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, ווידער אויסגעווישט די טרערן פון פּאָנעם און זיך צוגעגרייט פירן אַ סאָלידן שמועס: אים איז פאַרגעשטאַנען ניט קיין לײַכטער איניען — אַײַנלאַדן די שוועסטער אַפּן אָוונט, דאָס האָט באַטײַט צום הונדערטסטן מאָל שאַ־לעם מאַכן צווישן איר מיט רעוועקען. מיט איין וואָרט, דער שמועס האָט געדאַרפט זײַן איידל, דין און אַ ביסעלע דורכגעטריבן.

— רעכט, איך וועל אים פירן אַהין, — און קעגן זײַן ווילן האָט ער געפרעגט: — צי דען וועט מאַניע איצט האָבן די האָזע אָנצודרייען גרישקען אַן אויער, ווי אַמאָל?

ס'האָט זיי ווידער אָנגעכאַפּט אַזאַ געלעכטער, אַז דאָס געלע קעצל איז אַראָפּגעפלויגן פון דער סאָפע, האָט זיך אויסגעבויגן, ווי אַ צעבראָכענער בייגל, און דער שכיינעס מיידעלע האָט אַף דעם געקוקט רויִק און ערנסט.

— ער האָט דיר ניט געזאָגט? — האָט מאַניע זיך געײַלט, ווײַל זי האָט דערפילט, אָט צעלאַכט זי זיך ווידער. — ווי העלדיש ער האָט דורך די נעכט... אַף דער אָזערע, מיט אַ לאָדקע פּאַר געלט געראַטעוועט מענטשן, — זי האָט זיך גראַד ווידער צעלאַכט, אָבער דער ברודער האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן.

טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זייערע אויגן פאַר געלעכטער, דאָס געלעכטער האָט זיי יינ־גער געמאַכט, ווײַל דאָס איז געווען ווי אַמאָל, ווי אין דער יוגנט. זיי האָבן געלאַכט ניט פון גרישען — וועגן גרישען. וועגן זייער ליבע צו אים, וועגן זייער קינדהײַט און יוגנט, וואָס איז פאַרפלויגן, בײַס גרישע איז געווען דער איקער פון זייער לעבן, בײַס דער טאַטע האָט זיך געוועקט מיט דער מוזיק פון שפּיל־קעסטל, בײַס זיי האָבן ניט געצווייפלט, אַז די מאַמע, זייער מאַמע, וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן.

— לאַנג זײַט איר געזעסן בא מאַניען? — האָט אײַפערנדיק געפרעגט די שוועסטער.

— ווער איז געזעסן בא מאַניען? פאַרוואָס מיינסטו, אַז איך האָב געדאַרפט זיצן בא מאַניען?

— יאָ, דו וואָלסט זיי געוויס געשטערט.

— גאָר אַזוי! מיט וואָס האָב איך זיי געקאָנט שטערן?

— פונדעסטוועגן... — און זי האָט מיט אַ שמייכעלע פון אַ פאַרזינדיקטער זיך באַקלאָגט. — ווייסט, מיך האָט ער פאַרשלעפּט אין רעסטאָראַן... עס קערט מיר די גאַל פון רעסטאָראַנען! דו, סוליע, האָסט ליב צו גיין אַהין?

סאַול איסאַקאָוויטש האָט אַ סקריפּע געטאָן מיטן שטול, אף וועלכן ער איז געזעסן. דאָס האָט באַטײַט: „איך בין ניט אַזאַ טיפּעש, אַז איך זאָל ליב האָבן רעסטאָראַנען!"

— אָבער דאָרטן פירן זיי זיך אַזוי! וועסט גלייבן, ביז איצט פּלאַצט מיר דער קאָפּ, ווי בא אַ שיקערן. די צווייטע נאַכט קאָן איך ניט שלאָפן! — האָט זי סײַ באַדויערט, סײַ געפרייט זיך. — נאָר איך האָב זיך מיט אים דורכגערעדט, סוליע, איך האָב אים גוט אײַנגעטײלט!

סאַול איסאַקאָוויטש האָט זיך אָנגעשטרענגט, ווײַל ער האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס אַזוינס האָט זי געקאָנט זאָגן גרישען. ניט שוין זשע האָט זי אים געשניטן דעם עמעס, ניט שוין זשע האָט זי אים אָנגעטאָן די מילשטיינער פון עמעס? — האָט סאַול אומרויק געטראַכט און געפרעגט:

— זאָג מיר, וואָס הייסט, דו האָסט אים אײַנגעטײלט, שוועסטער טײַערע?

— ער וועט עס לאַנג געדענקען, זײַ זיכער... צי דען האָט ער דיר ניט געזאָגט?

— קיין וואָרט ניט!

— איך האָב געמיינט, אַז ער האָט דיר יאָ געזאָגט, אָבער דאָס איז זײַן זאַך. וואָס איך האָב אים אײַנגעטײלט, האָט ער געמוזט אויסהערן. אָ, ס'איז אים ניט געווען וואָס צו מעקאַנע זײַן, הערסט, ברודער, ער האָט זיך געקנייטשט און געדרייט, איך זאָג דיר, ער איז געווען אויסער־זיך. אָבער קיין וואָרט האָט ער ניט געזאָגט. דו ווייסט דאָך, סוליע, ער איז דער טאַטע זײַנער מיט די ביינער. יענער, אָלאַווהאַשאָלעם, איז געווען אַן אַקשן, און גרישע איז אַ געבערענטער אַקשן. „פונדעסטוועגן, — זאָגט ער, — בין איך געווען גערעכט, וואָס איך בין אוועקגעפאָרן!" אף דערויף האָב איך אים גוט אַרײַנגעזאָגט: „לויט וואָס פאַר אַ מישפּעט ביסטו גערעכט, זאָג מיר, ווער האָט דיר צוגעמישפּעט די גערעכטיקײַט?" איאָ, סוליע, איך האָב גוט אַרײַנגעזאָגט?

מאַניע איז צערודערט געוואָרן, זי האָט גיך־גיך גערעדט. געשאָטן ווי אַרבעס, און גראָד דאָ האָט זיך צעקלונגען דאָס גלעקל, ווי פאַר שטאָק־טויבע. איין מאָל, צוויי מאָל, דרײַ מאָל, פיר מאָל. מאַניעס אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן, ס'איז איר דורכגעפלויגן אין קאָפּ — „ער!". זי האָט אַ שפּרונג געטאָן צו דער טיר, אָבער דאָס גלעקל האָט דורכגעקלונגען אַ פינפטן מאָל — צו די שכיינים.

— יאָ, יאָ, — האָט סאַול געשאָקלט מיטן קאָפּ צו דער שוועסטער, ווי ער וואָלט זי באַ־טריפט מיט רו־טראָפּנס, — ער האָט זיך ניט וואָס צו באַליידיקן.

— ווער וועט אים זאָגן דעם עמעס, אַז ניט איך? אף דיר קאָן איך זיך פאַרלאָזן? דו קאָנסט מיט דײַן אייגן ווײַב ניט פויעלן בא זיך צו זאָגן אַ האַרט וואָרט! פאַרייִנס זאָג מיר, וואָס טוט זי דאָרטן, דײַן צעדרייטע?

— הער נאָר, שוועסטער, וואָס איך וועל דיר זאָגן. וואָס טײַנעסטו אַלץ: „צעדרייטע, צעדרייטע"? זאָל יעדערן צוקומען וואָס אים פעלט.

— וואָס געפעלט דיר ניט, ברודערקע?

— אַלץ געפעלט מיר זייער, און דו אויך. איך און ריווע בעטן דיך קומען צו אונדז הײַנט אף אָוונט־ברויט. אָט וואָס מיר בעטן דיך!

— אַ שיינע מײַסע, ווער האָט עס צוגעטראַכט, זי?

— ברײַע ניט לאַנג און גרייט זיך צו, שוועסטער! — האָט סאַול איסאַקאָוויטש שטרענג געזאָגט, זיך אופגעהויבן פון שטול.

מאַניע האָט אַ זיפץ געטאָן, אַראָפּגעלאָזט אַן אַקסל און געזאָגט צו דעם מיידעלע:

— טאַניטשקע, ווילסט עסן?

טאַניטשקע האָט אָפּן בײַכל זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער סאָפע.

— רו זיך אָפּ א טאָג, וועסטו אויסזען ווי א מענטש! — האָט באַפוילן סאָול איסאַקאָ־וויטש און צוגעגעבן: — דו ביסט טאָמיד באַ אונדז געווען, קיין אײַנהאָרע, גאָר נישקאָשע־דיק...

גרישע איז אין האָטעל ניט געווען. די אופזעערן, וואָס איז געזעסן באַם טיש אין גרויסן האָל, די בעקאָוועדיקע דאַמע, אין אַרומגערינגלטע מיט טעלעפאָנען, מיט א לאָמפּ אונטער א גרינעם אַבאַזשור, האָט זײַער אינטעליגענט דערקלערט, אַז דער טוריסט גאַרי סטײַן מאַכט אין געגעבענעם מאָמענט אַן עקסקורסיע איבער דער שטאָט. סאָול איסאַקאָוויטש האָט פֿאַר־לאַנגט צו וויסן, צי איז דערלויבט איבערלאָזן א צעטעלע פאַר אַן אויסלענדער. די אופזעערן, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווי מע דאַרף האַלטן שטאָט, האָט גלײַך אַוועקגעלייגט א בייגעלע סקריפּענדיק פּאַפּיר פון בעסטער קוואַליטעט און א פעדער מיט א דורכזיכטיק הענטל, אין וועלכער ס'איז געשווומען א נאַקעט ליאַלקעלע. סאָול איסאַקאָוויטש האָט אָנגעשריבן: „זײַ וויסן, גרישע, אַז צוליב דײַן קאָוועד וועגן מאַכן מיר אַן אָוונט־ברויט, אַלע וועלן זײַן באַ מיר. דאַרפסט קומען צו זיבן אַזייגער. זײַ געגריסט. סוליע".

— אַלדאָס גוטס, — האָט געוווּנטשן און זיך פאַרנייגט סאָול איסאַקאָוויטש צו דער ליבהאַרציקער דאַמע, — א דאַנק! אַנטשולדיקט הונדערט מאָל!

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די ברייטע, מיט טעפּיכער אונטערגעבעטע, טרעפּ, פאַרבײַ די שפּיגלען, פאַרבײַ די בראָנזענע סקולפּטורן און פאַרבײַ דער פאַרגלעזערטער שאַפע מיט די סוווענירן. ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַן אָפּטיילונג פון דער טיר, וואָס דרייט זיך. גאַנצע דרײַ מאָל האָט ער זיך דורכגעדרייט, ווײַל ער האָט געצווייפלט, צי האָט ער ריכטיק אָנגעשריבן אין צעטעלע. „אין געגעבענעם אָרט, מיט אַזאַ דאַמע האָט מען געוויס באַדאַרפט שרײַבן ניט פאַמיליער: „קום זיבן אַזייגער", מע האָט געוויס געדאַרפט שרײַבן אָפיציעל: „די געסט וועלן זיך אופזאַמלען צו זיבן אַזייגער, קום, ביטע, אויך צו דער שאָ — ניט אַזוי צער־געלאָזט — פּראָסט: גרישע — נאָר מיט אַכטונג, — טײַערער פרײַנט גרישע!" — אַזוי האָט געטראַכט סאָול איסאַקאָוויטש, זיך דרייענדיק און פרעגנדיק באַ זיך אַליין, צי מעג ער נאָכאַמאָל באַאומרויִקן די גרויסאַרטיקע אופזעערן. און ניט קוקנדיק אָף דעם, איז ער אינגיכן ווידער געשטאַנען א פאַרנייגטער אַנטקעגן דער אינטעליגענטער דאַמע און ווידער האָט ער געבעטן:

— אַנטשולדיקט מיר טויזנט מאָל! איך מוז מאַכן אַן אויסבעסערונג אין צעטעלע. אויב אײַך וועט עס ניט באַלעסטיקן, גיט עס מיר, איך בעט אײַך.

די אופזעערן האָט שמייכלענדיק אַוועקגעלייגט דאָס צעטעלע מיטן זעלבן דורכזיכטיקן הענטל, ווו ס'איז געשווומען דאָס נאַקעטע ליאַלקעלע. סאָול איסאַקאָוויטש האָט אָפּגעריסן דאָס פריִער אָנגעשריבענע און עס אַרײַנגעלייגט אין קעשענע. אָף דעם איבערגעבליבענעם פּאַפּיר האָט ער אָפּסנײַ אָנגעשריבן: „טײַערער, הויכגעשעצטער גרישע! הײַנט מאַכט סאָול שטיימאַנס מישפּאָכע א פײַערלעך אָוונט־ברויט לעקאָוועד דײַן קומען צו באַזוכן אונדזער היימשטאָט. די געסט פאָרן זיך צונויף נײַנצן אַזייגער. דײַן פרײַנט סאָול ש.".

— אַנטשולדיקט צען טויזנט מאָל, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש, דערלאַנגענדיק דאָס צעטעלע דער גרויסאַרטיקער דאַמע, ענערגיש זיך פאַרנייגט, אַזוי ענערגיש, אַז דאָס האָט באַטײַט — דאָס מאָל געזעגנט ער זיך ענדגילטיק פעסט.

אָפּגעטאָן אַזאַ וויכטיקע זאַך, איז ער אַרויסגעגאַנגען אָף דער בונט־געפלעקטער פּושקין־גאַס, וואָס איז ענלעך געווען צו רעוועקעס פעלצל, וואָס זי האָט אויסגעפאַרבט זײַער בונט, קעדיי דאָס זאָל אויסזען ווי א פעלץ פון געפאַרד־פעל. די פּושקין־גאַס איז געווען געפלעקט ניט ווײַל מע האָט געפאַרבט די הונדערטיאָריקע פּלאַטאַנען, די גאַס האָט אויסגעזען גע־פלעקט, ווײַל די פּלאַטאַנען האָבן באַנײַט די קאָרע, ווײַל צווישן זייערע בלעטער האָט דורכ־געשײַנט די זון. די פּושקין־גאַס איז געווען וווּנדערלעך־שטיל אינדערוואָכן, טומלדיק אין די יאָמטעוו־טעג, אָבער פרעכטיק איז זי געווען טאָמיד. דאָ האָט פאַרפירעריש געקלונגען צו דער קיל־שאָטנדיקער גרינקײַט, צום גראַניט־פּאָרטאַל די פילהאַרמאָניע, וואָס איז געשטאַנען א שפּאַן פונדאַנען, סאָול איסאַקאָוויטש האָט זיך שוין פאַרגעשטעלט די ברייטע טרעפּ, די גאָל־דיק־בלאָע ראָטאָנדע, אָבער דאָס מאָל האָט ער שטרענג צו זיך געזאָגט — „ניין!", און ער איז אַנטשלאָסן אַריבערגעגאַנגען די גאַס אין דער ריכטונג צו דער דאַמען־אַטעליע.

„אַזוי, — האָט ער גייענדיק אויסגערעכנט, — דער טיש וועט זײַן גרויסאַרטיק, גרישע מיט מאַניען וועלן זיצן נעענטער צום פענצטער, איך מיט ריווען אַנטקעגן זיי, מיר זאָלן קאָ־

נען אַרײַן און אַרויס פון קיך. רעכטס און לינקס װעלן זיך אויסזעצן די איבעריקע געסט. אַ גליק איז צו האָבן אַ טיש, װעלכער נעמט זיך פּאַנאַנדער, דאָס איז די גרעסטע דערפינדונג פון דער מענטשהײַט!

דער טאָג האָט זיך אוועקגעקײַקלט װי אַ ראָד איבער פּוטער. אַרבעט איז געװען איבערן קאָפּ.

אַדע האָט אַ הוידע געטאָן איר פּולן קערפּער אינעם זילבער־שעמערירנדיקן קלייד, אַ פליעסקע געטאָן מיט די הענט אין די בלאַנקנדיקע אַרבל, מיט אַ באַדויערונג־זיפץ איבערגע־פלאַכטן די פינגער מיט דעם פּערלמוטערנעם מאַניקיור אַפן האַרצן:

— אַ שאָד, פּונקט הײַנט איז באַ סאָניען אַ פּרעמיערע!

— װאָס איז די סאַקאָנע, דער סעזאָן ענדיקט זיך ניט, ער װעט באַװײַזן!

— טאַטע, אָבער מישע.

מישע — דאַרף מען פאַרשטיין, אַז הײַנט װעט שפּילן מישע קראַסילניקאָװ.

— פּאַר קראַסילניקאָװן זײַנען מיר שוואַכע קאָנקורענטן. זאָג מיר, אַדע, װאָס װעט ער שפּילן, אײַער מישע?

— װעגן דעם האָסטו ניט װאָס צו פרעגן, קיין בילעטן זײַנען ניטאָ. קאָן זײַן, אַז שפּעטער אַ ביסל װעל איך דיך מיט דער מאַמען דורכפירן. קראַסילניקאָװ שפּילט דעם אַלטן דוליטל.

— זאָג מיר, װי רופט מען כאָטש די פּיעסע? טאָמער פרעגט מען באַ מיר, זאָל איך װיסן װאָס צו ענטפערן. איך מוז דאָך האָבן דעם טערעץ, פּאַרװאָס איר האָט ניט געקאָנט קומען.

— די פּיעסע רופט זיך „מײַן פּרעכטיק־שיינע לעדי!"

קראַסילניקאָװ איז דער ליבלינג פון אַדעס מישפּאָכע. ער קומט אַפּילע אַרײַן צו זיי אין שטוב. װיבאַלד ער שפּילט דעם אַלטן דוליטל — מוז מען דאָס זען.

— גוט, טעכטערל, װי עסט מאַרינע?

— מאַרינע עסט װי שטענדיק. איך װײס, סאָניע בויט פון קוביקעס אַ פּאַלאַץ, דערנאָך זינגט ער, דערנאָך שטייט ער מיטן קאָפּ אַראָפּ — אַזוי עסט זי, טאַטע. באַ לענען, באַ דײַן צװייט אײניקל, איז רויט אין האַלדז, װײַטער איז צו דערלײַדן.

— קוש זיי ביידן, און זײַט אַלע געזונט!

„עס װעט ניט זײַן ענג באַם טיש, — האָט סאָול איסאַקאָװיטש זיך געטרייסט, שפּאַנענדיק צו דער אַפּטייק. — ערגער פון אַלץ איז זיצן אין ענגשאַפט, אַדע מיינט, געװיס, אַז איר טאַטע איז אַן אַלטער אױװערבאַטל און איז פּאַרװאַקסן געװאָרן מיט מאָך, װי אַ קיװער"...

אין אַפּטייק האָט ער זיך דערװוסט, אַז זײַן טאָכטער פאַניע אַרבעט פון צװעלף אַזייגער. ביז צװעלף איז געבליבן אַ פערטל שאָ, איז ער אַװעק באַגעגענען די טאָכטער אַהין, װוּ דער טראָליײבוס שטעלט זיך אָפּ. ער איז געגאַנגען לענגויס דעם קװאַרטאַל אַראָפּצו, איבער ראָזע לייקסעמבורג־גאַס, װעלכע איז געװען גרין ניט פון די שיטער־װאַקסנדיקע אַקאַציעס באַ די טראָטואַרן, נאָר פון די פײַכטע טונקל־געדיכטע װילדע װײַנטרויבן, װאָס האָבן װי מיט פּעלן צוגעדעקט די װענט, פּאַרצויגן די באַלקאָנען פון די הײַזער ביז צו די סאַמע דעכער. סאָול איסאַקאָװיטש איז מוירעדיק מעקאַנע געװען די אײַנװוינער, װאָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו זײַן באַלעבאַטים פון די פאַרצויגענע גרינע באַלקאָנען.

„ס'קאָן זײַן, אַז ס'איז אַ סייכל אופּצוהענגען אַ מעלדונג, אַז איך בײַט דעם צימער, כאָטש צוריק גערעדט איז שװער צו גלייבן, ס'זאָל זיך געפינען אַזאַ טיפּעש, װאָס זאָל זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ פּרעכטיקן באַלקאָן! אָבער עפּשער אופּהענגען אַ מעלדונג, טאָמער, מאַלע װאָס? מע קאָן אָפן באַלקאָן דורכפירן עלעקטרע, אװעקשטעלן אַ טישל און טרינקען טיי, מע קאָן דאָרט האָבן אַ ברעזענטן דאַטשע־בעטל און זיך צולייגן, בייס די זון בראַט. פּאַרנאַכט באַגיסט מען די קװייטן, װאָס מע האָט אַליין פּאַרפּלאַנצט..." — אַזוי האָט סאָול איסאַקאָװיטש מיט קינע אַרומגעטראַכט די גרינע פּרעכטיקע באַלקאָנען.

— װאָס זוכסטו דאָ? — האָט פאַניע געפרעגט באַם פּאָטער, אַרויסשפּרינגענדיק פון טראָליײבוס.

— װי מיינסטו, טאָכטער, עס האָט אַ זין אויסצובײַטן אונדזער צימער אָף אַ קלענערן, אָבער מיט אַ באַלקאָן?

— דריי זיך ניט דעם קאָפּ, פּאָטערל! איך װעל כאָסענע מאַכן שורקען, פּאַרן מיר זיך צונויף. דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו װילסט לעבן מיט אונדז אינאיינעם? — האָט פאַניע געזאָגט ניט צום ערשטן מאָל.

— װער װייסט, װען דאָס װעט אַמאָל זײַן!

— דאָס קאָן אַמאָל זײַן גיכער װי מיר װילן, — און אַזוי ריידנדיק, זײַנען זיי אַװעק צו דער אַפּטייק. ער האָט די טאָכטער שיר ניט גענומען פּאַר אַ האַנט, װי אַמאָל, װען זי איז

געווען א קינד. אָבער איצט האָט ער זי גענומען נאָר באַם עלנבויגן. בא דער סאַמע אַפּטייק האָט ער אָנגעזאָגט:

— ווייסט, טאַכטער, מײַן פּרײַנט פון אַמעריקע איז טאַקע געקומען!

— וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט. די מאַמע האָט געמאַכט געפּילטע הענט, זאָלט איר אין אָוונט זײַן בא אונדז. שורקען נעמט מיט! טו א קוק אַף די באַלקאָנען, איך גיי אויס, אַזוי וויל איך א באַלקאָן!

— ברענגען וואָס אויסצוטרינקען? צי עפּשער וועט דײַן אַמעריקאַנער פרײַנט ברענגען א לעכאַים?

— ברענג, ברענג. די מינהאָגים בײַטן זיך ניט. קיין בראַנפן קויף ניט. פון בראַנפן ווערט דײַן מאַן אַזוי באַרעדעוודיק, אַז קײנער קען קיין וואָרט ניט אויסברענגען. בעסער קויף קאָניאַק און א פלאַש טרוקענעם ווײַסן ווײַן.

— איך פאָלג. ווי דו זאָגסט, אַזוי וועט זײַן, — האָט, ווי אַלעמאָל, צוגעזאָגט פאַניע, ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס זי האָט הײַנט געוואָלט מאַכן א גרויס געוועש און אַפילו שוין אײַנגעווייקט האַנטעכער און אַנדערע ווײַסע זאַכן אין וואַש־פאַראַשעק. „איצט וועט זיך עס זײַערן אין וואַנע צוויי טעג, און איך דאַרף אַזוי ווי לופט א פרישן כאַלאַט צו דער אַרבעט״, — האָט פאַניע געטראַכט נאָך דעם ווי זי האָט אַזוי פאָלגעוודיק צוגעזאָגט דעם פאָטער, אַז זיי וועלן קומען.

„אים זאָגן, צי ניט?״ — האָט זי געצווייפלט, ווײַל וואָס אים צו זאָגן האָט זי גראַד יאָ געהאַט. אָבער דאָס איז געווען א דעליקאַטע זאַך, און געגאַן איז עס אָט אין וואָס: אײַער־נעכטן איז צו איר — ניט צו דער אײגענער מאַמען — געקומען שורקעס כאַווערטע אירקע סטאַראָדובצאַוואַ, וואָס לערנט זיך מיט אים אַף אײן קורס, און האָט גאָר ניט שעמעוודיק, וואַכעדיק־פּראָסט געבעטן, אַז פאַניע זאָל זי אײַנאָרדענען אין א שפּיטאָל. „דאָס איז אומ־באַדינגט נייטיק, — האָט אירקע דערקלערט. — אויב מעגלעך, וואָלט געווען זײער גוט, ווען מע קען עס מאַכן שאַבעס, ווײַל ס'איז א הייסע צײַט, עס גייט די סעסיע, מוז איך זײַן אַף די קאָנסולטאַציעס און אַף די לאַבאָראַטאָריע־אַרבעטן״.

— א מערזאַוועץ! איך וועל אים געבן! — האָט צוגעזאָגט פאַניע סאָלאָוונע דעם מיידל. אָבער יענע האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר איר כאַווער, פאַר שורקען.

— וואָס פאַלט אײַך אײַן, פאַינאַ סאָלאָוונאַ? — און דאָס מיידל האָט אַזוי אָנגעקוקט פאַ־ניען, אַז יענע האָט זיך מאַמעש פאַרלאָרן.

„עס זעט אויס, ווי אַן אומשולדיק קעצעלע, און קאָן אַזוי וואַכעדיק־פּראָסט ריידן וועגן אַזאַ איניען. ניט אומזיסט האָט זי זיך געווענדט צו מיר, צו דער קינפּעטיקער שוויגער. זי ווייסט גוט, אַז איך האָב באַקאַנטע דאָקטוירים אין שפּיטאָלן״, — האָט פאַניע געטראַכט און דאַן געפרעגט:

— דו האָסט אים ליב?

— מע קאָן אים דען ניט ליב האָבן? — האָט אירקע געענטפערט מיט א פראַגע און גע־לאַזט ווײַסן: — שוריק האָט מיך אויך ליב. אָבער מיר האָבן באַשלאָסן אָפּן צווייטן קורס ניט כאַסענע האָבן. ס'איז צו פרי, מיר ווילן ניט, אונדזערע עלטערן זאָלן האָבן א מאָראַקע מיט אונדז.

— גוט, כ'וועל דיר אַרויסהעלפן, — האָט פאַניע צוגעזאָגט.

אָבער ווען אירקע איז אוועקגעגאַנגען, האָט פאַניע גענומען טראַכטן וועגן דער זאַך און זי האָט זיך דערמאָנט, אַז בײַס זי איז נאָך געווען א יונג מיידל און זיך געלערנט אין שול, אין נײַנטן קלאַס, איז אײנע א שילערן געווען אין אַזאַ לאַגע, ווי אירקע איצט, און פאַר יענער האָט זיך עס טראַגיש געענדיקט — זי האָט זיך אופגעהאַנגען. זיך דערמאָנט וועגן דעם, ווידער גענומען טראַכטן און טראַכטן און איז געקומען צום געדאַנק, אַז מע דאַרף שורקען מיט אירקען וואָס גיכער כאַסענע מאַכן. זאָלן זיי האָבן א קינד.

— דו מאַכסט א באַל, און איך האָב אויך נײַס, טאַטע, — האָט פאַניע בא זיך געפּויעלט דערציילן דעם פאָטער וועגן זון, בײַס זיי זײַנען צוגעגאַנגען צו דער אַפּטייק, — וועסט זיך דערוויסן, וועסטו שטאַרבן פון געלעכטער!

— וואָס איז געשען?

פאַניע האָט אינדערעמעסן אײַנגעזען אין שורקעס כאַסענע האָבן מיט אירקען א פּריילעך־כע געשיכטע — זיך אַליין אַלס באָבע. מער פון אַלץ איז שווער געווען זיך פאָרשטעלן אַלס זיידע דעם מאַן אירן, וואָס האָט דערצויגן שורקען. ווען זי האָט געבראַכט דעם זון פונעם פראָנט, האָט איר מאַן ניט געקאָנט פויעלן בא איר, אַז זי זאָל אים האָבן זײַנס א קינד. ער

אין טאקע געווען ווי א לײַבלעכער טאַטע צו שורקען. די אייגענע טאַטע־מאַמע האָט זי שוין באטראכט, ווי אן עלטערבאַבע און אן עלטערזיידע. איין זאך האָט פאַרדראָסן: שורקע האָט מיט א קורצער צײַט צוריק אופגעהערט צו קריגן אלימענטן פון זײַן פּראַנט־טאַטן, און גראָד איצט וואָלט עס זייער צוניץ געקומען...

— כ'וועל דיר דערציילן אין אָוונט, ווען כ'וועל קומען, איצטער מוז איך גיין אין אַפּטייק. עס איז שוין צוועלף!

— אין אָוונט... מיר וועלן זײַן אליין? וועסט ניט האָבן וואָס צו ריידן אין אָוונט? איצט דערצייל מיר. צוויי־דרײַ ווערטער! צי עפּשער ווילסטו, כ'זאָל דיך שטארק בעטן? —

האָט זי אים דערציילט אין דרײַ ווערטער.

— שוין? א בעריע! אונדזער זערע,— סאָול איסאַקאָוויטש האָט עס אויסגעשריגן, דערבײַ האָט ער געפילט, אז ער איז אין דער זאך ניט דער לעצטער אַנטיילנעמער.

— דער טײַוול זאָל עס נעמען, טאַטע! וואָס טו איך מיט זיי? שורקע קאָן דאָך פאַר זיך די אייגענע הויזן ניט אויספּרעסן!

— א נישטיקײַט! — האָט סאָול איסאַקאָוויטש אויסגערופן.

אין געדאַנק האָט ער באַשלאָסן: אַלע זײַנען מיר נישטיקײַטן!

— איך ווייס אפילע ניט, טאַטע, צי ער וועט דעם סעמעסטער האָבן סטיפּענדיע. גיכער ניט ווי יאָ,— האָט פאַניע מיט פאַרדראָס געזאָגט.

— א טויגעניכץ!

— וואָס זשע זאָגסטו, טאַטע?

— פרעגסט מיך?

— נו, איז אָפּגערעדט. ביז אין אָוונט, טאַטע! ווען קומען?

— זיבן אַזייגער וועסטו זיך באַפרייען, נעם דײַנע און קום. אָבער שורקע דער טויגעניכץ איז געוואָרן א גאַנצער מאַנצבל!

— א מאַנצבל! א געלעכטער צו הערן. אויך מיר א מאַנצבל,— האָט זי געזאָגט און טאַקע מיט א געלעכטער ארײַנגעלאָפן אין אַפּטייק.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט נאָכגעקוקט דער טאָכטער און נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט די זאך: „אַי, שורקע, שורקע, ביסט א ווירטואָז! נעבעכן, דוכט זיך, האָב איך דיך געפירט אין זאַאָפּאַרק...”

א באַטויבטער פון דער נײַס, האָט ער ניט באַמערקט, אז ער האָט זיך דערנעענטערט צו דער פילהאַרמאָניע. ער האָט אויך ניט באַמערקט, ווי זײַנע פיס האָבן אים אהין ארײַנגעבראַכט. פריִער האָט ער קיינמאָל אזוי הויך זיך ניט פאַרקליבן, ער האָט קוים געכאַפּט דעם אָטעם, אזוי שטארק האָט ער זיך פאַרמאַטערט, שפּאַנענדיק איבער די טרעפּ. ער האָט א קוק געטאָן אַף רעכטס, אַף לינקס. דאָ איז געווען זויבער, שטיל. ער האָט זיך אויסגעקעריעוועט און א קוק געטאָן אַף צוריק און דערזען, ווי די טרעפּ לויפן אראָפּצו, אקוראַט ווי א וואַסערפאַל. דער בלויער רונדער סופיט־געוועלב איז געהאנגען קימאַט סאַמע בא זײַנע אויגן, ווי א קאַלאָסאַל היטל.

די גאַס האָט זיך אײַנגעפּאַסט אין דער ארקע, ווי א בילד אין א ראַם. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בא דער זײַטיקער באַליוסטראַדקע און ערעפּורטשיק געקוקט אַף אַלץ, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין א טעמפּל.

„אָך, ריווע נארעלע, וואָס האָסטו געקלאָגט און זיך געמאַרדעוועט, בייס אונדזער פאַניע איז אוועק אַפן פּראַנט. ווען זי גייט ניט אוועק, וואָלט זי שורקען ניט מיטגעבראַכט! מיר וואָלטן אים ניט געכאַוועט גאַנצע צען יאָר. אירקע וואָלט אויך ניט געווען, מיר וואָלטן ניט געהאַפּט צו האָבן אן אורייניקל... ס'איז א נעס, וואָס פאַניע איז לעבן געבליבן! און די אירקע... ווי איז איר פאַמיליע־נאָמען? דאכט זיך, סטאַראָדובצעווע? זי האָט קלוג געטאָן, וואָס זי האָט פּאַרטרויט דעם סאָד פאַניען און ניט קיין פרעמדן. אויב עס וועט ווײַטער אזוי זײַן מיטן געזונט, קאָנען מיר, ריווע, דערלעבן אורייניקלעך, פאַרוואָס ניט? מע דאַרף קאָנען זײַן גליקלעך — דאָס זײַנען ניט קיין פּוסטע רייד. אפילע בייס עס פאַלט מיט דער פּוטער אראָפּ, דאַרף מען זיך קאָנען פרייען און מע דאַרף קאָנען זײַן גליקלעך. ס'וואָלט גוט געווען קויפן א בלאָקנאָט. אַף איין זײַטעלע פאַרשרײַבן, וואָס עס טרעפט, אַפן אנדערן — וואָס עס איז געוווּנטשן, עס זאָל טרעפן. אזוינע פאַרנאָטירונגען וואָלטן געווען באַלערעוודיק פאַר מענטשן. יאָ, מע דאַרף קויפן א בלאָקנאָט! און צוטראַכטן, ווי אָנצורופן דאָס פאַרשריבענע. „ווי עס ווערט באַלויכטן דער קעגנשטאנד” — דאָס וואָלט זײַן א גאַנץ פּאַסיקער נאָמען פאַר מײַנע באַשרײַבונגען. איך וואָלט דאָרטן פאַרשריבן וועגן מײַן אומגליק אין „יאַסנײַע אָקנאַ”, כאָטש איך האָב געהערט, דאָקטוירים זאָגן, אז גראָד דער אומגליק קאָן פאַרלענגערן מײַנע יאָרן. קען איך דאָך טאַקע דערלעבן אן אורייניקל... כ'קאָן אויך באַשרײַבן אנדערע מענטשן, כוץ

גרישען. ער איז אן אנטשיידענער, שטאנדהאפטיקער מענטש, אן אויסנאם פון קלאל... איך קאָן אָנרופֿן מײַן באַשרײַבונג „ווי דערשײַנונגען ווערן באַלויכטן". דאָס וואָלט געווען אַן ערנסט־פֿילאָסאָפֿישער נאָמען! גרישע האָט ליב, לעבנס־געשעענישן זאָלן אים זײַן אונטער־טעניק. זאָל אים גאָט העלפֿן! שורקע איז ניט קיין וווקסיקער, דאָס מיידל זײַנס איז מיסטאמע אויך אַ מיניאַטורע. עפשער איז זי אַ בלאָנדינקע! איצט פֿאַרשטייט זי ניט, וואָס פֿאַר אַ גליק עס האָט זי געטראָפֿן, אָבער אַז די צײַט וועט קומען און דאָס אויפֿעלע וועט אַ פּישטשע טאָן, דאַן וועט זי פֿאַרשטיין..." — אַזוי האָט סאַול איסאַקאָוויטש געטראַכט, שטייענדיק בײַ דער באַליוסטראַדקע, און ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט דעם געשריי פֿון אַ נײַ געבאָרן ייִנגעלע. ער איז געווען זיכער, אַז עס וועט זײַן אַ ייִנגעלע.

— נו? — האָט סאַול איסאַקאָוויטש געפֿרעגט באַם אַרכיטעקטאָר, וואָס איז געשטאַנען אין נישע, בײַ דעם אַלטן ערעגײַציקן מאַן, וועלכער האָט געוויס געהאַט אַ קראַנקע לעבער און אַ שלעכטן כאַראַקטער, אָבער אייניקלעך האָט ער געוויס אויך געהאַט. — נו, ווי קוקט איר אויף אַן אָריגינאַל?

אין אַרכיטעקטאָרס מעטאַל־טשוהונענעם בליק האָט סאַול דערשפּירט כויזעק און פֿאַר־אַכטונג. דאָס איז געווען אָפּשטויסנדיק, דעריבער האָט ער זיך אויפֿגעהויבן, געשיקט צו אַלדי רוכעס דעם טשוהונענעם אַרכיטעקטאָר מיט זײַנע אומגעהייערע טרעפּ און זיך געשווינד אַראָפּגעלאָזט פֿון זיי.

אין טראַלייבוס האָט ער בייז־שטעכעדיק געקוקט אויף יעדער פּאַסאַזשיר, וואָס איז אַרײַנ־געגאַנגען. ער האָט ניט געקענט פֿאַרטראָגן, וואָס דער טראַלייבוס שטייט אין איבעריקע רעגע. ער האָט מאַמעש דורכגעקוועטשט דאָס שטיקל בערגלדיקע גאַס מיט זײַנע טריט און האָט זיך אַרופֿגעוואַליעט אויף דער ריי אין אַפּטייק.

— דו זעסט, איך בין אַרויסגעשפּרונגען פֿון טראַלייבוס. געדענק, אַלץ זאָל זײַן ווי דו האָסט פֿריִער געזאָגט, הערסט? זאָלסט ניט גענעצן! פּאַרדריי זיי!.. זיי זאָלן ניט באַוויַזן אַ פֿינטל צו טאָן מיטן אויג. טו דאָס פֿלינק און גיך, קאַלזמאַן די טאַליע בײַ דער קאַלע איז דײַן און שלאַנק... זי וועט איבערקומען, וועל איך, מירצעשעם, אַלע טאָג פֿירן דעם מאַמזער שפּאַצירן אין פּאַרק. זאָג זיי דאָס!

פֿאַניע האָט צוגעשמייכלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ. דאָס האָט באַטײַט, אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג. און זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— טאַטע, טומל זיך ניט און היץ זיך ניט, מיר וועלן קומען, צו דער צײַט, איך וועל זיי אויך ברענגען.

די מענטשן פֿון דער ריי האָבן פֿאַרדעכטיק געקוקט, זיי זײַנען געווען זיכער, אַז דער ייִד מאַכט געשעפֿטלעך מיט דער פּראָוויזאָרשע.

— איך בעט אַנטשולדיקונג, אַנטשולדיקט! — האָט שטיל געכאַזערט סאַול איסאַקאָוויטש און מיט אַ ראַכמאָנעס־שמייכעלע אויף די ליפּן זיך אַוועקגעשאַרט פֿון דער ריי.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז ער געגאַנגען איבערן אַספֿאַלט. ער האָט געפֿרעגט בײַ אַ פֿאַר־בײַגייער, וויפֿל דער זייגער איז. „דרײַ פֿערטל איינס"— האָט דער פֿאַרבײַגייער געזאָגט. „אויב אַזוי, דאַרף איך זיך צוײַלן"— האָט סאַול באַשלאָסן.

זוניע איז געלעגן אויף דער קושעטקע, ער האָט געלייענט דעם זשורנאַל „אָגאָניאָק" און איינצײַטיק געהערט די ראַדיאָ־פּראָגראַם „מאַיאַק". אָנשטאָט „גוטמאָרגן" האָט ער מיט דער אויסשפּראַך פֿון אײַזנוואַרג־פּאַרקויפֿער אָפּן מאַרק אויסגערופֿן:

— סאַרא קראַסאָוועץ, קוקט אים אָן, איך וווּנד אײַער אופֿמערזאַמקײַט. וואָס פֿאַר אַ געזונטער כלאָפּעץ! זיכער, אַ ייִד! וואָס מאַכט דײַן מאַרשאַסל?

— איך און רעוועקע לאַדן אײַן אײַער מישפּאָכע אויף אָוונט־ברויט, — האָט פֿײַערלעך געמאָלדן סאַול איסאַקאָוויטש.

— צוליב וועמען איז דער פּאַראַד, וועמען באַערט מען, פֿרעג איך. צוליב וועמען ווערט געמאַכט אַן אָוונט־ברויט? — האָט זוניע כויזעקדיק געפֿרעגט.

— גרישען באַערט מען, — האָט סאַול ווייך געזאָגט, עס זאָל ניט קלינגען ווי אַן אָנצער־הערעניש, אַז מיט אַזאַ אָוונט־ברויט זײַנען מעכוּיעוו געווען צו באַערן גרישען זײַנע לײַבלעכע ברידער.

— סאָניע, דו הערסט, מע לאַדט אונדז אײַן אויף אַ באַל! ווי איז דיר גאָר אַזוינס געקומען אין קאָפּ. מיר ניט און דיר — יאָ! ביסט אַ מאָלאָדיעץ, — האָט זוניע געשריִען אויף דער גאַנצער דירע, קעסיידער געהויבן און אַראָפּגעלאָזן זײַנע האָריק־באַוואַקסענע הענט, ביז סאָניע האָט אים גענומען בעטן:

— הער אויף, זוניע, האָב ראַכמאָנעס. עס פעלט דיר א פריפאַדעק?

— נו, איז וואָס הערט זיך, סוליע? עס וועט שפּילן אן אָרקעסטער, ס'וועט קנאַקן א פייערווערק? — האָט זוניע אזוי געשריִען, ווי ער וואָלט בעעמעס געוואָלט קריגן א האַרץ-אַטאַקע.

— עפּשער קאָנסטו מיר זאָגן, זוניע,— האָט מיט פולער רויִקייט געפרעגט סאָול איסאַקאָוויטש,— איר וועט קומען, אָדער בעסער זאָל איך אַף אייַך ניט וואַרטן?

— מיר וועלן קומען. מיר דאַנקען דיר, מיר זייַנען צופרידן. וואָס נאָך זאָלן מיר טאָן? — האָט זוניע מיט מאַטערניש ענדלעך אַרויסגעקוועטשט אַן ענטפער.

„אָדער איך פאַרשטיי ניט דאָס לעבן, אָדער יעדער מאַכט זיך אין זייַן גענעם א שטיקל גאַניידן"— האָט פילאָזאָפירט סאָול איסאַקאָוויטש, זיצנדיק אין האַלב-ליידיקן טראָלייבוס. דער טראָלייבוס האָט זיך גע־טרייסלט ווי אין קאַדאַכעס. די זון האָט שרעקלעך געבראָטן, די ניקלנע הענטלעך פון טראָלייבוס האָבן געבריט די הענט. אַף דער דערמאַטין-סאָפּקע האָט מען ניט געקאָנט אייַנזיצן. עס האָט געבריט, ווי אַן אַנגעגליטע סקאָוורעדע.



„מאַניע מיט גרישען באַם פענצטער, איך מיט רעוועקען באַ דער טיר, לינקס סאָניע מיט זוניען, רעכטס פאַניע מיט סאַשען,— האָט פאַרסאַכאַקלט סאָול איסאַקאָוויטש, און ער האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט, אז ער קאָן ווערן אַן עלטערזיידע, און באַשלאָסן אין געדאַנק,— שורקע מיט אירקען וועלן ווינציק זיצן, ווייל זיי וועלן באַלעבאַטעווען מיט דער מוזיק".

אין דער זעלבער צייַט האָט זוניע אַף דער קושעטקע געבלעטערט דעם „אָגאָניאָק" און האָט אַף א קאָל, אז סאָניע זאָל דערהערן אין קיך, צעגלידערט סולקע שטיימאַנען, אז יענער איז פון טאָמיד געווען א כיטראַק און האָט זיך שטענדיק געמאַכט פאַר א גוטינקן, שוין אייַנ־מאָל א שטוטשקע! — זוניע איז א מייוון אַף אזוינע זאַכן. ער גופא איז געווען אזא מין גוטינקער. און ווען מע האָט געדאַרפט, האָט ער געקאָנט באַווייַזן ציין!

עס זייַנען נאָך געבליבן ערטער. צום גרויסן באַדויערן, האָט סאָול איסאַקאָוויטש ניט געוואָרט אַף מאַניען, ווייַל קלאַרע איז געווען מעסוקן קראַנק. אָבער אייַנלאַדן זיי האָט ער געדאַרפט,— איז ער אוועקגעפאָרן זיי אייַנלאַדן.

## „אַביוטעס אייגעלער"

סאָלאָמאָן זעליקאָוויטש האָט אינדערפרי געשריבן א בריוו קיין קעשענעוו אַף איגאָרס נאָמען, ווייַל ער האָט נאָך ניט געוווּסט דעם אדרעס פון דער סאַנאַטאָריע, ווו גוטעטשקע רוט אָפּ. ער האָט פאַרבויגן די צעראַטע פון טיש, אַרויסגענומען פון דאָרטן פּאַפּיר, קאָנווערטן און פאַרשיידענע פירקאָפּעקנע מאַרקעס, וואָס דאָס פאַרבינדונגס-מיניסטעריום לאָזט אַרויס, קעדיי די אייניקלעך זאָלן האָבן פאַרשיידענע מאַרקעס פאַר זייער קאָלעקציע. צו איגאָרן, צו זייַן איידעם, האָט ער געשריבן:

„זי באַקלאָגט זיך ניט, קרעכצט ניט, מיין איך, אז עס טוט איר גאָרניט וויי. די לעצטע צייַט שטייט זי ניט אויף פונעם געלעגער, איך מאַך א הויכן צוקאָפּנס פון צוויי גרויסע קישנס, ליגט זי האַלב-זיצנדיק און קוקט זיך צו, ווי איך פאָרע זיך אין שטוב. נאָר מער ווי אַלצדינג האָט זי ליב צו דרעמלען".

אַנגעשריבן, האָט מאַניע א קוק געטאָן אף קלארען — זי האָט אים אויך אָנגעקוקט ערנסט און טרויעריק. דערנאָך האָט מאַניע צוגעשריבן, אז דער ברודער גרישע איז געקומען, אז ער באַדויערט, וואָס גוטעטשקעס מישפּאָכע וועט ניט בײַזײַן אף דעם זעלטענעם פריידיקן מיש־פּאָכע־יאָמטעוו.

קלארע האָט געקוקט, ווי ער שרײַבט, און האָט געשוויגן. איר גאנצער אָנבליק האָט אויס־געדריקט טיפן גלײַכגילט. ערשט דאַן, ווען ער האָט צוגעקלעפּט די מארקע און פארקלעפּט דעם קאָנווערט, האָט זי אים צוגערופן:

— די קאָלדרע איז מיר אזוי שווער, מאַניע.

מאַניע האָט צוגענומען די וואטאָווע קאָלדרע און צוגעדעקט קלארען מיט א דינער דעקע.

— איצט איז גרינגער? עס וועט דיר ניט זײַן קאַלט?

זי האָט געשוויגן. ער האָט אף יעדנפאל אוועקגעלייגט אף דער דעקע א גרינגע גע־שטריקטע פאטשיילע פון קעמל־וואָל, וואָס האָט געהאַט דעם זעלבן קאָליר ווי קלארעס האָר. אף דער ציטראָן־געלער דעקע האָט זיך אויסגעשפּרייט די גראָע אומוואָגיקע פאטשיילע, די קלאָר־ווײַסע קישנס האָבן געבלאנקט. מאַניע איז געבליבן צופרידן — ער האָט טאָמיד ליב געהאַט, קלארע זאָל זײַן געשמאקפול אָנגעטאָן.

קלארע האָט ערנסט אף אים געקוקט, א לײַכט ביטער שמייכעלע האָט געקרימט אירע ליפּן און זי האָט פעסטגעשטעלט:

— שוואכקײַט פאסט זייער א פרוי, עס גיט צו מער ווײַבלעכקײַט, עמעס, מאַניע? אָבער אזוי שוואַך ווי איך בין איצט, בין איך נאָך קיינמאָל ניט געווען.

מאַניע האָט זיך דערמאָנט אירע ווערטער אין א היפּשער צײַט ארום. א מוירעדיקע שווערקײַט האָט זיך געלייגט אף זײַן געמיט, ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער דאַרף אראָפּלאָזן דעם בריוו, און האָט מילד צו איר געזאָגט:

— קלארינקע, איך וועל ארויסלויפן אראָפּלאָזן דעם בריוו. איין פוס דאָ — דער אנדערער דאָרטן, איך קום גלײַך צוריק.

קלארע האָט א שמייכל געטאָן פונעם הויכן צוקאָפּנס, זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן־לעפלעך, ווי זי וואָלט אים בארוזקט: „גיי, גיי, איך וועל דערווײַל א דרעמל טאָן".

מאַניע איז מיטן בריוו ארויס אף דער גאַס, ער האָט פארקערעוועט אהינטערן ראָג, צום ראַיקאָם, ווו ס'איז בא דער טיר געהאנגען דאָס פּאָסט־קעסטל, וועלכן ער האָט טאָמיד זייער געטרויט.

די דיקע געגלאָזטע טיר פון ראַיקאָם האָט געסקריפּעט אף די דעקאָראטיוו־שטאָלענע העננגערס. מענטשן מיט פארדײַגעטע פּענעמער זײַנען ארויס און ארײַן, זיי האָבן ניט באַ־מערקט דעם פּרעכטיק־גרינעם גאַזאָן און די פּיאָלעטעווע „אַניוטעס אייגעלעך", וואָס זײַנען גע־וואַקסן אין גאַזאָן. מאַניע האָט זיך צוגעזעצט, כאָטש ער האָט געזאָגט קלארען, אז ער איז גלײַך דאָ צוריק. די לעצטע צײַט איז ער זעלטן געווען אויסער דער שטוב, ווײַל אלץ, וואָס מע האָט געדארפט, האָבן אײַנגעקויפט די פרײַנטלעכע שכיינעס — דאָס הויז, ווו מאַניע מיט קלארען האָבן געוווינט, איז געווען א הויז פון קאָמוניסטישן שטייגער. מאַניע איז געזעסן און האָט געזען, ווי פונעם אָפענעם ראַיקאָם־פענצטער האָט די יונגע מאשיניסטקע ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ מיט די קורץ געשוירענע האָר און פון איר אויסגעשטרעקטער האַנט האָט זיך א שאָט געטאָן אפן טראָטואר צעבערעקלטע בולקע. „גוליע, גוליע, גוליע", — האָט דאָס מיידל ליב־לעך גערופן. און מאַניע האָט א טראַכט געטאָן: „איך וועל קומען אהער מיט ברעקלעך, און עס וועט קיין בייז ניט זײַן, אויב איך וועל אָנרײַסן עטלעכע קווייטלעך פאר קלארען". ער האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי ס'וועלן אויסזען אף דער ציטראָן־געלער דעקע — „אַניוטעס אייגעלעך". אזוי איז מאַניע געזעסן אף דער זוניקער באַנק, און ער האָט מיטגעפילט די מענטשן, וואָס האָבן אזוי געײַלט. „אינדערעמעסן, — האָט ער באַשלאָסן אין געדאַנק, — ווי קאָן א מענטש, וואָס לויפט מיט זײַנע דײַגעס אין ראַיקאָם, צײַט האָבן צו זען, ווי די פלינקע שפּערלעך כאַפּן אוועק בא די אומגעלומפּערטע טויבן די ברעקלעך פון אונטערן שנאָבל, ווי קאָנען זיי אָנקוועלן פון די פּיאָלעטע בלומען, וועלכע פינטלען ארום דעם גאַזאָן". אים גופע האָט אויך קיינער ניט באַמערקט. אין קאָפּ קלארעס רוף: „מאַ־אָ־ניע!", אזוי האָט זי געשרײַען איין־און־איינציק מאָל אפן וואָקזאַל, בייס ער, מאַניע, איז געקומען פונעם פראָנט, און ער האָט דערהערט, און ער האָט דערקענט איר שטים, כאָטש באַם וואָקזאַל איז געווען א ריזיקער אוילעם, און געשרייען האָבן פארטויבט דעם גאנצן ארום. „מאַ־אָ־ניע!" — האָט אים ווידער פארטויבט קלארעס קאָל. דער בריוו איז ארויסגעפאלן פון זײַן האַנט, א ווינט האָט אים אוועק־געיאָגט איבערן טרוקענעם אספאלט. פּאטשנדיק מיט די שטעקשיך, איז מאַניע נאָכגעלאָפן

דעם בריוו. ענדלעך האָט ער אַף אים אוועקגעשטעלט זײַן פוס, זיך אָנגעבויגן, אופגעהויבן, ניט אָפּגעטרייסלט, ניט אויסגעגלעט, גיך אַרײַנגעשטופּט דעם קאָנווערט אין שפּאַלט פון פּאָסט־קעסטל. „קיין סאַקאַנע, — האָט ער זיך געטרייסט, — ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן...”

אָבער ער איז געווען גרייט... ס'האַרץ האָט אין אים געפּויקט, בייס ער האָט געעפנט די טיר.

סאָול איסאַקאָוויטש איז אַרײַנגעגאַנגען אין אַײַזערנעם טויער, וואָס איז געווען אָפן. אונטערן בוים אין הויף איז געשטאַנען אַ מאַשין פון „גיכער הילף”. דער שאָפער האָט אומ־זיסט די צײַט ניט פאַרבראַכט, ער האָט אוועקגעלייגט די האַנט אין געקעסטלטן אַרבל אַפן ראַנד פון אָפענעם מאַשין־פענצטער, אַף דער האַנט האָט ער אוועקגעלייגט דעם קאָפּ און איז גאַנץ געשמאַק געשלאָפן. סאָול איסאַקאָוויטש האָט גלײַך אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּעס איז געשען מיט קלאַרען. יאָ, די טיר פון מאַניעס אַרײַנגאַנג איז געווען צעפּראַלט און צוגעשפּאַרט מיט אַ שטיין. סאָול איסאַקאָוויטש האָט פאַרלאָרן אַ טראַכט געטאָן, אַז די אײַנלאַדונג צום גערופענעם אָוונט־ברויט איז איבעריק. ער האָט דערזען, אַז די טיר אין מאַניעס צימער איז אויך אָפן. דעמלט האָט ער זיך געכאַפּט באַ אַן אומזיניקן געדאַנק, אַז ער זאָל בעסער אַנט־לויפן, בעסער זאָל ער גאָר ניט וויסן, אַז ס'איז געשען עפּעס שרעקלעכס, זאָל די בייזע בסורע קומען צו אים מאָרגן, און הײַנט זאָל שוין זײַן, ווי עס דאַרף זײַן, זאָלן אַלע קומען.

פאַרשטייט זיך, אַז ער איז ניט אַנטלאָפן. ער איז אוועק דורכן קאָרידאָר און שטיין גע־בליבן באַ דער צעפּראַלטער טיר פון מאַניעס צימער. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערזען, איז געווען קלאַרעס קאָפּ אַף די ווײַסע קישנס. אַ לײַכט ווינטל האָט באַוועגט אירע האָר. די גלאָז־העגנגערלעך אַף דער ליוסטרע האָבן באַנגלעך געקלונגען. דאָס אַלץ האָט סאָול איסאַקאָ־וויטש זייער גוט געהערט. אַ יונגע דאָקטערן אין אַ ווײַסן כאַלאַט איז געזעסן באַם טיש און געשריבן זייער גיך. קיין רעגעלע האָט זיך די פּען אין איר האַנט ניט אָפּגעשטעלט, און מאַניע איז געווען זייער פאַרטאָן לעבן פענצטער. ער האָט פון אַ קעסטעלע אַרויסגענומען פאַרשיידענע פּראָשקעס, פּילן און פלעשעלעך מיט רעפּועס. סאָול איסאַקאָוויטש איז געשטאַ־נען אין טונקעלן קאָרידאָר און געוואַרט, אַז די דאָקטערשע זאָל ענדיקן שרײַבן. זי האָט שרײַבנדיק אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צו דער טיר און דערזען סאָולן. „איר זײַט אַ קאָ־רעוו?” — מאַניע האָט דאָס דערהערט, אַ קוק געטאָן צו דער טיר, דערזען סאָולן, אָבער ער האָט זיך אַ האָר ניט פאַרוווּנדערט און האָט ווײַטער פאַנאַנדערגעקליבן די רעפּועס.

— יאָ, יאָ, ער איז אַ קאָרעוו, — האָט מאַניע באַשטעטיקט. איבערגעפּלאָכטן די הענט אַפן האַרצן, איז ער צוגעגאַנגען צו סאָולן, און אַזוי זײַנען זיי ביידע געשטאַנען אין טונקעלן קאָרידאָר און געוואַרט, ביז די דאָקטערשע וועט ענדיקן איר אַרבעט.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט באַמערקט, אַז מאַניע איז רויִק. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַפילו קאַלטבלוטיק. דערבײַ האָט סאָול אַ טראַכט געטאָן: „ווייַ, וויי, ער איז ווי קלענער געוואָרן פאַר איין טאָג”. דאָס איז געווען קימאַט אַזוי. מאַניע איז ווי קלענער געוואָרן אין וווּקס און איז ווי אײַנגעשרומפּן געוואָרן. אַלץ אין צימער איז אויך קלענער געוואָרן, אַלץ האָט ווי פאַרלאָרן די מאַמאָשעס. גרינג און קאַלט האָבן אויסגעזען קלאַרעס האָר, וואָס דאָס ווינטל האָט באַוועגט. אויך דער טישטעך אַפן טיש האָט זיך באַוועגט און איז איבעריק גע־וואָרן. עס האָט זיך געדוכט, אַז די לאַנדישן, וואָס שטייען אין אַ גלאָז וואַסער, זײַנען ווי צוגעדעקט מיט שניי. ווי לענגלעכע שטיקלעך אײַז האָבן אויסגעזען די צעבראָכענע אַמפּול־קעס, וואָס זײַנען געלעגן אין אַ שאָל. בלויז די שטול, אַף וועלכן קלאַרע איז טאָמיד געזעסן אין אַרומגעלייגטע מיט צוגעפּלעטשטע קישעלעך, אַף וועלכע דאָס אויסגענייעכץ האָט זיך אָפּ־געריבן, בלויז די שטול האָט אויסגעזען וואַרעם און מאַטעריעל.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט זייער געוואָלט טרינקען און זיך אוועקזעצן, נאָר ער האָט ניט געוואַגט צו זיצן אין דער דאָקטערשעס אָנוועזנהײַט. ענדלעך האָט זי געענדיקט שרײַבן, פאַרשרויפט דאָס הענטלפען, עס אַרײַנגעלייגט אין קעשענע פון כאַלאַט און, באַהאַלטנדיק איר פאַרלעגנהײַט און זאָרג, צונויפגעלייגט דאָס פּאַפּיר, וואָס זי האָט געשריבן, און געוווּנטשן מיט אַ קינדערש געלעכטערל:

— צום ווידערזען!

זי איז צוגעגאַנגען צום געלעגער, ווידעראַמאָל זיך צוגערירט צו קלאַרעס דויפעק און באַדויערנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ערשט די טעג איז זי דאָך געזעסן און האָט געשמייכלט, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געזאָגט, בײַס די דאָקטערשע איז אוועקגעגאַנגען, — דאַכט זיך, נאַרוואָס איז עס געווען, — האָט ער איבערגעכאַזערט. סאָול איסאַקאָוויטש האָט זיך דערמאָנט, ווי מילד קלאַרע איז זיך מיט אים באַגאַנגען, און ער האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן, ווײַל עס האָט זיך אים געוואָלט א געשריי טאָן, אופהייבן די הענט און שרײַען אַף א קאָל, ווי עס פלעגן שרײַען און יאָמערן לעבן א באַרמינען די אַלטע לײַט פון קאַדימע.

— אַלע זײַנען מיר באַם סאַמע ראַנד, אַלע זײַנען מיר שוין זייער־זייער נאָענט, און מיר זײַנען גרייט. מאַלע וואָס זי האָט געשמייכלט מיט צוויי טעג צוריק, — האָט מאַניע געזאָגט מיט א האַרטער, שאַרפער שטים.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט אים געטרייסט:

— וואָס קאָן מען טאָן, מאַניע? אַזוי איז דאָס לעבן.

— סוליע, דער טויט, דער טויט איז דאָס, און ניט דאָס לעבן, — האָט שטיל צו אים גע־שעפּטשעט מאַניע און מיט שרעק א קוק געטאָן אַף קלאַרען, צי האָט זי ניט געהערט זײַנע ווערטער. נאָר זי האָט שוין ניט געקאָנט הערן, זי איז געווען אויסערן לעבן.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט געקוקט אַף די בלויע ליפּן פון דער שטאַרבנדיקער, אַף אירע האָר, וואָס האָבן זיך באַוועגט באַ איר שטערן, און אַף אירע פאַרכאַלעשטע הענט.

„אוי ווי, און נאָכאַמאָל ווי איז אונדז, — האָט אין סאָול איסאַקאָוויטשעס האַרץ געיאָ־מערט, ווי ס'האָבן געיאָמערט די אַלטע לײַט אין קאַדימע. — ווינד איז מיר! פאַרוואָס דאַרף אַזוי פרי פאַלן באַם ראַנד פון אָפּגרונט אונדזער צאַרטע, מילדע קלאַרע? גרויס איז אונדזער אומגליק!"

מאַניע האָט גענומען סאָול איסאַקאָוויטשן באַם עלנבויגן און אים געזאָגט:

— סאָול, הער, וואָס איך בעט דיך, רוף גרישען צו מיר.

— דו ווילסט, גרישע זאָל קומען?

— יאָ, סאָול. איך האָב געשיקט א שכיינע צו זוניען. זוניע וועט באַלד קומען. און דיך בעט איך, רוף צו מיר גרישען.

מאַניע האָט געקוקט אין ווינקל, וווּ ס'איז געשטאַנען דער אָפּגעריבענער בעזעם, און האָט געשוויגן. נאָכדעם האָט ער אַרויסגעפירט סאָול איסאַקאָוויטשן אין טונקעלן קאָרידאָר, ער האָט זיך דערנעענטערט מיט זײַן פּאָנעם צו סאָול איסאַקאָוויטשעס פּאָנעם און שטיל גע־פּרעפּלט:

— סוליע, זי שטאַרבט! יעדער רעגע קאָן זי שטאַרבן, דו פאַרשטייסט? זי איז שוין מער דאָרטן ווי דאָ. איך וויל, מיר זאָלן הײַנט זײַן אַלע אײנײנעם. איך ווייס, אַלע האָבן זיך גע־דאַרפט הײַנט באַ דיר צונויפקלײַבן...

— פאַרוואָס טראַכסטו, אַז זי וועט פונקט הײַנט שטאַרבן?

— אוי, ווי איז מיר, דו ווייסט דאָך, וואָס פאַר א גוט האַרץ זי האָט געהאַט, אָבער איר האַרץ איז געווען א שוואַכס. גוואַלד, קלאַרע, קלאַרע! וואָס פאַר אַן אומגליק עס האָט זיך אַף מיר גענומען? ווײַן, פאַרוואָס ווײַנסטו ניט, סוליע?

— פונדעסטוועגן דאַרף מען האָפן. ווער קאָן וויסן? די דאָקטערשע האָט דיר געזאָגט. וואָס פאַרשטייט זי? ווער קאָן וויסן?

— איך ווייס, סוליע.

מאַניע האָט זיך פאַרהוסט. מיסטאַמע האָט ער זיך פאַרהוסט דערפון, וואָס ער האָט אַלעמאָל געריידט הויך און איצט האָט ער געפּרעפּלט. ער האָט א ביסעלע געשוויגן, אָפּגערוט זיך און גענומען ריידן ווי צו זיך:

— מײַן קלאַרע שטאַרבט. עס שטאַרבט מײַן קלאַרע. מײַן ראַכל, מײַן לעבן... כ'דאַרף אַרויסרופן כײַען פון קעשענעוו. סאָול, רוף צו מיר גרישען.

— איך וועל אים זאָגן, שטאַרק זיך, מאַניע! איך בין זיכער, אַז קלאַרע וועט געזונט ווערן, נאָר איך וועל רופן גרישען...

סאָול איסאַקאָוויטש איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער און האָט אומגערן א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר גאַנץ שטאַרק. אָבער מאַניע האָט גלײַך די טיר ווידער געעפנט, ווײַל אין צימער האָט געדאַרפט זײַן א סאַך פרישע לופט.

„אוי, ווי איז מיר, קלאָגט אַלע, קלאָגט! נאָך מיט א פּאָר טעג צוריק האָט זי געשמייכלט מיט איר טײַער, זעלטן שמייכעלע, און איצטער וועט זי ניט ווערן. ווינד און ווי איז צו אונדז, פינצטערער גורל!" — האָט אין מאַניען געיאָמערט, ווי עס פלעגן יאָמערן פאַרצײַטן יידן באַ א באַרמינען.

## א מיליאָן אַנטשולדיקונגען

— אײַער קאַרעוו גארי סטײַן וועט אינגיכן קומען. מע האָט אים אַוועקגעפּירט ווײַזן דעם האָפן איליטשאָווסק. זיצט אַ ווײַלינקע, רוט אײַך אָפּ.
סאָול איסאַקאָוויטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, און ער האָט זייער געוואָלט, מע זאָל אים דערלויבן זיך צולייגן אויף דער סאָפקע אונטער די געפּלעקטע בלעטער פון עפּעס אַ טראָפּיש געוויקס. אויף דער סאָפקע וואָלט געווען באַקוועם צו וואַרטן אויף גרישען, נאָכדעם וואָלט מען געקענט מיט גרישען אויסטרינקען אַ פלעשל מינעראַל־וואַסער.
— צום באַדויערן, האָב איך קיין צײַט ניט, — האָט סאָול געזאָגט צו דער זייער ליבער דאַמע. — איך וואָלט געדאַרפט אין צעטעלע, — איר האָט ניט פאַרגעסן, איך האָב אײַך גע־לאָזט אַ צעטעלע, וואָלט איך געדאַרפט אַרײַנטראָגן אַן אויסבעסערונג.
די גרויסאַרטיקע דאַמע, די דאַמע פון זעלטענעם געדולד, האָט אים דערלאַנגט דאָס צעטעלע מיטן דורכזיכטיקן הענטלפן, ווו ס'איז געשוווּמען דאָס ליאַלקעלע. סאָול איסאַקאָ־וויטש האָט אָנגעשריבן: „גרישאַ! אַן אומגליק! מיט קלאַרען איז שלעכט! גיי אהין!".
סאָול איסאַקאָוויטש האָט אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „אומגליק", האָט צוניפגעלייגט ביידע צעטעלעך. איינס האָט ער אַרײַנגעלייגט אין קעשענע, דאָס צווייטע געגעבן דער אָפּ־זעערן. צי איבער דער צאָרע מיט קלאַרען, צי איבער דעם, וואָס ער איז שוין געווען שטאַרק מיד, נאָך דאָס צעטעלע, וואָס ער האָט אַפּסניי אָנגעשריבן, האָט ער אַרײַנגעלייגט אין קע־שענע און דאָס פּריערדיקע געלאָזט בא דער אָפּזעערן. דערזען האָט ער עס דאָרטן, ווו דער טראַמוויי שטעלט זיך אָפּ, בייס ער האָט געדאַרפט אַרויסנעמען פון קעשענע דרײַ קאָפּקעס.
„אויב אַזוי, איז עס אַ באַשערטע זאַך. זאָל אַזוי בלײַבן. און איך גיי מיר אַהיים".
— סוליע, ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג? איך דאַרף ברויט, איך דאַרף זויערע אוגערקעס פאַרן סאַלאַט! איך קאָן זיך דאָך ניט צערײַסן!
— קאָנסט זיך ניט באַגיין אָן אַ סאַלאַט?
— דו זאָג מיר בעסער, דו גייסט, אָדער איך זאָל אַלץ וואַרפן און גיין אַליין נאָך אוגער־קעס! — האָט רעוועקע געדראָעט.
— איך בין אַ באַלן צו וויסן, איך קאָן אויסטרינקען אַ ביסל וואַסער און זיצן עטלעכע מינוט אין מײַן אייגענער שטוב? — האָט סאָול איסאַקאָוויטש אַפּהענטיק געפרעגט.

## א טשעמאָדאַן געבראָטענע קאַרטאָפל און אַ פּריילעכס

אַך, וואָס פאַר אַן אָוונט עס האָט זיך באַקומען, וואָס פאַר אַ געראָטענער ווילער אָוונט! אַלע האָבן זיך צונויפגענומען זייער גיך, מ'האָט זיך געפּרייט איינער מיטן אַנדערן, מ'האָט זיך אויסגעזעצט אַרום דעם צערוקטן טיש ניט אַזוי דערפאַר, וואָס ס'זײַנען געווען אַ סאַך מענטשן, ווי דערפאַר, וואָס ס'איז געווען אָן אַ שיר געריכטן. ס'איז געווען אַ וווּנדערלעכער אָוונט, קיינער האָט אים ניט פאַרוואָלקנט מיט אַ טרויעריק וואָרט, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז מיט קלאַרען איז שלעכט.
די ערשטע איז געקומען מאַניע. מ'האָט געדאַרפט זען, ווי אומגעצווונגען זי האָט זיך צעקושט מיט איר שוועגערן, מיט רעוועקען! מ'האָט געקאָנט קלאַרען, אַז זי האָט קיינמאָל אין איר לעבן ניט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט „צעדרייטע". מאַניע האָט גלײַך זיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ האַנטעך אָנשטאָט אַ פאַרטעך און האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ווען סאָול איסאַ־קאָוויטש איז אַרײַנגעגאַנגען אין קיך אַ קוק טאָן, וואָס אַזוינס טוט דאָרטן דאָס ווײַב מיט דער שוועסטער, האָט ער געקוועלט פון נאַכעס — ביידע זײַנען זיי געשטאַנען און גערייניקט הערינג. דערנאָך האָבן זיי געבראָקט ציבעלעס און אוגערקעס פאַרן סאַמע מאָדערנעם סאַלאַט, וואָס מע רופט „אָליוויע". זיי האָבן ביידע אויסגעזען אַזוי פרײַנטלעך און שטיל, אַז ער האָט אויסגעזונגען „מי קוזניעצי אי דוך נאַש מאָלאָד!".
— אָ, — האָט געזאָגט ריוווע, בראַקנדיק מיטן מעסער אָן אוגערקע, — מאַניע, הער זיך נאָר צו, דײַן ברודער איז מאַמעש אַן אָפּערע־זינגער.
אויף דער פענצטער־ברעט, אויף אַלע טאַבורעטקעס זײַנען געשטאַנען שיסלען מיט פאַר־שיידענע געריכטן, וואָזעס מיט געבעקס. סאָול איסאַקאָוויטש איז געשטאַנען צווישן די בײַ־שטידלעך, ווי ער פלעגט עס טאָן אַמאָל, ווען ער מיט ריוווען זײַנען נאָך געווען יונג און ער האָט ליב געהאַט צו קוקן, ווי זי פּאָרעט זיך אין קיך.

— נעכטן בין איך געווען אפן מאַרק, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש דערציילט, זיך הוידענ־דיק פון איין בײַשטידל צום אַנדערן, — און איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז איך האָב דאָרטן געהאַט אַ היסטאַרישע באַגעגעניש. איר קענט גלייבן, מײַנע טײַערע, איר קענט ניט גלייבן, — ער האָט סוידעספּול אַ שמייכל געטאָן, — איך האָב געקויפט כריין, טרעפט בײַ וועמען? בײַ יענער מומען פון „יאַסנײַע אָקנאַ", פון דער זעלבער קאָמפּאַניע!

— פון וואָס פאַר אַ קאָמפּאַניע? — רעוועקעס מעסער האָט אַ בליאַסק געטאָן.

— פון דער זעלבער קאָמפּאַניע.

— וואָס האָט דיך מיט מישען, אַלעוואַהאַשאַלעם? — האָט ריווע געפרעגט און זיך ווי פאַרהאַקט, ווײַל זי און מאַניע האָבן קיינמאָל דעם נאָמען מישע ניט אַרויסגעבראַכט פון זייערע מײַלער.

— יאָ, די, וואָס האָט, אַלעוואַהאַשאַלעם, מישען און מיך... ווי זאָל איך אײַך דאָס זאָגן? כ'וועל אײַך דאָס זאָגן, ווי מע זאָגט אין אַמעריקע: זיי האָבן אונדז גאַלינטשעוועט, — האָט זייער טרויעריק און באַנגלעך געזאָגט סאָול איסאַקאָוויטש קעגן זײַן ווילן, ווײַל ער האָט עס געמיינט צו דערציילן ווי אַן אַנעקדאָט.

— הער אויף, ברודער, עס האָט זיך דיר אויסגעוויזן.

— סטײַטש, עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן! וואָס ווילסטו זאָגן, שוועסטער, אַז איך בין כאָסערדייע, איך דערקען שוין קיין מענטשן ניט? — סאָול איסאַקאָוויטש האָט ניט אַריבער־געטראָגן, אַז מע האָט אים ניט געגלייבט. — אַ שיינע מײַסע. דו דערלויבסט זיך מיך אָנצו־רופן אידיאָט.

— נו וואָס האָסטו זיך באַליידיקט, ברודער, כ'האָב עס געזאָגט גלאַט אַזוי.

— דאָס איז שוין עמעס כאַזערײַ, מײַן טײַערע. איך דערצייל דיר, אַז איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען אַ מענטשן, גלייבסטו מיר ניט, אַקוראַט ווי כ'וואָלט געווען אַן אידיאָט! פרעג איך דיך, וואָס הייסט עס? ענטפערסטו גלאַט אַזוי. אוי, ווײַבער, ווײַבער, וואָס וואָלטן מיר אָן אײַך געטאָן! ניט אומזיסט זאָגט מען: בייס גאָט האָט באַשאַפן אָדעמען, האָט ער זיך געמוזט אָפּרוען. אָבער אַז ער האָט באַשאַפן כאַוען, האָט שוין קיינער ניט גע־קאָנט רוען!

מאַניע האָט מיט גרויס טרויער אַ קוק געטאָן אויפן ברודער. זי האָט מיטן מעסער אַראָפּ־געשאַרט פון ברעטעלע אין שיסל די אָנגעשניטענע קאַרטאָפּליעס, דערנאָך צו אים געזאָגט:

— מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען גאָר אין אַן אַנדער לעבן... מיר זײַנען שוין אַזוינע אַלטע. אָך, ווי אַלט מיר זײַנען!

— ווער־ווער, נאָר וועגן דיר קאָן מען ניט זאָגן, אַז דו ביסט אַן אַלטע! עמעס, רעוועקע? — און ער האָט צוגעפּינטלט דעם ווײַב. מאַניע איז איצט געווען זייער אויסגעפּוצט: אין אַ שניי־ווײַסער בלוזקע, מיט דער בראָשקע, וואָס גרישע האָט איר געשענקט. אין די לאַקיר־טע טופליעס אַף הויכע קנאַפּל, אָסער צי זי האָט היינט געוואָלט זײַן אַלט! — אָבער ס'איז שוין צײַט געווען. וויפל איז אַ שיר אויסצוזען יינגער און בעסער פון אַלעמען!

— יאָ, סאָליע איז גערעכט, — האָט צוגעשטימט רעוועקע, — דו זעסט אויס זייער גוט, מאַניע. און וואָס איז דער וווּנדער? דו שטייסט ניט גאַנצע טעג אין קיך. ווען איך וואָלט געלעבט אַליין און נאָר פאַר זיך, וואָלט איך אויך אויסגעזען אַ סאַך בעסער און יינגער.

„ס'איז שוין העכסטע צײַט, די געסט זאָלן קומען" — האָט אַ קלער געטאָן סאָול איסאַקאָ־וויטש, און פּונקט אין דער מינוט האָט מען אָנגעקלונגען. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט די הענט פון די בײַשטידלעך און איז אַוועק עפענען.

גרישע!

און ניט פּראָסט גרישע, גרישע מיט אַ מוירעדיקן טשעמאָדאַן, מיט אַן אויסלענדישן, אומבאַשרײַבלעכן געקעסטלטן טשעמאָדאַן.

— מע האָט דיר איבערגעגעבן מײַן צעטעלע?

— מע האָט מיר איבערגעגעבן דײַן צעטעלע!

— דו האָסט אַליין געשלעפּט דעם טשעמאָדאַן?

— איך? פאַרוואָס עפּעס זאָל איך שלעפּן אַליין אַזאַ טשעמאָדאַן? איך בין געקומען מיט אַ טאַקסי, און דער שאָפער האָט אַרופגעבראַכט דעם טשעמאָדאַן!

— דו ביסט אַ בורזשוי!

— היי, דאָרטן אויבן! פאַרמאַכט ניט די טיר! — דאָס האָט געשריִען פאַניע. און אָט איז זי אַרײַנגעגאַנגען מיטן מאַן. בײַ איר מאַן, בײַ סאַשען, האָבן ביידע קעשענעס פונעם רעקל געשטאַרצט, ווײַל ער האָט דאָרטן זייער מילד, נאָענט לעבן האַרצן באַוואָרנט צוויי פלעשער מיט לעכאַיִם.

— מײַן עלטערע טאָכטער, מײַן עלטערער אײדעם!
— אַ׳קײן! זײער אַנגענעם!
— װוּ איז שוריק? — האָט אומרוזיק געפרעגט סאָול איסאַקאָװיטש.
— ער איז אַװעק נאָך דעם מײדל.
— זי װעט קומען?
— שוריק האָט געזאָגט, אַז יאָ.
יאָ, זי איז מיט מאַזל געקומען! די פֿרױען האָבן ניט באַװיזן אַלץ אַרױפֿשטעלן אױפֿן טיש, די מאַנצבלען קוים אױסטרינקען דאָס דריטע גלעזל קאָניאַק, װי דאָס גלעקל האָט אַ קלונג געטאָן פֿיר מאָל, קורץ און אָפּגעהאַקט, װי שוריק פֿלעגט טאָמיד קלינגען. סאָול איסאַקאָװיטש האָט איבערגעלאָזט גרישען און האָט אַװעקגעיאָגט צו דער טיר.
— זײַ באַקענט, אירע, מיט מײַן זײדן, — האָט שורקע פֿאָרגעלײגט.
סאָול איסאַקאָװיטש האָט אַ טרײסל געטאָן דאָס דאַרע מײדלשע הענטל און האָט זיך דערשראָקן, אַז ער האָט עס צו שטאַרק אַ טרײסל געטאָן. ער האָט עפּעס געװאָלט זאָגן, עס זאָל פּאַסן צו דעם פֿאַל, נאָר ער האָט זיך פֿאַרלאָרן, אַרױסגעשלעפּט פֿון קעשענע דאָס גאָל־דיק־רױטע טיכעלע, װאָס ער האָט באַ גרישען אױסגעבעטלט, און מיט דעם אױסגעװישט דעם פֿאַרשװיצטן שטערן.
— אױ, װאָס פֿאַר אַ טיכעלע, עס פּיקט זיך! — האָט שורקע מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם פֿון קינע אױסגעשרִיען. — זײדע, גיב מיר עס אַװעק, זײדע! — און שורקע האָט אַרױסגעשטעלט אַ פֿוס, פֿאַרהױבן די קאָלאָשע פֿון די הױזן, סאָול איסאַקאָװיטש זאָל זען, אַז זײַנע שקאַרפּעט־קעס זײַנען רױטע. לעבן שורקעס פֿוס איז געלעגן דאָס צעטעלע, װײַל סאָול איסאַקאָװיטש האָט עס אַרױסגעשלעפּט אײנײנעם מיטן טיכעלע. שורקע האָט עס אױפֿגעהױבן, האָט זיך אָפּגערוקט פֿון סאָול איסאַקאָװיטשן און פֿאַרגעלײענט אױף אַ קאָל:
— „גרישע! אַן אומגליק!”
— גיב עס אַהער! — האָט באַפֿױלן סאָול איסאַקאָװיטש.
— אָבער דו גיב מיר דאָס טיכעלע, — האָט שורקע זיך ניט פֿאַרלאָרן.
— נעם עס!
שורקע האָט אַ נעם געטאָן דאָס טיכעלע, אַװעקגעגעבן דעם זײדן דאָס צעטעלע און געזאָגט צו אירקען:
— מײַן זײדע איז שױן אײנמאָל אַ זײדע. ער קען אַפֿילו שרײַבן לידער!
סאָול איסאַקאָװיטש האָט פֿאַר די עטלעכע מינוט באַװיזן אַרומצוקוקן אירקען: קנאָפּעלעך־שפּילקעס, אַ העלינקע, אַ בלאָנדינקע, די האָר צונױפֿגענומען, פֿאַרבונדן און הענגען אַראָפּ, װי אַ „פֿערדישער עק” — די געװױנטע פֿריזור פֿון די גרױסהאַלטערקעס. די באַשײדענע מײד־לעך שערן זיך איצט זײער קורץ „אַ־ליאַ גאַװראָש”, אַ גרין קלײדעלע, געדיכט געקנעפּלט אױפֿן רוקן. גאָטינקע, אין װאָס האַלט זיך דאָרטן די נעשאָמע און די קומענדיקע דורות!
סאָול איסאַקאָװיטש האָט צעריסן דאָס צעטעלע אױף פּיץ־פּיצלעך און עס אַרײַנגעלײגט צוריק אין קעשענע. מער האָט מען אױף קײנעם ניט געװאַרט. אָבער גרישע האָט קײנעם ניט געלאָזט זיך זעצן צום טיש. שורקען מיט אירקען האָט ער געבעטן, זײ זאָלן מױכל זײַן באַ־פֿרײַען די טאַכטאַ, אױף דער טאַכטאַ האָט ער אַרױפֿגעשלעפּט דעם טשעמאָדאַן, אים געעפֿנט און אָנגעהױבן.
די ערשטע מאַטאַנע האָט ער געשענקט רעװעקען — אַ שטיק פֿיאָלעטע דזשערסי אױף אַ קאָסטיום. די פֿרױען האָבן אַזש אַ קרעכץ געטאָן. דערנאָך האָט ער אַרױסגעשלעפּט פֿאַר אַן אַרבל אַ צעשױבערטן סװיטער, אַ װײַסן סװיטער מיט ברױנע הינט איבערן גאַנצן פֿאָרנט. דאָס האָט ער דערלאַנגט סאָול איסאַקאָװיטשן.
— איך האָב געזאָגט מײַן נענסי, קױף פֿאַרשײדענע זאַכן פֿון אַ פֿאַרשײדענער מאָס, דאָרטן װעל איך שױן זען װאָס װעמען עס װעט פּאַסן. עס געפֿעלט דיר, סוליע?
סאָול איסאַקאָװיטש האָט אַרופּגעצױגן דעם סװיטער, ער איז געװען אַ ביסעלע קלײן. אירקע האָט איבערגעצײלט אַלע הינט, ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז זעכצן. דערנאָך האָבן אַלע באַטאַפּט דעם סװיטער, און שורקע האָט איבערגעלײענט דאָס שטיקעלע זײַד, אױף װעלכער ס׳איז געװען אָנגערופֿן די פֿירמע — ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז דער סװיטער איז פֿון קאַ־נאַדע. אַ טונקל־רױט שטיק שטאָף האָט באַקומען מאַניע. ברױנעם שטאָף האָט ער געשענקט פֿאַניען. סאַשע האָט אױך געקראָגן אַ מאַטאַנע. דזשינסעס האָט באַקומען שוריק, און אַ ספּאָרט־קאָפּטעלע אירקע. מיט אײן װאָרט, יעדערער האָט געקראָגן מאַטאַנעס. צולעצט האָט גרישע דערלאַנגט רעװעקען אַ קאָװבאַי־גאַרניטערל פֿאַר אַ ייִנגל פֿון שול־עלטער.
— מיר האָבן דאָך ניט קײן ייִנגלעך, גרישע, — האָט רעװעקע געזאָגט.

— איצט האָבן מיר ניט, דערנאָך וועלן מיר האָבן! — און סאָול איסאַקאָוויטש האָט אַקוראַט צונויפגעלייגט דאָס גאַרניטערל, די קורצע שטיוועלעך און דאָס היטל. ענדלעך איז דער טשעמאָדאַן געווען אויסגעליידיקט. גרישע האָט אַרויסגענומען אַ בײַטעלע, וואָס איז געווען אויסגענייט מיט פּיטשינקע קרעלעכלעך, און עס דערלאַנגט סאָולן. יענער האָט פאַנאַנדערגעעפנט דעם בליך־שלאָס, און ער האָט פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ ווײַסן טוך מיט בלאָע קאַנטן און מיט פּרענדז.

— גרישע, דו ביסט באַם זינען? איך בין אין מײַן לעבן ניט געווען אין בעסמעדרעש!

— פונוואַנען האָב איך געזאָלט וויסן דײַן מאָס און דײַנע איבערצײַגונגען? — האָט גרישע געזאָגט.

מע האָט ווידער אָנגעקלונגען.

— איך וועל עפענען! — האָט סאָול איסאַקאָוויטש אָפּגעשטעלט שורקען, וועלכער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר.

— כ׳וועל ניט דערלויבן, מע זאָל צו גאָרניט מאַכן דעם יאָמטעוו! — זעכצן קאַנאַדער הינט אָפּן סוויטער מיט סאָול איסאַקאָוויטשן אינײנעם זײַנען אוועק צו דער טיר. ער האָט געטײַנעט מיט זיך אַליין: — ס׳איז ניטאָ וואָס זיך צו אײַלן מיט אַ שלעכטער בשׂורה! מע קאָן צוּוואַרטן.

אָבער קיינער איז מיט קיין שלעכטער בשׂורה ניט געקומען. סאָול איסאַקאָוויטש האָט געעפנט די טיר און דערזען זײַן ייִנגערע טאָכטער אַדען מיט איר מאַן סעניען.

— עס האָט זיך שוין געענדיקט דער ספּעקטאַקל?

— מיר זײַנען אוועק נאָכן ערשטן אַקט.

— סאַראַ קלוגע טאָכטער איך האָב! — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געזאָגט און אַ גלעט געטאָן מיט דער האַנט די סטײַע קאַנאַדער הינט אָפּן סוויטער.

— סוליע, דאָס איז דײַן ייִנגערע טאָכטער מיט דײַן ייִנגערן איידעם? אָ׳קיי! זייער אָנגענעם! נאָר וואָס האָב איך אײַך צו שענקען? כ׳האָב שוין אַלץ צעשענקט... — האָט גרישע באַגעגנט סאָול איסאַקאָוויטשעס קינדער.

— וואָס רעדט איר? מיר דאַרפן גאָרניט, מיר האָבן אַלצדינג. ביכלאַל זײַנען מיר בײַ אונדזער טאַטעלען אָפּן לעצטן אָרט, נאָר מיר באַליידיקן זיך ניט. מיר האָבן אַלצדינג. עמעס, טאַטע?

אַלע האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש.

דער גאַנצער צימער איז געווען פול מיט רייד.

— מומע מאַניעטשקע, סאַראַ שיין בלוזקעלע דו טראָגסט! דאָס איז פון אַמעריקע? — האָט אַדע געפרעגט.

— ניין, אַדעלע, דאָס איז ניט פון אַמעריקע, דאָס איז פון דער „טאַלקוטשקע“.

— וויפל קאָסט?

— דו ווייסט, נעבעך, ניט קיין פּרײַזן? ווער־ווער, נאָר דו ווייסט אויסגעצייכנט, וויפל וואָס עס קאָסט!

— מײַן מומעלע איז אַ גווירנטע.

— וואַרט נאָר, איר האָט גאָרנישט ניט דערציילט וועגן דער אָפּערעטקע. ווי האָט הײַנט געשפּילט קראַסילניקאָוו?

— קראַסילניקאָוו איז אַלעמאָל קראַסילניקאָוו, — האָט אַדע אינײנעם מיטן מאַן אין דער זעלבער מינוט אַרויסגערעדט. אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

אַך, וואָס פאַר אַן אָוונט עס האָט זיך באַקומען! גרישע האָט געפּליעסקעט מיט די הענט, ווען ער האָט פאַרזוכט די געפילטע פיש. ער האָט אַלעמען געהייסן פּאַטשן בראַוואָ, ס׳איז געווען מוירעדיקע אַפּלאָדיסמענטן. דערנאָך האָבן זיך אַלע געבייגט פאַר רעוועקען, ווי פאַר אַן אַרטיסטקע. מע האָט אויך אַפּלאָדירט די געבראָטענע הינדלעך, מע האָט געזונגען „ציפּליאַנאָק זשאַרעני“ — צום גרויסן וווּנדער האָט גרישע געדענקט אַלע ווערטער פון דער דאָזיקער ליד.

אירקע האָט גאָרניט געגעסן. זי איז געזעסן לעבן סאָול איסאַקאָוויטשן, און ער האָט אָנגעקוועלט פון איר גריוועקע, פון אירע גרויע אייגעלעך מיט די געפּאַרבטע ווינעס. שוריק האָט גאָרניט געזען. אָבער סאָול איסאַקאָוויטש האָט געזען, אַז אירקען איבלט.

זי האָט אַרויסגעכאַפּט פונעם שטיקל געפילטע פיש די געפּרעגלטע ציבעלעס און מיט עקל דאָס אָפּגעלייגט אין אַ זײַט, אָפּן ראַנד פונעם טעלער. די פיש האָט זי ניט געקענט עסן. אין די געשמאַקע פּירעזשקעס איז, צום באַדויערן, אויך געווען ציבעלע, פון וועלכער אירקען האָט געשלאָגן צו דער גאַל. סאָול איסאַקאָוויטש האָט אַרײַנגעסוידעט אירקען אין אויער, אַז

באלד וועט מען געבן געבראָטענע הון. דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, נאָר רעוועקע האָט דאָס געבראָטנס געשניטן און געטיילט, ווי זי האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק. סאָול איסאַקאָוויטשן און אירקען האָט זי געגעבן די הינערשע העלדזלעך, טרוקן אויסגעבראָטענע, צעקרימטע. „רעוועקע בלײַבט רעוועקע, דאָ קאָן מען גאָרנישט מאַכן", — האָט מיט באַדויערונג געטראַכט סאָול איסאַקאָוויטש.

עפּעס האָט מען געדאַרפֿט טאָן. אירקע האָט געוואָלט עסן.

— גאָט האָט צוגעטראַכט עסן, און דער טײַוול אַלע קעכערס, — האָט אינדערשטיל, אַז רעוועקע זאָל ניט הערן, געזאָגט סאָול איסאַקאָוויטש צו אירקען. — ווער דאַרף עס האָבן די אַלע איידעלע מײַכאָלים? מע דאַרף עסן דאָס סאַמע איינפֿאַכע. די מילכאָמע האָט באַוויזן, אַז ברויט, קאַרטאָפֿל און נאָך עפּעס איז שוין גענוג. צו וואָס איז די גאַנצע אויסטראַכטעניש? וואָס אָפּלאָדירן זיי? וואָס, אַשטייגער, עס איך? אַ געזאַלצענע אוגערקע מיט ברויט. וואָס דאַרף מען זיך באַלעווען? — ער האָט געוווּסט, אַז אַ פּרווו אַף דער צײַט וועט זיך ניט אָפּזאָגן פֿון אַ זויערער אוגערקע. סאָול איסאַקאָוויטש האָט געמיינט, אַז אין קיך איז נאָך געבליבן אַזאַ זאַך. — עפּשער וועסטו עסן אַ שטיקל אָפּגעקאָכט פֿלייש מיט זענעפֿט?

זי האָט ניט אויפֿגעהויבן די אויגן פֿונעם טישטעך, סאָול איסאַקאָוויטש האָט געקוקט, ווי זי דראַפּעט מיטן געפּאַרבטן נאָגל דעם טישטעך, און ער האָט געפֿרעגט:

— נו, וואָס האָסטו ליב, שאָקאָלאַד, מאַרמעלאַד? וואָס וואָלסטו געוואָלט, מע זאָל דיר די מינוט דערלאַנגען?

— געבראָטענע קאַרטאָפֿל, — האָט ווי אַרויסגעקרעכצט דאָס מיידל, און אירע גרויע אויגן האָבן אַ פֿלי געטאָן פֿון אונטער די ווײַעס און זײַנען דאָרטן פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.

— דו מיינסט געוויס געבראָטענע קאַרטאָפֿליעס אַף בוימל? און אַ שטיקעלע קאָרן ברויט, — אירקע האָט באַגיטיקט: געשאָקלט מיטן קאָפּ, — אויב אַזוי, אירעטשקע, זאָלסטו אין פֿינף מינוט אַרום זײַן אין קיך.

וויפֿל דאַרף געדויערן אָפּרייניקן דרײַ־פֿיר קאַרטאָפֿל, רונד אָנשנײַדן מיט אַ שאַרף מעסער? ווען אירע איז אַרײַנגעגאַנגען אין קיך, האָט זי גיריק אַרײַנגעצויגן די לופֿט מיט די נאָזלעכער, ווײַל די קאַרטאָפֿליעס האָבן זיך שוין געבראָטן און עס האָט זייער געשמאַק געשמעקט. סאָול איסאַקאָוויטש האָט אָנגעגאָסן וואַסער אין טשײַניק, ווײַל ער האָט גוט געוווּסט, אַז זיסע טיי נאָך געבראָטענע קאַרטאָפֿליעס איז אַ מעכײַע. ער האָט אָוועקגעשטעלט דעם טשײַניק. אירע האָט געוואָלט איבערמישן די קאַרטאָפֿליעס אַף דער סקאָוורעדע, נאָר סאָול איז צוגעשפּרונגען צו איר און אַ געשריי געטאָן:

— פֿאַר קיין פֿאַל ניט! איך וועל דיך אויסלערנען, ווי־אַזוי מע דאַרף דאָס טאָן!

אירע האָט אַוועקגעלייגט דאָס מעסער און פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט סאָולן. ער האָט געזען, לויטן אויסדרוק פֿון איר פּאָנעם, אַז זי וועט קיינמאָל קיינעמס אייצעס ניט הערן. נאָר פֿונדעסטוועגן האָט ער געזאָגט:

— לערן זיך, ס'וועט דיר צוניץ קומען!

ער האָט איבערגעמי'שט די געבראָטענע קאַרטאָפֿליעס, וואָס האָבן זיך צוגעפּגעבאַקן אין איין שיכט, און געגעבן אַ קער איבער מיט דער צוגעברוינטער דורכזיכטיקער זײַט אַרויף. זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן מיט דאַנקבאַרקײַט. סאָול איסאַקאָוויטש האָט אין געדאַנק זיך געווונטשן, אַז דאָס אָרײנינקל, וואָס זי וועט אים געבאָרן, זאָל זײַן ענלעך צו איר און ניט צו זײַן אייניקל שורקען מיט די דיקע לעפּצן. זי האָט געגעסן שטייענדיק, פֿון דער סקאָוורעדע, אַלע ווײַלע געבלאָזן אַף די הייסע קאַרטאָפֿל, אירע אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט פֿײַכטקײַט פֿון האַנאָע און אַף דער קין האָט זיך באַוועגט אַ קיינפּינטל, ניט קלענער פֿון אַן אַרבעס. סאָול האָט איר צוגעטראָגן אַ גרין עמאַלירט טעפּעלע מיט טיי. ער האָט געקוקט, ווי זי עסט, און געשוויגן. און ווען זי האָט גענומען מישן מיטן לעפֿעלע אין טעפּעלע, האָט ער צו איר געזאָגט:

— דו ביסט אונדז אַלעמען זייער געפֿעלן געוואָרן, מיידעלע טײַערס, — זי האָט אים אַ רעגע אָנגעקוקט. — קוק ניט אַף מיר, מיר פֿרייען זיך זייער. וואָס שורקע האָט אויסגעקליבן דיך און ניט קיין אַנדערע. אונדזערע האָבן שוין מיר געזאָגט. שורעס באָבע און שורעס מאַמע און זײַן שטיפֿטאַטע — אַלע זײַנען זייער צופֿרידן. וועגן מיר איז אָפּגערעדט, געפֿעלסט מיר זייער. וועסט לאַכן, אָבער שטרענג נאָר צווישן אונדז — דו ביסט ענלעך אַף איינער אַ באַקאַנטער מײַנער, מע האָט זי גערופֿן סאָניע קיטײַגאָראָדסקאַיאַ, זי איז שוין געשטאָרבן. דאָס איז געווען זייער לאַנג, זי איז מיר אַזוי געווען צום האַרצן. זי האָט געהאַט אַקוראַט אַזאַ קיינפּינטל, ווי דו. אירע האָר זײַנען געווען אַ ביסעלע ליכטיקער. אָבער דײַן ענלעכקײַט האָט מיך פּאַשעט



געפּלעפּט. זי האָט געהאַט זעקס זין, זעקס קינדער, און אַלע יונג־לעך. ווי געפֿעלט עס דיר? זי איז געווען איינע פֿון די גליקלעכסטע פֿרויען אויף דער וועלט. די זין האָבן זי פֿאַרגעטערט. צוויי האָבן צום באַדויערן, אוועקגעלייגט די קעפּ אויף דער מילכאָמע, פֿיר לעבן. אויסגעצייכנטע זין!

אירקע האָט געשוויגן, ניט אויפֿ־געהויבן די אויגן פֿונעם גרינעם עמאַלירטן טעפּעלע מיט דער טיי, זי האָט אוועקגעשטעלט די פֿיס אין די ווײַסע טופֿליעס מיט די שמאָלע בנזלעך אויפֿן לײַסטל פֿון שטול.

„מיסטאַמע האָב איך איבער־געכאַפּט די מאָס מיט די זעקס זין", — האָט געטראַכט סאַול איסאַקאָוויטש, נאָר ער האָט שוין פֿאַרלאָרן די מאָס און ניט געקענט זיך אָפּשטעלן.

— די גאַנצע זאַך שטעקט דער־רין, וואָס מע דאַרף זײַן אַנט־שלאָסן. סאָניע קיטײַגאָראָדסקאַיאַ האָט דעם ערשטן זון געבוירן צו זיבעצן יאָר. איך מיין, אַז ס'איז זייער גוט צו געבוירן קינדער, ווען מע איז יונג. איך בין צופֿרידן, וואָס מײַן אייניקל שורע וועט אייניקן האָבן אַ ווײַב.

אירקע האָט זיך אײַנגעקוקט און זיך צעשמייכלט זייער פֿריידיק.

— איך וועל דיר זאָגן, טײַערינקע, ווען איך וואָלט געהאַט אַ פֿעסטערן כאַראַקטער, וואָלט איך מײַן לעבן געבויט גאָר אַנדערש. די ערשטע זאַך, וואָלט איך ניט געלעבט אין קיין גרויסער שטאָט. אָך, ווייס איך אַ קלענערע שטאָט, אַן עמעסער גאַניידן! עפּשער ביסטו דאָרטן געווען? אַמאָל האָט זי געהייסן אַקערמאַן.

— ניין, איך בין ניט געווען אין אַקערמאַן.

— איז אָט, ווען איך וואָלט געווען פֿעסטער בײַ זיך, וואָלט איך זיך באַזעצט אויפֿן ברעג פֿון לימאַן. לאַך ניט פֿון מיר. און איך וואָלט געהאַט אַ בלויז שיפֿל מיט אַ געל זוניק זעגל. איך וואָלט געהערט, ווי דער ווינט פֿײַפֿט אין מײַנע אויערן, דעם געשריי פֿון מעוועס און דער דניעסטער־לימאַן וואָלט געשוימט אַהינטער מײַן שיפֿל, — האָט סאַול געטרוימט אויף קאָל. ער האָט נאָך געהאַט אין זינען צו זאָגן אירקען וועגן אַ פֿלינק פֿערד, וואָס יאָגט איבער די בײַ־אַדעסער סטעפּעס. נאָר ריווע איז אַרײַנגעגאַנגען אין קיך מיט אַ גאַנצער באַטאַרייע טעלער:

— וואָס זיצט איר דאָ אַזוי פֿאַריאָסעמט? — האָט זי געפֿרעגט.

— מיר טרינקען טיי און שמועסן.

— באַלד גיב איך אַלעמען טיי. איר קאָנט ניט צוּוואַרטן? — האָט רעוועקע זיי געמר־סערט, אוועקגעשטעלט די שמוציקע טעלער, דערגאַנגען ביז פֿול דעם טשײַניק, אים אוועקגע־שטעלט אויפֿן גאַז, און איז גיך אַרויס פֿון קיך.

— געוויס איז הײַנטיקע צײַטן שווער צו האָבן זעקס קינדער. ס'איז גאָר איצטער אַזאַ מאָדע ניטאָ, — האָט סאַול ווידער אָנגעהויבן, ווײַל אירקע האָט געשוויגן, און ער האָט גע־צווייפֿלט, צי וועט טאַקע האָבן אַן אורייניקל פֿאַר אים.

— וואָס עפּעס זיצט איר אין קיך? — האָט געפֿרעגט סאַשע, שוריקס שטיפֿטאַטע. ער איז געווען גוט אונטערן גלעזל און גאַנץ פֿריילעך, דאָס האָט אים ריווע געגעבן אַן אַרבעט, ער זאָל אויסטרייסלען דעם טישטעך.

— איר סוידעט זיך. באַלד וועט מען גיין טאַנצן, — האָט אָנגעזאָגט סאַשע, און זײַן פּאָנעם האָט געבליט פֿון די אויסגעטרונקענע צוויי הונדערט גראַם, קעדיי עס זאָל פּאַרוועלקט

ווערן פון די קומענדיקע פיר הונדערט גראם, וואָס ער וועט נאָך אויסטרינקען. סאשע האָט אויסגעטרייסלט דעם טישטעך און איז ארויס פון קיך.

— אָט, סאשע איז א מערקווירדיקער מענטש, א הארעפּאשניק, א גוט הארץ, נאָר ס'איז אים געגנוג ביטער, קיין אייגענע קינדער האָט ער ניט. ער האָט דערצויגן שוריקן ווי אן אייגענער טאטע, ניט ערגער. נאָר פארשטייסט, טעכטערל, ער איז צו אים ניט אופגעשטאנען באַנאכט בײַטן די ווינדעלעך, ער האָט ניט געזען זײַנע ערשטע טריט און ניט געהערט זײַנע ערשטע ווערטער, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש אינדערשטיל דערציילט.

אירקע האָט געטרונקען טיי און געשוויגן. נאָר אירע אויגן האָבן פריידיק א גלאַנץ געטאָן, ווען זי האָט געהערט, ווי דער זיידע רעדט וועגן אייניקל.

— איך זוך זיי, און זיי זיצן דאָ! — האָט שוריק אויסגעשריגן.

ער איז צוגעגאנגען צום קראנט, זיך אָנגעטרונקען ווי עס געהער צו זײַן, אויסגעווישט די באַקן און די נאָז, א שלעפּ געטאָן פאר דער האנט אירקען, און זיי האָבן אוועקגעטאָפּעט איבערן קאָרידאָר, ווי יונגע לאָשעקעס.

סאָול איסאַקאָוויטשן האָט זיך אויסגעוויזן, אז אירקע איז צופרידן, וואָס זי איז אויסגעלייזט געוואָרן פון אים.

וויִ וועט זײַן מיט מײַנע אלטע יאָרן, ווען איך וועל דאָס זײַן מיט טעג? ווי וועט אויסזען דער הימל איבער מיר? און ווי וועל איך זיך דערמאָנען דעם ליכטיקן פון מײַנע יונגע יאָרן?

אלטע יאָרן מײַנע, זײַט לײַטזעליק צו מיר. איר וועט ניט געפינען אין פרימאָרגן פון מײַן לעבן קיין שלעכטס, קיין גרויסהאלטערײַ, קיין קינאה און קיין צווייפּנעמדיקײַט. די יונגע יאָרן זײַנען געגליכן צו א שיף אָן א רודער, צו א פויגל אָן א נעסט. זאָל מײַן אלטקײַט מיר גרינג זײַן, און איך זאָל ניט שטרענג געמישפּעט ווערן, און ס'זאָל בלײַבן אין מיר דאָס גוטע געפיל צו אלעם גוטן...

סאַרא ווונדערלעכער אָוונט דאָס איז געווען! מע האָט אָפּגערוקט דעם טיש צו דער וואנט און מע האָט געטאנצט. בעסער פון אלעמען האָט געטאנצט שוריקס שטיפטאטע, דער סיבירײאַק סאשע. אלע האָבן געזונגען „גאָפּ, קומא, ניע זשוריסיא!”, און עס האָט געפּאַסט צו דעם, ווי סאשע האָט געטאנצט א פריילעכס. ער האָט געהאלטן די גרויסע פינגער אונטער די אָרעמס, אויסגעבויגן דעם רוקן, און געוואָרפן און געדרייט מיט די פיס. דאָ האָט ער צוגעטאנצט צו דער שוויגער, דאָ צום ווײַב, אלע האָבן געקװיטשעט פון געלעכטער און געשריען: „גאָפּ, גאָפּ, גאָפּ!”

זוניע איז ניט געקומען. א גאנצן אָוונט האָט סאָול איסאַקאָוויטש געוואַרט אף אים, ער האָט זיך געזעצט נאָענט צו דער טיר, קעדיי ער אליין זאָל אים באַגעגענען. נאָר זוניע איז ניט געקומען.

„איך בין געווען גערעכט, — האָט סאָול איסאַקאָוויטש געטראכט, — זיי זיצן דאָרטן און וואַרטן אפן טויט, אָבער קײנער קלײַבט זיך ניט שטאַרבן”.

זוניע איז ניט געקומען אפילע דאַן, ווען אלע האָבן זיך שוין געזעצט טרינקען טיי מיט זיסקײַט. אפן טיש איז געווען א באַרג מיט כרוסטיקלעך, א טאָרט פון ניס, א וואַזע בעזע. אף דער טאַץ מיט די פולע גלעזער שטאַרק־פאַרקאָכטער טיי זײַנען געלעגן רונדע שטיקעלעך ציטראָן.

אלע האָבן זיך שוין אופגעהויבן, יעדערער האָט פארוויקלט די מאַטאָנע, וואָס גרישע האָט אים געגעבן.

— וואָס זאָל איך אײַך געבן? — האָט מיט פּאַרדראָס געפרעגט גרישע בא אדען און בא סעניען.

— מיר דאַרפן גאָרנישט, באַאומרוּקט זיך ניט!

פלוצעם האָט גרישע דערזען דעם ליידיקן טשעמאָדאַן, וואָס איז געלעגן, א צונויפגעפלעטשטער אף דער סאָפע. ער האָט אים גענומען אין די הענט, צונויפגעלייגט איין מאָל, נאָכאַמאָל, און דער טשעמאָדאַן איז פארוואנדלט געוואָרן אין א קליין געקעסטלט פאַרטפעלכל — אלע האָבן אזש א קרעכץ געטאָן.

— איך שענק אײַך דעם טשעמאָדאַן, איר וועט נעמען?

— א ווויל טשעמאָדאַנטשיקל, — האָט אדע געזאָגט. זי איז געבליבן זייער צופרידן פון גרישעס מאַטאָנע.

ווען אלע זײַנען שוין געווען אף דער גאס און מע האָט געוואַרט אפן טראַמווײַ, איז זיי

ביע צוגעגאנגען. אלע האָבן אים ארומגערינגלט. דער אָוונט איז געווען א וואַרעמער, ס'האָט געשמעקט די בלינדיקע אקאציע.

— אָ, זוניע, זוניע, וואָס טוסטו עפּעס, האַ?

אלע האָבן געמיינט, אז זוניע וועט, ווי טאָמיד, הויך א געשריי טאָן און ער וועט זאָגן עפּעס אזוינס, וואָס מ'האָט שוין הונדערט מאָל געהערט. נאָר זוניע האָט געזאָגט זייער קורץ:

— קלארעטשקע איז געשטאָרבן.

אלע האָבן הויך א זיפץ געטאָן:

— קלארעטשקע!

זיי האָבן אויסגעשריִען: „קלארעטשקע!" אָבער זיי האָבן ניט דערפילט דעם עמעסן ווייטעק. זיי זײַנען געווען זאַט און שיקערלעך, אַף דער גאַס האָט געשמעקט מיט בליִענדיקער אקאציע און ס'איז געווען וואַרעם. ערשט אַף מאָרגן וועלן זיי דערפילן דעם ווייטעק פון פאַרלוסט. זיי וועלן עס דערפילן, ווען דער יאָמטעוו וועט אויסגעוועפּט ווערן, ווען עס וועלן זיך פאַנאַנדערפליִען די רייכעס פון די געשמאַקע געריכטן און דער יאָמטעוו וועט זיי אויסזען ווי א כאָלעם.

זוניע האָט גענומען גרישען אונטער דער האַנט, ער האָט אים אוועקגעפירט אין דער זײַט. זיי האָבן וועגן עפּעס געשמועסט, און עס האָט זיך געהערט, ווי גרישע האָט געזאָגט:

— גאָט מײַנער, קלארעטשקע!

דערנאָך איז גרישע צוגעגאַנגען צו אַלעמען. ער האָט זיך געזעגנט מיט יעדערן, זיך געקושט, ווײַל מאָרגן האָט ער געדאַרפט אוועקפליִען קיין אמעריקע.

— זײַט געזונט, א דאַנק פאַר דער באַגעגעניש, פאַר דער אופנאַמע, א דאַנק אײַך, וואָס איר האָט מיך ניט פאַרגעסן! איגיכן וועלן מיר זיך ווידער זען, איבעראיאָר וועל איך קומען. זײַט געזונט! גוד בײַ!

גרישע מיט זוניען זײַנען אריבערגעלאָפן די גאַס. דורכן טראַמוויי־פענצטער האָבן אלע געזען, ווי זיי זײַנען ארײַנגעגאַנגען אין וואַגאָן און זיך אוועקגעזעצט איינער לעבן אַנדערן. דערנאָך האָט גרישע געפאָכעט צו זיי מיט דער האַנט, און ער האָט פון דאָרטן ארויסגעשריִען: „גוד בײַ, גוד בײַ!"

דער טראַמוויי האָט זיך גערירט, פאַנאַנדערשיקנדיק פונקען אַף די בליִענדיקע אקאציעס. אלע האָבן נאָך לאַנג געקוקט, ווי דער טראַמוויי האָט זיך אויסגעבויגן אהינטערן ראָג. יעדער איינער פון די געסט האָט געטראַכט, צי איז געפעלן געוואָרן גרישען דער אָוונט, צי איז אים ניט לאַנגווײַליק געווען און וואָס אינדערעמעסן האָט ער געפילט נאָך אזויפיל יאָרן זײַן אין דער פרעמד. ער האָט טאַקע געזאָגט „גוד בײַ, גוד בײַ", ער איז א גוטער מענטש, נאָר וואָס ער פילט אינדערעמעסן, איז שווער צו וויסן.

— ווו איז שוריק? — האָט פאַניע געפרעגט.

— שוריק מיטן מיידל זײַנען אַנטלאָפן. עס האָט זיך נאָך געהערט, ווי זיי לויפן.

— נו, זאָלן זיי גיין!

— אָט איז א טאַקסי! קומט, לאָמיר פאָרן.

די טאַקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— סאשע, פאַניע, זעצט זיך! טאַטע, מאַמע, מומע מאַניע, זײַט געזונט, א גוטע נאַכט!

אלע זײַנען אוועקגעפאָרן. סאול איסאַקאָוויטש האָט נאָך לאַנג געקוקט אַף צוויי רויטע פײַערלעך, וואָס האָבן אינדערווײַטן געפינקלט.

— אוי, ווי איך בין פאַרמאַטערט, כ'קאָן ניט אויסהאַלטן, דער רוקן טוט מיר ווײַ! כ'האָב זיך אָנגעהאָרעוועט ווי א פערד, — האָט זיך ריוועקע באַקלאָגט.

— קום שלאָפן, ס'איז שוין געווים צוועלף אזייגער, — האָט סאול איסאַקאָוויטש געזאָגט.

— צײַט צו שלאָפן. ברודער, אויב דו וועסט דערלאַנגען, רײַס מיר אָפּ א צווײַגעלע בליִענדיקע אקאציע, — האָט געבעטן מאַריע איסאַקאָוונע.

— פאַרוואָס זאָל איך ניט דערלאַנגען? אָט האָסטו א צווײַגעלע אקאציע.

— א דאַנק, ברודער. הערט זיך אײַן. איך בעט דיך און ריוועקע, איר זאָלט מאָרגן ניט פאָרן באַגלייטן גרישען צום אעראָפּלאַן. איך וויל אליין פאָרן. איך דאַרף זיך מיט אים דורכריידן. מיר דוכט, אז איך האָב רעכט אַף דעם!

— עגאָיסטקעלע! דו וועסט אלעמאָל געפינען וואָס אוועקצורײַסן פאַר זיך. מיט זוניען און מיט מאַניען וועסטו זיך אויך קענען דערעדן וועגן דעם?

— צום גרויסן באַדויערן, וועלן זיי מאָרגן קיין צײַט ניט האָבן, ס'איז דאָך אזא היץ. שפּעטסטנס מוז מען איבערמאָרגן מעקאַבער זײַן קלאַרען. גיט מיר א וואָרט, אז איר וועט

ניט פאַרן באַגלייטן גרישען. סוליע, ריוועטשקע, איך בעט אײַך. ווען דאָס וואָלט ניט געווען פאַר מיר אַזוי וויכטיק, וואָלט איך אײַך ניט געבעטן!

— דײַנע מעשוגאַסן! מיר וועלן ניט גיין, האָב קיין מורע ניט. פאַר דיר איז וויכטיק זײַן מיט אים אַליין, זײַ. מיר האָבן אונדזערס אָפּגעטאָן. איך מיין, אַז מיר האָבן אים ניט שלעכט אויפגענומען, עמעס?

— וואָס רעדט איר, סוליע, ריווע? עס איז געווען פּרעכטיק! אַ זעלטענער אָוונט. דו האָסט דאָך גאָלדענע הענט, ריווע! אַז דו ווילסט, איז צו דיר קיין גלײַכן ניטאָ, — האָט מאַריִע איסאַקאָווגע געלויבט די שוועגערן.

— גוט, גוט, מיר וועלן ניט גיין. נאָר וואָס וועסטו טאָן, אַז די ברידער מאָניע און זוניע וועלן קומען?

— מײַן האַרץ זאָגט מיר, אַז זיי וועלן ניט קומען. אָבער מיט אײַך האָב איך אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט, עגאָיסטקעלע, אַ גוטע נאַכט. נאָכן באַגלייטן גרישען גיי אַרײַן, וועסטו דערציילן.

— איך וועל אַרײַנגיין.

סאָול איסאַקאָוויטש און רעוועקע האָבן נאָך אַ ווײַלע געוואַרט, ביז זיי האָבן דערזען, אַז אין מאָניעס פֿענצטער האָט זיך באַוויזן שײַן, און זיי זײַנען אוועק אין שטוב.

— דו ביסט מיד? — האָט סאָול איסאַקאָוויטש מיטפילנדיק געפרעגט.

— אוי, דער רוקן ברעכט! לאָמיר גיין שלאָפן.

— איך וועל אַ ווײַלינקע אַרויסגיין כאַפּן לופט. האָסט גאַרנישט קעגן?

— איר זײַט, אַלע שטיימאַנס, מיט דריידלעך! וואַרט, ביז איך וועל זיך לייגן. קלאַרע, נעבעך, איז שוין ניטאָ.

— מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז געשטאָרבן לייזער. איינער נאָכן אַנדערן גייען אוועק, אַפילו יינגערע פון אונדז.

— וואָס זאָל מען טאָן, סוליע? עס קוועטשט מיר אַזוי אונטער דער לינקער לאָפּעטקע, איך בין אַזוי מיד.

— נו גיי לייג זיך, און איך וועל גיין צו מאָניען.

— אַ נײַע נײַס!

— וואָס פאַר אַ נײַס! מ'האָט מיך גערופן, צי ניט, כ'וועל גיין.

— וואָס וועסטו דאָרטן איצטער טאָן, ווער דאַרף דיך דאָרטן?!

— מע דאַרף מיך יאָ, צי מע דאַרף מיך ניט, איך גיין!

— אוי, שטיימאַנס, אַלע זײַט איר מעשוגאָים. ווילסט, גיי!

אָך, די ווײַסע וואָלקנס, וואָס האָבן אײַנגעהילט די ביימער! זיי שווימען לינקס און רעכטס. מע זעט ניט קיין בלעטער, קיין צווײַגן, נאָר די ווײַסע בלוזונג, ווי שוים פון אומרו. און דער רייעך, וואָס איז אַזוי זינדיק־זיס, — אַ געפערלעכער רייעך. ווי שווערע כוואַליעס, פאַרפלייצט ער די גאַס, צעבויטעט דאָס געמיט מיט אומרויִקע גלוסטונגען. פאַרוואָס ווערט אַזוי באַנגלעך? פאַרוואָס רופט אַרויס דער דופט אַזויפיל צווייפל?

די פרייד פון יאָמטעוו האָט זיך אויסגעוועפּט, די געסט זײַנען אוועקגעפאָרן, זיי האָבן אוועקגעפירט מיט זיך גרישעס מאַטאָנעס און, פאַרוויקלטע אין פּאַפּיר, געבעקס, וואָס רעוועקע האָט זיי מיטגעגעבן. זיי זײַנען געווען גליקלעך, נאָר דאָס איז אוועק מיט זיי אײַניינעם. ס'קאָן זײַן, אַז זיי פילן זיך שולדיק, וואָס זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס באַ גרישען אין האַרצן טוט זיך.

סאָול איסאַקאָוויטש האָט געוווּסט, אַז מאָניע וועט אים ניט מוחל זײַן. ער איז ניט גע־גאַנגען צו מאָניען בעטן מעכילע, ער איז געגאַנגען צו מאָניען, ווײַל ער האָט זיך געפילט שולדיק. אַלץ נידעריקער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט זײַן קאָפּ מיט די גראָווע האָר, אַלץ נידעריי־קער האָט זיך געבויגן זײַן רוקן, און וואָס נעענטער ער איז געקומען צו מאָניעס שטוב, אַלץ שטײַפער האָט ער צונויפגעדריקט די הענט אָפן קרייץ.

אַ שאַרפע און אַ קרומע לעוואָנע, ווי אַ טערקישער קינזשאַל, האָט זיך געגאַנוועט באַם געדיכטן וואָלקן און האָט זיך אַרײַנגערוקט אין אים. עס איז געוואָרן פינצטער, נאָך עלף אזייגער האָט די עלעקטראָסטאַנציע געשפּאָרט ענערגיע. עס איז געווען נאָך האַלבער נאַכט. ס'האָט עמעצן געקאָנט קומען אָפן זינען, אַז פון דער פינצטערער שטילער אַראָמאַטנער נאַכט וועלן דערשײַנען צוויי פאַרשוין און וועלן בעטן פאַרייכערן. אָבער אינדערעמעסן וועלן זיי אויסלײַדיקן די קעשענעס, אַראָפּנעמען דעם זייגער פון דער האַנט, און קאָנען נאָך דערצו גוט אַ שטאָך טאָן מיט אַ מעסער. ניין, ניין, כאַלילע, אַזוינס האָט ניט פּאַסירט. קיינער איז ניט

צוגעגאנגען צו סאול איסאקאָוויטשן, ווײַל די איצטיקע אָדעס איז ניט דאָס, וואָס אַמאָל איז געווען. א מיידל קאָן גיין איבער דער גאס שפעט באנאכט, און קיינער וועט איר קיין בייז ניט טאָן.

סאול איסאקאָוויטש האָט זיך גאָנץ ניט געקאָנט מיסוואודע זײַן. ער האָט אפילע ניט פאַרשטאַנען, ווי־אַזוי מע קען עס. ער האָט געפילט, אז אפילע אויב ער וועט בעטן מעכילע און יענער וועט אים מויכל זײַן, וועט ער זיך ניט פילן אומשולדיק. דאָס וועט אים ניט באַפרײַען פון זײַן שולד. אַמאָל, ווען ער איז געווען א קינד, האָט ער באַם שאָכן צוגעגאַנוועט עטלעכע שפּענדלעך, קעדיי צו פאַנאַנדערהייצן דעם סאַמאָוואַר. דער שאָכן האָט אים געכאַפּט מיט דער גנייווע און האָט געלאַכט. אָבער סאול האָט דאָס געדענקט א גאַנץ לעבן. איצט, גייענדיק צו מאַניען, האָט ער זיך אפילע ניט פאַרגעשטעלט, אז ער קאָן זאָגן: איך בין שולדיק, אָבער דו זײַ מיר מויכל, איך בין געקומען מיט דיר צוזאַמען באַווייִנען קלאַרען. וואָס נעענטער ער איז צוגעגאַנגען צו מאַניעס שטוב, אַלץ בוילעטער האָט ער געפילט, אז ער וועט אהין ניט אַרײַנגיין,— און ער איז טאַקע ניט אַרײַנגעגאַנגען.

דאָס קליינע הייפל איז געווען באַלויכטן מיט דער שײַן פון מאַניעס פענצטער. דאָרטן האָבן געברענט אַלע לאָמפּן אין דער ליוסטרע. עס איז געווען צו זען, ווי צום פענצטער־ברעט איז צוגעשפאַרט א טרויעריקער קראַנץ פון דריבנע אייביק־גרינע בלעטלעך.

די קרומע לעוואָנע האָט א שניט געטאָן א דורכזיכטיק וואַלקנדל און איז שטיין געבליבן אומבאַוועגלעך און קלאָר.

דער שאַבעסדיקער פרימאָרגן, דער פרימאָרגן פון גרישעס אָוועקפליִען, האָט שוין קלאָ־רען ניט געקימערט. דער הימל איז געווען א ביסעלע פאַרוואָלקנט, ער האָט אַראָפּגעשײַנט, ווי מיט פערלמוטער.

אין אַזא מין פרימאָרגן וואָלט יעדער פרײַער מענטש געוואָלט מאַכן א שפּאַציר צום יאַם אָדער אין סטעפּ. זיך צוזעצן אַפן צעבליטן גראָז, אײַנזאַפּן דעם האַרבן רייעך פון פאָלין, אָבער אַף דעם קען זײַן א באַלן ניט יעדערער, ווײַל מע דאַרף טראָגן מיט זיך אָן אויבערמאַנטל און א שירעם, כאָטש צוריק גערעדט, פאַרוואָס ניט...

גרישע האָט געדאַרפט אָוועקפליִען אין אָוונט. מאַניע האָט אָפּגעמאַכט מיט סאולן און רעוועקען, אַז זיי זאָלן ניט גיין באַגלייטן גרישען. נעכטן זײַנען זיי מאַסקים געווען, אָבער הײַנט האָבן זיי אַף דעם כאַראַטע געהאַט און זיי האָבן זיך באַליידיקט אַף מאַניען, וואָס זי האָט עס געפאָדערט.

עס איז געווען שאַבעס.

עס איז געווען אַזוי טרויעריק זיך צעשיידן מיט גרישען.

עס איז געווען באַנגלעך און ווייטעקדיק, וואָס קלאָרע איז שוין ניטאָ.

עס איז געווען ביטער אַפן האַרצן סאולן, וואָס ער איז זיך אַזוי באַגאַנגען מיט מאַניען. סאול האָט געהאַט האַרצווייטעק, וואָס דאָס מיידל האָט אים גאָרנישט געזאָגט וועגן...

## געזעגענונג

ביז דער לעצטער סעקונדע, ביז דאָס טירל פון זייער שוואַרצער מאַשין האָט זיך צוגע־מאַכט, איז מאַריִע איסאַקאָוונע געווען אין צווייפל. זי האָט געקוקט אין אַלע זײַטן און ניט געווען זיכער, אַז זי מיט גרישען וועלן זאַלבעצווייט אָוועקפאָרן, אַז עס וועט פּלוצעם זיך ניט באַווײַזן עמעצער פון די קרויווים, זוניע, סוליע אָדער רעוועקע. זיי וועלן צוגיין צו דער מאַשין, עפענען דאָס טירל און א געשריי טאָן: „אַנו, טו זיך א רוק, מאַניע, איך פאָר אויך!“ נאָר ניין, קיינער איז ניט געקומען, קיינער האָט באַלעבאַטיש ניט קיין געשריי געטאָן. מאַריִע איסאַקאָוונע האָט זיך אָנגעלענט, זיצנדיק אַף דער ווייכער סאַפּקע. זי האָט זיך באַרויִקט, א שמייכל געטאָן און אָנגעקוקט גרישען.

— ס'איז מיר באַשערט דיך צו באַגלייטן, גרישענקע!

— באַגלייטן, מאַניעטשקע, און באַגעגענען מיך!..

א פאַרייכערטע גרויסע זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט הינטער די שטיבער. די מאַשין איז געפאָרן פּאַוואָליע אין די געדיכטע שאָטנס פון פּושקין־גאַס, אונטער די פּלאַטאַן־צווײַגן. און אַלץ — דער שווייגנדיקער שאָפער, דער טעפּיך אין דער מאַשין, דער פאַרנאַכט און אפילע די הונדערטיאָריקע פּלאַטאַנען — אַלץ האָט אַנטשפּראָכן דער פײַערלעך־טרויעריקער געזעגענונג. אַלץ איז געווען פּאַסיק צו זייער עלטער, צו זייער געפיל פון צעשיידונג, וווּנדער פון באַגעג־

גאניש. די נײַע צעשיידונג איז געווען ניט ווײַט. אַט־אַט וועט עס געשען, און די צעשיידונג קאָן זיך ענדיקן ניט אַף דער וועלט, וואָס זיך ענדיקן ניט די האַמטענע־געפלעקטע שײַן פון דער אונטער־גייענדיקער זון, וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן אין מאַשין, האָט פאַרבלענדט די אויגן און האָט צעבויטעט דעם צושטאַנד פון דער נעשאַמע. ס'איז געווען אומעגלעך זיך אָפּצושטעלן אַף אַוועלכן־ניט־איז ערנסטן געדאַנק, אַז מאַריִע איסאַקאָוונע זאָל זאָגן גרישען דאָס סאַמע וויכ־טיקע, סאַמע האַרציקע, וואָס ער זאָל געדענקען אַף אייביק.

די מאַשין האָט פאַרקערעוועט. וואָס פאַרא שמועסן קאָנען איצט זײַן! זיי זײַנען געפאָרן אַנטקעגן דעם זון־פאַרגאַנג, זיי האָבן קעסיידער געזשמורעט די אויגן, דער שאָפער האָט פאַרשטעלט דאָס גלאָז מיטן דאַשעק. מאַריִע איסאַקאָוונע איז געווען צופרידן, וואָס זי פילט גרישעס אַקסל און זײַן עלנבויגן. „עס וועט נאָך קומען די רעגע און איך וועל אַרײַנקוקן אין זײַנע געלע אויגן, און דאַן וועט אַנטשטיין דאָס סאַמע נייטיקע וואָרט...”

— ווען דו וואָלסט מיך אײַנגערעדט אין נײַנצענטן יאָר, ווען דו וואָלסט מיך דאַן געקאָנט אײַנריידן, וואָלט איך איצטער מיט דיר איניינעם אַוועקגעפליגן,— האָט מאַריִע איסאַקאָוונע שעמעוודיק־שטיל, דער שאָפער זאָל ניט הערן, געזאָגט צו גרישען,— איך בין נאָך קיינמאָל ניט געפליגן. ווי איז דאָרטן אין עראָפּלאַן? — האָט זי געפרעגט.

— ווי דאָ, מאַניעטשקע. איך ניט באַקומעס אויסצוציִען די פיס. דו ווייסט, נאָר דער מאַ־טאָר ראַשט מערער ווי דאָ. ווײַטער איז די זעלביקע זאַך, איך פאַרזיכער דיך!

„פונדעסטוועגן, האָב איך גוט געטאָן. איך האָב זיך טאַקע אַ ביסעלע דערנידעריקט פאַרן ברודער מיט זײַן ווײַב, אָבער ס'איז ווערט. אַט זיץ איך און פלוידער מיט גרישען, און מיר זײַנען נאָר זאַלבעצווייט”.

— ניין, זאָגט עס ניט,— האָט זיך, ניט־אויסקערעווענדיק צו זיי, אַרײַנגעמישט דער שאָ־פער. — ס'איז גאָרניט אַזוי ווי דאָ.

מאַריִע איסאַקאָוונע האָט אַף אַ רעגע דערזען דעם שאָפערס פליישיק־שווערע באַק און זײַן נאָז, דורכויס אין דינינקע אָדערלעך.

— וואָס זשע? פאַרוואָס איז ניט די זעלביקע זאַך? — גרישע האָט זיך אַזש דערפרייט אַ פלוידער צו טאָן מיטן שאָפער.

מאַריִע איסאַקאָוונע איז געווען געריירט, וואָס גרישע איז אַזוי צוגעלאָזט צו אַ פּראָסטן מענטשן. „ער האָט זיך אויסגעלערנט בא אונדז, מאַכט שוין ניט אַזוינע שטיק, ווי אין רעסטאָ־ראַן”.

— וואָס הייסט, די זעלביקע זאַך! אין עראָפּלאַן בינדט איר זיך צו מיט אַ רימען צום שטול, עמעס?

— יאָ, מאַניעטשקע, כ'האָב גאָר פאַרגעסן, מאַניעטשקע! דאָרטן בינדט מען זיך טאַקע צו מיט אַ רימען צום שטול.

— ס'איז דאָ נאָך אַ כילעק,— האָט זיך געכאָכמעט דער שאָפער. — איך בין מיט גאָרנישט ניט מעכאַבעד מײַנע פּאַסאַזשירן.

גרישע האָט געלאַכט איניינעם מיט אים.

— און נאָך אַ דריטער כילעק, — האָט דער שאָפער געזאָגט.

„אַ פאַרשוין, וואָס האָט ליב צו טומלען, כאָטש ער איז אַ שאָפער פון „אינטוריסט”,— האָט מאַריִע איסאַקאָוונע ניט באַגיטיקט דעם פלוידערזאַק.

— איר האָט געזאָגט, אַז ס'איז דאָ אַ דריטער כילעק,— האָט גרישע אָנגערירט דעם שאָפערס אַקסל.

— געוויס איז דאָ. טאָמער טרעפט עפּעס מיט מײַן מאַשין, קאָן מען צעברעכן אַ האַנט, אַ פוס. אָבער פאַלן פון אַן עראָפּלאַן אָן אַ פאַראַשוט קענסטו גלײַך גיין צו דער עלטערבאָבן.

„סאַראַ פלוידערזאַק, ווי פאַמיליער ער איז! — האָט אין האַרצן זיך געבייזערט מאַריִע איסאַקאָוונע, — צו וואָס טויג גרישען דער גאַנצער פוסטער שמועס. אַזוי ווייניק צײַט איז געבליבן, אַזויפיל האָבן מיר נאָך ניט געזאָגט איינער דעם אַנדערן...”

— וואָס הייסט עס צו דער עלטערבאָבן?

— צו דער עלטערבאָבן הייסט גיין אַהינצו, פונוואַנען מע קערט זיך ניט אום!

— אַ שיינע כאָכמע!

— אין אָדעס האָט מען האַנאָע פון אַ גוטער שטימונג, — האָט דער שאָפער זיך געכאָכמעט.

„צו וואָס דאַרף מען די טעמפּע כאָכמעטשקעס”,— האָט פאַרדראָסיק געטראַכט מאַריִע איסאַקאָוונע. אָבער גרישע האָט עס ניט באַמערקט, ווי ער האָט ניט באַמערקט נעכטן אין אָונט איר אייפערזיכטיקײַט און ווי זי איז טרויעריק געוואָרן, בייס ער האָט אין קאָרידאָר מיט פאַניעס זון און מיט אַדען גערעדט און געלאַכט.

— דו וועסט נאָכמאָל קומען, גרישענקע? — האָט זי געפרעגט, קוקנדיק מיט קאַס אויפן שאָפער.

— יאָ, געוויס, — גרישע איז אונטערגעשפרונגען אויף דער סאָפקע, האָט זי אַנגעקוקט. זײַן בליק האָט אויסגעדריקט ווילן און ענערגיע, — איך וועל אומבאַדינגט קומען! איך וועל שוין ניט זײַן אַזאַ נאַר, ווי האַיאַר. איך וועל קומען אויף צוויי וואָכן מיט מײַן ווײַב, זי וועט דיר געפעלן ווערן! זי איז מיר זייער געטרײַ, זי איז מײַן בעסטער פרײַנט. איך וויל, אַז מײַן גאַנצע מישפּאָכע זאָל זי קענען.

„סטײַטש, מיטן ווײַב...״ — האָט איין געדאַנק ניט פאַרשטאַנען מאַרי׳ע איסאַקאָוונע, און זי האָט געפרעגט:

— דו ביסט מיד, גרישענקע?

— יאָ, איך בין ניט געשלאָפן די נאַכט. אַ ראַכמאָנעס אויף מאַניען. ס׳איז אים אַזוי ביטער און שווער!

— איצטער וועט אים זײַן גרינגער. ניט איין יאָר האָט ער זיך מיט איר געמוטשעט!

— מאַניעטשקע, ווי רעדסטו אַזוי? — אין גרישעס שטים האָט זיך געהערט אַ פאַרוווּרף, אָבער מאַניען איז עס געוועזן אַלצײַנס. אַבי ער זאָל נאָר ריידן מיט איר.

— כ׳האָב דיך געוואָלט פרעגן: אין אַעראָפּלאַן איז דיר ניט שלעכט, דער קאָפּ דרייט זיך דיר ניט?

— ניין, מע זאָגט, אַז אינגיכן וועט זײַן אַ דירעקטער רייס פון ניו־יאָרק גלײַך קיין מאָסקווע. אינדערפרי פליסטו אַרויס, אין אָוונט ביסטו דאָ!

— איבער דער גאַנצער אַטלאַנטיק? — האָט געפרעגט דער שאָפער פאַר לאַנגווײַליקייט.

— יאָ, איבערן אָקעאַן!

— דאָס איז דאָך לעבנסגעפערלעך פליִען איבערן אָקעאַן! האָב ראַכמאָנעס, גרישענקע!

— פאַרקערט, פאַלסט אַרײַן אין אָקעאַן, קאָנסטו נאָך אויף עפּעס האָפן. פאַלסט אויף דר׳ערד — וועט שוין קיין צאַוואָע אויך ניט העלפן.

טראַסקענדיק האָט זיך דורכגעטראָגן אַ צוג מיט פּראַכט־וואַגאָנעס. ער האָט דורכגעדונערט זייער נאָענט, דערנאָך איז פאַר זיי געפאָרן אַ שווערע לאַסטמאַשין, ערשט דערנאָך זײַנען זיי אַרויסגעפאָרן אויפן פרײַען שאָסיי, וואָס איז געווען באַזעצט פון ביידע זײַטן מיט ווײַס־צעבליטע קוסטעס.

— וואָס הייסט, ס׳וועט קיין צאַוואָע אויך ניט העלפן? — האָט מאַרי׳ע איסאַקאָוונע ווידער זיך דערמאָנט גרישעס ווערטער.

— זאָל גאָט היטן. איך וויל אפילו ניט ריידן וועגן דעם, גראַד איצטער, בייס איך דאַרף פליִען!

אָבער דער שאָפער האָט אַרײַנגעשטעלט זײַנס:

— דאָס הייסט זיך געבן אַ בענק, זיך דערלאַנגען אַ טראַסק, זיך אַרויסוואַליען, זיך אַרויסקונצן? — אָט אַזוי האָט געזאָגט דער שאָפער. און נאָך צוגעגעבן: — איך וויל אײַך ניט באַלעסטיקן, נאָר ס׳איז דאָ נאָך אַ שלאַל ווערטער.

— שפּאָגל־נײַע ווערטער. אין מײַן צײַט האָט מען אַזוי ניט גערעדט, — האָט גרישע באַמערקט.

„ער איז עפּעס באַליידיקט אויף מיר, כ׳ווייס ניט פאַרוואָס. ער האָט זיך עפּעס דערווײַטערט פון מיר. איך פיל זײַן אַקסל און צווישן אונדז איז שוין דער אַטלאַנטישער אָקעאַן...״ — האָט הילפלאָז געטראַכט מאַרי׳ע איסאַקאָוונע. און קעדיי עפּעס צו זאָגן, האָט זי געפרעגט:

— גרישענקע, פאַרוואָס שרײַבסטו אַ „יאַט״ («ять») אָנשטאָט אַ „יע״? איצטער שרײַבט מען ניט אַזוי.

— איך ווייס ניט, ווי מע שרײַבט איצט, מאַניעטשקע. איך שרײַב אַזוי ווי מע האָט מיך געלערנט. זאָל זײַן אַלטמאָדיש, אַבי אָן גרײַזן.

— קיין „יאַט״ דאַרף מען ניט שרײַבן און קיין האַרטן ענדצייכן דאַרף מען ניט שרײַבן. און ווײַטער איז אַלץ, ווי געווען, גרישענקע. די קוסטעס שמעקן אַזוי, מע קאָן כאַלעשן. אַזעלכע קליינע קוסטעס, און זע, ווי שיין זיי בליִען און ווי שטאַרק זיי שמעקן.

— עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס קאָנען ניט לײַדן קיין שום רייכעס, זיי ווערן אפילו קראַנק פון דעם, — האָט גרישע געזאָגט.

— אַלערגיע, — האָט אונטערגעזאָגט דער שאָפער, ווי די דאָזיקע קרענק רופט מען.

ענדלעך האָט זיך די מאַשין אָפּגעשטעלט. דער שאָפער איז אַרויסגעשפּרונגען דער ערשטער, האָט פאַנאַנדערגעפּראַלט דאָס טירל, אויסגעשטרעקט מאַניען אַ האַנט, גענומען דעם טשעמאָדאַן.

— מאניעטשקע, דו ווייסט, איך האָב גרויס פאַרגעניגן, בייס איך רייד רוסיש. אפֿן גאַס וואָלט איך אָפּגעשטעלט מענטשן און גערעדט מיט זיי. דער שאָפֿער איז א ווילער באָכער, א פריילעכער. דו ווילסט ניט טרינקען, מאניעטשקע? און איך וואָלט עפּעס אויסגעטרונקען! באַם בופֿעט איז קיין ריי ניט געווען. די מירמלנע טישעלעך זײַנען געווען ליידיק. זיי האָבן אויסגעטרונקען עפּל־זאַפט.

— מאניעטשקע, עפשער ווילסטו מאַראָזשענע אָדער עפּעס אן אנדער זאַך? דו ווייסט, איך וואָלט געגעסן עפּעס־וואָס פליישיקס.

— געוויס, איך וויל גאָרניט. אָבער דו דאַרפסט עפּעס אָפּעסן פאַרן וועג, — האָט מאַר׳ע איסאַקאָווגע געזאָגט.

גרישע האָט געקויפט א שטיקל געבראָטענע הון. דערנאָך האָט ער אויסגעטרונקען נאָך זאַפט, און זיי זײַנען אוועק צום פעלד, ווו עס לאָזן זיך אראָפּ די עראָפּלאַנען. „איך א שאָ ארום, — האָט מאניע געטראַכט, — וועט זיך מיר אויסווײַזן, אז גרישע איז צו מיר געקומען אין כאָלעם". אפֿן פעלד האָבן זיך שוין צונויפגעקליבן די פאַסאַזשירן, וואָס פליִען מיט גרי־שען ביז מאָסקווע. גרישע האָט געקוקט אין די פּנעמער פון די מענטשן, און פּלוצעם האָט זי בא אים געפרעגט:

— דו ביסט באַליידיקט אף מיר, גרישענקע? עפשער האָב איך דיך מיט עפּעס באַליידיקט?

— וואָס רעדסטו, מאניעטשקע? ווי קאָן איך זיך אף דיר באַליידיקן! דו ביסט א פּאַנ־טאַזיאָרקע! איך בין דיר דאַנקבאַר פונעם גאַנצן האַרצן, דו האָסט מיך אופגעזוכט, דו האָסט מיך געוואָלט זען! זאָג מיר, אין וואָס נייטיקסטו זיך, איך וועל דיר אַלץ צושיקן! א פּוטער, שטאָף, שיך, זאָג נאָר, וואָס דו דאַרפסט. איך וויל דיר שענקען א סאַך זאַכן! — האָט הייס און צו הויך פאַר אזא אָרט געזאָגט גרישע.

— לאָז צורו, גרישע. איך דאַרף גאָרנישט. איך האָב אַלץ. דו האָסט מיר געשענקט אזא פּײַנע מאַטאָנע. — זי האָט מיטן שפּיץ צונג אראָפּגעלעקט א טרער פון ווינקל מויל און שטיל צו אים געזאָגט: — זאָלסט נאָר ניט זײַן אנטוישט פון דעם, וואָס דו ביסט געקומען צו אונדז. זאָלסט נאָר זײַן צופרידן, וואָס איך האָב דיך געפונען, — האָט זי אים אַרײַנגערוימט גלײַך אין אויער אַרײַן.

— דו ווייסט, קינדעלע, נו, וואָס ווייסטו ווידער, קינדעלע? אַלץ איז אויסגעצייכנט, אָ׳קיי. די ערד דרייט זיך, און מיר לעבן! — גרישע האָט א גלעט געטאָן איר אַקסל, ווי מע גלעט א קליין מיידל. ער האָט זיך געשראָקן, זי זאָל זיך ניט שעמען, וואָס ער האָט זיך צו־גערירט צו איר. — אזויפיל יאָרן זײַנען אוועק!

— גרישענקע, איך וויל דיר זאָגן... איך וויל דיר דערמאָנען, דו זאָלסט געדענקען, אז מיר זײַנען א ברודער מיט א שוועסטער, ניט נאָר... — זי האָט געשעפּטשעט, ווײַל זיי זײַנען געשטאַנען ענג צווישן א סאַך פאַסאַזשירן און מענטשן זײַנען אַלץ צוגעקומען און צוגעקומען.

און ווי שטיל זי האָט ניט גערעדט, האָט עס געוויס געהערט ניט נאָר גרישע. — דו האָסט ניט פאַרגעסן, אז מיר זײַנען א שוועסטער מיט א ברודער. כוץ דעם, וואָס עס איז געווען? דו געדענקסט, אונדזערע טאַטעס זײַנען געווען לײַבלעכע ברידער! איך וויל, דו זאָלסט עס גע־דענקען. מיר זײַנען א ברודער און א שוועסטער און ניט נאָר...

— מיר זײַנען א ברודער און א שוועסטער, קינדעלע, און דאָס, וואָס איז געווען, איז געווען. מיר זײַנען ניט נאָר א ברודער און א שוועסטער, — גרישע האָט גענומען איין האַנט און זי א קוש געטאָן, דערנאָך האָט ער א קוש געטאָן די צווייטע האַנט אירע. — אַלץ אײַנ־נעם, קינדעלע, — ער האָט אויסגעגלײַכט דאָס קרעגעלע אף איר בלוזקע און מיטן צונויפגעצ־בויגענעם קליינעם פינגער אראָפּגענומען א טרער פון איר באַק. און די באַוועגונגען זײַנע האָבן זיי אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון די מענטשן, וועלכע זײַנען געשטאַנען נאָענט לעבן זיי.

— ניין, גרישענקע, ניין! איך וויל ניט אַלץ אײַנעם. מיר זײַנען א ברודער און א שוועס־טער. כ׳וועל דיר באַלד זאָגן פאַרוואָס, זאָלסט מיך נאָר ניט איבערשלאָגן. דו ווייסט גוט, וואָס צווישן אונדז איז געווען... אָבער דאָס קען פאַרגעסן ווערן. דאָס פּאַסירט אָפּט, און דאָס באַדויער איך ניט אזוי שטאַרק, נעמט עס דער רוען! דאָס זעט מיר אויס ווי א מיראַזש! אָבער...

— דו באַדויערסט דאָס ניט, קינדעלע? — האָט זי גרישע איבערגעשלאָגן מיט אזא קאָל, אז עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, עס רעדט צו איר א פרעמדער מענטש. — דיר איז עס אײַנ־דערעמעסן ניט קיין שאָד?

— אָבער א ברודער מיט א שוועסטער זײַנען א ברודער מיט א שוועסטער אף אייביק, גרישענקע. וואָס קאָן זײַן שטאַרקער פון דעם?

מאַריִע איסאַקאָוונע האָט נאָך אַלץ געפּרעפּלט, אָבער מע האָט שוין געקאָנט ריידן העכער. פון דער אָפּצוימונג צום פלי־פעלד האָבן זיך ווי זעמדעלעך פון א זאַמד־זייגער דורכגעזאַפּט פּאַסאַזשירן. זיי האָבן געצײַלט הינטער דער סטיואַרדעסע, וועלכע איז גיך געגאַנגען פּאָרויס צום עראָפּלאַן. גרישע איז ווי פאַרוואַלקנט געוואָרן. ער האָט געוויזן זײַן בילעט דעם אָפּזעער און איז אוועק אַהינטער דער צוים. איבער דער צוים האָבן זיי זיך אײַליק און צעשטרייט א קוש געטאָן.

— מאַניעטשקע, פאַרוואָס האָסטו געזאָגט, אַז דו באַדויערסט עס ניט? אָ, מאַניעטשקע, דו האָסט מיר געגעבן א טויט־קלאַפּ!

זי האָט באַוויזן אים עפּעס צו זאָגן, ווי שטאַרק עס איז די קרויוועשאַפט פון א ברודער מיט א שוועסטער, און אַז מע דאַרף ניט באַדויערן דאָס, וואָס עס איז געוועזן, און דאָס, וואָס ער איז ניט געבליבן מיט איר, וואָס זי האָט מיט אים ניט געקענט מיטפאָרן. דאָס אַלץ איז יוגנט־נאַרישקײַט, ניטאָ וואָס צו באַדויערן.

ער האָט עס געהערט צי ניט געהערט, נאָר ער האָט ווידער איבערגעכאַזערט:

— מאַניעטשקע, דו האָסט מיר געגעבן א טויט־קלאַפּ!

— מיט וואָס האָב איך דיר אַזאַ קלאַפּ געגעבן? ווען דו וואָלסט דאַן געפילט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, וואָלסטו אַראָפּגעשפּרונגען פון דער שיף און געבליבן אויף אייביק מיט מיר. אָדער דו וואָלסט מיך א כאַפּ געטאָן אויף די הענט, און איך וואָלט אוועקגעפאָרן מיט דיר. נאָר דאָס האָט דאָך ניט פּאַסירט. איז וועגן וואָס פאַר א טויט־קלאַפּ רעדסטו?

גרישע האָט ניט געהערט, וואָס זי רעדט ביזן סאָף. ער האָט א פּאַכע געטאָן מיט דער האַנט און איז אוועקגעלאָפן דעריאָגן יענע, וועלכע זײַנען געגאַנגען הינטער דער סטיואַרדעסע. ער האָט דעריאָגט, זיך אויסגעקערעוועט צו מאַניען, ווידער א פּאַכע געטאָן מיט דער האַנט צו איר עטלעכע מאָל, א פּאַכע געטאָן אַזוי מאָדנע, ווי ער וואָלט דערפילט א ווייטעק אין אַקסל, און ער איז אוועק פאָרויס, מער האָט ער זיך צו איר ניט אויסגעקערעוועט.

מאַריִע איסאַקאָוונע איז געשטאַנען הינטער דעם פּאַרקן און געפּאַכעט מיט דער האַנט, ביז דער עראָפּלאַן האָט ניט צוגעראָלט צום סאַמע וואָקזאַל און האָט ניט פאַרשטעלט גרישען מיט די מענטשן, וואָס זײַנען געגאַנגען דורכן פלי־פּלאַץ. אַזויווי זי האָט גרישען מער ניט געקאָנט זען, איז זי אוועק אויפן צווייטן שטאָק פון וואָקזאַל, דאָרטן האָט זיך געפונען א ברייטער באַלקאָן. אָבער פון דאָרטן האָט זי אויך וויניציק וואָס געקענט זען. זי האָט געקוקט אויף עפּעס אַן עראָפּלאַן, אויף מענטשן, מער — גאָרניט. זי איז אומגעגאַנגען איבערן באַלקאָן און האָט געוואַרט, ביז דער עראָפּלאַן, אין וועלכן גרישע וועט אַוועקפליִען, וועט זיך אופהייבן צו דער פּיִאַלעטער, געדיכטער וואָלקנדיקײַט באַם ראַנד פונעם הימל. עמעצער האָט בא איר געפרעגט, צי ווייסט זי ניט, ווו די פּאָטשט געפינט זיך דאָ.

— אויפן ערשטן שטאָק אונטער די טרעפּ!

זי האָט שוין דאָ אַלץ געוווּסט, זי איז שוין געווענט געוועזן צום עראָפּאָרט, צום ראַש פון די מאַטאָרן. „א שאָד, וואָס איך בין קיינמאָל ניט געפלויגן. אַנדערע זײַנען געשפּרונגען מיט פאַראַשוטן, אַפילע עמעצער פון די באַקאַנטע איז געשפּרונגען"...

צו גרישעס עראָפּלאַן איז צוגעפאָרן א בוקסיר־מאַשין און האָט אוועקגעפירט דעם עראָפּלאַן אויף דעם שמאָלן בעטאָן־וועג, פונוואַנען ער וועט אַליין מיט דער קראַפט פון זײַנע מאַטאָרן זיך אופהייבן.

אָט האָט דער עראָפּלאַן אײַנגעשלאָסן די מאַטאָרן. די לופט האָט הייס זיך באַוועגט און געריסן דעם פאַרנאַכט מיט א מוירעדיקן רעווען. ענדלעך האָט ער אוועקגעראָלט איבערן בעטאָן־וועג, און אינגיכן איז ער פאַרשווונדן געוואָרן. מאַריִע איסאַקאָוונע האָט שוין געוואָלט לויפן צום נאַטשאַלניק פון עראָוואָקזאַל, ווײַל זי איז געוועזן זיכער, אַז מיטן עראָפּלאַן איז געשען אַן אומגליק, נאָר אָט האָט ער זיך באַוויזן. ער איז געשוווּמען איבערן פלי־פעלד פאַרבײַ דעם באַלקאָן, אויף וועלכן זי איז געשטאַנען, און זי האָט אים באַגלייט מיט די אויגן אין פאַרנאַכטיקן הויכן הימל.

„כ'פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס וויין איך ניט?" — האָט זי געפרעגט זיך גופע און א פאַרצויבערטע געקוקט, ווי בייזע, קורצע פלעמלעך באַווײַזן זיך און פאַרשווינדן דאָרט, ווו דער עראָפּלאַן פליט.

„פאַרוואָס זאָל איך וויינען? צעשיידונג — דאָס הייסט לעבן. ניט פאַרשטיין איינער דעם צווייטן איז, צום באַדויערן, אויך א געוויינלעכע זאַך", — האָט זי פאַרענדיקט איר געדאַנק, ווען די פלעמלעך האָבן זיך אינגאַנצן אויסגעלאָשן.

זי איז אראָפּגעגאַנגען פונעם באַלקאָן און אַרײַן אין דער פּאָטשט. זי האָט געקלערט שיקן עטלעכע ווערטער גרישען, קעדיי דאָן, ווען ער וועט קומען אהיים, זאָל ער טרעפן פון איר א בריוועלע. נאָר זי האָט זיך דערמאָנט, אז זײַן אדרעס איז געבליבן אין שטוב, אָף אויסווייניק האָט זי ניט געדענקט ווי מע דאַרף דעם אדרעס שרײַבן אָף ענגליש. האָט זי באַשלאָסן אָנצושרײַבן דער טאָכטער.

„טאָכטער מײַנע! א געוויסן האָסטו? די אויגן קריכן מיר ארויס פונעם קאָפּ, ביז איך דערזע א בריוול פון דיר!..״

דעם אדרעס האָט זי געדענקט אפילע אין שלאָף. זי איז געשטאַנען בא א מירמלנעם היוכן טישעלע און געשריבן. אקוראט אזא טישעלע, ווי אין בופעט, ווו גרישע האָט נאַרוואָס צוגעביסן. לעבן איר, לינקס, איז געשטאַנען א הויכער, דאַרער באָכער פון א יאָר צוואַנציק אין א רויטער פוטבאָלקע מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל. ער האָט געשריבן אדרעסן אָף פיר טעלעגראַמעס. פיר גראָע טעלעגראַמע-בלאַנקען זײַנען געלעגן אָפן טישל, אין אלע טעלעגראַמעס זײַנען געווען איין און די זעלביקע ווערטער. מאַרזיע איסאַקאָוונע האָט איבערגעלייענט: „שיק ארויס צען. טאַליק״. ער האָט געוויס געדאַרפט פּערציק רובל, נאָר אזויפיל געלט האָט ער ניט געוואָגט צו בעטן בא זײַנע כאַווײרים, האָט ער זיך געמוזט אויסברענגען אָף גאַנצע פיר טעלעגראַמעס.

מאַרזיע איסאַקאָוונע האָט איבערגעלייענט דאָס וואָרט „מאָסקווע״. אָך, ווי זי האָט ליב געהאַט מאָסקווע! כאָטש זי איז דאָרט קיינמאָל ניט געווען. נאָר אליין דאָס וואָרט „מאָסקווע״ האָט זי שטענדיק אופגעהײַטערט. זי וואָלט בעפּיירעש פאַרגעלייגט דעם באָכער א ביסל געלט, ווען ניט די גיטאַרע. מאַרזיע איסאַקאָוונע האָט טאָמיד געפילט, אז א גיטאַרע איז א סימבאָל פון גרינגוואַגיקײַט און לײַכטזיניקײַט, און די דאָזיקע, וואָס טראָגן גיטאַרעס אָף שנירלעך, צאָלן ניט קיין כויוועס און פילן ניט אויס זייערע פליכטן. פונדעסטוועגן האָט זי פאַרגעלייגט: „שיקט בעסער א טעלעגראַמע אײַער מאַמען״.

דער באָכער האָט צונויפגענומען די ברעמען, אָפּגעקערט דעם קאָפּ. דאָס האָט באַטײַט: „ניט אײַער זאַך, באַבוסיע״.

זי האָט באַוויזן אויסצוקערעווען איר פּאָנעם צום אומבאַקאַנטן באָכער פון מאָסקווע. אים אָנגעקוקט און ווידער גענומען שרײַבן, נאָר זיך דערשראָקן, ווײַל זי האָט געזען, ווי די פען לאָזט איבער א קרומע, צעשוווּמענע שורע, וואָס קריכט זיך פאַנאַנדער איבערן קאָנווערט. דאָס מירמל פון טישל האָט פאַרלאָרן די פאָרם און, ווי צעוואַרעמטע פוטער, גענומען רינען. דער פּלאַסטמאַסעווער טינטער איז אויך ווי צעשמאָלצן געוואָרן. ס'איז אוועקגעשווומען דעם באָכערס האַנט מיטן פאַרקאַטשעטן אַרבל, אוועקגעשווומען אין דער פינצטערניש. אויך די פיר בלאַנקען, וואָס דער באָכער האָט געהאַלטן לעבן זיך, זײַנען געוואָרן פּיאָלעטע.

— אוי, וואָס איז דאָס?! — האָט זי נאָך באַוויזן מיט שרעק אויסצושרײַען.

ווי ווײַטע מוזיק, וואָס זי האָט אמאָל געהערט אין דער קינדהײַט, איז אין איר אופגעקומען א פײַנלעכער און אוועקגייענדיקער ווייטעק. זי האָט זיך א כאַפּ געטאָן בא דער ברוסט, ווי זי וואָלט געוואָלט דאָס אייגענע האַרץ דערנעענטערן צו זיך, צוהערן צו דעם, עס דערפילן פעסטער און עס ניט אָפּלאָזן פון זיך. נאָר איר קערפּער איז געוואָרן מאָדנע גרינג, ער האָט זיך שוועבנדיק אופגעהויבן, אין דער זעלבער צײַט ערגעץ געשווומען, און איינעם מיט דעם האָט זיך דערווײַטערט, איז צעגאַנגען געוואָרן און פאַרשווונדן דער ווייטעק אין איר האַרצן. די רויטע פוטבאָלקע איז אויך געוואָרן פּיאָלעט, דערנאָך אלץ טונקעלער און טונקעלער און איז אויסגעלאָשן געוואָרן. דער ארום איז פול געוואָרן מיט שפּרינגענדיקע, דריבנע פינקלענדיקע בלעזלעך.

פּלוצעם האָט זיך פון זיי ארויסגעריסן איינס מיט א פּײַערדיק יאָדערל און עס האָט מיט א הילכיק-קלינגעוודיק קעלעכל גענומען זינגען: „קאַשטאַנעס, קאַשטאַנעס!..״ און אלץ איז פאַרשטומט געוואָרן, און גאָרנישט איז ניט געבליבן — ניט קיין ווייטעק, ניט קיין שײַן, ניט קיין שטים, ניט די קאַלטע צעמענט-פּאָדלאָגע, אָף וועלכער מאַרזיע איסאַקאָוונע איז אומגעפאַלן, און אויך קיינער ניט לעבן איר קערפּער, וואָס האָט פּאַמעלעך, פּאַמעלעך זיך אָפּגעקילט.

ווי גרישע האָט צוגעזאָגט, אזוי האָט ער געטאָן. אין א יאָר ארום איז ער געקומען מיט זײַן ווײַב, וועלכע איז אלעמען געפעלן געוואָרן. ער איז געקומען צען טעג נאָך מאַניעס טויט. זיי זײַנען געגאַנגען אָפן בעסוילעם, געלייגט קווייטן אָף מאַניעטשקעס קייווער, און אויך אָף מאַניעס, וואָס האָט זיך געפונען, ווי ער האָט עס געבעטן פאַרן טויט, צופוסנס פון קלאַרעס קייווער.

און שפּעטער מיט א יאָר איז גרישע ווידער געקומען. סאַול איסאַקאָוויטש איז נאָך דאָן געווען פּולקום געזונט. זיי האָבן א סאַך שפּאַצירט. סוליעס פּיס האָבן אים נאָך גוט געדינט. בייס גרישע איז געקומען דאָס פערטע מאָל, איז סאַול איסאַקאָוויטש שוין געלעגן אין שפּיטאָל. עפּעס האָט פּאַסירט מיט זײַנע פּיס און מע האָט זיי געהיילט. אָן קוליעס האָט סאַול איסאַקאָ־וויטש שוין ניט געקאָנט גיין.

— א מערקווירדיק אָרט איז דער שפּיטאָל, — האָט סאַול איסאַקאָוויטש געזאָגט גרישען, בייס זיי זײַנען געזעסן אין סאָד פון שפּיטאָל אָף א באַנק אונטער א ליגדנבוים. — רעכטס פון מיר ליגט א פּראָפעסאָר פון געשיכטע, לינקס — א קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן. ווען וואָלט איך געקאָנט האָבן אזא מין קאָמפּאַניע? זאָג מיר, גרישע, אין אמעריקע איז מעגלעך אזא זאַך?

איצט, ווען גרישע איז שוין געקומען עטלעכע מאָל, האָבן אלע דערזען, אז ער איז גאָר אַן אנדער מענטש, ווי עס האָט זיי זיך געדוכט דאָס ערשטע מאָל. ער האָט זיך איינגאַנצן אופגעהערט צו באַרימען מיט זײַנע אלערליי אויסערגעוויינלעכע גליקן. פּאַרקערט, ער האָט זיך באַקלאָגט, אז זײַן טאַכטער האָט באַגעגנט א לויי־יוצלעך, א גאַרנישט, וועלכער האָט זי לאַכלוטן ניט פאַרשטאַנען, אָבער ער האָט זי גוט אויסגעמוטשעט. ער האָט מאַמעש צעריסן איר האַרץ.

ער האָט אויך דערציילט, אז די מענטשן, וועלכע האָבן געקויפט זײַן מעבל־מאַגאַזין און דעם ערשטן שטאָק, ווילן אים אַרויסשטויסן פונעם צווייטן שטאָק, וואָס זיי האָבן ניט געקויפט, און זיי וועלן אים אומבאַדינגט אַרויסשטויסן, ווײַל זיי קאָנען זאָגן ליגן מער ווי עמעס. און, ווי ס׳ווײַזט אויס, וועט ער מוזן אַרויספּאָרן פונעם צווייטן שטאָק, פון זײַן אייגן אײַנגעזעסן אָרט. און ער איז אזוי צוגעוווינט געוואָרן צו זײַן סאָד, וואָס ער האָט געפלאַנצט מיט זײַנע אייגענע הענט. די דאָזיקע בייזע מענטשן, וואָס שטויסן אים אַרויס, רופט מען ברונקס. דעם נאָמען פונעם טויגעניכץ, וואָס האָט זיך אזוי איזדיעקעוועט איבער זײַן טאַכטער, האָט גרישע ניט אָנגערופן.

גרישע האָט אָף די רײַזעס אויסגעבראַכט א סאַך געלט...

נאָר אָט איז שוין דאָס דריטע יאָר, ווי ער קומט ניט און שרײַבט ניט. וואָס מאַכט ער אין געזונט?..

פון רוסיש — ש. גאַרשמאַן

## פיניע פלאַטקין



די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק דעם דיכטער פיניע פלאַטקין מיט זײַן 60־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט און שעפערישקייט.

# דאָס געהעריקע וואָרט

## מײַן קאַנט

דו האָסט באַשײַנט מיך און וועסט נאָך באַשײַנען.
ס'האָט קיינער מיך אָהערצו ניט פאַרנאַרט.
די ראַבינעס און די בעריאָזעס דײַנע
כ'האָב ליב ביז ווייטעק, אָפּריכטיק און צאַרט.

מיך פרייט, ווען פרי דער ווינטער גייט אריבער,
ווען פרי דער פרילינג גוטע רעגנס ברענגט.
איך וועל זיך ניט אָנטווינען פון מײַן ליבע —
זי איז אין בלוט בײַ מיר, אין מײַן געביין.

## דער דענקמאָל

ער האָט געקעמפט און האָט געזיגט.
און אײַנגעהאַלטן די גאַנצע ערד,
יאָ, אײַנגעהאַלטן די גאַנצע ערד
געווען עס איז אים שווער.

ער איז אין אייביקייט אַרײַן
און האָט זיך אויבנאָן געשטעלט,
יאָ, האָט זיך אויבנאָן געשטעלט,
עס זאָל אים זען די גאַנצע וועלט.

און קינד־און־קייט, ווער פרײַהײַט שעצט,
צום פיעדעסטאַל צו זײַנעם קומט,
צום פיעדעסטאַל צו זײַנעם קומט, —
ער האָט פאַרדינט אַזאַ מין רום.

און ניט נאָר יאָמטעוו־צײַט אַליין
אים פרישע בלומען־קרענץ מע ברענגט,
אים פרישע בלומען־קרענץ מע ברענגט,
אים פרישע בלומען־קרענץ מע שענקט.

אין האַנט בײַ אים א קינד א קליינס
מיט יעדן אייוועדל און גליד,
מיט יעדן אייוועדל און גליד
צו אים זיך ציט, צו אים זיך ציט.

ער איז ניט טויט, אין אונדז ער לעבט,
אין אונדז זײַן גוורע איז אַנטפּלעקט.
אין אונדז זײַן גוורע איז אַנטפּלעקט —
ער איז ניט טויט, ער לעבט, ער לעבט.

## נאַכן קריג

איך האָב זיך לאַנג באַם שאַפער ניט געבעטן —
ער האָט מיט פאַרגעניגן מיך געגומען.
פונוויַיטן האָט באַוויזן זיך דאָס שטעטל.
א פרוי אַן אַלטע לעם א ברונעם,
אַן אומבאַקאַנטער פויער, ניט קיין יונגער,
האָט איַינגעלאַדן מיך צו זיך מיט קאַוועד:
— ווי קומט א ייִד אין שטעטל איצט אין אונדזערס? —
ניט אַנדערש, בראַטקאָ, ווי אַף קייווער־אָוועס...
כ'האָב צו דער קוואַרט מיט דאַרשט געטאָן א פאַל,
א טרונק געטאָן.

— איך בין געוועזן א היגער.
עס ציט דעם מענטשן טאָמיד צו זיַין קוואַל,
געקומען כ'בין אַהערצו ווי א זיגער.

## האַרבסט

מיט פרישן ברויט דער אָסיען הייבט זיך אָן,
ער קומט צו גיין, ווי א באַגאַבטער קינסטלער.
עס ווערן געל די בלעטער באַ דעם קליאָן,
א קילער נעפל שפּרייט זיך איַינדרפינצטער.

דערוויַיל איז נאָך ניט קאַלט, עס איז ניט גרינג
מיט אָט די טעג די הייסע זיך צעשיידן.
עס איז נאָך ציַיט געבליבן, ביז דער ווינט
וועט נעמען מיט דער וועלט אַף „דו" צו ריידן.

## צו א פרוי

צו וואָס זיך פאַריִנגערן,
זיך נעמען צום האַרצן
אין שטילקיַיט פון בענקען,
אין רו און אין וואַרטן.
און נאָכאַמאָל זוכן,
און ווידער געפינען
דעם שפּור,
וואָס קאָן טייקעף
דיך ברענגען,
ווי פריִער —
דיך ברענגען צו פירן
א גוטע, א שיינע,
צו מיר, מיַין נעשאָמע,
צו מיר נאָר צו איינעם.

## פונקט ווי א בלום

יאָ, דו דערמאָנסט מיט פאַרגעניגן
די פרילינגס יענע און די ווינטערס,
איך ווייס, האָסט ניט געזוכט קיין גליקן
און זוכסט זיי אויכעט ניט אַצינדער.
מיר דאַכט, דו ביסט געווען, ווי קיינער,
סיַי אומפאַרשטענדלעך און סיַי פּאַשעט —
פונקט ווי עס איז א בלום א שיינע
באַהויכט מיט פרילינג־דופט אין אָסיען.

## שימען לעלטשוקס אנדענק

„איך זוך
פאר מײַן ליד
דאָס געהעריקע וואָרט.
כ'וועל דאָס וואָרט
געפינען" —
אזוי וואָלט מיר שימען ליעלטשוק געזאָגט,
מײַן כאווער און דיכטער — שימען.

„די וועלט
אומפּאַרגעסלעכע ערטער פאַרמאָגט,
איך וועל
פאַלעסיע באַרימען" —
אזוי וואָלט מיר שימען ליעלטשוק געזאָגט,
מײַן כאווער און דיכטער — שימען.

„אַן מירע
דעם טויט אין די אויגן
געקוקט,
דעם ביטערן פּײַנט
כ'האָב געטריבן" —
אזוי וואָלט מיר זאָגן שימען ליעלטשוק,
ווען ער וואָלט לעבן געבליבן.

## די פייגל קומען

ס'וועט דער ווינטער זיך ניט ציִען
לענגער פון אַן אנדער ווינטער.
פליט און קומט צוריק צו פליִען
גליקלעכע, ווי מײַנע קינדער.

איך בין אויך געווען א יונגער
און, ווי איר טאַקע, געראַטן.
אײַך איז אַלעמאָל געלונגען,
אײַך איז גאָרנישט ניט פאַרבאָטן.

קיינער איז אף אײַך ניט ברויגעז,
זאָל אײַך צופיל ניט פאַרדריסן.
כ'וויל, אַז איר זאָלט, ווי דער שטייגער,
א געזונטן מיך דערוויסן.



## הערשל פאָליאַנקער

# א געשיכטע מיט א דאטשע

טאָמער ווילט איר רוּיִק זיך אויסלעבן אײַערע יאָרן, האנאָע האָבן פון דער וועלט, האָבן קאָוועד בא אייגענע, קרויווים, באקענטע און גוטעפרײַנט, — פאָלגט מיך, פוילט זיך ניט און בויט זיך אויס א דאטשע.

עס רעדט זיך ניט, כאסוועכאָלילע, וועגן א גאָר געהויבענער דאטשע, וועגן אזעלכער, וואָס עס קאָן זיך פארגינען, לאָמיר זאָגן, א פראָפעסאָר, א גענעראַל אָדער א פארגרייטער פון פלעשער, הערנער און קאָפּיטעס. דאָ גייט א רייד וועגן א פּאָשעט הילצערן שטיבל, ווו מע קאָן אָפּשטופּן א נאכט, זיך אויסבאהאלטן פון א רעגן, א האָגל, פון די ספּעקעס אין רעכטן זומער. כ'מיין אזא שטיבל, ווי מע בויט די לעצטע צײַט אין פארשידענע מעקוימעס, אין די קאָלעקטיווע סעדער.

מיט קיין גרויסן קאָמפאָרט וועט איר דאָ ניט זײַן באזאָרגט, נאָר וואָס זשע? פרישע לופט, ביימער, קוסטעס — אריבערן קאָפּ! טאָקע ווי אף אן עמעסער, באלעבאטישער דאטשע. און וואָס דארף מען מער?

איר שטעלט זיך דען פאָר, סארא פארגעניגן איר וועט האָבן? און ניט בלויז איר, נאָר אײַער גאנצע מישפּאָכע און אמאָל אויך א פרײַנטל, א באקענטער, וואָס וועט זיך אראָפּכאפּן אף א פאָר שאָ צוגאסט. ניט נאָר איר, נאָר אויך זיי אלע וועלן זיך פילן ווי גאָט אין אָדעס!

יאָ, איר באקלערט נאָר, וואָס דאָס איז! צווישן יונגע, שלאנקע פרוכטביימער און געדיכטע קוסטעס, אף וועלכע עס וואקסט וואָס א מויל רעדט אויס, שטייט זיך אײַער שטיבל, איך מיין אײַער דאטשע, אן אויסגעצוואָגענע פון די פרילינג־רעגנס, אן אויסגעפארבטע מיט הימל־בלויער פארב, די אקוראט־געגלעזטע פענצטערלעך זײַנען פארגאָסן מיט גינגאָלד, בעשאס די זון הייבט זיך אוף און ווען זי פארגייט אף מײַרעוו. איבער אײַער קאָפּ שטייט א זינגערײַ, א געפילדער פון קאָלערליי פייגעלעך. דער סאָלאָוויי פארגייט זיך מאמעש פון פארגעניגן, דער אײַנגעאקשנטער פיקהאָלץ דלובעט מעשוגענערווײַז אן אלטע סאָסנע און באקומט שיר ניט קיין אינסולט פונעם קלאפּערײַ, די פרעשלעך אין דער דערבײַיִקער סאַזשלקע קוואקען, און די קוקאָווע טוט זיך אירס — זי ציילט אײַך אײַערע יאָרן. און די גראָזן מיט זייערע פרישצאפּלדיקע רייכעס פארשיקערן אײַך מאמעש, ווי דער גוטער אויסגעשפּילטער און אויסגעשטאנענער ווײַן. איבער אײַער קאָפּ הענגען צײַטיקע ווײַנשל און בארן — זיי קריכן מאָמעש אליין אין מויל ארײַן, און אויב איר זײַט נאָך דערצו א גוטער באלעבאָס, וועט אײַך נאָכגיין, ווי א שאָטן, א קוואָטשקע מיט פּיצעלעך היגדעלעך, א גוידערדיקער אינדעק, א גענדזל, וואָס בעט זיך נעבעך אף דער סקאָווערעדע, און עס וועט אײַך באגלייטן מיט איר מעקען די ציג, וואָס איז צוגעבונדן צום פלויטל, זי וועט אײַך קוקן אין די אויגן, בעטן, איר זאָלט זיך מאטריִעך זײַן לויפן נאָכן שעפל, וועט זי, די ציג, אײַך מעכאבעד זײַן מיט א גוט ביסל מילך, געשמאקע מילך, ניט ווי יענע, וואָס איר קויפט אין די דרײַעקעכיקע פאקעטן.

יאָ, וואָס איז דאָ פאראן א סאך צו ברײַען: א דאטשע מיט א סעדל דערבײַ — דאָס איז דאָס בעסטע אין דער וועלט!

נאָך דער ארבעט פאָרט איר זיך ארויס פון יענער זײַט שטאָט, אף דער פרישער, מעכײַעדיקער לופט, אַף אײַער דאטשע, צו די געוויקסן, וואָס איר האָט פארפלאנצט מיט אײַערע אייגענע הענט.

הײַנט וואָס איז ווערט, וואָס אײַך וועט ניט אויסקומען אלע זומער זיך ברעכן דעם מויעך, טראכטנדיק, ווּהין שיקט מען אוועק די קינדער און די אייניקלעך אף אָפּרו? און וואָס פאר א פארגעניגן וועט איר האָבן, אז אײַך וועט ניט אויסקומען דולן א ספּאָדעק די כאוויירים פון אײַער פאבקאָם, זיי זאָלן אײַך באזאָרגן

מיט א פוטיאַוועקע אין אַפּרו־הויז, איַער פּלוי־
נעסטע מיט א קורסאַוועקע, איַער שוויגער
מיט א...

ניין, איר מעגט איַך לאַכן, טרײַבן קאַטאַ־
וועס, זאָגן, וואָס איר ווילט, נאָר א סעדל מיט
א דאַטשע זאָל מען האָבן!

אָט אַזוי אָן ערעך האָט געטראַכט אונדזער
שאַכן לייזער סאָקאָל, וואָס אַרבעט שוין א
שיין ביסל יאָרן אויף דער גרויסער מעבל־פאַבריק
מיטן גרויסאַרטיקן נאָמען „פּראָגרעס".

ביז דער פּענסיע איז דעם מענטשן נאָך
פאַרבליבן א שיין ביסל יאָרן. מיט גוטע הענט
און פעסטע פּלייצעס — אויף אַלע ליבע גע־
זאָגט געוואָרן — איז ער געווען געבענטשט.
האַרעווען איז ער געוווינט געווען נאָך פון
קינדוויַז, ווען ער האָט געלעבט אין דער שטיי־
נער קאַלאָניע באַבראָווע־קוט, אויפן טײַך אינ־
גולעץ, באַם פאָטער, א „פּאָטאָמסטווענע" קאָ־
לאָניסט, וואָס איז געווען איַינגעטונקען אין
ערדאַרבעט.

הייסט עס, אַלץ האָט ער פאַרמאָגט, אונד־
זער שאַכן לייזער סאָקאָל, און ווען איר טיילט
אים צו נאָך א שטיקעלע פעלד, וואָלט ער גע־
ווען אויפן פערדל!

ער וואָלט פון דעם שטיקל ערד געמאַכט א
צאַצקע!

מיט די דאָזיקע געדאַנקען האָט ער זיך גע־
לייגט שלאָפן און מיט זיי איז ער אופגעשטאַ־
נען!

נאָר אַלע זײַנע טרוימען און גוטע קאַוואַ־
נעס זײַנען אַלעמאָל צעשאָטן געוואָרן, ווי זאַמד
אויפן ברעג יאָם.

לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דער הימל איז
ניט באַ דער ערד! דאָס מאַזל פאַרלאָזט דעם
מענטשן ניט אויף שטענדיק, ווײַל א סימען האָט
איר — אונדזער שאַכנס טרוימען זײַנען אין
א שיינעם פרימאָרגן מעקוייעם געוואָרן!

אין איינעם א גאַנצפרי, ווען אונדזער לייזער
סאָקאָל איז געקומען צו דער אַרבעט און אַרי־
בערגעטראָטן די שוועל פון דער קאָנטראָל־
בודקע, האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן
א מעלדונג, וואָס איז געהאָנגען אויפן גרויסן
טאָוול באַנאַנד מיט בעקאָוועדיקע אַפּישן, פּלאַ־
קאַטן, באַפעלן. דער פאַבקאָם האָט געגעבן צו
וויסן דעם אוילעם, אַז מע האָט געקראָגן א
פײַנעם ערד־באַצירק אונטער דער שטאָט, ניט
ווײַט פונעם דניעפּער, און ווער עס האָט כיי־
שעק זיך אוועקשטעלן א שטיבל און פאַר־
פלאַנצן א סעדל, זאָל זיך טייקעף פאַרשרײַבן...

אונדזער לייזערס פאַרברוינט ענערגיש פּאַ־
נעם מיט די פּילצאַליקע כיינעוודיקע קנייטשע־
לעך אַרום די גרויסע קאָרע אויגן האָט זיך
מאַמעש דערפּילט גליקלעך, אויפן זיבעטן הימל —
הערט נאָר א געשיכטע! אויב דאָס איז עמעס,
איז ער דאָך אויפן פערדל!

טאַקע דעם זעלבן טאָג נאָך דער אַרבעט
האָט מען צונויפגעזאַמלט דעם אוילעם „דאַטש־
ניקעס" און געגנוי דערציילט וואָס וועט און
וועגן. מע האָט, ווי עס פּירט זיך, אויסגעוויילט
א קאָמיסיע, אַרומגערעדט אַלע זאַכן, און עס
איז געבוירן געוואָרן א קאָאָפּעראַטיוו.

מאַזלטאָוו, קינדערלעך, פאַרקאַטשעט די
אַרבל און נעמט זיך צו דער אַרבעט!

קעדיי דער איניען זאָל זײַן שטאַרקער, האָט
מען זיך אַרײַנגעכאַפּט אין סטאָלאָווע, געגומען
א ביסן און געמאַכט א קויסע.

הײַנט שטעלט איר זיך שוין אַליין פאָר,
אין וואָס פאַר א געהויבענער שטימונג עס איז
געקומען אַהיים אונדזער לייזער סאָקאָל! ער
האָט געשײַנט, ווי דער מאָרגנשטערן, די שטור־
ביקע האָבן אים ניט דערקענט, ווי מע וואָלט
פאַרביטן דעם מענטשן.

זלאַטקע, דאָס ווײַבל זײַנס, וואָס איז גראַדע
געשטאַנען באַ דער פּליטע און געגרייט די
וועטשערע, האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַן אָנ־
געדראָלענעם בליק:

— וואָס פאַר א יאָמטעוו איז עס הײַנט באַ
דיר? באַקומען א פּרעמיע?

— נעם העכער, — איז ער צוגעגאַנגען נע־
ענטער און א לײַכטן גלעט געטאָן איר פּלייצע,
ווי ער טוט עס שטענדיק, ווען ער פילט זיך א
ביסעלע שולדיק.

— וואָס הייסט העכער? האָסט באַקומען א
פּוטיאַוועקע אין אַפּרו־הויז?

— ניין, זלאַטקעלע־לעבן, נאָך העכער,
וועסט קיינמאָל זיך ניט אָנשטויסן.

און ער האָט אויסגעשאָטן אַלץ, ווי פון א
זאַק.

דאָס ווײַב האָט אים אויסגעהערט מיט קאָפּ,
אָבער לויט איר פּנים איז געווען צו זען, אַז
פון דער געשיכטע איז זי ניט באַגײַסטערט.
זי האָט ווידער אין אים אָנגעצילט אירע בייז־
לעך־גרינבלעכע אויגן, געגומען די הענט אויף
די לענדן, דאָס הייסט פּידבאָקאָם, א לאַנגע
ווײַלע געקוקט אויף אים, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ,
און זיך אָנגערופן:

— זעסטו, מײַן טײַערער מאַן, איצט זע איך,
אַז דו ביסט פּריש, געזונט און מעשוגע!

— נישקאָשע, זלאַטע טײַערע, עס וועט שוין
זײַן באַ אונדז איין מאָל א דאַטשע!

— טאַקע נאָר א דאַטשע פעלט מיר צו מײַנע
צאָרעס. און ווער וועט דאָרטן אַרבעטן?

— וואָס הייסט ווער? איך און דו, און די
קינדער, און אויך די באַקענטע. מיר האָבן דאָך
א טוץ פרײַנטלעך.

— אוואַדעטשקע, — האָט זי אים איבערגע־
שלאָגן, — פון זיי וועסטו האָבן א סאַך נוץ. און

איך? וואָס זשע, איך בין פֿון אײַזן? אַז איך שטיי אָפּ אַ וואַכטע באַם קאָנווייער, איז פֿאַר מיר גאַנץ גענוג. און נאָכדעם דאַרף איך אײַך אָנהאָדעווען, אָפּקאָכן, אופּראַמען אין שטוב... וואָס זשע, איר טוט עס פֿאַר מיר? נעם אַ שטעקן און שלאָג זיך אַרויס פֿון קאָפּ דאָס מע־שוגאַס! זע, מענטשן זאָלן פֿון דיר ניט לאַכן.

אונדזער שאַכן איז געבליבן שטיין צע־טומלט. הער אַ מײַסע, און אים האָט זיך גע־דוכט, אַז מע וועט די יעדיזנ באַגעגענען מיט פֿרייד, דאָס ווײַב וועט זיך אָנכאַפּן מיט הענט און פֿיס פֿאַר דער דאַטשע. איז האָסטו דיר!

אָבער בלויז געציילטע מינוטן איז ער גע־שטאַנען אַ פֿאַרלוירענער פֿון דער פֿלוינעסטעס רייד. ער איז אײַנגיכן געקומען צו־זיך און גע־זאָגט שוין מיט אַן עטוואָס געפֿאַלענער שטים:

— מיילע, נו, איז ניט געטאַנצט מיטן בער, וועל איך זיך שוין יאַקאָס ספּראַוועןאָן דײַן הילף און אָן דער הילף פֿון די קינדער און קרוויוּוים.

דעם עמעס געזאָגט, האָט לייזער סאָקאָל ניט געטראַכט, אַז ער קאָן אַרײַנכאַפּן אַזאַ מיִעסן פּסאַק פֿונעם ווײַב. זי דאַרף ניט, טײַנעט זי, קיין דאַטשעס מיט קיין סעדער. איר טאַטע האָט זיך אויסגעלעבט די יאָרן אָן סעדער און אָן דאַטשעס, און זי וועט זיך יאַקאָס אויך באַ־דרייען.

נו, און ער, מיינט איר, דאַרף עס זייער שטאַרק האָבן? עס גייט אים אין לעבן? נאָר ניט וועגן זיך טראַכט ער, בלויז וועגן די קינ־דער און אייניקלעך. פֿאַר זיי איז נייטיק פֿריי־שע לופֿט, אַ שטיל ווינקל אָף זומער. ווי עס זאָל ניט זײַן, נאָר ער וועט זיך ניט אָפּזאָגן פֿונעם פּלאַן זײַנעם. ער איז אָן אַקשן און אויב ער פֿאַרטראַכט עפּעס, איז — בלוט פֿון דער נאָז, נאָר דער איניען מוז דורכגעפֿירט ווערן, און אויס!

אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך דער אַרבעט, האָבן אַ פּאָר צענדליק אַרבעטער פֿון דער מעבל־פֿאַבריק, די זיך פֿאַרשריבענע, אוועקגע־לאָזט זיך צום דניעפּער און מיט אַ שיף אָפּגע־שווומען פֿונעם ברעג, ווי, נעפּריטשקעם, קאָ־לומבוס מיט זײַנע בראווע יונגען, און זיך גע־לאָזט צו זייער ווײַט ווינקל עפּענען אַ נײַע אַמעריקע. ווי אַ טומלדיקער דעסאַנט, האָט מען זיך אַרויסגעזעצט אָפֿן זאַמדיקן ברעג, דערנאָך געגאַנגען צופֿוס עטלעכע קילאָמעטער, ביז מע איז געקומען צום באַצירק.

באַטראַכט דעם ווילדן אַרום — די זאַמדן און קוטשעהורעס, האָט מען זיך טרויעריק איבערגעקוקט, ווי איינער רעדט: „וואָס זשע, אָט דאָ קאָן דען עפּעס וואַקסן? אַרום און אַרום — טויע־וועוויעס! ניט קיין ביימל, ניט קיין קוסטעס. אַ שטיק האַרבאַטע פֿעלד. דאָ אַ

בערגל, ווי אַ סאָפּקע, דאָרט אַ קרומער יאַר, און בוריאַנעס, בודיעקעס העכער דעם קאָפּ! דאָ אַן אַלטער פֿאַרפֿוילטער קאַרטש, דאָרטן אַ פּאָר שטיינער, וואָס מיט די הוילע הענט וועסטו זיי ניט אַרויסשלעפּן, זאָלסט אַפֿילע זײַן מיט אַכצן קעפּ!"

קורץ גערעדט, מ'האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז מע וועט זיך גוט מוזן אונטערגאַרטלען, ביז מע וועט דאָס שטיקל ווילדע ערד ברענגען צו אַ טאָלק. עס האָט, דאַכט זיך, פֿון אָדאָם־האָ־רישן ניט געזען קיין אַקער, קיין באַרענע, אַפֿילע קיין זאַסטופּ ניט!

אייניקע האָבן זיך גלײַך מודע געווען, באַ־טראַכטנדיק דעם אַרום, אַז מע איז מוחל, מע וויל ניט קיין דאַטשעס און קיין סעדער, און מע האָט גלײַך פֿאַרקערעוועט דעם דישעל אָף צו־ריק.

אָבער ניט אַלע, כאַלילע!

עס זײַנען געווען אַקשאָנים, און צווישן זיי אונדזער לייזער סאָקאָל!

— אָן האַרעוואַניע, — האָט ער געזאָגט, — קאָן מען אַפֿילע קיין באָרשט ניט אָפּקאָכן. נישקאָשע, מע דאַרף זיך נאָר ניט פֿוילן, אונ־טערשטעלן אַ פּלייצע, וועט אַלץ אַוועק ווי אַ מיזמער! קיינער וועט אײַך ניט אונטערטראָגן קיין פֿאַרטיקן סאָד מיט קיין דאַטשע.

ער האָט דערציילט, אַז זײַן עלטערזיידע, אָלעווהאַשאָלעם, ווען ער איז געקומען מיט זײַן כאַליאַסטרע קינדער אָפֿן ברעג פֿונעם אינגול־ליעץ, טאַקע באַ באַבראַוועס־קוט, האָט ער גע־טראָפֿן נאָך אַן ערגער שטיק פֿעלד — שטיי־נער, ווילדגראַז. ה'עלף האָבן דאָרט געוואָיעט... מע האָט זיך גוט אָנגעמוטשעט, ביז מע האָט פֿון יענעם פֿעלד געמאַכט אַ לײַט. און דאָס דאָ־זיקע פֿעלד האָט דערנאָך געגעבן ברויט און ווײַנטרויבן... וועט מען איצט אויך ניט אָפּ־טרעטן און זיך ניט איבערשרעקן פֿאַר האַרע־וואַניע.

— אַלץ, וואָס עס ווערט געבוירן גרינג, — האָט ער געמאַכט דעם אויספֿיר, — קומט אַרויס אָן אַ צונג...

מע האָט זיך ניט אַרײַנגעלאָזט אין קיין לאַנגע קקירעס — מע האָט צעטיילט דאָס פֿעלד אָף גלײַכע כאַלאָקים, צו זעקס סאָטקעס, ניט מער, און יעדערער האָט אַרויסגעצויגן אַ קוויטל, וואָס פֿאַר אַ דעליאַנקע ער באַקומט.

ווען אונדזער לייזער סאָקאָל האָט אַרויסגע־צויגן זײַן קוויטל און אַ קוק געטאָן אָף זײַן נומער, איז אים געוואָרן אַ לאָך אין האַרצן! ער האָט זיך בײַטער פֿאַרקרימט, אַן אַנדערער וואָלט זיך גלײַך אָפּגעזאָגט פֿונעם גליק — פֿון זײַנע זעקס סאָטקעס — און אַנטלאָפֿן, ווו דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט. אַ כויזעק און אַ ווייטעק איז געווען צו קוקן אָפֿן ווינקל, וואָס

איז אים אויסגעפאלן. גריבער, זאמד, שטיינער, בוריאן — דער רועך ווייסט וואָס. קיין ערגער שטיקל ערד האָט ער דאָ ניט געזען. אָבער וואָס ווּעסטו טאָן? קוים ביסטו אריַינגעפאלן, ברודדערקע, איז האלט זיך! אונדזער לייזער סאָקאָל איז ניט בלויז אן אקשן — אז ער נעמט זיך פאר א שטיקל ארבעט, וועט עס זיַין געמאכט ליַיטיש און ראיעל. ער איז ניט פון די שרעקעוודיקע, און האָרעווען קען ער. וויפל אָקאָפּעס איז אים אויסגעקומען אויסגראָבן, וויפל טראנשייעס פון סאמע לוואָוו, ווו ער האָט אָנגעהויבן די מִילכאָמע, ביז בערלין! וואָס זשע, וועט ער זיך דערשרעקן פאר די זעקס סאָטקעס און זיך אָפּזאָגן פון זיַין טרוים?

נישקאָשע, ער וועט זיך שוין יאקאָס געבן אן אייצע. דעריקער, ניט ארפּאפאלן בא זיך. גענומען אַף זיך אן אָל, דארף מען אים טראָגן ביזן סאָף!

א מידער און אן אויסגעמאטערטער האָט ער זיך אומגעקערט אהיים. זלאטע האָט אים באַגעגנט מיט אן איראָניש שמייכעלע און מיט א טיפן שטאָך:

— נו, באל־פּערמער מיַינער, האָסטו שוין פארפלאנצט א סאָד? האָסט זיך שוין אויסגעבאָוועט א פאלאץ? קען מען שוין אהין פארטריַיבן הינט?

ער האָט נעבעך געשוויגן. וואָס האָט ער געקענט ענטפערן? ער איז געווען פארטאָן אין זיַינע מאכשאָוועס און זיך געטראכט: מיילע, זאָל זי לאכן... ער וועט איר שוין גראדע באַוויַיזן, אז זי האָט צו טאָן ניט מיט קיין הינקעדיקן שניַידער.

עס זיַינען אוועק נאָך עטלעכע טעג, און אונדזער פערמער האָט זיך איַינגעקויפט קלאָפערגעציַיג — א זאסטופּ, א גראבליע, א מאָטיגע, א לאָם און פיל אנדערע מאכשירים און זיך אוועקגעלאָזט אַף זיַין שטיקל ערד.

פארקאטשעט די ארבל, האָט ער זיך גענומען צו דער ארבעט.

אלע טאָג, ווי נאָר ער האָט געענדיקט די וואכטע, אזוי האָט ער גענומען די פיס אַף די פלייצעס און — היַידא, אַף זיַין באצירק, עס האָט געמעגט דונערן און בליצן, עס האָבן געקענט בלאָזן בייזע ווינטן. ניט קיין היץ און ניט קיין קעלט האָט אים ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געגראָבן, געהאקט די שטיינער, ארויסגעריסן זיי פון דער ערד, געשליַידערט אראָפּ אינעם יאר, אויסגעגליַיכט די הורבעס. פון דער נאָענטער אָזערע האָט ער געשלעפּט אַף זיך וואסער, באגאָסן די ערשטע ביימלעך און קוסטעס, וואָס ער האָט פארפלאנצט, געטעסעט מיט דער האק סלופּעס, געגרייט ברעטער פאר דער דאַטשע זיַינער.

פארן קורצן זומער איז ער פארשווארצט און פארברוינט געוואָרן, ווי א גוטער פישער, וואָס קריכט זעלטן ארויס פונעם יאם. ער איז פארהארטעוועט געוואָרן, און די שטוביקע מיט די שכיינים האָבן אים ניט דערקענט.

מיט ליַיב און לעבן איז ער געווען פארקאָכט אין דער ארבעט. און דאָס הארץ האָט זיך געפרייט, קוקנדיק אַף די אָקאָרשט פארזעצטע ביימלעך און קוסטעס, אפן ציכטיק אָפּגעראמטן שטיקל פעלד.

די שטוב און די שטוביקע האָט ער איַינגאנצן פארגעסן. ווי נאָר עס האָט זיך געמאכט א פאָר פריַיע שאָ, אן ארויסגאנג־טאָג, איז — די פיס אַף די פלייצעס און היַידא אַף זיַין שטיקל ערד! דאָ האָט ער געהאט א סאך נאכעס, די שטימונג איז בא אים געווען גאָר אן אנדערע. אָבער זלאטע איז אים אלץ דערגאנגען די יאָרן, אים אויסגעלאכט און געריסן שטיקער פלייש, אופגעגעסן לעבעדיקערהייט: הער נאָר, א צעדרייטער, זיך אריַינגענומען א מאנקאָליע אין קאָפּ און פארנעמט זיך מיט נארישע זאכן, פאטערט זיַינע טעג און יאָרן, און... פארוואָס, פאר וועו? מע דארף דאָך א מעשוגענעם אויסמעקן און אים פארשריַיבן!

ניט ווייניקער האָט אים דערקוטשעט די שוויגער. זי האָט געטיַינעט, אז ווען לייזער איז, כאָלילע־וועכאס, איר, דער שוויגערס מאן, וואָלט זי אים גליַיך אָפּגעגעט. הער נאָר א מיַיסע, א מאן זאָל ניט קענען איַינזיצן אין שטוב, ניט אריַינברענגען דאָס ביסל פּראָדוקטן, ניט העלפן אין שטוב פונדאנען אהין. די קינדער האָבן אויך אונטערגעבורעט, און אָפּטלעך האָט ער ניט געוווּסט, ווו מע טוט זיך אהין. אָבער דאָס אלץ האָט אים ניט אראָפּגעשלאָגן פון גליַיכן וועג. ער האָט זיך געטאָן זיַינס, געפלאנצט פרוכטביימער, פארזעצט קוסטעס, געהאָרעוועט ביזן זיבעטן שווייס.

נאָר אויב איר מיינט, אז נאָר דאָס וויַיב, די שוויגער מיט די קינדער זיַינען אים דערגאַן די יאָר, האָט איר א גרויסן טאָעס. די שכיינים האָבן אַף אים אויך געקוקט קרום — א מענטש זאָל זיך אליין פארקירצן די יאָרן? א גאָלדענער באלמעלאָכע, אַף דער פאבריק ווייסט מען, אז ער מאכט א שטיקל מעבל, איז דאָס געמאכט ראיעל. זיַינע שאפעס און סערוואנטן שטייען אַף דער אויסשטעלונג, מע שיקט זיי קיין אויסלאנד, אַף עקספּאָרט, ער פארדינט גאנץ שיין, צוליב וואָס זשע דארף ער זיך פארנעמען מיט נארישקיַיטן? אין צעך האָט מען צו אים אויך געהאט טיַינעס: צוליב דעם סאָד האָט ער פארגעסן, אז ער איז א מענטש מיט אָנלאָדונגען, שוין א ציַיט, אז מע זעט אים זעלטן אַף א פארזאמלונג, אַף א זיצונג...

און ער האָט געהאָרעוועט. געאַרבעט, ווי א גוטער פּויקער אַף א כאַסענע.

דאָס ווײַב האָט פאַרשטאַנען, אז זי וועט גאָרניט פּויעלן, איז זי אַנשוויגן געוואָרן, געטראכט, אז עס וועט אים אײַנגיכן נימעס ווערן, ווי עס ווערן אים נימעס א סאך זאכן.

אומבאַמערקט פאַר אַלעמען איז אָנגעקומען דער הארבסט מיט ווינטן און וויוגעס. מע האָט געמיינט, אז איצט וועט לייזער שוין ניט לויפן אַף דער דאַטשע. נאָר א נעכטיקער טאָג! ער איז נאָך אָפּטער אהין געפאָרן, ווײַל אין הארבסט הייבט זיך ערשט אָן די עמעסע אַרבעט אַפן גאָרטן. מע דאַרף באַוואָרענען, די ביימלעך און קוסטעס זאָלן ניט אומקומען פאַרן ווינטער, עס זאָל ניט זײַן קיין ארויסגעוואָרפענע האָרעוואַניע. מע דאַרף גוט אונטערבינדן מיט ראַגאָזשע די שטאַמען פון די ביימלעך. אויב דו ווילסט, די ביימער זאָלן וואקסן גוט, דאַרפסטו זיי באַגיטיקן מיט הני און פאַרשיידענע כימיקאַטן. מע דאַרף יעדער ביימל גוט ארומגראָבן, באַגיסן. וואָס איז שײַעך לאַנג ברײַען — א גוטער באַלעבאָס געפינט זיך שטענדיק אַרבעט אין א סאָד!

מיילע, האָט זיך געטראכט זלאַטע, זאָל ער לויפן צו זײַן סאָד, אָט וועט אראָפּקומען דער ווינטער מיט די פרעסט, מיט די זאווייען, וועט ער זיך באַרויִקן.

נאָר ס׳איז געקומען דער ווינטער מיט זײַנע פרעסט און זאווערוכעס. עס האָט זיך געשטעלט דער דניעפּער, די שיפן האָבן זיך, דאַנקען גאָט, אָפּגעשטעלט, פאַרקאָוועטע אין אײַז. אין אַזאַ צײַט דאַרף מען דאָך געוויס זײַן מעשוגע אַף צו לויפן אין אויסערײַסעניש צופוס. א רעכטער באַלעבאָס וועט אין אַזאַ אומקומעניש, אין אַזאַ וועטער, זײַן הונט ניט ארויסלאָזן פון יענער זײַט שוועל. נאָר לייזער סאָקאָלן האָבן ניט אָפּגעשטעלט די פרעסט מיט די זאווערוכעס. ער האָט ניט געקאָנט לעבן רויִק און אין די פרײַע שאָען, ווי אויך זונטיק, געלאָפן צופוס איבערן פאַרקאָוועטן טײַך א קוק טאָן, צי די האָזן האָבן ניט אָנגעטאָן קיין שאָדן, צי האָבן די ווינטן ניט אראָפּגעריסן די טיטשקעס, צו וועלכע די יונגע פרוכטביימער זײַנען צוגעבונדן.

אלע מאָל האָט ער געבראכט מיט זיך אהער א פּאָר ברעטער, א סלופּ, געהילץ און ביסלעכווײַז צוגעגרייט מאַטעריאַל, קעדיי זומער זיך שטעלן בויען דאָס שטיבל.

אָ, ווען ער דערלעבט שוין די שאָ, דאָס שטיבל זאָל שטיין אויסגעבויט און דאָס סעדל זאָל זיך צעבליִען! דעמלט וועט מען פון אים ניט לאכן. די פלוינעסטע, די שוויגער, די קינדער און די שכיינים וועלן דעמלט אָנהייבן זינגען גאָר אַן אַנדער לידל!

מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז ער ארײַנגעפאָרן אין פרילינג.

ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן א נײַע סעדרע — אַרבעט!

דאָס איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל, אז ער איז ניט געפאָרן אין אורלויב. די צײַט האָט ער אויסגענוצט אַף צו אַרבעטן אַפן גאָרטן.

אַף די אייגענע פּלייצעס האָט ער געבראכט שטיינער, זאַמד, צעמענט און זיך געשטעלט בויען, אײנער אַליין, אָן זײַטיקער הילף. און וואָס דאַרפט איר א סאך? דאָס שטיבל איז געוואקסן, ווי אַף הייוון. ניט איין מאָל האָט ער געגעבן אָנצוהערן דער פלוינעסטע, די קינדער און קרוווים, מע זאָל זיך מאַטרײַעך זײַן קומען און אונטערשטעלן א פּלייצע, העלפן אַרבעטן, נאָר א נעכטיקער טאָג! קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן! ער האָט אָנגעשריבן אייניקע קרוווים אין קוּבישעוו, אין קאַזאַן, מע זאָל זיך מאַטרײַעך זײַן קומען כאַפּן פרישע לופט און בעניי־ביי העלפן אים בויען זײַן פּאָסעסיע. נאָר אויך, צום לאָמפּ!

פאַר די דרײַ יאָר האָבן זיך די וואַסערן פון דניעפּער א פּאָר מאָל צעפּאָלאָכעט, צעבריקעוועט, ארויס פון די ברעגן און פאַרגאָסן די סעדער, אָפּגעווישט אַלץ, וואָס מע האָט שוין באַוויזן דאָ צונויפקלאַפּן, געמאַכט אַן איבערקערעניש, געמאַכט כויזעק פון דער שווערער האָרעוואַניע, און אַלץ איז אויסגעקומען אָנהייבן פונדאָסנײַ. נאָר דאָס האָט ווייניק וועמען אָפּגעשטעלט, מע האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, ווי נאָר די וואַסער האָט זיך אָפּגעטראָגן, און ווידער זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.

די באַלעבאַטים פון די גערטנער האָבן ביטער איבערגעלעבט: אַזויפיל האָרעוואַניע ארײַנגעבראָקט אין די סעדער, און איצט וועט מען מוזן אָנהייבן פונסנײַ!

און מע האָט אָנגעהויבן.

דאָס אַלץ האָט זלאַטען ניט געקימערט. פאַרקערט, זי האָט זיך דאַפקע געפרייט — עפּשער וועט זיך איר באַלטאַכלעס כאָטש איצט נעמען פאַרן סייכל און אוועקוואַרפן זײַנע גליקן.

נאָר אומזיסט האָט זי זיך געפרייט.

דאָס דריטע יאָר האָט זיך פאַרענדיקט מיט א ניצאָכן פון לייזער סאָקאָלן.

ער האָט אויסגעבויט א קליין שטיבל מיט א שטיקל וועראַנדע. ארום האָט שוין גערוישט א געדיכט סעדל פון קאָלערליי מינים ביימער מיט א האָפענונג, אז איבעראיאָר וועט שוין זײַן פרוכטן.

און טאַקע!

דער פערטער פרילינג האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ שיין און כיינעוודיק. די ביימער זײַנען געווען אײַנגעטונקט אין וווּנדערלעכן צוויט.

מאמעש א מעכײַע געווען א קוק צו טאָן. פֿון די רייכעס איז אונדזער לייזער סאָקאָל שיר ניט שיקער געוואָרן. דאָס האַרץ אין אים האָט זיך געפרייט.

זאָגט מען דאָך — א מענטש, וואָס האָט פארזעצט א בוים, איז ווערט, די ערד זאָל אים טראָגן א סאך, א סאך יאָר. נו, און אויב א מענטש האָט פארפלאנצט עטלעכע צענדליק פרוכטביימער און אָן א שיר קוסטעס?!

אזא מענטשן, זאָגט מען, דאַרף מען טראָגן אַף די הענט!

און מע האָט טאַקע אונדזער לייזערן געטראָגן. שיר ניט פארמוטשעט.

הערט, נאָר מיט קאָפּ.

לייזער סאָקאָל האָט דערלעבט דעם טאָג, ווען די צווײַגן זײַנען אָפּגעשאָטן געוואָרן מיט ווײַנשל, עס זײַנען געהאנגען, שיר ניט צעבראָכן די ביימער, זאפטיקע פלוימען, פּריִעפּל, די קוסטעס זײַנען געווען פול מיט אַגרעסן, ווײַמפּערלעך, מאלינעס און אַלץ, וואָס א מויל קען אויסריידן!

ער האָט גענומען דעם קלומעק מיטן אָנטאָן אַף די פלייצעס, געבראכט א לײַוונטן בעטל מיט א קישן און זיך באזעצט אין שטיבל, וואָס האָט געשמעקט מיט פרישע סטרוזשקעס און מיט צײַטיקע פרוכטן.

צעעפנט די פענצטער, האָט ער זיך אויסגעצויגן אַפן בעטל און דערפילט דעם טאַם גאַניידן. ווער איז איצט גלײַך געווען צו אים? אַלע ארומיקע זײַנען אים מעקאַנע געווען. דאָס ווײַב, זלאטע, האָט שוין גוט כאראָטע געהאַט, לעמײַ זי איז דערגאַנגען דעם מאַן די יאָר, און זיך געשעמט אים קוקן אין די אויגן. זי האָט זיך אפילע ניט פאָרגעשטעלט, וויִאזוי זי וועט אריבערטרעטן די שוועל פון דער דאַטשע.

אונדזער לייזער סאָקאָל האָט ניט באוויזן זיך רעכט אויסשלאָפן אין זײַן שטיבל, ווי אין א שיינעם פרימאָרגן, קומענדיק אַהער פון דער אַרבעט, האָט ער געטראָפן בא דער פירטקע זיצן אַף זעק און פעק עפּעס אן עלטערע פרוי מיט צוויי קינדער. זי האָט זיך געוואָרפן לייזערן אַפן האַלדז מיט א טומל, א געשריי:

— זעסט, מײַן טײַערער קאָרעוו, אז מע לעבט, דערלעבט מען זיך. דו געדענקסט מיך ניט? איך בין זיסל, דײַן באָבע נעכעס פלעמעניצע. איך קום צו דיר צוגאַסט פון אַרכאַנגעלסק.

זי האָט אים גענומען דערציילן, אז זי איז אַהער געקומען מיט די צוויי אייניקלעך אירע ניט אַף לאַנג — אַף צוויי כאָדאָשים. זיך דערוווּסט, אז ער האָט, דאַנקען גאָט, אַן אייגענע דאַטשע און ניט ווײַט פונעם דניעפּער, האָט זי באַשטימט קומען צו אים. דאָרטן, הייסט עס, אין אַרכאַנגעלסק, גיסן איצט רעגנס, אַף אומקו־מען. און בא איר איז א זאַדישקע, און די קינדער, די אייניקלעך, הייסט עס, דאַרפן אויך האָבן פרישע לופט, א גוטן קלימאַט. אַוווּ זשע קאָן מען געפינען א בעסערן קלימאַט, ווי באַם דניעפּער, און דערצו נאָך, אז דער קאָרעוו פאַרמאָגט אן אייגענע דאַטשע מיט אַזאַ פײַנעם סאָד, ווו די פרוכטן בעטן זיך מאַמעש, מע זאָל זיי עסן. און אין אַרכאַנגעלסק איז מיט פרוכטן גאָר ניט וואַזשנע... און ביכלאַל האָט זי זיך באַטראַכט, די מומע, אז זי וועט שוין אַהער קומען אַלע זומער. דאָ איז דאָך אַן עמעסער גאַניידן!

א פריטשמעליעטער איז לייזער געשטאַנען, טראַכטנדיק, ווו האָט זיך צו אים גענומען אַזאַ קרויווע? ער האָט זי, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געזען.

נאָר די ווּקסיקע באַריידעוודיקע פרוי האָט שוין געשלעפּט אין שטוב אַרײַן די זעק און פעק, גענומען באַלעבאַטעווען, איבערשטעלן דאָס ביסל מעבל, צעבונדן די זאַכן. זי איז בלויז ניט צופרידן געווען דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעבויט אַזאַ קליין שטיבל, קראַנק געווען עס מאַכן א ביסל גרעסער און דערבײַ ניט קיין איין צימערל, נאָר דרײַ צימערלעך, ער, לייזער סאָקאָל, זאָל אויך האָבן ווו איבערשלאָפן א נאַכט.

ער האָט נאָך ניט באַוויזן קומען צו־זיך, ווי די צוויי מאַזיקים, דאָס זעקסיאָריקע מיידעלע און דאָס אַכטיאָריקע יִנגעלע, האָבן זיך גענומען דראַפּען אַף די ווײַנשל־ביימלעך און טשיפּען די צײַטיקע ווײַנשל, ברעכן די צווײַגן.

דערווײַל האָט די מומע פון אַרכאַנגעלסק געגעבן לייזערן דעם קויש און געהייסן גיין אין גאַסטראָנאָם עפּעס אײַנקויפן, ווײַל בלויז פון פרישער לופט וועסטו זאַט ניט זײַן, זי און די קינדער דאַרפן דאָך עפּעס נעמען אין מויל.

דערצו נאָך האָט זי געזאָגט, אַז, מיילע נו, אויב ער האָט ניט קיין בעט, וועט זי זיך יאַקאָס מוטשען אַף דער „ראַסקלאַדושקע", נאָר פאַר די קינדער דאַרף ער מאַכן א לײַטישן געלעגער. נאָך האָט זי אים געוויזן אַן אָרט ניט ווײַט פון דער וואַסער־קאָלאָנקע, ווו ער זאָל צונויפשטעלן אַן אייוועלע פון ציגל, זי זאָל קענען אָפּקאָכן א טעפל געקעכץ, אופזידן מילך.

ער האָט נעבעך געמוזט אויספילן אירע באַפעלן, אוועקגעגאַנגען, אײַנגעקויפט, וואָס זי האָט באַפוילן, די מומע פון אַרכאַנגעלסק, דערנאָך איר אוועקגעשטעלט אַן אויוון, צונויפגעקלאַפּט א געלעגער פאַר די קינדער.

מיט ווייטעק האָט ער זיך געזעגנט מיטן בעטל, וואָס האָט אים אַזוי ערלעך געדינט, און פאַרשטאַנען, אז ביז אָסיען, דאָס הייסט קאָלזמאַן זי, די מומע פון אַרכאַנגעלסק, וועט דאָ זײַן, וועט אים אויסקומען זיך מוטשען אַפן דיל.

איין זאַך האָט אים בלויז געמאַטערט — ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, וואָס קער ער זיך מיט איר אָן, און פון וואָס פאַר א צאַד איז זי אים א קרויווע — פון דער מאַמעס אָדער פונעם טאַטנס.

און נאָך איין זאַך האָט ער ניט געקאָנט באַגרײַפן, ווי־אַזוי האָט זיך די קליפּע דערוווּסט, אַז ער לעבט אַף דער וועלט און אַז ער האָט זיך אויסגעבויט א שטיבל, א שטיקל דאַטשע.

דאָ האָבן זיך צעבונטעוועט בײדע שניר. זיי האָבן שוין צונויפגעלייגט די פּעקלעך און זיך געקליבן קומען מיט די קינדער אַף דער דאַטשע, לאָזט זיך אויס, אַז דאָרטן האָט זיך באַזעצט, ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן, עפּעס א מומע, א קרויווע! וואָס זשע, יענע איז בילכער, ווי די אייגענע קינדער מיט די אייניקלעך? זיי דאַרפן זיצן אין שטאָט אין אַזאַ ספּעקע און ניט קענען אַוועקפירן די ברעקלעך אַף דער פריישער לופט? צוליב וואָס זשע האָט מען געדאַרפט דעם גאַנצן האַרמידער? טאַקע קעדײַ געווען זיך אָנהאָרעווען, ווי א גוט אייזל, די אייגענע זאָלן ניט האָבן וווּ דעם קאָפּ צושפּאַרן אַף דער דאַטשע?

בײדע שניר זײַנען אָנגעפאַלן אַף זייערע מענער, יענע — אַפן אייגענעם פאָטער, און עס איז אַוועק א גאַנג. מע האָט זיך צעקריגט, צעבוצקעט, און קיינער האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן. אָבער לייזער האָט געטײַנעט איינס — וואָס זשע, ער קאָן אַרויסטרײַבן די קרויווע? מיילע, זאָל זי שוין איבערזיצן דעם סעזאָן און אַף איבעראַיאָר וועט ער איר דערקלערן, אַז מיט גרויס קאָוועד וואָלט ער זי אײַנגעלאַדן אַף דער דאַטשע, נאָר זי זעט דאָך אַליין, אַז דאָ איז קיין פּלאַץ נישטאָ.

באַ לייזערן אין שטוב איז געווען פריילעך. דאָס ווײַב האָט אים אויך אָפּגעשפּילט א גוטן פּעטשאַטעק. וואָס זשע, צוליב וואָס האָט ער געדאַרפט האָבן דאָס גאַנצע געשעפט, אַז ניט זי, ניט די קינדער, ניט די אייניקלעך האָבן ניט וווּ איבערשלאָפן א נאַכט אַף דער דאַטשע. אַזאַ דאַטשע, האָט זי געזאָגט, מעג פאַרברענט און פאַרסאַרפּעט ווערן. בעסער וואָלט געווען, ווען די וואַסערן טראָגן זי אַראָפּ און מע וואָלט פון איר פּאָטער געוואָרן באַצײַטנס.

הערט נאָר א מײַסע! ער האָט זיך געלעבט אַזוי רויִק און פײַן, דאַרף ער האָבן אַזעלכע צאָרעס.

ער האָט נאָך ניט באַוויזן קומען צו־זיך, ווי ער האָט געקראָגן א טעלעגראַמע פון א קאָרעוו, גאָר א ווײַטן קאָרעוו, פון קאַזאַן, יענער זעלבער, וואָס האָט אים מיט א פּאָר יאָר פריִער אָנגעשריבן, אַז מע דאַרף זײַן פריש, געזונט און מעשוגע זיך פאַרנעמען אַף דער עלטער מיט בויען א דאַטשע און פּלאַנצן א סאָד...

אין דער טעלעגראַמע האָט ער מודיִע געווען לייזערן, אַז דאָס ווײַב איז באַ אים אַוועקגעשטאָרבן און ער איז שוין לאַנג אַף פּענסיע, צײַט האָט ער גענוג, פאָרט ער אַרויס צו אים אַף דער דאַטשע און קלערט זיך באַזעצן ביז סענטיאַבער, אָקטיאַבער, דאָס הייסט, ביז ער וועט קריגן א פּוטיאָווקע קיין קאַווקאַז. ער גלייבט, דער פעטער פון קאַזאַן, אַז באַ אים, באַ לייזערן, אַף דער דאַטשע וועט ער זיך קאָנען אָפּרוען און כאַפּן פרישע לופט...

יענער האָט אַפילע ניט געוואַרט אַף קיין ענטפער און אַראָפּגעקומען מיט האַק־און־פּאַק.

איצט האָט לייזער סאָקאָל פאַרשטאַנען, אַז זײַן טאָפּטשאַן אַף דער וועראַנדע איז שוין אויך ניט זײַנער, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין עק סעדל א קורין פון צווײַגן און פון בלעטער.

פון יענעם טאָג אָן האָט ער שוין מיט פּאַכעד געקוקט אַפן בריווטרעגער, מוירע געהאַט, אַז ער זאָל אים ווידער ברענגען א טעלעגראַמע פון עפּעס א שפּאָגל־נײַעם קאָרעוו. און וווּ האָבן זיי זיך גענומען אַף זײַן קאָפּ?! זיי האָבן אים ביז דער דאַטשע קיינמאָל ניט דערקוטשעט מיט זייערע טעלעגראַמעס און מיט זייער קומען צוגאַסט...

ביזוואַנען די געסט האָבן אים ניט באַלאָגערט, פלעגט ער נאָך דער אַרבעט זיך אַרײַנכאַפּן אין גאַסטראָנאָם און קויפן זיך א לעבל ברויט, א שטיקל וווּרשט, אָן אוגערקע, א קילאָ פּאָמידאָרן, און ער איז פאַרטיק! איצט האָט ער געדאַרפט באַזאָרגן א גאַנצע מישפּאָכע מיט עסן — א מומע מיט צוויי אייניקלעך, א פעטער פון קאַזאַן, און אַפן אַפּעטיט האָט קיינער פון זיי, כאָלילע, זיך ניט געקלאָגט. און אים, אונדזער לייזער סאָקאָלן, איז אויסגעקומען אַלע טאָג שלעפּן פון דער שטאָט אַף דער דאַטשע קוישן מיט שפּײַז און מיט גרינוואַרג, — דאָס, וואָס באַ אים איז געוואַקסן אַף די בייטן פון גאָרטן און אין סאָד, האָט מען שוין פון לאַנג אופגעגעסן.

נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? ווי אָן אייזל האָט ער געשלעפּט אַף די פּלייצעס פולע רוקזעקלעך, אַוואָסקעס.

די צײַט איז געגאַנגען, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיט די געסט וועט זיך אָט־אָט ענדיקן, לאָזט זיך אויס — א נעכטיקער טאָג! אַנומלטן באַגעגנט אים א שאָכן. טאַקע אויך פון יענע, וואָס האָבן פון אים געכויזעקט, לעמײַ ער האָט זיך גענומען בויען א דאַטשע און פּלאַנצן א סאָד.

— איך פאַרשטיי, לייזער טײַערער, — האָט ער זיך צו סאָקאָלן געווענדט, — איך פאַרשטיי, אַז באַ אײַך איז דאָרטן ניט קיין פּלאַץ, נאָר א קליין שטיבל, וועל איך אַף קיין באַזונדערע

אפּארטאמענטן ניט פּרעטענדירן, כאַלילע, קיין באזונדערן צימער, פארשטייט איך, קאָנט איר מיר אויך ניט אויסטיילן. איר האָט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אײַערע קינדער און אייניקלעך, נאָר וואָס זשע, אין א ווינקעלע אין סאָד, אונטער די געדיכטע צווײַגן, ווו איך זאָל אוועקשטעלן אפֿן זומער־סעזאָן א געצעלט, א פּאלאטקע, וועט איר מיר, ווייס איך, ניט אָפּזאָגן... א בײַדל אף פיר מענטשן — איך, דאָס ווײַב און מײַנע צוויי טעכטערלעך.

און לייזער סאָקאָל האָט נאָך ניט באוויזן עפּענען א מויל, ער זאָל אים ארײַנזאָגן אזוי, עס זאָל אים פינצטער ווערן אין די אויגן, ווי יענער האָט אים שוין אָפּגעדאנקט פאר דער דערלויבעניש און טאַקע דעם זעלבן טאָג באַשטעלט א מאשין און איבערגעפירט אין סאָד ארײַן דאָס בײַדל מיט דער פלוינעסטע און מיט די טעכטערלעך.

ביידע טעכטערלעך איז דער סאָד זייער שיין געפעלן געוואָרן, דעריקער דערפאר, וואָס עס איז ניט ווײַט פונעם דניעפּער, און מע קאָן זיך באָדן גאנצע טעג, דערצו נאָך וואקסן דאָ אזעלכע געשמאקע פרוכטן! אָבער נאָך מער איז זיי געפעלן געוואָרן דער קורין, וואָס לייזער האָט פאר זיך געשטעלט. די מיידלעך האָבן געזאָגט, אז זיי דארפן ניט דאָס בײַדל, ווײַל דאָרטן איז שטארק הייס, זיי וועלן בעסער וווינען אין קורין...

לייזער איז מאמעש באגײַסטערט געוואָרן פון די ווערטער, און ער האָט פארשטאנען, אז ער האָט שוין ניט ווו צושפּארן דעם קאָפּ.

די ערשטע נאכט איז ער נעבעך געשלאָפן אונטערן פרײַען הימל, איבערגעדעקט מיט זײַן סאָלדאטישן שינעל. אלץ וואָלט שוין געווען רעכט, נאָר עס האָבן זיך אף אים ארופּגעוואָרפן די בייזע קאָמארן און גענומען רײַסן פון זײַן לײַב שטיקער. זיי זײַנען אים פארקראָכן אין אזעלכע ערטער, וואָס האָבן באַזונדערס מוירע געהאט פאר א ביס, און ער האָט ניט געקאָנט צומאכן קיין אויג, די גאנצע נאכט געהאט איין ארבעט — טרײַבן פון זיך די קאָמארן.

לייזער סאָקאָל האָט שוין גענומען טראכטן, אז מע דארף אָנהייבן נעכטיקן בא זיך אין שטוב, ווײַל דאָ וועלן אים די קאָמארן אופעסן לעבעדיקערהייט, נאָר עס איז אים פּאַשעט געוואָרן א ביזאָיען פאר די שטוביקע.

אייניקע שכיינים האָבן אים מיטגעפילט: א מענטש, וואָס האָט זיך אזויפיל אָנגעמוטשעט, ביז ער האָט אויסגעבויט א שטיל ווינקעלע, זאָל ניט האָבן ווו איבערשלאָפן א נאכט, ווו זיך אָפּרוען מיט זײַן מישפּאכע! אנדערע האָבן אף אים געקוקט קרום — קוקט אים נאָר אָן, לאָזט ארײַן אף דער דאטשע אזויפיל מענטשן... ניט אנדערש, ווי ער פארדינגט פאר געלט, געפונען א מיטל אף מאכן ביזנעס!

ער האָט נעבעך געוווּסט, וואָס בייזע צינגער פלאפלען, נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? ארויסטרײַבן די מענטשן, זיך צעקריגן מיט זיי און ווײַזן דעם וועג? ניין, דאָס איז ניט אין זײַן טעווע.

אלע פארטאָג, ווען ער האָט זיך געלאָזט צו דער ארבעט, אף דער פאבריק, זײַנען ארויסגעלאָפן זײַנע דאטשניקעס, אים ארומגערינגלט און אָנגעזאָגט, וואָס ער זאָל זיי אײַנקויפן אין שטאָט אין די קלייטן, און ברענגען אהער, ווײַל אין דרויסן איז א מוירעדיקע היץ, ווילט זיך זיי ניט פאָרן אין שטאָט ארײַן. איינער האָט געבעטן לייזערן ברענגען א פּאָר קאטשקעס, א צווייטער — פרישע פיש, קארפּ. דער פעטער פון קאזאן האָלט בעסער פון מילכיקס, זאָל לייזער זיך מאטרײַען זײַן און ברענגען קעז און סמעטענע, קעפיר און ריאַזשענקע.

און וואָס איז שײַעך ברויט, גרויפּן, קארטאָפל, גרינס — דאָס דארף ער שוין אליין זיך אָנשטויסן, אָן דעם וועט מען קיין שום ווארעמעס ניט אָפּקאָכן... עס איז נאָך געווען א גליק, וואָס וואסער איז געווען באנאנד, אנדערש וואָלט מען אים געשיקט אָנשעפּן וואַסער, פארגרייטן אפן גאנצן טאָג, ביז ער וועט זיך אומקערן פון דער ארבעט מיט די קוישן און וואָסקעס.

אז לייזער סאָקאָל איז נאָך דער ארבעט געקומען צו דער שיף, האָט מען אים ניט ארויסגעזען אונטער די זעק און פּעק, און מענטשן האָבן אים באוווּנדערט און געלאכט פון אים:

— אַ־אַ, א מענטש האָט זיך אָנגעלאָדן, ווי א גוט אייזל! א פײַנער אפּעטיט בא אים!

די כאווײרים פון צעך, מיט וועמען ער האָט געארבעט באנאנד, האָבן אים מיטגעפילט. אייניקע פון זיי האָבן געזאָגט, אז זיי פארשטייען, אז זײַן שטיבל, זײַן דאטשע איז גרויס, ווי א הונט זיצנדיק, דערפאר וועלן זיי מיט די מישפּאכעס זיך בא אים ניט באַזעצן, נאָר וואָס זשע, אף די צוויי פרײַע טעג — שאבעס און זונטיק — אָדער אין די יאָמטעוו־טעג וועלן זיי זיך צו אים אין סאָד ארויסכאפּן זיך אָפּרוען.

געזאָגט און געטאָן!

פרײַטיק פארנאכט זײַנען צו אים געקומען געסט אף די פּאָר טעג, און גראדע אָנגעלייגטע געסט פון זײַן צעך. אייניקע זײַנען געקומען מיט ווײַבער און קינדער, אנדערע האָבן מיט זיך אויך מיטגענומען די שוויגער. מע האָט געבראכט די פײַנע טראנזיסטאָרס און זיי גלײַך אײַנגעשלאָסן. די קעסטלעך האָבן זיך

ניט געלאָזט לאַנג בעטן און זיך צערעוועט אַזוי, אַז דער קאָפּ האָט זיך מאַמעש געשפּאָלטן, — אָף דער פרישער לופט איז גוט, ווען מוזיק שפּילט.

טאַמער האָט לייזער סאָקאָל זיך וויניק אָנגעהערט אָף דער פאַבריק מיטן גרילצערײַ פון די צירקוליאַרקעס, וואָס האָבן געשניטן די ברעטער, איז אים איצט בלויז אָפּגעגאַן דאָס הודזשערײַ פון די ספּידאַלעס. זאָגן דעם אוילעם, מע זאָל האָבן גאָט אין האַרצן און שפּילן שטילער אָדער אינגאַנצן אויסשליסן די גראַגערס, איז געווען ניט באַקוועם, עמעצער קאָן זיך נאָך, כאָלילע, באַליידיקן און מער צו אים ניט קומען...

לייזער האָט קיינמאָל ניט געליטן פון קאָפּווייטעק, איצט האָט ער געפילט, ווי דער קאָפּ ווערט שיר ניט צעשאָטן פון די טראַנזיסטאָרס, פונעם טומל, פונעם ראַש.

ביסלעכווײַז האָט ער אָנגעהויבן דערמאָנען צו גוטן דאָס ווײַב, זלאַטען. זי איז, דאַכט זיך, אַ כאַכאַמע, זײַן ווײַב. ניט אַנדערש, אַז נאָך דעמלט, ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז מע דאַרף זײַן פרייש, געזונט און מעשוגע נעמען אָף זיך אַזאַ אָל, איז זי געווען טויזנט מאָל גערעכט. זעט אויס, אַז אויב עס וועלן אים ניט אויפהערן שטורמעווען די ווײַטע פרײַנט און נאָענטע באַקענטע, וועט ער מוזן אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, ווי ווערט מען פּאָטער פון זײַן פּאָסעסיע...

יאָ, אוואַדע, טאָמער ווילט איר רויִק זיך אויסלעבן אײַערע יאָרן, האַנאָע האָבן פון דער וועלט, האָבן קאָוועד בא אייגענע, קרויווים, באַקענטע און גוטפרײַנט — פאָלגט מיך, פוילט זיך ניט, און בויט זיך אויס אַ דאַטשע. איר וועט האָבן פון איר גרויס פאַרגעניגן. אונדזער שאָכן לייזער סאָקאָל האָט זיך אין דעם אליין איבערצײַגט...

●

## צוויי כאסענעם מיט א געט

דאָס איז געווען, ווי מע זאָגט, אַ פּאָרל פון גאָט.

ווײַזט אויס, אַז טאַקע צוליב דעם פּאָרל איז צוגעטראַכט געוואָרן דאָס ווערטל „דער אייבערשטער זיצט פון אויבן און פּאָרט פון אונטן".

ווען עס זאָל זײַן עמעס אָף דער וועלט, וואָלט מען דעם שאַדכן, וואָס האָט אויסגעפירט דעם שידעך, געדאַרפט געבן אַ מעדאַל.

זי, ליזע קאַראַס, איז געווען אַ וווּקסיקע, אַ פרוי אין דער וואָג, מיט אַ קורץ, עטוואָס פאַריסן בייז נעזל און צוויי גרויסע טונקעלע אויגן. בא איר האָט זיך דאָס מויל קימאַט קיינמאָל ניט פאַרמאַכט. זי האָט שטענדיק גערעדט. טאָמיד האָט זי געהאַט וועגן וואָס צו ריידן, מענטשן שווערן, אַז ליזע קאַראַס האָט גערעדט אַפילע פונעם שלאָף.

ער, שאָלעם קאַראַס, ליזעס באַשערטער, איז געווען אַ קליינוווּקסיקער, אַ דאַרלעכער פאַרשוין — אַ סאַך נידעריקער פון זײַן פלויגעסטע. פאַרמאָגט האָט ער אַ שמאָל לענגלעך פּאָנעם, צוויי בלוילעכע אומשולדיקע אויגן, שטענדיק פאַרכידעשטע און פאַרדײַגעטע. אַ מענטש מיט אַ גאָלדענעם כאַראַקטער. דערבײַ איז ער נאָך געווען אַן אײַזערנער שווײַגער — אַ רענדל אַ וואָרט!

ער, שאָלעם קאַראַס, דערציילט מען, איז אַמאָליקע יאָרן געווען אין דראַזשנע אַן אַפּטייקער, צי אַ פּראָוויזאָר, און ווײַל קיין פאַרענדיקטער, דיפּלאָמירטער אַפּטייקער איז ער ניט געווען, דערבײַ איז ער שטענדיק געווען פאַרטראָגן מיט זײַטיקע געדאַנקען — ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן טאַכלעס פון דער וועלט, — האָט ער אַמאָל אַרויסגעגעבן אַ געהויבענעם שטאָט־באַלעבאָס פון דראַזשנע שטאַרקע פּראָשקעס צו בויכווייטעק אָנשטאָט פּילן צו קאָפּשמערצן, און דאָס האָט געלייזט שאָלעם קאַראַס' ווײַטערדיקן גוירל. ער האָט זיך געמוזט אָפּגעזעגענען אָף שטענדיק מיט דער אַפּטייק, מיט פּראָוויזאָרײַ, און זיך פאַרנעמען מיט קאַלערלײַ פּראָפעסיעס.

וועגן אים, שאָלעם קאַראַסן, פלעגט מען אַמאָל זאָגן אין דראַזשנע — אַ מענטש מיט אַ סאַך מעלאָכעס און וויניק בראָכעס. זײַן גליק, וואָס ליזע האַלט זיך לעבן אים, אַן איר וואָלט ער געהאַט אַ שיין פּאָנעם.

דערפאַר איז זי שטענדיק געגאַן אין די פּלודערן.

מענטשן טײַנען, אַז שאָלעם האָט מוירע פאַר זײַן װײַב. ער ציטערט מאַמעש פאַר איר דעך. עפשער דערפאַר איז ער באַשטראָפט מיטן כאַלאַס פון שװײַגעניש?

טאַקע אָן עמעס, זינט מע האָט אים אַרויס־געמעשאַלייעכט פון דער אַפּטייק און ער איז אַריבערגעגאַן אַף ליזעס קאַרטש, איז ער באַ זיך שטאַרק געפאַלן.

אַזוי איז עס שוין אַ שיין ביסל יאָרן.

װען דאָס פּאָרל האָט זיך באַזעצט באַ אונדז אין הויף, געדענקט שוין קיינער ניט. מע געדענקט ניט, מע װייסט אָבער, אַז נאָך דער מילכאָמע, די שטאָט אונדזערע איז געװען צעקלאַפּט, צעמאַזיקט, צעבאָמבירט, און די צוריקגעקומענע פון אַלע עקן לאַנד, פון עװאַ־קואַציע, האָבן געבלאָנקעט איבער די כאָרעװע גאַסן, געזוכט װוּ צושפּאַרן דעם קאָפּ. און אַזױװי באַ אונדז אין הויף, אַנטקעגן דעם זעקסשטאָקיקן מויער, איז זיך געשטאַנען אַ האַלב־צעבראָכן שטיבל, װאָס האָט זיך גע־האַלטן אַף הינערשע פיסלעך, — האָבן ביידע, ליזע און שאָלעם קאַראַס, געװאָרפן אַף דעם אָן אויג און מע האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל. ליזע קאַראַס איז געװאָרן דער פּראָראַב, שאָלעם קאַראַס — דער טעסלער, סטאָליער, גלעזער, בלעכער. און װאָס דאַרפט איר אַ סאַך — מע האָט װי־ניט־איז צונויפגעקלעפּט אַ שטיקל װוינונג. און דאַנקען גאָט דערפאַר!

טאָג װי נאַכט האָט דאָס פּאָרל געהאָרעװעט אַרום דעם שטיבל. באַזונדערס נאָך אַ רעגן, װען די װאַסער האָט זיך דורכגעריסן דורך די שפּאַרונעס אין גרויסן צימער און געמאַכט דאָרט אָן איבערקערעניש. שטענדיק איז אויס־געקומען עפּעס פאַריכטן, עפּעס פאַרלאַטען. די האָרעװאַניע, װאָס זיי האָבן אַרײַנגעבראַקט אין דער װוינונג, װאָלט געקלעקט אַף אויסבויען אַ צענשטאָקיק הויז, נאָר זיי, ליזע קאַראַס און שאָלעם קאַראַס, זײַנען געװען פון יענעם סאָרט מענטשן, װאָס קלאָגן זיך קיינמאָל ניט און זײַנען צופרידן דערמיט, װאָס מע פאַר־מאָגט, װי איינער זאָגט — ס'װאָלט געקאָנט זײַן ערגער, איז אַ דאַנק דערפאַר!

דאָס זעקסשטאָקיקע הויז, װאָס איז געשטאַ־נען אַנטקעגן דער דירע פונעם פּאָרפאָלק, האָט אויסגעזען װי אַ ריז. דאָ האָבן געװוינט אַ שיינע פאַר הונדערט מענטשן. און אַזױװי קיין אַנדער װעג איז ניט געװען, זײַנען אַלע פאַר־בײַגעגאַנגען דאָס קליינע שטיבל, װוּ מע האָט גאַנץ אָפט געקאָנט זען אַף דער שװעל צי אַף דער פריזבע ליזע קאַראַס. דערפאַר האָט מען זיך גאַנץ שנעל באַקענט און געװאָרן היימיש. דאָס גוטמוטיקע שמייכעלע האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָזט איר פּולבלעך, שטענדיק פאַר־ברוינט פּאָנעם. פאַר ליזען האָבן אַלע געהאַט דערקענט, ניט אַזױ צוליב דעם שמייכעלע, װי צוליב דעם, װאָס דאָס איז געװען אַ מוירע־דיקע האָרעפּאַשניצע, שטענדיק געהאָרעװעט, געהאַקט האָלץ, געװאַשן, געשטריקט, געגרייט װאָרמעס, געזײַערט, געפּרעגלט. און אַלץ האָט זי געטאָן אין דרויסן, אָפּן טישל, װאָס איז געשטאַנען באַם קליינעם קאָרידאָרל.

יאָ, באַ איר זײַנען קיין סוידעס ניט גע־װען — אַלץ האָט זי געטאָן פאַר אַלעמען אין די אויגן. אָפּן טישל. דאָ האָט זי געגרייט דעם װאָרמעס, געװאַשן דאָס גרעט, געפּרעגלט אײַנגעמאַכטס, פאַרצירעװעט איר שאָלעמען די שקאַרפּעטקעס, צוגענייט אַ קנעפּל צו זײַן רעקל. אירע טעג און נעכט זײַנען דורכגעגאַן טאַקע אָט דאָ — באַם טישל, אָדער אַף דער פריזבע.

ביידע האָבן זיי אַ שיינע עטלעכע יאָר גע־אַרבעט אין אַן אַרטעל, װוּ מע האָט אויסגע־אַרבעט װאָס אַ מויל קאָן אויסריידן — צו־קערקעס, קוישלעך, קװערטלעך, קנעפּלעך, פּלעצעלעך, און װאָס ניט?!

דאָס פּאָרל האָט דאָ געאַרבעט און געהאַט קאָװעד באַ מענטשן און באַ נאַטשאַלסטװע, נאָר װען דער קאָמבינאַט האָט זיך פאַרברייַ־טערט און מע איז געװאָרן עלטער, האָט מען אָנגעהויבן נעמען אַרבעט אַהיים.

ליזע און שאָלעם האָבן געקלעפּט קאָנ־װערטן און געשטריקט קוישלעך, דאָס הייסט „װאָסקעס". די אַרבעט האָט מאַמעש גע־ברענט אונטער זייערע הענט. מע האָט ניט געדאַרפט קיין מאַשין.

טאַקע אָט דאָ, אַף דער פריזבע, באַם טישל, װוּ עס האָט געזשומעט דער פּרימוס, אַף װעלכן עס האָט זיך געקאָכט דער װאָרמעס, האָט מען געאַרבעט. ליזע קאַראַס האָט אַלץ געטאָן, ניט צומאַכנדיק דאָס מויל, גערעדט אָן אויפהער, און ער, שאָלעם, האָט געשװיגן.

די אַרבעט איז באַ ביידן געגאַנגען װי אַ מיז־מער, און שכײנים זײַנען געשטאַנען לעבן זיי, געקוקט און געקליבן נאַכעס.

װען איר גיט אונדזער ליזע קאַראַס אַ פּאַלאַץ אָנשטאָט איר געמיין האַלב־טונקעלער װוינונג, װאָלט זי זיך ניט געביטן. אין פּאַלאַץ װאָלט זי געװען פאַרשלאָסן, װי אין טורמע, און דאָ — די גאַנצע צײַט אַף דער פרישער לופט און אַזױפיל מענטשן גייען פאַרבײַ אירע אויגן, מיט יעדערן האָט זי װעגן װאָס צו ריידן. קיינער פון די שכײנים פונעם גרויסן הויז װעט ניט דורכגיין, ער זאָל זיך ניט גריסן מיט ליזען, זיך ניט אָפּשטעלן אַף זיך איבער־װאַרפן מיט עטלעכע װערטער. ליזע קאַראַס װעט קיינעם ניט דורכלאָזן, אַלעמען שטעלט זי אָפּ, פרעגט אויס, װוּהין מע גייט, נאָך װאָס,

וואָס מאכט מען אין געזונט, וואָס איז עפּעס פאַראַן אין גאַסטראָנאָם, אין דער מילך־קראָם, און טויזנטער אַנדערע פראַגן.

ליזע קאַראַס האָט געוווּסט פון אַלע שוועררע הערצער, וואָס בײַ וועמען קאָכט זיך און וואָס בײַ וועמען באַקט זיך. זי האָט געהאַלטן פון יענע שכנים, וואָס האָבן ליב געהאַט זיך דורכשמועסן, נאָר אַז עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ, וואָס האָט ניט געוואָלט אויסדערציילן, וואָס בײַ אים טוט זיך, האָט ליזע אַף יענעם אויך ניט געהאַט קיין פאַריבל.

כוצן טישל, האָט ליזע אָוועקגעשטעלט לעבן איר פריזבע אַ לאַנגע באַנק, ווײַל ניט אַלע שטאָטישע אײַנוווינער האַלטן פון אַ פריזבע. בײַ דעם קאָרידאָרל האָט ליזע פאַרזעצט קווייטלעך. ערעוו אַלע יאָמטויווים האָט זי געשמירט די פאָדערשטע וואַנט, געפאַרבט דאָס פענצטער. לעבן דער שוועל איז שטענדיק געשטאַנען אַ קעסעלע וואַסער און אַ שיסעלע מיט שפּײַז — אַ קאַץ, אַ הינטל, אַ סאָראָקע אָדער אַ טויב זאָלן קאָנען שטילן דעם דאָרשט און דעם הונגער. און ווי זאָגט מען, אַ האַרץ פילט אַ האַרץ, — זײַנען טאַקע אַהער געגאַנגען און געפלויגן, ווי צו זיך אַהיים, פייגל, הינט און קעץ...

און אַלץ האָט ליזע געטאָן בעשאַס דער אַרבעט. מענטשן האָבן זיך געוווּנדערט — ווען באַווײַזט זי דאָס אַלץ!

איז אַ שכיינע געגאַן אין מאַרק אַרײַן און ניט געהאַט ווו איבערצולאָזן דאָס קינד, האָט זי דאָס וויגעלע אָוועקגעשטעלט לעבן ליזעס פריזבע און געווען באַוואָרנט, אַז דאָס קינד איז אין גוטע הענט. די אַלטיטשקע באָבעציס פון דער גאַנצער גאַס האָבן בײַ ליזעס פריזבע געטאָגט און גענעכטיקט.

מענטשן האָבן זיך געוווּנדערט: וויאַזוי באַווײַזט זי, ליזע, פירן די באַלעבאַטישקײַט, ניאַנטשען פרעמדע קינדער, מעכאַבעד זײַן מיט אַ גלעזל טיי אירע שטענדיקע געסט, די באָבעציס, קאָכן וואַרמעס, אײַנקויפן אַלץ אין מאַרק, דערבײַ אויספילן און איבערשטײַגן דעם פּלאַן פון קלעפּן קאָנווערטן, שטריקן „אַוואָסקעס", באַגיסן די קווייטן, האָדעווען קעץ, הינט און פייגל און דערבײַ ניט אופהערן צו ריידן אַף קיין מינוט. אָבער קיין גרויסע כאָכמע איז דאָ ניט געלעגן. איר געטרײַער מאַן, שאָלעם קאַראַס, האָט איר געהאָלפן.

שטילערהייט, ניט אַרויסברענגענדיק קיין וואָרט, בעשטיקע, שאַ־שטיל, האָט ער אַלץ אָפּגעטאָן.

מע האָט געקענט שווערן, אַז זינט ער וווינט דאָ, אין שטיבל, האָט מען נאָך זײַן קאָל ניט געהערט. מע האָט אויך ניט געהערט, ער זאָל זאָגן אַמאָל דער פלוינעסטע אַ קרום וואָרט.

אַ גאָלדענע נעשאָמע. אַ גאָלדענער כאַראַקטער.

אַ לעבן האָט ער מיט ליזען אָפּגעלעבט שווײַגנדיק. און אַזוי שווײַגנדיק האָט מען געבראַכט אַף דער וועלט דרײַ קינדער, זיי גאַנץ פײַן אויסגעכאָוועט. אַלע דרײַ זײַנען געווען אַף דער מילכאָמע. איינער פון זיי איז געפאַלן אין סטאַלינגראַד. די איבעריקע צוויי — אַ זון מיט אַ טאָכטער — האָבן כאַסענע געהאַט און וווינען מיט זייערע קינדער אין סיביר.

אָבער איין מאָל האָט שאָלעם קאַראַס דאָך זיך צעבייזערט אַף דער פלוינעסטע. און ניט אַף קאַטאָוועס.

ער האָט זיך דעמלט אומגעקערט פונעם קאָמבינאַט, וווהין ער האָט אָפּגעטראָגן אַ גאַנצן פּאַק אויסגעאַרבעטע פּראָדוקציע, און געבראַכט נײַעם מאַטעריאַל צו דער אַרבעט. צוגעזעצט זיך צום טישל נעמען עפּעס אין מויל, האָט ער פלוצעם דערהערט, אַז אין קאָרידאָרל, אונטער דער באַנק, כריוקעט עפּעס.

וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש? און עפּשער האָט זיך אים גאָר אויסגעוויזן? אַ קוק געטאָן אונטער דער באַנק, אין טונקעלן קלייינעם קאָרידאָרל, איז אים געוואָרן אַ לאָך אין האַרצן!

איבער אַ שיסל שאָלעכץ פון קאַרטאָפליעס איז זיך געשטאַנען אַ קליין ראָזעווע כאַזערל מיט אַ פײַן פּיאַטאַקל און געריבן אַף אַלע ציין.

ווי קומט אַהער אַ כאַזערל? און וואָס האָט עס דאָ צו טאָן?

דערציילט אים ליזע אַזאַ געשיכטע: אָט דאָ, אין גרויסן הויז, אַפן זעקסטן שטאָק, וווינט אַ שכיינע, אַ טײַערע נעשאָמע. האָט דער שכייינעס מאַמע געבראַכט פון דאָרף אַ פּאָר געענדזעלעך, אַ קויש עפּל, באַרן און אָט דאָס כאַזערל... האָט זיך אָנגעהויבן אַ מײַסע — וווהין טוט מען אַהין דאָס כאַזערל? שלעפּן עס אַפן זעקסטן שטאָק, אונטערן סאַמע הימל, עס אײַנאָרדענען אַפן באַלקאָן, עס זאָל נעמען אַף זיך אַ ביסל וואָג, וועט עס אופהייבן אַ גוואַלד און אופוועקן די גאַנצע גאַס. ווו האָט איר געהערט, אַ כאַזערל זאָל ליב האָבן וווינען אַף הויכע שטאָקן מיט באַלקאָנען? און די מיליציע וועט שווײַגן? די סאַניטאַרע קאָמיסיע וועט שטראַפירן, לעמײַ מע האַלט אינמיטן שטאָט אַזאַ באַשעפעניש. קוילען און אופעסן אַזאַ קליין כאַזערל איז אַן אַוויירע פאַר גאָט. האָט די שכיינע אָוועקגעגעבן דאָס באַשעפענישל ליזען,

און ליזע קאַראַס האָט באַטראַכט, אַז זי וועט עס יאַקאָס אויסהאָדעווען.

דערהערט דאָס כריוקען, האָט זיך שאָלעם קאַראַס צעבייזערט, דער גאַזלען האָט זיך אין אים אָנגעצונדן. ער האָט אַפּילע געסטראַשעט, אַז ער וועט גיין אין מיליציע זאָגן, מע זאָל גלייַך צונעמען דאָס כאַזערל, נאָר צו דעם איז עס ניט דערגאַנגען.

אייגנטלעך, האָט אים לאַכלוטן ניט געאַרט די מייַסע מיטן כאַזערל. ליזע האָט אירע מעשוגאַסן. וויפל הינט און קעץ, טויבן און פייגעלעך פּאַשען זיך לעבן איר שוועל, עסן פון אירע שיסעלעך? טאָ זאָל זיך פּאַשען אויך אַזאַ באַשעפעניש און זאָל זיך עס כריוקען שטילערהייט. נאָר צוריק מיט אַ צייַט האָבן אים עטלעכע אַלטע ייִדן איינגעבעטן, ער זאָל אַרייַנקומען צו אַ מיניען. האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געפּאַסט, ער זאָל האַלטן אין שטוב אַ כאַזערל. בעטעווע איז ער געווען אַ בעזבאָזשניק, נאָר עס האָט אויסגעפעלט איינגאַנצן איין מענטש צום מיניען, ווי זשע האָט ער, מיט זייַן כאַראַקטער, געקאָנט אָפּזאָגן?

דער קאָנפליקט האָט זיך בעשאָלעם פאַרענדיקט — ליזע קאַראַס האָט געזאָגט דעם מאַן, אַז די אווייִרע נעמט זי אויף זיך. דעמלט איז ער ווידער שטיל געבליבן. צו קיין געט איז דאָס ניט דערגאַן, כאָלילע.

ביסלעכווייַז האָט מען זיך אין הויף צוגעוווינט צום כאַזערל. און קינדער האָבן גאַנצע טעג באַלאַגערט דאָס קליינע קאָרידאָרל, אַרייַנגעקוקט, אַ גלעט געטאָן דאָס כאַזערל, געבראַכט דעם קאָנפעטן, בולקעלעך, וואָס עס האָט זיך געמאַכט. און עס האָט זיך דעם געלעבט ווי גאָט אין אָדעס!

עמעס, דאָס איז געווען אַ קלוג כאַזערל. עס האָט געוווּסט ווו אייַן, און ווו אויס. באַטאָג, ווען אומעטום זייַנען געווען מענטשן, האָט עס ניט געוואַגט אַרויסקריכן אויף גאָטס וועלטל, עס איז געלעגן אונטער דער באַנק און שטילערהייט געכריוקעט. עס האָט, זעט אויס, פאַרשטאַנען, אַז דאָ אין שטאָט האָט עס ניט קיין פּראַוואָזשיטעלסטוואָ, עס איז אויסערן געזעץ, און נאָר אַדאַנק ליזע קאַראַס האָט עס זיך געפונען אַ וואַרעם ווינקל. אין אָט די שאָען האָבן די הויף־קינדער געמעגט דעם ברענגען מאַרציפּאַנעס, שאָקאָלאַדלעך, האָט עס זיך ניט גערירט פון אָרט, געשוויגן, ווי אַ דעמב.

אַז דאָס כאַזערל איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער פרישער לופט, זיך צעפּלאָכעט און גענומען יאָגן איבערן הויף, איז געווען, עמעצער פון די קינדער זאָל אַ געשריי טאָן: „די סאַניטאַר־קאָמיסיע גייט!", האָט דאָס כריוקעלע פייַל־אויסן־בויגן זיך געלאָזט לויפן צו זיך אין דער באַהעלטעניש.



יענע שכיינעס, וואָס האָבן זיך געכידעשט, לעמייַ האַלט מען אין שטוב אַזאַ באַשעפעניש, האָט ליזע קאַראַס געענטפערט: „נישקאָשע, דאָס איז ניט קיין אייביקע זאַך. כ'וועל עס האָדעווען ביזן נייַ־יאָר, דערנאָך וועלן מיר עס אַוועקשיקן אין בויניע, צעטיילן וועמען אַ פּיסל, וועמען דעם קאָפּ אויף כאָלאָדעץ, וועמען די פּאָטראַכעס, די אויערן. באַ אונדז אין הויף איז, דאַנקען גאָט, פאַראַן ווער עס זאָל גוט אָפּעסן און אָפּלעקן אַ ביינדל".

עס איז אונטערגעקומען דאָס נייַ־יאָר. מע האָט זיך גאַנץ שיין ספּראַוועט מיטן כאַזער, און שאָלעם קאַראַס האָט לייַכטער אָפּגעאָטעמט.

איז ווידער געוואָרן שטיל אין שטוב. שטענדיק זייַנען זיי געווען צוזאַמען, ליזע און שאָלעם קאַראַס. מע האָט געלעבט און צוביסלעך זיך געעלטערט. מע האָט געהאַט נאַכעס פון קינדער און אייניקלעך. עמעס, ניט אַזוי פון זיי, ווי פון זייערע בריוו. ווייַל מע האָט געוווינט ערגעץ אין אויסרייַסעניש און ניט אָפט געקענט קומען צוגאַסט.

דאָס פּאָרל האָט רויִק געלעבט און רויִק געאַרבעט. מענטשן זייַנען זיי אַפילע מעקאַנע געווען. אַלע טאָג האָט מען אָפּגעטראָגן די פאַרטיקע פּראָדוקציע אין קאָמבינאַט, און אַז מע האָט באַקומען געהאַלט, איז מען געגאַנגען אין פּאַוויליאָן עסן מאָראָזשענע.

אַז מע איז אַלט געוואָרן, האָט מען אָפּטער זיך אָנגעהויבן באַווייַזן אין פּאָליקליניק און אָנשטאָט מאָראָזשענע, האָט מען געשלונגען פּראָשקעס, אַרייַנגעכאַפּט די שיינע אוקאָלן, נאָר זיך שטאַרק קלאָגן אָפּן געזונט האָט מען ניט, ווייַל איינער אַ קלוגער דאָקטער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז די נאָרמאַלע לאַגע פון אַן עלטערן מענטשן איז יענע, ווען ער פילט זיך אַ ביסל ניט מיט אַלעמען. געזונט זייַנען אָדער פערד, אָדער העלפאַנדן.

און אָט איז געקומען די צייַט און אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן בויען נייַע גאַסן און קוואַרטאַלן, גאַנצע „טשערעאָמושקעס", און ביסלעכווייַז האָט מען אַריבערגעפירט די אייַנוווינער פון די קעלערס און אַלטע הייַזער אין פילשטאָקיקע מויערן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען ליזען מיט איר מאַן שאָלעמען אייַנגעלאַדן אין ראַיויספּירקאָם, עפּעס פאַרשריבן, פאַרצייכנט און געזאָגט, אַז מע זאָל זיך גרייטן — מע וועט זיי איינגיכן אויסטיילן אַ לייַטישע וווינונג, און דאָס שטיבל, וואָס שטייט אין הויף, ווי אַ בעלמע אָפּן אויג, וועט מען מיט אַ בולדאָזער אַראָפּטראָגן.

ליזע קאַראַס האָט זיך מיט דער יעדיִע גאַנץ שיין דערפרייט, נאָר איינצייַטיק איז אָנגעפאַלן אויף איר אַ פּאַכעד.

און טאַקע, אַזויפֿיל יאָרן אָפּגעלעבט ביי־שכיינעס מיטן גרויסן הויז, ווו יעדער איינציקער איז שוין ניט נאָר קיין שאָכן, נאָר א לײַבלעך־אייגענער, — וועט מען איצט דאַרפֿן פּרעסירען האָקל־פּאָקל און זיך פֿאַרקלײַבן ערגעץ, ווו מע קען קיינעם ניט און מע ווייסט קיינעם ניט!

ניט ווייניקער האָבן באַדויערט די שכיינים, וואָס אַזעלכע גוטע מענטשן וועלן פֿאַרלאָזן זייער הויף. נאָר מע האָט געהאַט א טרייסט דערין, וואָס זיי וועלן זיך איבערקלײַבן אין טרוקענע, ליכטיקע צימערן מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן, ווײַל וויפֿל טאַקע איז דער שיר לעבן אין אַזא שטיבל, וואָס נאָר אַדאַנק דער האַרעפּאַשנער ליזע און דעם טרײַען שאַלעמען זשיפּעט עס נאָך?

בעשטיקע האָט מען שוין דאָ און דאָרט זיך צונויפֿגערעדט, וואָס פֿאַרא מאַטאָנעס מע זאָל קויפֿן פֿאַר זיי אַף כאַנוקאַס־האַבאַיִס.

זיצנדיק אַף דער פּריזבע און קלעפּנדיק די קאָנווערטן, האָט מען אויסגעהערט האַרציקע ווערטער און באַגריסונגען פֿון די פֿאַרבײַגייענדיקע שכיינים, וואָס האָבן שטאַרק איבערגעלעבט, וואָס עס וועט זיך, אינגיכן אויסקומען צעשיידן.

באַזונדערס זײַנען געווען איבעראַשט די קינדער פֿונעם הויף: בא וועמען וועט מען איצט איבערלאָזן די וועלאָסיפּעדן, ווען מע גייט אין קינאָ, די מאַמע זאָל ניט וויסן? בא וועמען וועט מען באַהאַלטן דאָס ביסל קלייזײַען, די אַוטאָמאַטן מיט די שווערדן, די שטעקנס מיט די דרוקעס, ווען מע ענדיקט אין הויף די מילכאָמעס?

נאָר אומגעריכט איז געשען אַזוינס, וואָס האָט אופֿגעטרייסלט דאָס גאַנצע גרויסע הויז. דאָס איז פֿאַר אַלעמען געווען אַזוי אומדערוואַרט, גלײַך ווי אינמיטן זומער וואָלט אויסגעפֿאַלן א טיפֿער שניי אָדער אינמיטן ווינטער וואָלט זיך דורכגעטראָגן א דונער, כאָטש בא הײַנטיקע צײַטן איז סײַ דאָס, סײַ יענץ גאַנץ מעגלעך.

וואָס זשע איז געשען, ווילט איר וויסן? ס'איז סײַ א געלעכטער, סײַ א האַרצווייטעק.

ליזע קאַראַס האָט אָנגעגעבן א מעלדונג אין געריכט, מע זאָל זי געטן מיטן מאַן, מיט שאַלעמען.

וואָס?!

יאָ, יאָ, אָט דאָס, וואָס איר הערט. א געט, און אויס!

וואָס הייסט עס — א געט?

אָט דאָס הייסט! א כאַסענע האָט זי מיט אים אַמאָל געשפּילט, דאַרף זי איצט א געט!

גוואַלד, וואָס קומט דאָ פֿאָר? וואָס זשע, מע איז גרינע צוצעקעס, וואָס מע באַקענט זיך הײַנט אַפֿן טאַנץ־פּלאַץ און מאָרגן גיט מען אָן די דאָקומענטן אין זאַקס, מע האָט כאַסענע, און איבערמאָרגן צעגייט מען זיך? מע האָט, דאַכט זיך, אָפּגעלעבט א לעבן בעקאַוועד־גאַדל, שיין, פֿײַן, לײַטיש, מע פֿאָרט שוין פֿונעם יאַריד, מע איז שוין ביידע אַלט און גראָוו, איז ווי קלעפּט זיך דאָ א געט?

מע איז מעשוגע צי כאַסערדייע?

ניט מעשוגע און ניט כאַסערדייע. בעקיצער — א געט און אויס!

שכיינעס זײַנען געקומען, זיך נאָכגעפֿרעגט, געפּרוּווט זיך אַרײַנלייגן, ווי מע זאָגט, אין דעם איניען, איבערבעטן די צדאָדים, נאָר א נעכטיקער טאָג!

וואָס האָט זי צו דעם שאַלעמען — א מענטש אָן א גאַל, א גאָלדענע נעשאָמע? מיט וואָס האָט ער זיך אַזוי פֿאַרזינדיקט?

מאַלע וואָס צווישן א פּאַרפֿאָלק קאָן פֿאָרקומען. מע ווערטלט זיך דורך און מע פֿאַרגעסט, מע בעט זיך איבער...

אָבער ליזע קאַראַס האָט זיך געהאַלטן בא אירס: וועגן איבערבעטן זיך קאָן קיין רייד ניט זײַן. מע צעגייט זיך, ווי דער זומער מיטן ווינטער, און אויס!

יאָ, נאָר עס מוז דאָך זײַן א פֿאַרוואָס.

פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס? ער ווייסט גוט פֿאַרוואָס, דער גאַזלען אירער, ער ווייסט גוט! מע איז דאָך שוין אַלט, מע גייט שוין ביידע פֿונעם יאַריד...

בישקאָשע, האָט ליזע קאַראַס זיך געהאַלטן בא אירס, געטן זיך איז קיינמאָל ניט שפּעט!

פֿאַרוואָס? פֿאַראַן א פֿאַרוואָס. נאָר דאָס איז א גרויסער סאָד. און בלויז געציילטע שכיינעס האָבן זיך פֿון ליזעס מויל דערוווּסט, אין וואָס עס גייט. איר דאַרפֿט אָבער פֿאַרשטיין, אַז עס איז גענוג, איין שכיינע זאָל זיך דערוויסן, וועט שוין מאָרגן וויסן די גאַנצע גאַס, דער גאַנצער ראַיאָן.

ער, שאַלעם קאַראַס, איז באַגאַן א זינד קעגן איר, א געווײנלעכע זינד... און ווײַבאַלד אַזוי, מוז ער איר געבן א געט!

ער, שאַלעם? אַזא שטילער מענטש, און ט'האָסטו דיר! עס קאָן ניט זײַן. ס'איז געוויס א בילבל!

קיינער האָט ניט געזען פֿאַר אַלע יאָרן, וואָס ער לעבט דאָ, שאַלעם זאָל א קוק טאָן אַף א פֿרעמד ווײַבל. ער האָט אַפֿילע מוירע א טראַכט טאָן וועגן א פֿרעמדער אישע... ער איז דאָך שטענדיק צוגעוואַקסן צו זײַן שוועל, צו זײַן פּריזבע.

אייניקע האָבן צעפּירט מיט די הענט, אַנ־
דערע — זיך געשטיקט פון געלעכטער. אַזאַ מײַסע!

ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן גע־פּרוווט מיט אים פּאַרפירן אַ געשפּרעך, אויס־פּרעגן, צי איז דאָס טאַקע עמעס, נאָר שאַלעם, ווי זײַן טעווע איז געווען, האָט ניט געעפנט דאָס מויל, געשוויגן, ווי אַ באָק. אַף אַלע קאַ־שעס האָט ער געענטפערט מיט אַ קנייטש מיט די אַקסל, ווי איינער רעדט: איך זאָל אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע, ווי איך ווייס, וואָס האָט זי זיך צו מיר צוגעטשעפּעט... איך האָב ניט געזינדיקט אין די יונגע יאָרן, וועל איך גיין זינדיקן אַף דער עלטער? נאָר זי וויל אַזוי, מײַן ליזע, זאָל זײַן אַזוי. וואָס זשע, איך זאָל זיך נעמען דאָס לעבן? זי וויל אַ געט — זאָל זײַן אַ געט!

די מעלדונג איז שוין געלעגן אין געריכט. דעלעגאַציעס פון די שכנים זײַנען אַלע טאָג געקומען צו ליזען, געפּרוווט איר אײַנרעדן, נאָר צום לאָמפּ.

אַ געט, און אויס! זי וועט ניט פאַרלײַדן, דער מאַן זאָל זי פּאַראַטן!

דאָס פּאָרל איז, ווי פריִער, געזעסן אַלע טאָג אַף דער פּריזבע, געקלעפּט קאָנווערטן, גע־פּלאַכטן „אוואָסקעס" — אַ געט, אַ כאַסענע, נאָר צום פּלאַן האָט עס ניט קיין שײַכעס. דער פּלאַן דאַרף זײַן אַ פּלאַן, און פּאַרטיקע פּראָדוקציע דאַרפן ביידע אַלע טאָג צושטעלן אין קאָמבי־נאַט!

מע איז געזעסן אַף דער פּריזבע, אָבער שוין ניט אַזוי ווי פריִער, זײַט־בײַ־זײַט, נאָר איינס צום אַנדערן מיטן רוקן. געגרייט פרישטיק און וואַרמעס האָט מען באַזונדער. אין מאַרק עפּעס אײַנקויפן, אין קלייט עפּעס נעמען — אויך באַ־זונדער! אין שטוב, אַפן גרויסן הילצערנעם בעט, איז געשלאָפן ליזע קאַראַס איינע אַליין. שאַלעמען האָט זי געשטעלט אַן אַלט לײַוונטן בעטל. זאָל ער וויסן!

אין אַ קורצער צײַט אַרום זײַנען אָנגעקומען צוויי פּאָוועסטקעס. מע רופט דאָס פּאָרל אין געריכט, נאָך ניט, כאַלילע, אַפן מישפּעט, נאָר אַף אַ געשפּרעך מיטן ריכטער, וואָס וועט פּרוּוון איבערבעטן דאָס פּאָרפאָלק. וועט זיך עס אײַנגעבן — איז גוט. אויב ניט, וועט מען צו־וואַרטן עטלעכע כאַדאָשים, מע זאָל זיך באַ־טראַכטן, און ערשט דערנאָך, אויב פאַר דער צײַט וועט מען זיך ניט איבערבעטן, וועט מען מישפּעטן און דער געריכט וועט באַשטימען — אַ געט אָדער ניט קיין געט!

דער גאַנצער הויף האָט שוין געוווּסט וועגן די פּאָוועסטקעס און, פאַרטײַטשט דעם אָטעם, האָט מען געוואַרט, וואָס וועט זיך דערפון באַ־קומען.

אין געריכט האָט זיי אויפגענומען אַ באַיאַר־טע פרוי מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר און ליכטיקע קלוגע אויגן מיט אַ כיטרע שמייכעלע.

זיך באַקענט מיט דער מעלדונג, האָט זי איבערגעפּירט אירע שיינע אויגן אַפן פּאָרל, וואָס איז געזעסן אַף דער באַנק און זיך באַ־מיט ניט קוקן איינס אַפן אַנדערן. זי האָט גע־פּרעגט, די ריכטערן, באַהאַלטנדיק דאָס שמיי־כעלע, וויפל צײַט איז אַוועק נאָך זייער כאַ־סענע. דערהערט, אַז איינגיכן וואָלט מען שוין געדאַרפט פּראַווען די גאָלדענע כאַסענע, האָט זי זיך שיר ניט פאַנאַנדערגעלאַכט. פאַר די פופצן יאָר, זינט זי מישפּעט מענטשן, האָט די ריכטערן נאָך ניט באַגעגנט אַזאַ איניען.

— בירגערן קאַראַס, צי באַשטייט איר דע־רויף, מע זאָל אויסהערן אײַער איניען וועגן געטן אײַך מיטן מאַן, צי עפּשער האָט איר איבערגעטראַכט און ווילט אָפּנעמען אײַער מעלדונג?

ליזע קאַראַס האָט אַף איר אָנגעשטעלט אַ פּאָר בייזע אויגן און זיך אָנגערופן:

— אַלץ איז אָנגעשריבן אין מײַן מעלדונג, כאַווערטע ריכטערן. איך פאָדער אַ געט!

— עס טרעפט אַמאָל אַ קאָנפליקט צווישן מאַן און ווײַב, נאָר דאָס הייסט ניט, אַז מע דאַרף פאַנאַנדערוואַלגערן אַ פײַנע סאָוועטישע פאַמיליע. און דערבײַ האָט איר שוין אייניק־לעך.

— איך ווייס אָן אײַך, ווער מיר זײַנען, — האָט אָפּגעהאַקט ליזע קאַראַס, — מאַכט עס בע־קיצער. איך דאַרף אַ געט.

— אָבער ס'איז דאָך ניט קיין סרייפע. עס ברענט ניט, — האָט רויִק געענטפערט די ריכ־טערן, — גייט אַהיים און באַטראַכט זיך גוט. דרײַ כאַדאָשים האָט איר צײַט, און אויב איר וועט זיך ניט איבערבעטן, וועט דער געריכט אויס־הערן אײַער איניען און אַרויסטראָגן אַ גע־רעכטן מישפּעט. אין דרײַ כאַדאָשים אַרום וועלן מיר זיך אומקערן צו אײַער איניען.

— וואָס הייסט דרײַ כאַדאָשים?! כאַווערטע ריכטערן? — איז אין קאַס געוואָרן ליזע קאַ־ראַס. — פאַרוואָס דאַרף איך זיך מיט אים מור־טשען נאָך גאַנצע דרײַ כאַדאָשים? איר זעט אָט דאָס נעבעכל? קוקט ניט דערויף, וואָס ער איז קלוימערשט אַ שטילינקער, אַ שווײַגער. דאָס איז אַ ברען! איר ווייסט דען ניט, אַז שטילע וואַסער גראָבט טיף, אין שטילע בלאָטעס האַלטן זיך רוכעס! זיך אָפּגעזוכט אַ קראַסאַוויצע, טאָ זאָל ער זיך גיין צו איר! און איך וועל זיך שוין יאַקאָס מײַן שטעטל באַשטיין. איך פאָדער אַ געט!

און זי האָט זיך ערשט געקליבן צעגיין, נאָר די ריכטערן האָט זי העפלעך אָפּגע־

שטעלט און געזאָגט, אַז דאָס וועט זי האָבן די
מעגלעכקײַט אַרויסלייגן פאַרן געריכט אין דרײַ
כאַדאָשים אַרום.

געקומען אַהיים איז זי אַ דערשלאָגענע.
וואָלט זי געוווּסט, אַז אַזויפיל צײַט דאַרף גע-
דויערן, ביז מע וועט זי געטן, וואָלט זי גאָר-
ניט אָנגעהויבן. זי האָט געמיינט, אַז דאָס ווערט
איצט געמאַכט איינס און צוויי!

די שכיינעס האָבן איר אַלץ געפּרוּווט אײַנ-
רעדן, זי זאָל מויכל זײַן שאַלעמען, אויב דאָס,
וואָס זי רעדט אָן אויף אים, איז טאַקע אָן עמעס.
עס טרעפט אַמאָל אַזעלכס בײַ מאַנצבלען און
מע איז מויכל...

נאָר ליזע קאַראַס האָט זיך געהאַלטן בײַ
אירס:

— אַ געט, נאָר אַ געט!

דער דורכפאַל אין געריכט האָט זי אַ ביסל
דערשלאָגן. ס׳איז ניט קיין גוטער סימען.
דרײַ כאַדאָשים וואַרטן! עס איז דאָך הימל-
געשריי!

דאָך האָט זי געציילט די טעג און די וואָכן,
געוואַרט, די צײַט זאָל גיכער איבערלויפן, און
זי זאָל אַוועק אין געריכט.

מיט שאַלעמען וועט זי מער ניט וווינען
אונטער איין דאַך.

עס האָט זי שטאַרק באַמרויִקט, וואָס אַלע
מאָנטיק און דאָנערשטיק זײַנען געקומען קאָ-
מיסיעס. באַטראַכט דאָס שטיבל, עפּעס גע-
שריבן, געפּלאַנעוועט.

ליזע איז ווידער אַוועק צו איר ריכטערן,
געבעטן, זי זאָל פאַרגיכערן דעם איניען מיטן
געט, נאָר יענע האָט זי מאָדנע אָנגעקוקט און
איינמאָל געזאָגט:

— בירגערן קאַראַס, אויף מיר מאַכט אײַער
קומען צו מיר אַזאַ אײַנדרוק, אַז ניט אײַער מאַן
האָט אײַך פאַראַטן, נאָר איר האָט זיך עמעצן
אָפּגעזוכט. עס ברענט ניט. איך האָב אײַך גע-
זאָגט — אין דרײַ כאַדאָשים אַרום. אַזאַ איז
דער געזעץ. גייט אַהיים און באַטראַכט זיך גוט.

ווידער זיך באַטראַכטן! געהערט? די ריכ-
טערן וויל זי לערנען כאָכמע! גיי דערצייל איר,
וועמען דער שוך קוועטשט. פאַרוואָס זי, ליזע
קאַראַס, אײַלט זיך אַזוי באַקומען דאָס פּאַפּירל,
דעם געט...

גאָט האָט געהאָלפן, און די דרײַ כאַדאָשים
האָבן זיך אויסגעלאָזט.

ביידע, ליזע קאַראַס און שאַלעם קאַראַס,
האָבן זיך אָנגעטאָן יאָמטעוודיק. אַזוי האָט גע-
וואָלט ליזע, און איר וואָרט איז פאַר שאַלע-
מען פון טאָמיד אָן געווען אַ געזעץ.

מע איז געקומען אין געריכט זייער פרי און
מע האָט זיך געזעצט אין קאָרידאָר וואַרטן.
מע האָט זיך נאָר באַוויזן אײַנאָרדענען, ווי עס
איז אַרײַנגעלאָפן אַהער אָן אַ נעשאָמע אַ באַ-
קאַנטער יונגערמאַן, אַ פאַרפּאַליעטער און בייז-
זער. דאָס איז געווען דער אינספּעקטאָר פון
דירע־אָפּטייל. ער איז צוגעלאָפן צום פּאָרל און
אויסגעשאָסן:

— וויפל דאַרף מען אויף אײַך וואַרטן? נײַע
פּריצים! אַ גאַנצע וואָך ליגט בײַ אונדז אײַער
אָרדער אויף דער דירע, מע דאַרף אים שוין אַנו-
לירן... איר טראַכט זיך איבערקלײַבן, צי איר
ווילט בלײַבן אין אײַער פינצטער שטיבל, וואָס
מיר דאַרפן מאָרגן אַראָפּטראָגן? מאָדנע
מענטשן! איך דאַרף אײַך זוכן?

ליזע קאַראַס איז געבליבן זיצן אַ פאַרכאַ-
לעשטע. הער נאָר אַ מײַסע — ניט געקאָנט
צוואַרטן מיט דער דירע אַ פּאָר וואָכן? ווען זי
באַקומט אָבער הײַנט דעם געט, וואָלט זי גע-
קענט אײַנגעבן די פּאַפּירן, מע זאָל איר געבן
אַ באַזונדערן צימער און אים, שאַלעמען, אַ
באַזונדערן... וואָלטן זיי אין אַ צײַט אַרום ווי-
דער כאַסענע געהאַט און געביטן זייערע צוויי
באַזונדערע צימערן אויף איין דירע.

נאָר גיי, אַז עס איז נישטאָ קיין מאַזל! אײַנ-
גאַנצן פאַרשפּעטיקט אויף איין טאָג.

איר פלאַן האָט געפּלאַצט, ווי אַ זייפנבלאָז.

— איר ווייסט גאָרניט, וואָס פאַרא פּרעכ-
טיקע צוויי צימערן מ׳האָט אײַך אויסגעטיילט, —
האָט דער אינספּעקטאָר זיך באַרימט, — אַ
ליכטיקע דירע מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן —
אַ באַלקאָן, אַ וואַנע, גאַז, און וואָס ניט. און
זיי דרייען זיך אַרום איבער די געריכטן!

ליזע קאַראַס איז שיער ניט געפאַלן כאַלאַ-
שעס. — אַ באַזונדערע דירע, צוויי צימערן,
און זי האָט פאַרדרייט אַ מײַסע... זי איז אָבער
גלײַך געקומען צו־זיך.

— אָט גלײַך לויפן מיר נאָכן אָרדער. אין
פופצן מינוט אַרום זײַנען מיר בײַ אײַך און
הײַנט טאַקע קלײַבן מיר זיך אַריבער אין דער
נײַער וווינונג. אַ גרויסן דאַנק אײַך פאַר דער
גוטער בסורע. באַלד קומען מיר צו אײַך. די
רעגע... איך דאַרף נאָר איין וואָרט זאָגן דער
ריכטערן, געזונט און שטאַרק זאָל זי זײַן, סאַרא
כאָכמע זי איז און סאַרא גוטער געזעץ — דרײַ
כאַדאָשים צײַט אויף זיך באַטראַכטן.

אין דער רעגע איז איר געקומען אַ מאָדנע
מאַכשאָווע:

וואָס וואָלט זי, אַשטייגער, געטאָן, ווען איר
שאַלעם באַקומט דעם געט און וויל דערנאָך ניט
כאַסענע האָבן מיט איר? וואָלסט אים נאָר גע-
קענט רופן קנאַקניסל. בײַ הײַנטיקע צײַטן, —
האָט זי געקלערט, — וואַרפט מען זיך ניט
אַפילע מיט אַזעלכע מענער... אַ שטילינקער, אַ
שטילינקער — ווער קאָן אַרײַנקריכן צו יענעם
אין דער נעשאָמע. ער וואָלט עפּשער פאַר אַלע

יאָרן שווײַגעניש איר אזוי ארײַנגעזאָגט, אז עס וואָלט איר פינצטער געוואָרן אין די אויגן און עס וואָלט מיט איר געווען, ווי מיט יענער דעראזשנער ייִדענע: אויס קאלע, ווידער א מויד...

ווי נאָר די ריכטערן האָט זיך באוויזן אָף דער שוועל, האָט זיך ליזע קאראס א וואָרף געטאָן צו איר. יענע האָט זיך אזש דערשראָקן:

— וואָס איז מיט אײַך? — האָט זי זיך אָנגערופן, אופשליסנדיק די טיר.

— איך בין געקומען אײַך מעלדן, כאווערטע, בירגערן ריכטער, אז איך וויל שוין ניט און דארף שוין ניט קיין געט. מיר האָבן זיך איבערגעבעטן.

— יאָ, יאָ, מיר דארפן שוין ניט קיין געט...— האָט צוגעשטימט שאָלעם,— אָף קאַפּאָרעס דארפן מיר דעם געט. איר זײַנט גערעכט.

יענע האָט זיך הילכיק פאנאנדערגעלאכט:

— אָט זעט איר, איך האָב גלײַך געזען, אז אזוי וועט זיך בא אײַך באקומען. און איר האָט ניט געוואָלט ווארטן. איך באגריס אײַך און ווינטש אײַך מער קיינמאָל זיך צו אונדז ניט ווענדן מיט אזעלכע איניאָנים. זײַט געזונט. בא דער סעקרעטארן וועט איר באקומען צוריק אײַער מעלדונג. קיינמאָל זאָלט איר ניט מאכן קיין לײַכטזיניקע אויספירן, ווען עס גייט אין פאמיליען־איניאָנים...

— א דאנק, — האָט קוים ארויסגעזאָגט ליזע קאראס און זיך געלאָזט צום ארויסגאנג, מוירע האָבנדיק, די ריכטערן זאָל ניט איבערטראכטן. זי דארף אים האָבן, דעם שיינעם געט, ווי אויגנווייטעק. עפעס א מעשוגאס איז איר אײַנגעפאלן אין קאָפ און זי געמאכט צו שפאָט און געלעכטער. יאָ, עס טרעפט אזוינס בא ווײַבער.

דאָס פאָרפאָלק איז אָוועק גלײַך אין וווינונגס־אָפטיילונג נעמען דעם אָרדער.

אין וועג האָט מען גענומען א פלעשל ווײַן און זיך אומגעקערט אהיים לעבעדיק און פריילעך.

צום לעצטן מאָל האָט מען זיך געזעצט צום טישל איבערבײַסן, ווי אין די אמאָליקע צײַטן. מע האָט גענומען צו ביסעלעך. שכיינים האָבן זיך אָפגעשטעלט און פארכידעשט געקוקט אפן פאָרל, וואָס איז ווידער געזעסן, ווי א פאָר טויבן, גלײַך ווי עס וואָלט קיין זאך ניט פאָרגעקומען.

סאָף טאָג איז געקומען א גרויסע לאסטמאשין און מע האָט אָנגעלאָדן דאָס מעבל, די זאכן.

שכיינים זײַנען ארויסגעגאן צו העלפן, ארויסבאגלייטן. אלע זײַנען געווען צופרידן, וואָס דאָס פאָרל האָט זיך איבערגעבעטן און די כמארע איז פארבײַגעגאן. דאכט זיך, אז אפילע אין הויף איז דערפון געוואָרן ליכטיקער.

זיצנדיק אָף דער מאשין, פון אויבן אָף די זאכן, האָבן ביידע גליקלעך געשמייכלט און געפאָכט מיט די הענט.

ווען די מאשין האָט גערירט פון אָרט, האָט עמעצער פון די שכיינים אויסגעשריגן:

— איר זאָלט ניט פארגעסן אונדז רופן אָף דער כאסענע!

— אוואדע וועלן מיר אײַך אלעמען אײַנלאדן, — האָט גוטמוטיק געענטפערט ליזע קאראס, — א כאסענע וועלן מיר איצט מיט שאָלעמען פראווען גאָר א געהויבענע!

— אלפי־סייכל וועט עס זײַן אונדזער צווייטע כאסענע, — האָט געזאָגט שאָלעם קאראס, און אונטערשמייכלענדיק, האָט ער צוגעגעבן, — מע קען זאָגן, קען מען, — צוויי כאסענעס מיט א געט...

און דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל פאר א סאך יאָרן, אז מיר האָבן געהערט זײַן קאָל.

## געסט פון אויסלאנד

די איבערקערעניש אין שטוב באם פראָפעסאָר מירקין־זבארסקי, אָדער זבארסקי־מירקין, האָט זיך אָנגעהויבן פון א געוויינלעכן טעלעפאָן־קלונג.

בעשאס דער קורצער האפסאָקע צווישן צוויי לעקציעס זײַנע איז דער אלטער פראָפעסאָר פון כימיע ארײַנגעלאָפן אָן א נעשאָמע אין קאנצעליאריע פון דעקאנאט, זיך דורכגעשלאָגן צום טעלעפאָן, געכאפט דאָס טרײַבל און ארײַנגעאָטעמט:

— אלאָ, מוסינקע? דאָס בין איך, דײַן גענאדי ארקאדיעוויטש. איך האָב דיך ניט אופגע־

6—2080

## קינסטלער
## הערש אינגער



איליוסטראַציע צו שאָלעם-אלייכעמס „בלאָנדזנדע שטערן״

„אָמאר מענדעלע״





איליוסטראַציעס צו שאָלעם-אַלייכעמס ווערק:

1. „קאַסרילעווקער סרייפעס".




2—3. „דער פארקישעפטער שנײַדער".



4. „אײַזנבאַן־געשיכטעס".



אילוסטראַציע צו י.־ל. פּערעצעס דערציילונג „מעקובאַלים״

וועקט? ביסט נאָך אין בעט? ביסטו דאָך טאַקע א כאַכאַמע! האָסט זיך צוגעקילט? טרינק אויס הייסע מילך מיט האָניק. אין קיך איז אַלץ צוגעגרייט. זע, מײַן פֿייגעלע, היט זיך אָפּ!

מוסינקע, דאָס פֿייגעלע — דאָס איז איזאַבעלע, דעם פּראָפֿעסאָרס לאַבאָראַנטקע, אין וועלכער דער אַלטער האָט זיך מעסוקן אײַנגעליבט. צוליב איר טאַקע האָט ער איבערגעלאָזט דאָס ווײַב און צוריק מיט א פּאָר כאַדאָשים אָפּגעשפּילט א פֿריילעכע כאַסענע און אַרײַנגעבראַכט די לאַבאָראַנטקע אין זייער גרויסאַרטיקער דירע.

איצט, אין אָט דער מינוט, איז מוסינקע געלעגן אויפֿן ווייכן דיוואַן, פֿאַרטאָן אין א שפּאַנענדיקן ראָמאַן וועגן גאַזלאָנים און שפּיאָנעס, וועלכע האָבן פֿאַרנאַרט צו זיך אין דער הייל א באַרימטע טענצערן... גראָד אין דער מינוט, ווען די גאַזלאָנים האָבן אָנגעהויבן שטיקן די טענצערן, האָט זיך אַרײַנגעריסן איר, איזאַבעלעס, גאַזלען, מירקין־זבאַרסקי, און דרייט איר, איזאַבעלען, א ספּאָדעק.

וואָס וויל ער, דער אַלטער טערעך, פֿון אירע יאָרן?

דער אויוועראַבאָטל אירער, לאָזט זיך אויס, האָט אײַנגעלאַדן צו זיך אַהיים געסט פֿון אויסלאַנד, וועלכע זײַנען געקומען צו אים אין אינסטיטוט. א מאַן מיט א פֿרוי. און מע דאַרף זיי שיין אויפֿנעמען. טאַקע הײַנט אָפּדערנאַכט.

איזאַבעלע, די פּראָפֿעסאָרשע, הייסט עס, איז געווען מאָלע־רעציכע. ווען ער זאָל זײַן דערבײַ, וואָלט זי אים אויסגעריסן די באָרד. הער נאָר, אָן איר וויסן, אָן איר האַסקאָמע, רופֿט ער געסט. דערצו נאָך פֿון אויסלאַנד. דערצו נאָך אויף הײַנט. אינגאַנצן מעשוגע געוואָרן, ניט אַנדערש.

וואָס זשע, ער ווייסט ניט, דער אייזל איינער, אַז זי וועט ניט באַווײַזן ביז פֿאַרנאַכט אויספֿאַרבן די האָר, מאַכן מאַניקיור, פּעדיקיור... שוין זשע האָט ער פֿאַרגעסן, אַז זי דאַרף הײַנט גיין צו דער נייטערן מעסטן דאָס סאַמעטענע קלייד און די הויזן... דערצו נאָך איז די דינסט אַוועקגעפֿאָרן אויף א גאַנצער וואָך אין דאָרף אַרײַן און דערלעבט ניט קומען צוריק. ערשט אין דרײַ טעג אַרום וועט קומען וואַסיע, וואָס פּוצט אָן דעם פּאַרקעט און שלאָגט אויס די טעפּיכער...

ניין, ניט אַנדערש, ווי איר באַשערטער איז מעשוגע געוואָרן!

איזאַבעלע איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם דיוואַן, פֿאַררייכערט א סיגאַרעט, פֿאַריכט דעם אויסגעקווייטלטן טערקישן כאַלאַט מיט די סולטאַנישע אַרבל, וואָס האָבן דערגרייכט די פּיאַטעס, און צוגעשפּרונגען צום שפּיגל. דערזען איר אָפּגעצערט, צעקנייטשט פּאָנעם, האָט זי א טראַכט געטאָן, אַז זי וואָלט פֿריִער געדאַרפֿט זיך דורכפֿאָרן קיין סאָטשי, זיך א ביסל פֿאַריכטן, נעמען אַף זיך א ביסל וואָג, און דערנאָך ערשט אויפֿנעמען געסט.

זי איז געווען בייז און צערייצט, ווי א טיגער אין צירק, וועלכן מע צווינגט שפּרינגען איבער א שײַטער.

הער נאָר אַן אײַנפֿאַל פֿון א מענטשן — אינמיטנדערינען רופֿן געסט! דערבײַ נאָך געקומענע פֿון אויסלאַנד.

זי זאָל אַזוי וויסן פֿון א בייזער וועטשערע, ווי זי ווייסט ניט און האָט ניט קיין אָנונג, וויאַזוי מע נעמט אויף אַזעלכע געסט.

אָבער נישקאָשע, זי וועט אים אָפּטאָן א שפּיצל, דעם נודניק אירן — זי וועט אַוועקגיין אויפֿן גאַנצן אָפּדערנאַכט פֿאַרבן די האָר, זיך מאַכן מאַניקיור, און זאָל ער אויפֿנעמען זײַנע געסט, וועט ער א צווייט מאָל וויסן.

אָבער איזאַבעלע האָט זיך געכאַפּט, אַז עס פּאַסט ניט פֿאַר קיין פּראָפֿעסאָרשע אַזוי זיך פֿירן צוויי כאַדאָשים נאָך דער כאַסענע. דער אַלטער קאָן אין קאַס ווערן און ניט איבערשרײַבן אַף איר נאָמען די דאַטשע מיטן אויטאָמאָביל, ער קאָן נאָך אין דער צאַוואָע אָפּשרײַבן זײַן פֿאַרמעגן די טעכטער...

און דעריקער, האָט איזאַבעלע א טראַכט געטאָן, אַז די געסט וועלן זי מיטן מאַן געוויס אײַנלאַדן צו זיך, קיין פּאַריזש, קאַנאַדע, בריסעל — ווער ווייסט, פֿונוואַנען זיי זײַנען עס געקומען.

ניין, ער איז גאָר ניט אַזאַ נאַר, איר באַשערטער, גוט האָט ער געטאָן, וואָס ער האָט אײַנגעלאַדן צו זיך געסט פֿון אויסלאַנד.

זי וועט זיי מאַכן אַן אויפֿנעם, אַז זיי וועלן עס פֿאַרגעדענקען אויפֿן גאַנצן לעבן.

אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם טערקישן כאַלאַט מיט די לאַנגע אַרבל, האָט זי זיך גענומען אַרומוואַשן, צוגלעטן, אַראָפּנעמען דאָס פּעטס, מיט וועלכן דאָס פּאָנעם איז געווען געדיכט באַשמירט, — עס זאָל האָבן א שטיקל פּאָנעם פֿון א פּאָנעם, איבערגעכאַפּט און אַוועק אין שערערײַ, מע זאָל ווי־ניט־איז מאַכן אָן אָרדענונג אַף איר קאָפּ, אָפּפֿאַרבן די נעגל, ווײַל מע זאָגט, אַז אויסלענדישע געסט האָבן ליב קושן די הענט בא פֿרויען. פֿון דער שערערײַ איז זי אַוועקגעלאָפֿן צו דער נייטערן, יענע זאָל איר דערווײַל ווי־ניט־איז צונויפֿשטוקעווען די רויטע קליאָשעווע הויזן, נאָכן אויפֿנאַם וועט זי זיי אומקערן אַף צו פֿאַרענדיקן.

איזאַבעלע האָט זיך געכאַפּט, אַז דער טאָג איז שוין באַלד אויס טאָג און זי וועט ניט באַווײַזן צוגרייטן די וועטשערע. דאַן איז זי געפֿאַלן אַף א גאָלדענעם געדאַנק: זי וועט אַרײַנגיין אין רעסטאָראַן „קראַסנאַיאַ טשײַקאַ“,

ווי זי האָט צוריק מיט אַ קורצער צײַט אָפּגע־שפּילט די כאַסענע מיט איר אַלטיטשקן, און באַשטעלן אַ וועטשערע. מע וועט איר אַלץ אַרײַנפירן אין שטוב אַרײַן. איצט טוט מען אַזוי, אויב מע וויל זיך ניט שמירן די הענט, שטיין בא דער פּליטע און קאָליע מאַכן דעם מאַניקיור. מע וועט ניט נאָר אַלץ ברענגען פּאַרטיקס, נאָר אויך שיקן מענטשן, מע זאָל דעקן דעם טיש און באַדינען ווי עס געהער צו זײַן. עס וועט קומען אַן אָפּיציאַנט, אַ קעכער, אַ געפּעס־וואַ־שערן, און עס וועט זײַן טשאַקנדיק.

ווי זאָגט עס יענער פילאָסאָף: אויב די כאַ־סענע קאָסט שוין אַזוי טײַער, איז כאַפּט עס דער רועך, איז נאָך אַ פּאָר רובל, וועט זי, הייסט עס, באַשטעלן אַ פידל מיט אַן אַקאָר־דעאָן — זאָל מען בא דער געהויבענער וועט־טשערע שפּילן. די געסט האָבן געוויס ליב טאַנצן, ועלן זיי כאַפּן אַ טענצל, זאָלן זיי דער־נאָך דערמאָנען זיך, ווי דער פּראָפעסאָר מיט דער פּראָפעסאָרשע זײַנען זיי מעכאַבעד געוועז.

איזאַבעלע האָט זיך אומגעקערט אהיים אַ צופרידענע. ווען זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, וויפל דאָס אַלץ האָט אָפּגעקאָסט, איז אָף איר אָנגעפאַלן אַ פּאַכעד — דער אַלטער וועט באַ־קומען אַן אינפאַרקט, ווען זי וועט אים באַווײַזן דעם כעזשבן. נאָר זי קען אים גוט — אַ מענטש מיט אַ ווייכן כאַראַקטער, ער איז נאָך, דאַכט זיך, אַלץ פאַרליבט אין איר.

ווען די דרײַ אַלטמאָדישע דעמבענע וואַנט־זייגערס האָבן אויסגעשלאָגן נײַן מאָל און אין קיך האָט אַ קלונג געטאָן דער „כאַדיק", פון וועלכן עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ קוקאַווע און אויסגעציילט נײַן מאָל, איז נאָשפּיץ צוגע־פלויגן צום פּראָפעסאָרס הויז אַ בלויע מאַשין און מע האָט פון דאָרטן אַרײַנגעבראַכט אין שטוב אַ מענגע מיט קעסלען, קוישן, בעקנס און גענומען זיי צעשטעלן אָפן טיש.

אַ דיקער פאַרשוין האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל און געבליבן אין אַ ווײַסן כאַ־לאַט, ער האָט זיך געשטעלט אין קיך צו דער פּליטע. אַ לאַנגער דאַרער פאַרשוין אין אַ שוואַרצן אָנצוג, מיט שוואַרצע וואָנצעס, מיט אַ שוואַרצן באַנטיק אָפן האַלדז און מיט אַ האַנ־טעך אָף דער האַנט, האָט זיך האַסטיק גענומען גרייטן צום טיש. די געפּעס־וואַשערן האָט אָנ־געהויבן וואַשן די ריינע טעלער. און עס איז געוואָרן אַן איבערקערעניש אין שטוב. עס האָט זיך געקענט דוכטן, אַז מע וואַרט ניט אָף קיין צוויי געסט, אַז מע קלײַבט זיך פּראַוועון אַ כאַ־סענע.

אין דער צײַט, ווען דער קעכער האָט אונ־טערגעוואַרעמט די געריכטן, געפּרעגלט די קאָט־לעטן „סטאָליטשנע" און „פּאָ־קיִעווסקי", האָט דער פּאַרהאָרעוועטער אָפּיציאַנט צעשטעלט די

קאַלטע פאַרבײַסעכצנס, באַפּוצט אָפן גרויסן פּאָלומסעק דאָס אָפּגעפּרעגלטע כאַזערל, וואָס איז געלעגן, ווי אַ לעבעדיקס — אָט־אָט וועט עס נעמען כריוקען...

דאָס דאָזיקע כאַזערל האָט געדאַרפט מאַכן אָף די געסט אַ שטאַרקן אײַנדרוק — אַזוי האָט בא זיך באַשטימט איזאַבעלע. דערווײַל איז זי ווי אַ דולע געלאָפן פון דער קיך צום טיש, פון טיש צום שפּיגל און מוירעדיק נערווירט, עס זאָל כאָלילע עפּעס ניט אויספּעלן צום רעמל.

די בריגאַדע האָט געהאָוועט, זיך געסטאַרעט, עס זאָל זײַן שיין און פײַן, אָבער די פּראָפּע־סאָרשע איז געווען ניט אינגאַנצן צופרידן, אַ פּאָר מאָל איז דערגאַן ביז אַ קריג. די בריגאַדע האָט שיר ניט געוואָרפן די אַרבעט. איין מאָל האָט זיך דער קעכער אַ לאָז געטאָן אָף דער פּראָפּעסאָרשע מיטן פּאָלאָנעק, לעמײַ זי מישט זיך אַרײַן אין זײַנע קולינאַרישע איניאָנים...

דער איידעלער אָפּיציאַנט האָט זיך יעדער מאָל אַרײַנגעמישט, און די קאָנפליקטן האָבן זיך געענדיקט בעשאָלעם.

אַלע זײַנען געווען פאַרטראַגן, פאַרפּאַליעט, בלויז די מוזיקאַנטן האָבן זיך גענודיעט.

דער רויטער דראַנג מיט דער קוטשמע ביז די אַקסל איז געשטאַנען בא דער וואַנט מיטן אַקאָרדעאָן און אומגעדולדיק געוואַרט, די געסט זאָלן שוין קומען און ער זאָל קאָנען באַ־ווײַזן, אָף וואָס ער איז פּײַיק. ניט ווײַט פון אים איז געשטאַנען אַ דאַר ייִנגל מיט מוירעדיק לאַנגע באַקנבאַרדן, פאַרכאָלעמטע ברוינע אויגן און אַ פאַרכאַלעשט קײַלעכיק פּענעמל, מיט אַ פּאָר אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס. ער איז גע־שטאַנען אָנגעשפּאַרט אָף זײַן פידל, געקוקט אָפן טיש און ניט אַזוי אָפן טיש, ווי אָף די פּלע־שער און פאַרבײַסעכצן, לעקנדיק די ליפּן און שלינגענדיק די סלינע.

ניט אומזיסט אָבער זאָגן מענטשן, אַז קיין נאָר טאָר מען קיין האַלבע אַרבעט ניט ווײַזן.

אַז די פּראָפּעסאָרשע האָט דערזען דעם סער־ווירטן טיש, דאָס כאַזערל אַרומגעלייגט מיט גרינסן, אוגערקעלעך, פּאָמידאָרלעך, ריפּטעלעך לימענע, די פילצאָליקע סאַלאַטן מיטן כאָלאָ־דעץ, די קאָטלעטן מיט די קעזן, די פלעשער און גראַפינען, וועלכע האָבן שעמערירט, די פּיראָזשנעס מיט די טאָרטן, די פּירעשקעס מיט די קנישעס, האָט זי זיך צעשײַנט, ווי דער מאָרגנשטערן, און שוין כאַראָטע געהאַט, לעמײַ זי האָט זיך געקריגט מיט דער בריגאַדע, — עס איז געווען שוין איינמאָל אַ טיש!

ניט קיין טיש, נאָר אַ פּילאַל פון דעם גע־הויבענעם רעסטאָראַן „קראַסנאַיאַ טשײַקאַ". עס האָט זי פאַרדראָסן, וואָס זי האָט ניט באַשטעלט דעם קליינעם דזשאַז־אָרקעסטער, נאָר אײַנ־גאַנצן צוויי מוזיקאַנטן. יאָ, געוואָלט אײַנ־

שפּאַרן געלט און זיך באַנאַרישט. געווען געדאַרפֿט נעמען דעם דזשאַז־אָרקעסטער, וואָלט געווען גלײַכער. נאָר ס'איז שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע זאַך. זי וועט עס אײן זינען האָבן אַ צווייט מאָל.

נאָך אײן זאַך האָט זי געמאַטערט, זי האָט טאַקע ניט באַוויזן איבערפֿאַרבן די האָר און מאַכן אַ שײנע פֿריזור. עמעס, זי איז געווען אָנגעטאָן אין די רויטע קליאַש־הויזן, נאָר מוירע געהאַט זיך אַן איבעריקן קער טאָן, די פֿאַרסטריגעס זאָלן ניט פּלאַצן און זי זאָל, כאָלילע, ניט בלײַבן אָדעם־נאַקעט. די הויזן זײַנען נאָך ניט געווען געענדיקט, און די נייטערן האָט איר אָנגעזאָגט זײַן פֿאַרזיכטיק...

פּאַרטאָן אין אירע אומרויקע מאַכשאָװעס, האָט איזאַבעלע דערהערט אַ טומל אױף די טרעפּ און זיך געכאַפּט, אַז די געסט גייען. זי האָט דערקענט דאָס הוסטן פֿון איר באַשערטן און געוואָרן אָנגעצויגן, ווי אַ סטרונע פֿון אַ פֿידל.

זי האָט אַ ווונק געטאָן צו דער בריגאַדע, און אַלע האָבן פֿאַרנומען זייערע ערטער, ווי אין אַן ערן־קאַראַול.

דאַכט זיך, אַז אַפֿילע דאָס געפּרעגלטע כאַזערל, וואָס איז געלעגן, ווי אַ לעבעדיקס אַפֿן גרויסן פּאַלומעסעק, האָט זיך אויך אָנגעשטרענגט, און ווען עס קאָן לאַכן, וואָלט עס זיך געוויס פֿאַנאַנדערגעלאַכט. עס איז געלעגן מיט אַן אַרויסגעשטעלט ראָזעווע פּיאַטאַקל און געקוקט אױף דער טיר.

אַלע האָבן זיך אַ ביסל פֿאַרלוירן, בלויז דער לאַנגהאָריקער אַקאָרדעאָניסט מיט זײַן קײלע איז געווען רויִק.

ער האָט אַ ווונק געטאָן צו זײַן קאָלעגע, דעם פֿידלער, און ווען ער האָט דערהערט, ווי דער באַלעבאָס שליסט אויף די טיר, אַ זעץ געטאָן אַ „טוש”.

דערזען דעם טיש, די פּלוינעסטע אין די רויטע הויזן, דעם קעלנער מיט די קלעזמער, איז דער פּראָפֿעסאָר געבליבן שטיין, כאָטש מעלק אים אויס. וואָס קומט דאָ פֿאָר? וואָס איז עס פֿאַר אַ ספּעקטאַקל? איזאַבעלע איז מעשוגע געוואָרן?

ווען עס שטייען ניט הינטער אים די געסט — צווײ אַלטע לײַט מיט גראָווע האָר, אײַנגעבויגענע, אײַנגעשרומפּענע, דערשראָקענע נאָך מער, ווי דער פּראָפֿעסאָר, וואָלט ער, דאַפֿקע מיט זײַן שוואַכן כאַראַקטער, איר אַרײַנגעזאָגט אַזוינס...

נאָר עס האָט ניט געפּאַסט.

האָט ער אַראָפּגענומען דעם מאַנטל, געהאָלפֿן די געסט זיך אויסטאָן.

ביידע אַלטע געסט זײַנען געווען מעסוקן פֿאַרלוירן, דערזעענדיק, וואָס עס איז אָנגעשטעלט אַפֿן טיש, און קוקנדיק אַפֿן פֿאַרבײַגטן אָפּיצאָנט מיטן האַנטעך אױף דער האַנט.

די קלײנוווּקסיקע, דאַרע גראָווע פֿרוי, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אינמיטן צימער, האָט זיך גענומען פֿאַרן קאָפּ און זיך מוירעדיק פֿאַרקרימט. ווען די פּראָפֿעסאָרשע איז צו איר צוגעגאַנגען און איר אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט זי מיט אַ בעטנדיק קול געפֿרעגט, צי קאָן ניט די טײַערע באַלעבאָסטע באַפֿעלן, אַז די מוזיקאַנטן זאָלן אויפֿהערן שפּילן. סײַ זי, סײַ איר מאַן קאָנען ניט פֿאַרלײַדן קיין טומל, מע איז קראַנקע מענטשן און מע וויל אַ ביסעלע רו...

דאָ האָט זיך צעבייזערט דער אַקאָרדעאָניסט: זאָלן די געסט ניט פּראַווען קיין מעשוגענע שטיק. אויב ער מיט זײַן קאָלעגע זײַנען געקומען, וועלן זיי שפּילן, זיי האָבן אַ פּלאַן, אַ פּראָגראַם און זיי מוזן עס אויסשפּילן!

נאָר די פּראָפֿעסאָרשע האָט עס ניט געהערט. זי איז געווען צעשטרייט און פֿאַרבעטן די געסט צום טיש. זיי זײַנען געוויס הונגעריק, און עס איז שוין צײַט עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן, אויסטרינקען.

זי האָט גענומען העפֿלעך די אײַנגעשרומפּענע פֿרוי אונטער דער האַנט, און איר מאַן, וואָס איז אויך געווען אויסגעדאַרט און מיט אַ ווײַסער קוטשמע געדיכטע האָר, אונטער דער צווייטער האַנט, האָט איזאַבעלע זיי צוגעפֿירט צום טיש.

— איך בעט מיר אַנטשולדיקן, — האָט זי זיך אָנגערופֿן, — מײַן מאַן האָט מיר שפּעט געגעבן צו וויסן, אַז עס קומען צו אונדז אַזעלכע געהויבענע, טײַערע געסט, איך האָב ניט באַוויזן ווי געהעריק זיך צוגרייטן, נאָר איך דענק, אַז איר וועט נאָך צו אונדז קומען... זעצט זיך, ביטע, עסט...

ביידע געסט זײַנען געשטאַנען באַם טיש פֿאַרלוירענע און דערשראָקענע.

— אָט דאָס האָט איר צוגעגרייט פֿאַר אונדז? — האָט מיט פּאַכעד אַרויסגעבראַכט אױף רוסיש דער גאַסט, דער לערער פֿון כימיע פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע, — ווען מיר עסן עפּעס אויף פֿון דעם, וואָס עס שטייט אַפֿן טיש, וואָלט איר מאָרגן געגאַן אױף אונדזער לעווײַע.

— מײַן גאָט, — האָט אויסגעשריגן איזאַבעלע, — וואָס הייסט?

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט די אַלטיטשקע:

— אַנטשולדיקט, ביטע שיין, נאָר ניט איך, ניט מײַן מאַן טאָרן דאָס ניט עסן... מיר זײַנען אײַך זייער דאַנקבאַר. אָפּדערנאַכט געברויכן מיר בלויז אַ גלאָז... אױ, ווי רופֿט מען עס באַ אײַך? אַ, קעפֿיר...

— פּראָסטאָקוואַשאַ, — האָט אַ צופֿרידענער זיך צעשמייכלט דער גאַסט און קרום אַ קוק

געטאָן אַף די מוזיקאַנטן, געמאַכט אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעם, זיי זאָלן אופהערן שפּילן. דער קאָפּ טוט ווײ סאַקאָנעס־נעפּאָשעס.

איזאַבעלע איז געשטאַנען אַ טויטע. ווען זי האָט אַ טעווע פון כאַלעשן, וואָלט זי געכאַלעשט. הער נאָר אַ מײַסע, זי האָט זיך אַזוי געסטאַרעט, און די געסט געברויכן ניט! וואָס זשע וועט זי טאָן מיטן כאַזערל, מיט די פּאַשטעטן און סאַלאַטן?

לויפן אין רעסטאָראַן, מע זאָל דאָס גוטס צונעמען צוריק און איר אומקערן דאָס געלט, וועט מען זי דאָך אָנקוקן ווי אַ מעשוגענע.

מע געברויכט ניט?! גיי ווייס, אַז אַזעלכע אַלטע געסט וועלן צו איר קומען. געסט, וואָס געברויכן בלויז פּראָסטאָקוואַשע און קעפיר...

ניט ווייניקער פון דער פּראָפעסאָרשע איז געווען פאַרלוירן איר באַשערטער.

ער האָט געזען, ווי איזאַבעלע שטייט באַם טיש אַ פאַרכאַלעשטע. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, זיך אָנגערופן שטילערהייט:

— מוסינקע, פייגעלע מײַנס, באַרויִק זיך... בעט די מענטשן, — האָט ער אַ ווײַז געטאָן אפן קעכער, אפן אָפּיציִאַנט און אַף די מוזיקאַנטן, — בעט זיי, מע זאָל גיין אַהיים, מיר וועלן זיך באַגיין אָן זיי.

— מיר קאָנען אין ערגעץ ניט אַוועקגיין! — איז געוואָרן אין קאַס דער קעכער. — צוועלף אַזייגער וועט קומען די מאַשין אָפּנעמען דאָס געפעס — די טעפּ מיט די קאַסטרוליעס... מיר וועלן דאָס ניט שלעפּן אַף די פּלייצעס!

דער פּראָפעסאָר האָט דאָס אויסגעהערט און אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל, ווי איינער זאָגט: נו, אַ שיינע קאַשע האָט איזאַבעלע פאַרקאָכט...

ער האָט ווידער אַ טאָרע געטאָן די פּראָפעסאָרשע, נאָך שטילער געזאָגט:

— נו, מוסינקע, פייגעלע מײַנס, דערלאַנג זשע די געסט אַ גלעזל קעפיר אָדער פּראָסטאָקוואַשע...

זי האָט אַף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ פּאָר גאַזלאָנישע אויגן:

— וואָס האָסטו זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, אויוועַרבאָטל? — האָט זי אויסגעשריגן, פאַרגעסנדיק אין די געסט, אין דער בריגאַדע, אין די קלעזמער. — מיינסט, עס איז בא מיר אַ מאַלאָטשאַרניע? ווו זאָל איך דיר נעמען באַנאַכט, ווען אַלע קראָמען זײַנען פאַרמאַכט, קעפיר מיט פּראָסטאָקוואַשע?! טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!

די פּראָפעסאָרשע האָט זיך געכאַפּט באַם קאָפּ און אַרײַנגעלאָפן אין שלאָף־צימער, זיך אַ וואָרף געטאָן אפן דיוואַן מיט אַ מוירעדיקן געוויין.

אַלע זײַנען געוואָרן פאַרלוירן. די געסט, די בריגאַדע, די קלעזמער האָבן ניט געוווּסט, וווּ מע טוט זיך אַהין.

נאָר דער אַלטיטשקער פּראָפעסאָר מירקין־זבאַרסקי, אָדער זבאַרסקי־מירקין האָט זיך ניט פאַרלוירן.

ער האָט זיך געלאָזט אָן אַ נעשאָמע צום טעלעפאָן און דרינגענד אַרויסגערופן די „גיכע הילף".

איר פאַרשטייט אַליין, אַז אויב זײַן פייגעלע גיט, כאָלילע, אַ שטאַרב, איז ער אויסגעשטעלט.

ער וועט שוין מער ניט בעקויעך זײַן זיך צוזוכן אָן אַנדער פלוינעסטע.

שפּילן אַ נײַע כאַסענע? דאָס איז שוין ניט פאַר זײַנע קויכעס.



בוזי מילער

# ביימער ציִען זיך אַרוף

מײַן ברודער מאַרק מילער געווידמעט

עס האָבן שוין די רויזן אָפּגעבליט,
פאַרוועלקט איז שוין די צאַרטע מאַטעאָלע.
דעם בליק אין גאָרטן מערער פרייען ניט
דער מאָן און דער טולפּאַן. נאָר אָנגעקוואָלן
עס איז מיט רייכעס אַנדערע די לופט.
די ציניע שטייט שוין צניעסדיק פאַרוויטלט,
עס אָטעמט קוים מיט שלאַבעריקן דופט
דער הויכער געאָרגין. צעבוויטעט
פון רייכעס איז אַן איידלסטער קאַקטייל.
און אָט איז די באַשיידענע ראַמאַשקע,
דרײַ מינים אירע האָב איך אָנגעציילט.
און מער ווי פון אַ ביסל שטאַרקער מאַשקע
מיך שיכּורט אַלץ אַרום. און אויך די בין,
וואָס האָט פאַרקליבן זיך אינמיטן סאַמע
פון זיסן בלימעלע, ווי זוכנדיק דעם זין
פון בליונג. זי געפינט אים דאָ. צוזאַמען
מיט איר אַזוי אין אַלץ כ׳בין אויכעט גרייט
זיך אײַנזויגן מיט אַלע מײַנע כושים,
און פונקט ווי זי, אָן איבעריקע רייד
אַרומקרײַזן די בלום, זי דורשטיק קושן.

ס׳איז אָנהייב אווגוסט. כ׳בין צוגאַסט אין סאָד
באַם ברודער אין אַ אינדערפרי אַ טריבן.
פון קינדווײַז אָן דערגיין דעם-טיפן סאָד
פון ערד און שעפע האָט ער זיך געקליבן.
און אָט, אין רײַפן עלטער שוין אַצינד
צום טאָך דערגאַן, פאַרפלאַנצט אַ סאָד אַ גאַנצן,
ער פרייט זיך, פונקט ווי דעמלט, ווען אַ קינד
ער האָט פאַרטרויט דער ערד זײַן ערשטע
פלאַנצונג.
ער פירט מיך דאָ אַרום פון בוים צו בוים,
פון יעדן פלאַנץ ער האָט וואָס צו דערציילן.
— דאָס ווײַנשל-ביימעלע דו זעסט? קוים-קוים
געקאָנט מ׳האָט אויף די פינגער איבערציילן
די ערשטע פרוכט. אַצינד אָבער דערפאַר
אויף זײַנע צווײַגן איז פון ווײַנשל ענגלעך.
און אָט די פלוימען זעסט? ס׳איז אַ געפאַר,
דער בוים פון פרוכט זאָל אײַנפאַלן. מיט דרענגלעך
איך שפּאַר אים אונטער. עפּלביימער אויך
עס וואַקסן עטלעכע דאָ פײַנע סאָרטן. —
און יעדער בוים דאָך פאָדערט צײַט און קויך,
נאָר וועגן דעם מײַן ברודער רעדט קיין וואָרט ניט.

א קלאָרע זאַך: אָן מי קומט גאָרניט אויף,
ס׳איז איבעריק עס צו דערמאָנען ווידער.
דער איקער — ביימער ציִען זיך אַרוף,
ווען שווערע צווײַגן ציט עס צו דער נידער.

מײַן ברודער, כ׳בין מעקאַנע דיר,
מײַן גוטע קינע מיר פאַרצײַ.
כ׳האָב אויך אין לעבן אָן אַ שיר
געטאָן, געהאָרעוועט פאַר דרײַען.
אַזוי ווי זוימען, איינס צו איינס,
כ׳האָב ווערטער צום פאַרזוי געקליבן,
פאַרזייט מיט זיי אַ פעלד אַ קליינס,
און וואָס פון זיי עס איז פאַרבליבן,
איז מיר אַוודע ניט אַלציינס:
צי ס׳וואָרט
פאַרוואָרצלט
ווערט אין פאָלק,
ווי בוים אין ערד,
צי אָן שום טאָלק
פאַרלוירן ווערט...

מײַן ברודער, האָסט געשאַפן מער
פון מיר. אויף דײַן געבענטשטער ערד
עס וועלן ביימער אײביק וואַקסן,
גענערט פון זומערדיקע שלאַקסן,
פון זייער שעפע זוניק-זיסער
עס וועלן אייניקלעך געניסן.



מאַקס פּאָליאַנאָווסקי

# ניט ווייט פון קאַטלובאַן

איך וואָלט איצט שוין ניט געקאָנט אָף זיכער זאָגן, בײַ וועלכע אומשטענדן האָב איך זיך באַקענט מיט יורי גײַסינסקין. ס'איז קיין כידעש ניט, פון דעמלט אָן איז שוין אַ סאַך צײַט אַוועק.

יורי גײַסינסקי האָט שוין דעמלט געהאַט צעביטן דעם פערטן צענדליק, נאָר ער איז נאָך אַלץ געווען אַ ניט באַווײַבטער. שפּעטער וועט ער וועגן זײַן ניט אײַנגעאָרדנט פּערזענלעך לעבן זאָגן האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס: „פּאָשעט קיין צײַט ניט געווען".

און ווירקלעך, ער איז אַרומגעפאָרן איבער אונדזער לאַנד און איבער פרעמדע מעדינעס, געווען מיטן גאַנצן וועזן פאַרטאָן אין די טראַקטאָרס און ניט באַמערקט, ווי די צײַט איז געלאָפן.

ס'איז געווען דער אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן. דאָס לאַנד איז געוועזן פאַרנומען מיט שאַפן אַן אייגענע שווערע אינדוסטריע, באַזונדערס די טראַקטאָר־אינדוסטריע. מײַן נײַער באַקאַנטער — דער אינזשענער יורי גײַסינסקי גיט זיך אָפּ מיט לײַב און לעבן דער דאָזיקער זאַך, ער שטודירט די טעכנישע ליטעראַטור וועגן טראַקטאָר־וועזן, די סכעמעס פון אויסלענדישע מאַשינעס, קאָנסטרויִרט נײַע פּאָטערלענדישע טראַקטאָרס, פּאָרט אַליין אַרויס מיט זיי אין פעלד, פּרוּווט זיי אויס אָף פאַרשיידענע מינים באָדנס, לערנט די ערשטע קאָלווירטישע מעכאַניזאַטאָרס אַרבעטן אָפן טראַקטאָר. פונעם פעלד קערט ער זיך צוריק אום אין דער זאַוואָדישער לאַבאָראַטאָריע און איז ווידער פאַרטאָן אין דער אַרבעט. אַזוי יאָרנלאַנג, פאַרגעסנדיק אָפּט, אַז אַ מענטש דאַרף אַמאָל אָפּרוען אויך.

איינמאָל איז יורי גײַסינסקי געקומען קיין מאָסקווע, און איך האָב אים אײַנגערעדט זאָלבעצווייט זיך אַראָפּכאַפּן קיין קרים.



גיך זײַנען דורכגעלאָפן די זאָרגלאָזע טעג באַם יאַם, און ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע, האָט גײַסינסקי באַקומען אַ טעלעגראַמע פונעם זאַוואָד, ער זאָל אַרויספאָרן אין איינער פון די מיטל־אַזיִאַטישע רעפּובליקן. ער איז גלײַך אַוועקגעפאָרן, צוגעזאָגט געבן צו וויסן וועגן זיך. עטלעכע פּאָסט־קאַרטלעך האָב איך טאַקע פון אים באַקומען, אָבער אינגיכן האָב איך אים פאַרלוירן פון אויג.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס קאָרעספּאָנדענט פון אַ פראָנט־צײַטונג, און ס'איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אָף פאַרשיידענע באַצירקן. אין אָנהייב 1942 האָט די רעדאַקציע פון דער צײַטונג זיך געפונען ניט ווײַט פון סטאַלינגראַד. אין איינעם אַן אָפּדערנאַכט רופט מיך אַרויס צום טעלעפאָן דער הויפּט־כירורג פונעם פעלדשפּיטאָל און לאַדט מיך אײַן קומען צו פאָרן: אונדזערע זעניטשיקעס האָבן אַראָפּגעשאָסן אַ פאַשיסטישן עראָפּלאַן, דעם פּילאָט האָט מען אַ פאַרוווּנדעטן געבראַכט אין שפּיטאָל און לויט זײַנע דאָקומענטן איז צו זען, אַז ער איז באַלוינט מיטן אָרדען פון „אײַזערנעם קרייץ"

פאַר באָמבאַרדירן פּאַריזש, לאָנדאָן, סעוואַס־טאָפּאָל און אַנדערע שטעט.

— קומט צו פאָרן, — האָט געזאָגט דער דאָקטער, — פאַר דער צײַטונג קאָן עס האָבן אַן אינטערעס.

געקומען בין איך אין שפּיטאָל ערשט אַפן אַנדערן טאָג. כ׳האָב געשמועסט מיטן פּאַשיס־טישן פּילאָט, און כאָטש געהאַלטן האָט ער זיך גײַוועדיק און פרעך, האָט זיך געלאָזט פילן זײַן פאַרלוירנקײַט.

כ׳האָב זיך שוין געקליבן אַוועקפאָרן, נאָר דאָ האָט געטראָפן אַזוינס, איבער וואָס כ׳האָב אומגעריכט געדאַרפט פאַרבלײַבן נעכטיקן. ווען אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן, איז צום שפּיטאָל צוגעפאָרן אַ געדעקטע לאַסטמאַשין מיט אַ פאַרווונדעטן אָפיצער. באַ־גלייט האָט אים, ווי כ׳האָב זיך דערנאָך דער־וווּסט, דער סאַניטאַר־אינסטרוקטאָר פונעם אָפיצערס פּאָלק טאַניע קליויעוואַ, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן־נײַנצן.

ווען מע האָט דעם פאַרווונדעטן אָפיצער אַראָפּגענומען פון דער מאַשין און אים אַרײַנ־געטראָגן אין שפּיטאָל, איז קליויעוואַ צוגע־גאַנגען צו דער שאָפער־קאַבינע און גענומען פון דאָרטן עפּעס אַן אײַנגעוויקלטס אין אַ קאָלדרע. באַגעגנט מײַן נײַגעריקן בליק, האָט זי מיט אַ שמייכל עטוואָס פאַרהויבן דעם פאָדערשטן עק פון דער קאָלדרע, און איך האָב דערזען אַ פאַרקרימט פּענעמל פון אַ זויג־קינד. אַלע, וואָס זײַנען דערבײַ געווען, זײַנען נישטומעם געוואָרן: ווי קומט דאָס ברעקל אַהער, אַזוי נאָענט פונעם פראָנט, אַז ניט לאַנג צוריק האָט מען עוואַקויִרט פונדאַנען אַלע קינדער?

ווען מ׳האָט וועגן דעם פאַרווונדעטן אָפיצער און וועגן דעם קינד מיטגעטיילט דעם שעף פונעם שפּיטאָל, האָט ער אויסגערופן:

— וואָס איז דאָס נאָך פאַר אַ ווונדער?

— געניג קאָן אײַך וועגן דעם דערציילן דער שאָפער, — האָט דערקלערט טאַניע, — דערווײַל אָבער וויל איך אײַך בעטן, איר זאָלט פאַראָר־דענען אויסטיילן אַן אָרט אין אַ וואַרעמען צימער, מע דאַרף איבערוויקלען דאָס נעפּעשל.

דעם פאַרווונדעטן אָפיצער האָט מען אַוועק־געטראָגן אַף אַן אָפּעראַציע און דעם סאַן־אינסטרוקטאָר מיטן קינד אײַנגעאָרדנט אין אַ גוטן צימער. אינגיכן האָט זיך פון דאָרט דער־טראָגן אַ געוויין מיט אַ פריילעך געלעכטער צוזאַמען. אינײַנעם מיט עטלעכע דאָקטוירים בין איך אויך אַרײַנגעגאַנגען אַהין. דאָס נאַקעטע אייפעלע, באַפרײַט פון די וויקעלעך, האָט געדריגעט מיט די דאַרינקע פיסעלעך, געפּאַ־כעט מיט די הענטלעך און געמאַכט פּיסקעס...

ס׳איז אַרײַנגעקומען דער שאָפער.

— וואַסיאַק, — האָט זיך אָנגערופן צו אים קליויעוואַ, — מיר וועלן דאָ פאַרבלײַבן נעכ־טיקן. כ׳האָב דאָך צוגעזאָגט דעם קאָמאַנדיר פון פּאָלק צוואַרטן, ביז מ׳וועט מאַכן די אָפּעראַציע, און מיטיילן אים. אינדערפרי וועלן מיר זיך לאָזן ווײַטער אין וועג.

ווי נאָר „וואַסיאַק”, דער יונגער שאָפער וואַסילי וואַסיליעוויטש וואַסקאָוו, איז אַרויס פונעם צימער, בין איך אים נאָכגעגאַנגען און געבעטן דערציילן די געשיכטע פונעם פאַר־ווונדעטן אָפיצער און פון דעם קינד.

זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ קאָרעספּאָנ־דענט, האָט דער שאָפער מיר גערן דערציילט אַן אויסטערלישע געשיכטע. באַ מיר האָבן זיך פאַרהיט די נאָטיצן, און איך ברענג זיי דאָ קימאַט ניט געענדערט.

— אויב איר ווילט וויסן, ווי קומט צו אונדז אין גוואַרדיישן מינאָמיאָטן־פּאָלק אָט דער בירגער אין די וויקעלעך, וועט איר פריִער מוזן אויסהערן עטלעכע ווערטער וועגן דעם פאַרווונדעטן אָפיצער, וועלכן כ׳האָב אַהער גע־בראַכט אַף מײַן מאַשין. ער איז אונדזער „זאַמפּאָטעך” — דער שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמאַנדיר פון פּאָלק, אַף אים ליגט די זאָרג וועגן דער טעכניק.

מיט עטלעכע טעג צוריק זײַנען מיר זאַלבע־צווייט געפאָרן נאָך רעזערוו־טיילן אַף דער פראָנט־באַזע. באַקומען אַלץ, וואָס מע דאַרף, האָבן מיר זיך געלאָזט צוריק אין פּאָלק. דער טאָג האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרגיין, דער פעלד־וועג פון אילאָוול קיין סטאַלינגראַד איז פון די שלאַקסרעגנס צעשווענקט געוואָרן, די מאַשין גייט פּאַמעלעך. באַ די רויִנען פון דער אײַזנבאַן־סטאַנציע פּאַנשינאָ זאָגט צו מיר דער אינזשעניער־קאַפּיטאַן: „האַלט זיך, וואַסיאַק, נעענטער צו דעם אײַזנבאַן־וועג, אַזוי וועלן מיר גיכער זיך דערקלײַבן קיין קאָטלובאַן”.

אָפּגעפאָרן נאָך עטלעכע קילאָמעטער, דער־זעען מיר לענגאויס די רעלסן אַן אָנוואַלגער פון צעשמעטערטע טעפּלושקעס. דאָס בילד איז אַ שרעקלעכס: אַ געמיש פון ברוכשטיקער מיט צעקאַליעטשעטע טויטע גופים — אַן אַ שיר דערהאַרגעטע פרויען און קינדער.

— אָט וואָס די כײַעס האָבן אָפּגעטאָן. זיי האָבן דאָך ניט געקאָנט ניט באַמערקן די רויִ־טע קרייצן אַף די דעכער פון די טעפּלוש־קעס! — דער קאַפּיטאַן האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. — פאַרשאָלטענע מערדער! זיי שוינען קיינעם ניט...

מיטאַמאָל האָט דעם קאַפּיטאַן זיך אויסגע־וויזן, אַז ער הערט אַ קינדערש געוויין. מיר האָבן גענומען אַריבערטראָגן אין אַ זײַט די מיסים און דערזען דאָס קינד ליגן אַף דער צוגעפרוירענער ערד. דאָס אייפעלע איז געווען זאָרגזאַם אײַנגעוויקלט — אַזוי אײַנוויקלען האָט געקאָנט נאָר אַ מאַמע. זי איז דערהאַרגעט גע־וואָרן, נאָר דאָס קינד איז געבליבן לעבן.

דעם יאַטלס גאַנצע אַמוניציע איז געווען פּיטש־נאַס און פאַרברודיקט. לאָזן אים אַזוי ליגן האָט מען ניט געטאָרט. דער קאַפּיטאַן באַקומט אַרויס פון זײַן אינדיווידועלן פּאַקעט אַ שטיקל וואַטע, באַנעצט עס מיט ספּירט און

נעמט ארומווישן דאָס פּאַרפּרוירענע גופּעלע. דערנאָך נעמט ער אַראָפּ פון זיך דאָס אונטערשטע העמד, צערייַסט עס אָפּצווייען און וויקלט איַין דאָס ברעקל, טייַנענדיק דערבייַ: „ביסט פאַרפרוירן, סאָלדאַט, נישקאָשע, אָט וועלן מיר דיך באַלד דערוואַרעמען". ער קורטעט איַין דאָס קינד אין זייַן פוטערנעם פעלצל און רופט זיך אָן:

— וואַסיאָק, דאָס קינד איז הונגעריק, מע דאַרף עס אָנהאָדעווען. וואָס וועלן מיר אים געבן?

— מיר פאַרמאָגן קאָנסערוון פון כאַזער־פלייש, אַ שטיקל געריייכערט ווורשט, קאָרענע סוכאַרעס, רייַנעם ספּירט.

— כ'האָב מוירע, אַז אָט דאָס עסנוואַרג איז ניט פאַר אים.

ער נעמט אַרויס פון זייַן פעלד־רענצל אַ שטיקל שאָקאָלאַד, צעדרויבלט עס מיט די פינגער, וויקלט עס איַין אין אַ שטיקל מאַרליע, קנעט אויס פון דעם עפּעס ענלעכס אָף אַ סאָסקע און טראָגט עס צו צו דעם קינדס מייַלעכל. דאָס ברעקל נעמט טשמאָקען מיט די ליפּעלעך, און מיר ביידע זייַנען אָפן זיבעטן הימל!

ווען מיר האָבן מיט אונדזער נייַעם פּאַסאַזשיר זיך געלאָזט ווייַטער אין וועג, איז שוין געווען שטאָקפינצטער. איך פרעג בא דעם קאַפּיטאַן, צי וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין קאָטלובאַן.

— צוליב וואָס, אייגנטלעך? מיר דאַרפן איַילן אין פּאָלק, — ענטפערט ער. ווייַז איך אָפן קינד:

— מע דאַרף ערגעץ באַשטאַטן אונדזער פּאַסאַזשיר. אין קאָטלובאַן האָב איך איינע אַ באַקאַנטע איַיזנבאַנלערן. זייער אַ ווווילע פרוי, עפּשער וועט זי נעמען דאָס קינד. מיר קאָנען דאָך ניט פירן עס אין פּאָלק אַרייַן.

— לאָמיר אַ פּרווו טאָן.

קיין קאָטלובאַן האָבן מיר זיך דערקליבן שפּעט אָפּדערנאַכט. מייַן באַקאַנטע, אַנאַ יעווגראַפאָוונאַ, האָט אונדז פֿרייַנטלעך אויפגענומען, געמאַכט וואַרעמע וואַסער, אויסגעבאָדן אין אַ מולטער דאָס קינד און עס אוועקגעלייגט שלאָפן.

מיר דערציילן איר, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיטן קינד. זאָגט זי, אַז זי וואָלט גענומען, פאַרשטייט זיך, דאָס קינד צו זיך, נאָר צי האָט עס אַ זין, אַז דער פראָנט איז אַזוי נאָענט. אַכוץ דעם, האָט מען זי מאָביליזירט אַרבעטן אָף דער איַיזנבאַן: איר מאַן, אַן אַרבעטער פון דעפּאָ, איז די טעג בייַס אַ באָמבאַרדירונג פאַרוווּנדעט געוואָרן און ליגט אין שפּיטאָל, דאַרף זי אינדערפרי אַרויסגיין צו דער אַרבעט.

אָבער אינמיטן דער נאַכט האָט אַנאַ יעווגראַפאָוונאַ זיך אויפגעהויבן פונעם געלעגער, אויפגעוועקט מיך און געזאָגט, אַז זי וועט, פונדעסטוועגן, צוגיין צו איר אַ כאַווערטע און בעטן, יענע זאָל הייַנט זי פאַרבייַטן אָף דער ערשטער וואַכטע, וועט זי דעמלט קענען פאַרבלייַבן מיטן קינד.

— ווּהין וועט איר דעם יאָט שלעפּן מיט זיך אין פייַער אַרייַן? מע דאַרף אים אוועקפירן אַ ביסל ווייַטער פונדאַנען. עס פאַראַן דאָך מענטשן אין הינטערלאַנד, וועל איך עמעצן בעטן, אַניט וועל איך זיך אָפּבעטן פון דער אַרבעט אָף אַ פּאָר טעג און אַליין איבערגעבן אים אין זיכערע הענט.

אַנאַ יעווגראַפאָוונאַ האָט זיך אָנגעטאָן און, אַרויסגייענדיק פון שטוב, געזאָגט, אַז זי וועט נאָר צולויפן צו דער כאַווערטע און זיך גלייַך אומקערן צוריק. נאָר אַהיים האָט זי זיך אין יענער נאַכט ניט אומגעקערט: אין עטלעכע מינוט אַרום נאָך דעם, ווי זי איז אַרויס פון שטוב, האָבן די פאַשיסטן באָמבאַרדירט די סטאַנציע קאָטלובאַן, באָמבעס זייַנען אויך געפאַלן אָפן יישעוו. אַנאַ יעווגראַפאָוונאַ איז פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ שפּליטער, מ'האָט זי אונטערגעקליבן ניט ווייַט פון דער כאַווערטעס שטוב און אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

ווי נאָר ס'איז שטיל געוואָרן, האָט דער אינזשעניער־קאַפּיטאַן מיר באַפוילן צוגרייטן די מאַשין. גענומען דאָס קינד אָף די הענט, האָט ער זיך איַינגעמאָסטעט מיט דעם אין דער קאַבינע.

— הייַדאַ, וואַסיאָק, אין פּאָלק אַרייַן! — האָט ער באַפוילן.

אין עטלעכע שאָ אַרום זייַנען מיר שוין געווען אין דער היים.

און טייקעף האָט זיך איבערן פּאָלק פאַנאַנדערגעטראָגן: „אונדזער „זאַמפּאָטעך" האָט איניינעם מיט די רעזערוו־טיילן צו די „קאַטיושעס" געבראַכט אַ נייַעם גוואַרדייעץ אין ווּיקעלעך"...

— איך דאַנק אייַך, כאַווער וואַסקאָוו, פאַר דער געשיכטע, וואָס איר האָט מיר דערציילט, — האָב איך אים געזאָגט, — נאָר אויב ס'איז קיין סאָד ניט, זאָגט מיר, ווי רופט מען אייַער „זאַמפּאָטעך", דעם אינזשעניער־קאַפּיטאַן.

— פאַרוואָס עפּעס אַ סאָד? גייַסינסקי איז זייַן פאַמיליע־נאָמען, יורי לוואָוויטש גייַסינסקי.

זאָל עס זייַן יענער יורי גייַסינסקי, מיט וועלכן איך האָב זיך צעשיידט אַ יאָר צען פאַר דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, און אונדז איז באַשערט זיך באַגעגענען אָט דאָ אין דעם פראָנט־האָספּיטאַל? אוועקפאָרן, ניט אויסקלאָרנדיק דעם איניען, האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט.

אָפן צווייטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע האָב איך באַקומען אַ דערלויבעניש זיך זען מיט גייַסינסקין.

כאָטש לאַנג שמועסן האָט מען אונדז ניט געלאָזט, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז צום אָנהייב פון דער מילכאָמע איז מייַן פרייַנט נאָך אַלץ פאַרבליבן ניט פאַרהייראַט. מע האָט אים קאָמאַנדירט אָף קורצטערמיניקע קורסן אָף צו באַהערשן רעאַקטיווע מינאָמיאָטן און דערנאָך

באַשטימט אלס שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמאַנדיר פון א פּאָלק „קאָטיושעס״.

ביזן סאָף פון אונדזער שמועס האָט גײַסינסקי שוין גערעדט בלויז וועגן דעם קינד: וויאַזוי ער, די סאַן־אינסטרוקטאָרשע טאַניע קליויעוואַ און דער שאָפער וואַסקאָוו האָבן יעדע פרײַע מינוט זייערע זיך פאַרנומען מיטן אייפעלע, וויאַזוי דער פּאָלקן־קעכער פלעגט אָפּזוכן די פּאַסיקע פּראָדוקטן און קאָכן קינדערשע שפּײַז. ער האָט מיר דערציילט, אז איינמאָל איז צו אים אין זעמליאַנקע, ווו דאָס קינד האָט זיך געפונען, אַרײַנגעקומען דער קאָמאַנדיר פונעם פּאָלק און דער דאָקטער. באַטראַכט דאָס קינד, האָט דער דאָקטער זיך אָנגעכמורעט:

— ס'איז שטאַרק פאַרקילט, און מיט דעם בײַכעלע איז אויך ניט פויגלדיק. אויב זײַן אינגאַנצן אָפּנהאַרציק, מוז איך זאָגן, אז אין אונדזערע באַדינגונגען וועט עס לאַנג ניט ציִען. מע דאַרף עס וואָס גיכער אָפּשיקן פונדאַנען.

מ'האָט באַשטימט, אז טאַניע קליויעוואַ פירט אָפּ דאָס קינד אין א נאָענטער שטאָט, אָרדנט עס אײַן אין קינדער־יאַסליעס, אָדער — און דאָס וואָלט געווען נאָך בעסער — אין א גוטער מישפּאָכע. ער, גײַסינסקי, וועט יעדן כוידעש שיקן אָף היוצאָעס, און ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, וועט ער דאָס ייִנגעלע נעמען צו זיך.

נאָר פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן איז ניט באַשערט געווען. אין דער זעלבער נאַכט האָט דער פּאָלק באַקומען א באַפעל פאַרנעמען א נײַע פּאָזיציע, און איניינעם מיט אלעמען האָט דאָס קינד זיך נאָך מער דערנעענטערט צו דער פראָנט־ליניע. געפירט האָט מען עס אין דער מולטער, וואָס אנא יעווגראַפאָוונא האָט געשענקט.

דער קאַפּיטאַן גײַסינסקי האָט אין יענער נאַכט באַדאַרפט צוגרייטן די נײַע פּאָזיציע פונעם פּאָלק. די שלאַכט איז געווען א בליץ־שנעלע. אונדזערע „קאָטיושעס״ האָבן פּײַן מעכאַבעד געווען די פאַשיסטן. אָבער ווען גײַסינסקי האָט נאָך דער שלאַכט זיך אַרײַנגעזעצט אין זײַן אווטאָמאַשין און בלויז באַוויזן זיך נעמען פאַרן רודער, האָט זיך דערהערט א מוירעדיקער אופרײַס, עס האָט א הייב געטאָן די מאַשין פון דער ערד און צוריק זי א שלײַדער געטאָן. גײַסינסקי האָט דערפילט א שאַרפן ווייטעק אין דער זײַט און אינעם פוס.

דאָס ווײַטערדיקע איז פאָרגעקומען ווי אין א נעפּל. ער האָט געהערט, ווי דער פּאָלקדאָקטער פאָדערט, מ'זאָל אים טייקעף אָפּפירן אין שפּיטאָל, ווײַל ס'איז נייטיק אן אָפּעראַציע. קעדיי אײַנשטילן דעם ווייטעק, האָט מען אים, אַפּאַנעם, געמאַכט אן איניעקציע, און ער איז אַנשלאָפן געוואָרן.

דערנאָך, אופכאַפּנדיק זיך, האָט ער זיך דערמאָנט אינעם קינד און געפרעגט, ווו איז עס און וואָס איז מיט דעם.

זיך דערוווּסט, אז מע קלײַבט זיך אים אינגיכן אָפּפירן אין שפּיטאָל און אז באַגלייטן וועט אים טאַניע קליויעוואַ, איז דער קאַפּיטאַן אַקשאָנעסדיק באַשטאַנען, מע זאָל אים מיטגעבן זײַן זונעלע.

— אָן אים פאָר איך ניט, — האָט זיך אײַנגעשפּאַרט גײַסינסקי.

זײַן באַקאָשע האָט מען באַפרידיקט, ווײַל סײַווי דאַרף מען דאָס ברעקל אוועקפירן ווײַטער פונעם פראָנט, און טאַניע קליויעוואַ וועט עס אָפּטאָן אַמבעסטן.

דער גאַנצער פּערסאָנאַל פונעם שפּיטאָל, באַזונדערס די פאַרוווּנדעטע, האָבן אַרויסגעוויזן וועגן קינד אַזויפיל זאָרג, אז גײַסינסקי האָט גאַנץ לײַכט געפּועלט בא דער שפּיטאָלנאַטשאַלסטווע, מע זאָל עס איבערלאָזן מיט אים נאָך אָף עטלעכע מעסלעס, און דאַן וועט דער סאַן־אינסטרוקטאָר פון פּאָלק ווידער קומען אהער און שוין אָף זיכער אָפּפירן דאָס פּיצל קיין סאַראַטאָוו — אין איר היימשטאָט.

— אָבער דו האָסט מיר נאָך גאָרנישט ניט דערציילט וועגן זיך: ווו ביסטו און וואָס טוסטו אָף דער מילכאָמע? — האָט באַם געזעגענען מיך געפרעגט מײַן פרײַנט.

ווען כ'האָב אים געזאָגט, אז איך אַרבעט אלס קאָרעספּאָנדענט פון אונדזער פראָנט־צײַטונג, איז זײַן בליק, ווי מיר האָט זיך געדוכט, געוואָרן שטרענגער.

— ס'זאָל דיר נאָר ניט קומען אָפן זינען שרײַבן אין דער צײַטונג וועגן דער געשיכטע מיטן יאַטל. ס'איז לאַכלוטן ניט נייטיק, דער גאַנצער פראָנט זאָל וויסן וועגן דעם. איך האָב באַשלאָסן, אויב איך וועל נאָר בלײַבן לעבן, איבערלאָזן דאָס קינד בא זיך, ווערן אים א טאַטע. איז וויכטיק, ער זאָל זיך וועגן דעם קיינמאָל ניט אָנשטויסן.

...זיך אומגעקערט אין רעדאַקציע, האָב איך, פאַרשטייט זיך, דערציילט וועגן דער באַגעגעניש מיט מײַן אַלטן כאַווער און וועגן דער אויסטערלישער געשיכטע מיטן קינד, וואָס ער האָט געפונען צווישן די מייסים ניט ווײַט פון קאָטלובאַן. דער רעדאַקטאָר האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס איך וויל ניט שרײַבן וועגן דער נאָבעלער האַנדלונג פונעם קאַפּיטאַן גײַסינסקי. איך האָב געענטפערט, אז כ'האָב ניט קיין רעכט דאָס צו טאָן. ס'איז פון יענע סוידעס, וואָס די געזעצן פון אונדזער מאָראַל היטן שטרענג אָפּ. ניט קיין געהיט וואָרט קאָן אָפּסאַמען דאָס פּערזענלעכע לעבן פון די, וועמענס געהיימניס עס איז.

האָט דער רעדאַקטאָר מיר פאָרגעלייגט נאָכאַמאָל צופאָרן צו גײַסינסקין און זיך דערשלאָגן זײַן האַסקאָמע.

— זאָגט אים צו, — האָט געטײַנעט דער רעדאַקטאָר, — אז ניט זײַן נאָמען, ניט זײַן מיליטער־ראַנג, ניט די צײַט און דאָס אָרט פון דער פּאַסירונג וועלן אין דער נאָטיץ ניט דערמאָנט ווערן.

איך האָב די נאָטיץ אָנגעשריבן און זיך

אוועקגעלאָזט צו גײַסינסקין. ער האָט געגעבן זײַן האַסקאָמע מיט דעם טנײַ, אַז מער וועט גאָרנישט ניט צוגעשריבן ווערן.

די נאָטיץ „דער נאָבעלער טאַט פונעם אָפיצער N“ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן און האָט אַרויסגערופן אַ ברייטן אָפּקלאַנג צווישן די סאָלדאַטן און אָפיצערן.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די סטאַלינגראַדער שלאַכטן. מיר, די פראָנט־זשורנאַליסטן, זײַנען איבערן קאָפּ געווען פאַרטאָן אין דער אָפּעראַטיווער צײַטונגס־אַרבעט און קיין פרײַע רעגע ניט געהאַט אַ קלער צו טאָן וועגן עפּעס אַנדערש. איך האָב ווידער זיך דערמאָנט אין גײַסינסקין נאָכן סטאַלינגראַדער ניצאָכן.

ווּ איז ער איצט, וואָס איז געוואָרן מיטן קינד? כ׳האָב זיך אָנגעפרעגט באַ דעם שעף פונעם שפּיטאָל, ווּ גײַסינסקי איז געלעגן, און באַקומען פון אים אָן ענטפער, אַז ערעוו דעם נײַעם 1943 יאָר איז דער אינזשעניער־קאַפּיטאַן, איניינעם מיט נאָך אָפיצערן, וועלכע האָבן זיך אויסגעהיילט, אָפּגעשיקט געוואָרן אין רעשוס פונעם סאַראַטאָווער שטאָטישן מיליטער־קאָמיסאַריאַט, ווּ ער וועט דורכגיין אַ מעדיצינישע קאָמיסיע. דאָס קינד, — האָט צום שלוס געשריבן דער שעף פונעם שפּיטאָל, — האָט דער אינזשעניער־קאַפּיטאַן מיטגענומען מיט זיך. וואָס איז מיט זיי געוואָרן ווײַטער, זאָל איך זיך דערוויסן אין סאַראַטאָווער מיליטער־קאָמיסאַריאַט.

איך האָב טייקעף אָנגעשריבן אַ בריוו קיין סאַראַטאָוו און אינגיכן באַקומען אַ דערפרייענדיקן ענטפער. דער מיליטער־קאָמיסאַר האָט מיר מיטגעטיילט: „דער אינזשעניער־קאַפּיטאַן גײַסינסקי, וועגן וועלכן איר פרעגט זיך אָן, האָט זיך מיר גוט פאַרגעדענקט, ווײַל ניט אַזוי אָפט קומט אָן אָפיצער אין שטאָטישן מיליטער־קאָמיסאַריאַט נאָכן היילן די וווּנדן אין שפּיטאָל מיט אַ קינד אַף די הענט. ווען איך בין פון מײַן קאַבינעט אַרײַנגעגאַנגען אין דעם שכײַנעסדיקן צימער, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, ווי איינער אַ וווּקסיקער, ברייטפּלייציקער קאַפּיטאַן מאָסטעט אײַן אַף דער באַנק באַ דער וואַנט אַ פּיצל קינד און בעט זײַנע כאַווײרים, זיי זאָלן כאַפּן אַף דעם אַ קוק, ווען מע וועט אים אַרײַנרופן. ווען כ׳האָב באַ אָט דעם אָפיצער, וועלכער איז, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף אַ שטעקל, אַרײַנגעקומען צו מיר, געפרעגט וועגן דעם קינד, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער האָט עס געבראַכט קיין סאַראַטאָוו, קעדײ אײַנאָרדענען עס אין אַ קינדער־אַנשטאַלט. די געשיכטע וועגן דעם געראַטעוועטן קינד און דעם אָפיצערס באַשלוס צו פאַרבײַטן אים אַ טאַטן האָט מיך טיף גערירט. איך האָב אויסגעטיילט פאַרזייערטוועגן אַ באַקוועמען און וואַרעמען צימער באַ אַ באַיאָרט פּאָרפאָלק. דער קאַפּיטאַן איז געקומען צו מיר נאָך אַ צווייט מאָל, שוין אָן דעם קינד. ער איז געווען שטאַרק צערודערט פונעם באַשלוס פון דער מעדיצינישער קאָמיסיע צײַטווײַליק זיך אָפּהאַלטן פון אומקערן אים צוריק אַפן פראָנט. „איך האָב דעם פאָרגעפיל, — האָט ער אָן אומצופרידענער אַ זאָג געטאָן, — אַז איר האָט בעדייע מיך דעמאָביליזירן פון דער אַרמיי, אין „אָטסטאַווקע“, אַזוי צו זאָגן“. איך האָב אים באַרויִקט, געזאָגט, אַז ס׳איז ניט אַזוי, אַז צײַטווײַליק, ביז ער וועט פאַריכטן דאָס געזונט, וועט ער אויספּילן זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט לויט זײַן פאַך, טאַקע דאָ, אין סאַראַטאָוו. דאָס האָט דעם קאַפּיטאַן אַ ביסל דערמוטיקט, ער האָט געזאָגט, אַז ער פילט זיך גאָר ניט אַזוי שלעכט און אַז אינגיכן וועט ער דערלאַנגען אַ ראַפּאָרט, מע זאָל אים צוריק אומקערן אַפן פראָנט“.

צו דעם בריוו איז געווען בײַגעלייגט גײַסינסקיס סאַראַטאָווער אַדרעס.

די מאַרטינאָווס, דאָס פּאָרפאָלק, באַ וועלכע גײַסינסקי האָט געלעבט, האָבן אַכטונג געגעבן אַפן אייפעלע, ווי אַף אַן אייגנס. דאָס האָבן זיי פאַרגעלייגט גײַסינסקין, ער זאָל דעם יִנגעלע אַ נאָמען געבן וואָווע — וולאַדימיר. עס קלינגט ניט שלעכט: וולאַדימיר יוריעוויטש גײַסינסקי...

נאָך אונדזער גרויסן ניצאָכן באַ סטאַלינגראַד איז מיר אויסגעפאַלן צו זײַן אַ פּאָר מעסלעס אין סאַראַטאָוו. און אָט בין איך אַף דער 4־טער בעגאָוואַיאַ־גאַס, ווּ עס לעבן גײַסינסקי מיט זײַן וואָווקען.

ס׳איז געווען אַ זוניקער טאָג, און מיר זײַנען זאַלבעדריט — יורי, וואָווקע און איך — אוועק זיך דורכשפּאַצירן. מיר האָבן געהאַלטן אונדזער „גוואַרדייעץ“ באַ די הענטלעך, און ער האָט מיט גרויס פלײַס געשטעלט זײַנע ערשטע, נאָך ניט זיכערע טריט.

עס גייט דורך פאַרבײַ אַ באַיאָרטער מאַן, און ער פרעגט: „וואָס מאַכט מײַן קלייִנינקער פּאַציִענט?“

— דאָס איז דער פּראָפעסאָר סוראַט, אַ באַרימטער פעדיִאַטאָר, — זאָגט מיר גײַסינסקי, ווען מיר גייען אָפּ עטלעכע שפּאַן. און ער דערציילט מיר אַזאַ געשיכטע.

— מיטן קינד האָט געהאַלטן שלעכט. ס׳איז געווען אַף אַזויפיל שוואַך, אַז גאַנצע טעג איז עס געלעגן מיט צוגעמאַכטע אייגעלעך, גלײַכגילטיק צו אַלץ.

— איר דאַרפט וואָס גיכער באַווײַזן דאָס קינד דעם פּראָפעסאָר סוראַט, — האָבן גײַסינסקין געייצעט די מאַרטינאָווס און געגעבן אים זײַן אַדרעס.

גײַסינסקי האָט דאָס קינד אוועקגעטראָגן צום פּראָפעסאָר אַהיים. דאָרט האָט ער עס אוועקגעלייגט אַפן דיוואַן און עס גענומען פאַנאַנדערוויקלען.

— טייקעף דעקט צו דאָס קינד, — האָט קימאַט אויסגעשריגן דער פּראָפעסאָר, — דאָ איז קאַלט, ווי אַף דער גאַס. זאָל זיך צעפלאַקערן דאָס אייוועלע און אַ ביסל אָנוואַרעמען דעם צימער.

— דערלויבט מיר זיך אַ פּאָרע טאָן באַם

אייוועלע, — האָט זיך אַרויסגערופֿן יורי גײַסינ־סקי. אין איין אויגנבליק האָט ער צעהאַקט אַף שפּענדלעך עטלעכע סוקעוואַטע קלעצלעך, און דאָס אייוועלע האָט אַפּאַנעמעסן זיך פֿאַנאַנדער־געפֿלאַקערט. אין צימער איז געוואָרן וואַרעם. מע האָט אוועקגעלייגט דאָס קינד אַפֿן טיש. באַ דער העלער שײַן פֿונעם עלעקטרישן לאָמפּ האָט דער פּראָפֿעסאָר געדרייט דעם פּאַציִענט פֿון איין זײַט אַף דער צווייטער, צוגעלייגט דעם אויער צום אײַנגעפּאַלענעם בריסטל, אויסגע־קלאַפּט עס מיט די פֿינגער.

— דאָס קינד איז אויסגעצערט, לײַדט פֿון ראַכיט, מיטן בײַכל איז באַ דעם אויך ניט קע־שורע, — האָט געזאָגט דער פּראָפֿעסאָר און זיך אָנגעפֿרעגט: — זאָגט מיר, ביטע, אײַערע שטוב־באַלעבאַטים האַלטן ניט קיין ציג? ניין? אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד. דאָס קינד וואָלט באַדאַרפֿט יעדן טאָג אויסטרינקען כאָטש אַ גלאָז פֿרישע ציגן־מילך, אויב צוויי — וואָלט אויך ניט גע־שאַדט...

בײַס גײַסינסקי האָט צוריק אײַנגעקוטעט זײַן וואָוקען אין דער קאָלדרע, איז דער פּראָ־פֿעסאָר אַרויסגעגאַנגען אין אַ צווייטן צימער און אומגעקערט זיך מיט אַ קאָנווערט אין האַנט, טײַנענדיק: „דאָ איז אַלץ פֿאַראַן... פֿאַרגעסט ניט מיר מיטיילן, וויִאַזוי עס האָט געהאָלפֿן”...

גײַסינסקי האָט דערציילט די מאַרטינאָווס וועגן זײַן וויזיט מיט וואָוקען צום פּראָפֿעסאָר. זיך דערמאָנט אין דעם קאָנווערט, האָט ער אים אַרויסבאַקומען פֿון דער שינעל־קעשענע און אופֿגעכאַסמעט. דאָרט איז געלעגן אַ גרויסע געלט־קופּיורע און אויך אַ צעטעלע: „פֿאַר מײַן קליינינקן פּאַציִענט. קויפֿט פֿאַרזײַנעטוועגן אַ ציג...”

...ס'איז אַדורך נאָך איין מילכאָמע־יאָר, אַפֿילע עטוואָס מערער. אונדזער רעדאַקציע האָט זיך באַוועגט פֿאַרויס אײַנײַנעם מיט דער אַרמיי. איינמאָל, — מיר זײַנען געשטאַנען אין ניט קיין גרויס רומעניש שטעטל, — האָט די פֿעלד־פּאָסט מיר געבראַכט אַ בריוועלע פֿון יורי גײַסינסקין. די קאָמאַנדשאַפֿט האָט געפֿונען פֿאַר צוועקמע־סיק אויסצונוצן דעם דערפֿאַרענעם אינזשעניער אַף דער בויונג פֿון אַ נײַעם מיליטערישן אָב־יעקט אַפֿן ווײַטן מיזרעך.

„מיר לעבן מיט וואָוקען אַף יענער זײַט פֿון די סיכאָטע־אַלינער בערג, — האָט געשריבן גײַסינסקי, — אין אונדזער טײַגע־יישעוו, וואָס האָט נאָך דערווײַל ניט קיין נאָמען, וווינען מוטיקע מענטשן, וועלכע באַקומען אַרויס פֿון דער ערד אירע אוצרעס. מיר לעבן דערווײַל אין בײַדלעך, נאָר מיט יעדן טאָג קומען צו נײַע הילצערנע דירעס. דו ווילסט מיסטאָם וויסן, וואָס עס מאַכט אונדזער „גוואַרדייעץ”. ער איז אונטערגעוואַקסן, געוואָרן קרעפּטיקער. ביכלאַל גליקט מיר מיט אים. אומעטום, ווו מיר זאָלן ניט זײַן, זײַנען די מענטשן צו אונדז גוט, זיי העלפֿן מיר אים אויסצוכאָוועט. ער איז שטענדיק אויסגעוואַשן, צוגעקעמט, אָנגעהאָדע־וועט”...

אין אַ שפּעטערדיק בריוועלע האָט גײַסינסקי געשריבן:

„וואָוקע איז שוין אין אַ קינדערגאָרטן. אַלץ איז אים דאָרט צום האַרצן, באַזונדערס איז אים ליב די דערציִערן זינע ניקיטישנאַ. ווען ער קערט זיך אום אַהיים, הערט ער ניט אוף וועגן איר צו ריידן. דאָ ניט לאַנג טוט וואָוקע מיך אַ פֿרעג:

— פֿאַרוואָס קומען אָפּנעמען אַלע קינדער זייערע מאַמעס, און נאָך מיר קומט ניט מײַן מאַמע מיך אָפּנעמען? וואָס זשע, איך האָב גאָר קיין מאַמע ניט?..

איך האָב געוווּסט: פֿריִער אָדער שפּעטער וועט ער עפּעס ענלעכס פֿרעגן, און כ'האָב באַ־צײַטנס צוגעגרייט אַן ענטפֿער: „דײַן מאַמע איז אַף דער מילכאָמע, זי שלאָגט די פֿאַשיסטן. אָט וועט מען זיי אַלע צעקלאַפּן, וועט דײַן מאַ־מע זיך אומקערן אַהיים...” וואָוקע האָט מיך אויסגעהערט און געפֿרעגט: עפּשער גאָר מאַכן אַזוי, אַז די טיאָטיע זינע פֿונעם קינדערגאָרטן זאָל ווערן זײַן מאַמע? כ'האָב אים דערויף גע־ענטפֿערט, אַז די מומע זינע האָט אירס אַ ייִנ־געלע...

דאָ ווייסט קיינער ניט אונדזער געשיכטע. אַלע זײַנען זיכער, אַז וואָוקע איז מײַן לײַב־לעכער זון. פֿאַר די אַרומיקע איז די ווערסיע אַזאַ: מײַן פֿרוי איז אומגעקומען בײַס אַ באָמ־באַרדירונג. וואָוקע אָבער ווייסט, אַז זײַן מאַמע איז אַף דער מילכאָמע און זי וועט זיך אום־קערן נאָכן זיג איבער די פֿאַשיסטן.

אָפֿן גערעדט, איז טאַקע געקומען די צײַט זיך פֿאַרטראַכטן, וואָס וועט זײַן ווײַטער. עס טויג ניט, דאָס קינד זאָל וואַקסן אָן אַ מאַמע. און איך אַליין? שוין צײַט האָבן אַ לעבנס־פֿרײַנט”...

דער לעצטער בריוו מײַנער צו גײַסינסקין, וואָס כ'האָב אוועקגעשיקט אַפֿן ווײַטן מיז־רעך, — די מילכאָמע האָט זיך שוין געהאַט פֿאַרענדיקט, — איז אָנגעקומען צוריק מיט אַן אופֿשריפֿט אַפֿן קאָנווערט: „דער אַדרעסאַט איז אַרויסגעפֿאָרן”.

עס זײַנען אַדורך עטלעכע נאָכמילכאָמע־יאָרן. כ'האָב שוין פֿון לאַנג אַראָפּגענומען פֿון זיך די מיליטערישע קליידער. אין איינעם אַ טאָג האָט זיך צעקלונגען מײַן שטוב־טעלעפֿאָן. באַ די ערשטע ווערטער האָב איך דערקענט גײַסינ־סקיס קאָל:

— קוים דיך אָפּגעזוכט. ווען און ווו קאָנען מיר זיך זען?

— קומט צו מיר, איך האָף, אַז וואָוקע איז מיט דיר אין מאָסקווע?

— אַוואַדע מיט מיר, ס'הייסט — מיט אונדז. מיר וועלן זײַן באַ דיר זונטיק — איך, וואָוקע און אַנושקע...

אַנע טימאָפֿייעוונע מאַרסאָוואַ, יוריס פֿרוי, האָט אונדז באַצויבערט מיט איר אָפּגעהיטער יונגקײַט, מיט יענער ניט געפֿענטעטקײַט, וואָס איז דאָסראָוו אַ סימען פֿון עכטער אינטעליגענ־טישקײַט.

די פרויען האָבן אינגיכן זיך אָפּגעזונדערט. וואָווקע האָט גלײַך זיך באַפרײַנדעט מיט מײַן טעכטערל, וועלכע איז געווען מיט אים אין איינע יאָרן, און מיר האָבן געקראָגן א מעגלעכקײַט, אוועקזעצנדיק זיך געמיטלעך איינער אנטקעגן דעם אנדערן אין די נידעריקע פאָטעלן אין מײַן ארבעטס־צימער, גוט זיך דורכשמועסן.

— איך וועל דיר וועגן אלץ דערציילן, ס'זאָל דיר נאָר קלעקן געדולד אויסצוהערן. ביזן סאָף פון דער מילכאָמע בין איך מיט וואָווקען געווען אפן ווײַטן מיזרעך, אגעוו, דאָרט טאַקע האָב איך געקראָגן דעם טיטל אינזשעניער־מאַיאָר. אין מאָסקווע בין איך ניט קיין גאסט, נאָר א שטענדיקער טוישעוו. מע האָט מיך אריבערגעפירט אהער אף ארבעט אין א מיליטערישער בוי־פאַרוואַלטונג.

— און איצט הער, — האָט פאָרגעזעצט מײַן פרײַנט, — וויאַזוי איך האָב כאַסענע געהאַט. דעם גרעסטן פאַרדינסט האָט אין דעם וואָווקע. אין טאָג פון ניצאָכן קום איך אין קינדערגאָרטן אָפּצונעמען דאָס יאַטל אהיים און דערזע גלײַך — וואָווקע איז אויסערגעווײנלעך נײַגעריק:

— אונדזער מאַמע איז שוין אין דער היים?

— ניין, זונעלע, זי איז נאָך ניט געקומען צו פאָרן.

— פאַרוואָס איז זי נאָך ניט געקומען? מ'האָט אונדז געזאָגט, אז ס'איז שוין אויס מילכאָמע.

— פאַרשטייסט, וואָווקע, די מילכאָמע איז דאָך געגאַנגען העט־ווײַט פונדאַנען. און מע דאַרף אהער לאַנג־לאַנג פאָרן.

— זי איז שוין אָבער אין וועג, אונדזער מאַמע? — שטייט ער ניט אָפּ פון מיר. — זי פאָרט שוין?

וואָס האָב איך אים געקענט ענטפערן? אין יענער רעגע האָב איך, ווי קיינמאָל פריִער, באַגרײַפט, אז אונדזער לעבן — מײַנס און וואָווקעס — וועט פאַרבלײַבן ניט אײַנגעאָרדנט, קאַלזמאַן עס וועט לעבן אונדז ניט זײַן א פרויאזא, וועמען דאָס קינד זאָל קאָנען און וועלן רופן „מאַמע“.

ס'איז ניט געווען דער טאָג, וואָווקע זאָל ניט פרעגן: „זי פאָרט שוין, אונדזער מאַמע?“

איך האָב אלעמאָל געענטפערט, אז זי פאָרט. דאַרף פאַסירן, אז איך פאָרע זיך בא א נײַעם ווערקשטעל און צעשעדיק א פינגער. אין דער פאָליקליניק פון אונדזער אנשטאַלט פאַל איך ארײַן אין די הענט פון דעם כירורג מאַרסאַוואַ. דער קאַפּיטאַן פון מעדיצינישער דינסט אַנע טימאָפּייעוונע מאַרסאַוואַ האָט דעמלט אָקאָרשט זיך דעמאָבילִיזירט פון דער ארמיי.

א פּאָר וואָכן בין איך אזוי געגאַנגען צו איר, און, ווי עס טרעפט, שוין ניט געקאָנט וועגן איר ניט טראַכטן... אינגיכן האָב איך זי באַגעגנט אין וועסטיביול פון אונדזער אנשטאַלט און פאַרבעטן זי אין קלוב אף א קאָנצערט. פון יענעם אָפּדערנאָכט אָן האָבן מיר זיך שטאַרק באַפרײַנדעט. איינמאָל האָט זי מיר געזאָגט, אז איך דערמאָן איר מיט עפּעס איר מאַן, וועלכער איז אומגעקומען אפן פראָנט.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָפטער זיך באַגעגענען, שאָענלאַנג שמועסן, אלץ אויסדערציילן איינער דעם אנדערן, נאָר די געשיכטע מיט וואָווקען האָב איך איר ניט דערציילט. און דאָ האָט פּאַסירט אָט וואָס: אומקערנדיק זיך איינמאָל מיט אניען פון טעאַטער, האָב איך באַשטימט אָפּפירן זי אהיים אין א טאַקסי. זיך ארײַנגעזעצט אין דער מאַשין, האָב איך אָנגערופן אַנושקעס היימישן אדרעס. נאָר איך זע, דער שאָפער אײַלט זיך ניט פאָרן. ער גייט ארויס פון זײַן קאַבינע, עפּנט דאָס הינטערשטע טירל פונעם אווטאָמאָביל, אין דער זײַט, ווו איך זיץ, ציט זיך אויס „סמירנאָ“ און זאָגט:

— Здравия желаю, товарищ капитан!

— וואָסיאַק, דו? — האָב איך אויסגעשריגן.

— איך, כאַוועד קאַפּיטאַן, ווער דען זאָל עס זײַן?

וואָסיאַק טוט מיך א פרעג:

— און וואָס איז ווײַטער געוואָרן מיט אונדזער „גוואַרדייעץ“, מיט יענעם יאַטל?..

— ער איז פאַרבליבן מיט מיר. וואָווקען גייט שוין דאָס פינפטע יאָר...

מיר האָבן מיט אַנושקען לאַנג שפּאַצירט איבער דער שטילער, שוין פּוסט־געוואָרענער גאַס. זי האָט געשוויגן, כ'האָב געפילט, — זי וואַרט, איך זאָל עפּעס זאָגן. האָב איך איר דערציילט פון אָנהייב ביזן סאָף די געשיכטע וועגן וואָווקען, וויאַזוי כ'האָב אים געפונען, וויאַזוי כ'האָב אים געכאַוועט און ווי טײַער ער איז מיר געוואָרן.

אין יענעם אָפּדערנאָכט איז צווישן אונדז אלץ אָפּגערעדט געוואָרן.

און איצט הער, וויאַזוי וואָווקע האָט זיך באַקאַנט מיט זײַן מאַמע־אַנאַ. דער קינדערגאָרטן, ווו ער האָט זיך געפונען, איז אף זומער ארויסגעפאָרן אף א דאַטשע הינטער מאָסקווע. אין איינעם אָן אָפּרו־טאָג איז וואָסקאָוו, ווי מיר האָבן באַצײַטנס אָפּגערעדט, געקומען צו אונדז מיט זײַן טאַקסי, און מיר זײַנען אלע אינאיינעם אוועקגעפאָרן אף דער דאַטשע צום קינד.

וואָווקע האָט, ווי שטענדיק, מיך באַגעגנט מיט פרייד, מיך גענומען האַלדזן. כ'האָב, אָפּאָנעם, ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן מײַן אופגערודערטקײַט, און וואָווקע האָט טייקעף מיך וועגן דעם געפרעגט.

— זונעלע, — האָב איך אים געענטפערט, — מיר איז הײַנט זייער גוט אפן הארצן, אונדזער מאַמע איז דאָך געקומען צו פאָרן.

א ווײַלע איז ער געשטאַנען אן איבערראַשטער, דערנאָך האָט ער ניט זיכער, שטיל געפרעגט:

— איצט וועל איך שוין יעדן טאָג האָבן א מאַמע?

— אוודע, קינד מײַנס, יעדן טאָג און קעסיידער. קום! — כ'האָב אים אוועקגעפירט צו

דעם טויער, ווו עס זײַנען אפן גראָז געזעסן אַנושקע און וואָסקאָוו. דערזען מיך מיטן קינד, האָבן זיי ביידע זיך אופגעהויבן און זיך געלאָזט צו אונדז אנטקעגן. אַנושקע האָט האַסטיק אַ שפּאַן געטאָן פאָרויס, אויסגעשטרעקט צום קינד די הענט און אַ צעטומלטע אויסגערופן: „קום צו מיר, מײַן ייִנגעלע!“

איך שטיי הארט לעבן זיי און זאָג:

— נו, אָט, זונעלע, האָסט זיך דערוואַרט, אָט איז דײַן מאַמע!

אַנושקע האָט צוגעדריקט דאָס קינד צו זיך.

— מאַמע, וואָס זשע ווייִנסטו?

— דאָס איז גאָרנישט, זונעניו, דאָס איז פון פרייד, כ'האָב דאָך אזוי לאַנג דיך ניט געזען.

— און איצט, — האָט פאָרגעזעצט אַנאַ, — זײַ באַקאַנט מיט דעם דיאַדיע וואַסיע. ער געדענקט דיך, ווען דו ביסט נאָך געווען גאָר אַ ברעקל.

וואָסקאָוו האָט גענומען דאָס קינד אַף די הענט, אַ קוש געטאָן עס און אַליין זיך אָפּגעקערט אין אַ זײַט, גענומען זיך פאָרען מיטן נאָזטיכל...

אינגיכן איז אינעם מאָסקווער זשורנאַל „אָגאָניאָק“ אָפּגעדרוקט געוועזן מײַנע אַ פאַרצייכענונג וועגן דעם גורל פון אַ ייִנגעלע, פּאַווליק האָב איך אים אָנגערופן, וואָס איינער אַ סאָוועטישער אָפיצער האָט אין אָנהייב פון דער מילכאָמע געפונען אונטער די ברוכשטיקער פון אַ צעבאָמבירטן עשעלאָן מיט עוואַקויִרטע פרויען און קינדער.

די געשיכטע מיטן אָפּגעראַטעוועטן קינד האָט אופגערודערט אַ סאַך לייענער. איין בריוו פון וואָלגאָגראַד האָט מיך באַזונדערס פאַרינטערעסירט. אַפן ערשטן זײַטעלע איז פון אויבן מיט טיפּאָגראַפישן שריפט געווען אָפּגעדרוקט: „פאַרדינסטפולער דאָקטאָר פון רספסר, דאָקטאָר פון מעדיצינישע וויסנשאַפטן, פּראָפעסאָר וו. א. סוראַט“.

דער פּראָפעסאָר האָט געשריבן: „אין אײַער פאַרצייכענונג איז דערמאָנט מײַן נאָמען. כ'וואָלט זייער געוואָלט זען „פּאַווליקן“. אויב דער געוועזענער מיליטערמאַן, וואָס אין אײַער פאַרצייכענונג הייסט ער „גאַסילאָוו“, וועט ניט האָבן קעגן, ביטע, טיילט מיר מיט זײַן אַדרעס. אינגיכן דאַרף איך זײַן אין מאָסקווע אַף אַ מעדיצינישן סימפּאָזיום, וואָלט מיר געווען אָנגענעם, נאַטירלעך, מיט דער דערלויבעניש פונעם „כאַווער גאַסילאָוו“, צו באַנײַען מײַן באַקאַנטשאַפט מיט „פּאַווליקן“ און מיט זײַנע טאַטע־מאַמע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין פאַל, אויב אונדזער באַגעגעניש וועט פאָרקומען, גאַראַנטיר איך, אַז פון מײַן זײַט וועט דער סאָד אָפּגעהיט ווערן. מיט כאַווערישן גרוס — וו. סוראַט“.

זיי האָבן זיך באַגעגנט פרילינג־צײַט בא מיר אין דער היים.

— זונעניו, באַקען זיך מיטן דאָקטער, ער האָט דיך געהיילט, ווען דו ביסט געווען נאָך גאָר אַ קלייניקער. עמעס, וועניאַמין אַבראַמאָוויטש? — האָט געזאָגט אַנע טימאָפייעוונע און באַדאַנקט דעם פּראָפעסאָר פאַר דער הילף, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן איר קינד אין סאַראַטאָוו אין יענער שווערער צײַט...

דער פּראָפעסאָר האָט אויסגעדריקט אַ ווונטש באַטראַכטן דאָס ייִנגעלע, און ווען ער האָט אים אויסגעהערט און אויסגעקלאַפּט פון אַלע זײַטן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך בין מיט מײַן פּאַציִענט צופרידן. עס וואַקסט בא אײַך אַ קרעפּטיקער יאַט.

— און שולדיק איז אין אַלץ די ציג, טײַערער פּראָפעסאָר, — האָט זיך אָנגערופן גײַסינסקי.

גײַסינסקין האָט מען אַריבערגעפירט אַרבעטן אַפן אוראַל, און ער איז מיט זײַן מישפּאָכע אַהין אַריבערגעפאָרן. כ'האָב פון דאָרט באַקומען פון אים בלויז איין בריוו. יורי האָט זיך פאַרענטפערט, האַלעמײַ ער האָט לאַנג געשוויגן. די אַרבעט אַפן נײַעם אָרט לאָזט ניט איבער קיין פרײַע צײַט. מיט זײַן פאַמיליע־לעבן איז ער גליקלעך. וואָווקע וואַקסט אַ ווויילער יאַט, לערנט זיך מיט פלײַס, פאַרנעמט זיך מיט ספּאָרט, האָט שטאַרק ליב ליזשעס.

מער האָב איך פון אים קיין בריוו ניט געהאַט. און פּלוצעם, אין אַ סאַך יאָרן אַרום, באַקום איך אַ פּאַקעט מיט עטלעכע אויסשניטן פון צײַטונגען און זשורנאַלן. דאָס זײַנען געווען מײַנע פאַרצייכענונגען און נאָטיצן, וואָס כ'האָב אָנגעשריבן בײַס דער מילכאָמע און שוין נאָכן זיג. די אויסשניטן מיט אַ בריוועלע האָט צוגעשיקט וולאַדימיר גײַסינסקי, יוריס זון. אָט וואָס ער האָט געשריבן:

„מײַן טאַטע, יורי באָריסאָוויטש גײַסינסקי, איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן — ס'האָבן זיך געעפנט די מילכאָמע־וווּנדן. אין אַ קעסטל פון זײַן שרײַבטיש האָב איך אָנגעטראָפן אַף אַ קאָנווערט מיט אָט די אויסשניטן, וועלכע איך שיק אײַך דאָ.

איר שרײַבט וועגן אָן אָפיצער גאַסילאָוו, וועלכער האָט לעבן איינער אַן אײַזנבאַן־סטאַנציע, נאָענט פון פּראָגנט, געפונען אַ ברעקל קינד. ווײַטער דערציילט איר וועגן דעם, וואָס ס'איז מיטן קינד געוואָרן. די דאָזיקע מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען דעם טאַטן, זעט אויס, געווען טײַער, האָב איך קיינמאָל פריִער ניט געזען. אָבער אײַער פאַמיליע־נאָמען האָט זיך מיר פאַרגעדענקט פון קינדווײַז אָן. דער טאַטע מיט דער מאַמען פלעגן אָפט אײַך דערמאָנען. מיר האָבן אַמאָל געלעבט אין מאָסקווע, און איך געדענק, ווי מיר זײַנען געווען בא אײַך צוגאַסט, ווי כ'האָב זיך געשפּילט מיט אײַער טעכטערל. איך געדענק אויך, ווי איינמאָל האָט מיך בא אײַך אין שטוב באַטראַכט אַ דאָקטער, וועלכער איז אויך געקומען צו אײַך צוגאַסט. דערנאָך האָט איר מיר געשענקט אײַערס אַ ביכעלע פאַר קינדער. און איצט בעט איך אײַך מיר ענטפערן אַף איין פראַגע.

איר האָט געשריבן, אַז אײַער באַקאַנטער אָפיצער גאַסילאָוו איז געווען אַ „זאַמפּאָטעך“ אין אַ פּאָלק פון גוואַרדייִשע מינאָמיאָטן.

פונקט אזא אמט האָט פארנומען מײַן פאָטער, אָלעווהאשאָלעם. מײַן מאמע איז אויך געווען אפן פראָנט. זי איז געווען א כירורג. די מאמע וואָלט געוויס מיר געקאָנט ענטפערן אף די פראגעס, מיט וועלכע איך ווענדע זיך איצט צו אײַך. ליידער איז שוין מײַן מאמע אויך ניטאָ. ווען איך בין אלט געווען דאָס פערצנטע יאָר, האָט זי געבוירן א מיידעלע און איז אין קימפעט געשטאָרבן.

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן אונדזער גרויסן אומגליק...

לייענענדיק אײַערע פארצייכענונגען, האָב איך זיך געפײַניקט מיטן געדאנק, אז יענער „זאמפאָטעך" גאסילאָוו, וועלכער האָט געפונען דאָס פיצל קינד, איז, קאָן זײַן, מײַן פאָטער יורי גײַסינסקי, און זײַן פרוי אנע טימאָפייעוונע מארסאָווא האָט מיר פארביטן א מאמע.

שרײַבט מיר אָן דעם ריינעם עמעס, אנטפלעקט פאר מיר דעם סאָד, וועלכן זיי ביידע האָבן געמוזט אויסבאהאלטן פון מיר. גלייבט מיר, אז כ'וועל פון דעם אף קיין האָר ווייניקער ניט אופהערן צו שעצן און אכטן דעם ליכטיקן אָנדענק פון די דאָזיקע סאמע נאָענטסטע און טײַערסטע פאר מיר מענטשן.

אויב עס וועט זיך ארויסווײַזן, אז גאסילאָוו— דאָס איז יורי באָריסאָוויטש גײַסינסקי, וועלכער האָט בײַס דער מילכאָמע מיך, א זויגקינד, ארויסגעריסן פונעם טויט, און זײַן פרוי האָט מיר אָפגעגעבן איר מוטערלעכע צארטקײַט און וואַרעמקײַט, וועלן זיי מיר ווערן נאָך טײַערער און אף אייביק פארבלײַבן מײַנע טאטע־מאמע.

איך בעט אײַך נאָכאמאָל, שרײַבט מיר אָן דעם עמעס. קיינער, אכוץ אײַך, קאָן מיר ניט ענטפערן אף אָט דער פראגע. אלעס בעסטע. וולאדימיר גײַסינסקי".

איך האָב וולאדימירן געענטפערט, אז זײַן האשאָרע איז א ריכטיקע. יאָ, גײַסינסקי האָט אים אָפגעראטעוועט פון א זיכערן טויט, דורכגעטראָגן דורך דעם פײַער פון מילכאָמע, זיך געזאָרגט וועגן אים ווי וועגן אן אייגענעם זון און איניינעם מיט אנע טימאָפייעווגען אים דערצויגן, געגעבן בילדונג, אויסגעפורעמט פון אים א ווירדיקן מענטשן.

איך האָב אים געשריבן: „אין אײַער פאָטערס אופטו האָט זיך אמפולסטן אנטפלעקט די נעשאָמע־שיינקײַט פונעם סאָוועטישן מענטשן, פון אן אָפיצער א פראָנטאָוויק. דאָס איז לעקאָוועד אים, דעם סאָוועטישן שלאכטמאן דעם באפרײַער, געשטעלט געוואָרן דער מאָנומענט אין טרעפטאָוו־פארק אין בערלין. איר געדענקט: מיט איין האנט דריקט ער צו צו זײַן ברוסט דאָס געראטעוועטע קינד און אין דער צווייטער האָלט ער אן אנטבלויזטע שווערד...

אין אָט דעם מאָנומענט איז ווי א סימבאָל פארקערפּערט די הומאניזשקײַט און דער טיף־מענטשלעכער זין פון אונדזער ניצאָכן איבערן היטלערישן פאשיזם.

און ס'איז אוואדע אײַער גרויס גליק, וולאדימיר, וואָס געטרײַע מענטשן האָבן אײַך אָפּגעגעבן די צארטקײַט און די ווארעמקײַט פון זייערע הערצער".

כ א ַ י ם  ב ײ ַ ד ע ר

# אויג אויף אויג מיטן צושויער

## פון א מאַלעכל ביז „סאַשקע מיט די קעץ"

פון יענער צײַט, ווען איך האָב געהאַט א מעגלעכקײַט אין מעשעך פון א גאַנצן כוידעש זיך טרעפן מיט ראָזע קורץ טאָג נאָך טאָג, אין איר יאָמטעוודיקער וואָכעדיקײַט, בעשאַס זי גרייט זיך צום אָרדנטלעכן ספּעקטאַקל, דערנאָך זי זען קימאַט יעדן אָוונט אויף דער בינע, — איז שוין אוועק א גאַנץ יאָר. איך האָב אַלץ געוואָלט זיך דערגרונטיקן, אין וואָס באַשטייט דער סאָד פון איר קינסטלערישן טאַלאַנט, באַגרײַפן דעם טאָך פון איר לאַנגיאָריקער אַרטיסטישער אַרבעט, פון אָט דער אומדערמידלעכקײַט און מונטערקײַט, וועלכע מאַכן זי יונג אפילע דעמלט, ווען זי שפּילט שוין ווײַט ניט קיין יונגע ראָלן.

געוועזן איז דאָס אין קראַסנאָיאַרסק, וווּהין דער מאָסקווער ייִדישער טעאַטראַלער אַנסאַמבל איז געקומען אויף גאַסטראָלן, סאָף מאַרט, ווען אפילע אין סיביר פילט זיך שוין דער אָטעם פונעם פרילינג. אין אַזאַ טאָג זײַנען מיר מיט איר, מיט ראָזע קורץ, געגאַנגען איבער דעם לאַנגן בריק, וועלכער פאַרייניקט צוויי ברעגן פונעם יעניסיי: די אַלטע שטאָט מיטן נײַעם „מיקראָראַיאָן".

דעמלט טאַקע האָט מיר ראָזע אבראַמאָוונע דערציילט, ווי־אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן איר וועג אויף דער בינע, דער וועג, מיט וועלכן זי גייט שוין העכער א האַלבן יאָרהונדערט.

דער טעאַטער איז פול געפּאַקט, די בינע איז קוים באַלויכטן. ס'איז שטיל. עפּעס קומט פאָר אַזוינס, וואָס פאַרשטיין עס קאָן ניט דאָס קליינע מיידעלע, האָגאַם זי טוט אַלץ, וואָס מע האָט איר געהייסן טאָן. די מאַמע שטייט פון הינטן, און זי, דאָס מיידעלע, „הענגט אינדערלופטן". זי הענגט אויף א דראָט, און הינטער די פּלייצעס האָט זי פליגעלעך. זי איז א מאַלעכל. זי „שוועבט אין הימל". באַלד וועט מען זי אַראָפּלאָזן, און זי וועט כאַפּן פאַר דער האַנט אָט דעם אַלטיטשקן, וועלכער וויל דערשטעכן זײַן אייגענעם זון, און זי, דאָס מאַלעכל, וועט אים ניט לאָזן דאָס צו טאָן.

דער אַלטיטשקער דערשרעקט זיך, דער כאַלעף טוט א ציטער אין זײַנע הענט...

— ווער ביסטו? — פרעגט ער.

— איך בין א מאַלעך, — ענטפערט דאָס מיידעלע, — גאָט האָט מיך צו דיר געשיקט, זאָלסט ניט ברענגען פאַר א קאָרבן דײַן זון...

...איצט קאָן זיך שוין ראָזע קורץ ניט דערמאָנען, צי דאָס מאַלעכל אין גאָלדפאַדענס „אקיידאַס ייִצכאָק" איז געוועזן בא איר די ערשטע ראָל אויף דער בינע. ווײַזט אויס, אַז טאַקע ניט די ערשטע, ווײַל אַז מע וואַקסט אויס אין א מישפּאָכע פון וואַנדערנדיקע אַרטיסטן, און שטעט און שטעטלעך בײַטן זיך פאַר די אויגן ווי אין א קאַליידאָסקאָפּ, איז שוין אומעגלעך צו האַלטן זיי אַלע אין זיקאָרן.

צווישן די פאָטאָגראַפיעס, וועלכע האָבן זיך פאַרהיט בא איר מוטער, איז דאָ איינע, וואָס קאָן דאַפקע יאָ עפּשער דערמאָנען איר ערשטע ראָל. דאָס מיידעלע שטייט אויף א געבויגענעם ווינער שטול מיט א פענדזל אין דער האַנט. דאָס מיידעלע? ניין, א ייִנגעלע מיט א מיידלשקעפּעלע קוטשעראַווע האָר. ראָזע אין דער ראָל פונעם מאַמזער אין ייִצכאָק זאָלאָטאַרעווסקיס פּיעסע „די ווײַסע שקלאַפן". אַלט איז די יונגע אַקטריסע א יאָר פינף־זעקס, און די בינע איז פאַר איר שוין אַזאַ נאַטירלעכע זאַך, ווי דאָס וואָגלען מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען איבער דער וועלט. ראָזע איז א טראַוועסטי, און די ייִנגלשע ראָלן באַקומען זיך בא איר גאַנץ נישקאָשע — אָפּטמאָל שטויסן זיך די צושויער אפילע ניט אָן, אַז דאָס איז א פאַרשטעלעניש.

מיט פיל יאָרן שפּעטער, ווען דער מאָסקווער ייִדישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל הייבט אָן אַרבעטן איבער גאָלדפאַדענס „קישעפּמאַכערן", פאַלט אויס דער שוין ניט יונגער ראָזע קורץ צו שפּילן דאָס ייִנגל מיט די „הייסע באַבקעלעך". די אַקטריסע דערווידערט:

— וואָס פאַר א ייִנגל, מישטיינסגעזאָגט, קאָן זיך פון מיר באַקומען אין אַזאַ עלטער?

אָבער ביניאָמין שווארצער, דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם אנסאמבל, רעדט זי אײַן:

— נו, טו מיר צוליב, איך קען דיך שוין אזויפיל יאָרן, און אז איך זאָג, מעגסטו מיר גלייבן — ס'וועט זיך באקומען...

און די אקטריסע טוט ווידעראמאָל א גלאנץ מיט יענעם ייִנגלשן כיין, וואָס איז איר אזוי אייגנטימלעך געווען אין סאמע אָנהייב פון איר לעבן אף דער בינע. עמעס, די ראָל פונעם ייִנגל, וואָס פארקויפט הייסע באבקעלעך, גיט זי איינגיכן אָפּ אן אנדערער אקטריסע: די מינדסטע פאלשקײַט אף דער בינע איז איר פון קינדווײַז אָן ניט צום הארצן.

די געשיכטע פונעם ייִדישן טעאטער ווייסט פון ניט ווייניק אקטיאָרישע דינאסטיעס. אין מעשעך פון יאָרצענדליקער האָבן אף דער בינע געוועלטיקט די קאמינסקיס, אדלערס, טאָמאשעווסקיס, פינקעלס. ראָלן פלעגן איבערגיין בעירושע פון איין דאָר ארטיסטן צו אן אנדערן. קורץ איז אויך אן אקטיאָרישע דינאסטיע. די מאמע, באלבינע קורץ, האָט געשפילט צוזאמען מיט אזעלכע מײַסטערס, ווי נאָעמי, ווײַנבערג, זאסלאווסקי. דער פאָטער, אווראָם קורץ, איז געווען איינער פון די ערשטע בויער פונעם נײַעם ייִדישן טעאטער אין פאררעוואָליוציאָנערן רוסלאנד און אין פוילן — זײַן נאָמען געפינען מיר אינעם טרויעריקן צעטל פון די מארטירער פון ווארשעווער געטאָ, ביז דעם לעצטן טאָג פון זײַן לעבן איז ער געווען אן ארטיסט אינעם געטאָ־טעאטער „עלדאָראדאָ”.

ראָזע קורצס שווער, נאטאן דראנאָוו, איז געווען צווישן די אָנגעזעענסטע בינע־מײַסטערס. וועגן אים האָט נויעך פרילוצקי נאָך אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט געשריבן, אז ער „האָט א זעלטענע מײַלע, זײַן פערזענלעכקײַט איז אזוי פילזײַטיק, אז זי מאכט אים פאר איינעם פון די בעסטע, וואָס אונדזער אָרעמע בינע פארמאָגט...”

דראנאָוו איז געווען באלבינע קורצס לאנגיאָריקער פארטניאָר און — שטעלט אײַך פאָר — אויך איר, ראָזעס, פארטניאָר! איר געדענקט, ווי עס הייבט זיך אָן שאָלעם־אלייכעמס „צעזייט און צעשפרייט”? —

מ א ל ק ע (אף רוסיש). שאשע! שאשענקע?

ס א ש ק ע (פונעם אנדערן כיידער, אויך אף רוסיש). וואָס איז, מאמאשא?

מ א ל ק ע. וואָס טוסטו דאָרטן?

ס א ש ק ע. איך וואש די קעץ. וואָס איז דען?

מ א ל ק ע. גיי טרינקען טיי!

נאָר סאשקע וויל ניט — ער איז פארנומען מיט זײַנע קעץ.

„סאשקען מיט די קעץ” שפילט באלבינע קורצס טעכטערל ראָזע, מייער שאלאנטן — נאטאן דראנאָוו, און דער ראָל פון שאלאנטס עלטערער טאָכטער פלאָרא — טאקע ראָזעס מאמע. „סאשקע מיט די קעץ”, וועלכער האלט אין איין מאָנען „מאמע, גיב געלט, דאווײַ דיענגי, מאמאָ!”, איז ראָזע קורצס ערשטע ערנסטע ראָל אין איר ערשטן ערנסטן ספעקטאקל. בא איר זײַנען שוין דאָ עכטע רעפליקעס, זי קען שוין באווײַזן א כאראקטער.

די ראָל אין איינער פון די בעסטע שאָלעם־אלייכעם־פיעסן, אין וועלכער די יונגע ראָזע קורץ האָט געשפילט מיט גרויס באגײַסטערונג, האָט געעפנט פאר איר א גאנצע וועלט מיט קאָמפליצירטע פראָבלעמען. דאָס איז שוין געווען ניט צו פארגלײַכן מיטן מאלעכל אין „אקיידאס ייִצכאָק”, ווו דאָס מיידעלע באווײַזט זיך אף דער בינע בלויז ווי א מאריאָנעטקע, וועלכע מע הייבט אויף און מע לאָזט אראָפּ, ציִענדיק זי אף א דראָט. ס'איז געווען אפילע סימבאָליש — זיך אראָפּלאָזן פונעם הימל אף דער ערד, אָנהייבן לעבן ניט אין אויסגעטראכטע, נאָר אין ווירקלעכע, ערדישע געשטאלטן.

## מיט אן אָפן הארץ

וויפל אזעלכע מאלאָכימלעך און „סאשקעס” זי האָט אָפּגעשפילט אין מעשעך פון די קינדער־יאָרן און פון דער פריִער יוגנט — איז שווער איבערצורעכענען. וויפל וואנדערנדיקע טרופעס זי האָט איבערגעביטן צוזאמען מיט דער מאמען — ניט איבערצוציילן. טעאטער איז אָבער דערווײַל געווען פאר איר עפעס ווי א מין קינדער־שפיל, ניט קיין פאך. נאָר ווען זי האָט זיך דערוווסט, אז די בארימטע קלארע יונג, די כישעפמאכערן פון דער ייִדישער עסטראדע, קלײַבט אָפּ יונגע מיידלעך פאר איר כאָר, — געזעגנט זי זיך מיט דער מאמען און קומט צו פאָרן אין 1925 קיין מאָסקווע.

בא קלארע יונג אין דער טרופע נעמט זי אויס מיט איר זינגען, און זי פילט זיך אזוי גליקלעך, אז אפילע ווען דער אָנפירער פון דער מאָסקווער ייִדישער טעאטער־סטודיע ווערשילאָוו, באמערקנדיק איר באגאבטקײַט סײַ אין זינגען, סײַ אין שפילן, לייגט איר פאָר ארײַנטרעטן אין דער סטודיע, זאָגט זי זיך אָפּ.

ערשט אין א יאָר צוויי ארום כאפט זי זיך, אז קעדיי דורכלייגן פאר זיך א וועג אין פראָפעסיאָנעלן דראמאטישן טעאטער, מוז זי זיך לערנען. דאן פאָרט זי אוועק קיין מינסק. דאָרט איז פאראן א סטודיע, ווו מע קאָן זיך לערנען און איינצײַטיק שפילן אף דער בינע.

לערנען זיך איז אָבער דערווײַל ניט אויסגעקומען, שפילן — יאָ. אף א צײַט נעמט זי ביניאָמין שווארצער ארײַן אין זײַן „פאָלקס־בינע”, דערנאָך זינגט זי אין פאָלאָנסקיס כאָר, ווײַטער קומט זי אָן אין וואנדער־טעאטער, מיט וועלכן עס פירן אָן ראפאלסקי און אײַזנבערג. צוערשט גיט מען איר עפיזאָדישע ראָלן, און זי באנוגנט זיך מיט דעם. זי דארף זיך גוט צוקוקן, זי דארף זיך לערנען בא אנדערע, שוין באוואונטע בינע־מײַסטערס. ניין, זי קלאָגט זיך ניט אף איר גוירל, נאָך מער — זי איז זייער צופרידן.

ביז עס טרעפט זיך...

אין דער ביאָגראפיע פון א באליביקן ארטיסט זײַנען פאראן מאָמענטן אויסערגעוויינלעכע —

אזעלכע, וואָס ווערן א קערפּונקט אין זייער שעפעריש לעבן. ראָזע קורץ איז ניט קיין אויסנאם. דער טעאטער האָט געשטעלט מארק ארנשטיינס „דאָס ווילנער באלעבעסל“ — א מעלאָדראמע, וואָס האָט דעמלט אויסגענומען בא דעם אוילעם. ראָזע האָט אינעם ספּעקטאקל געשפּילט, ווי שטענדיק, א דריטראנגיקע ראָל. און פּלוצעם רופט זי ארויס שווארצער:

— וועסט שפּילן לייען.

אינעם „ווילנער באלעבעסל“ איז די בלינדע לייע פאקטיש די הויפּט־ראָל, זי פּארקערפּערט א געשטאלט, וואָס טראָגט אין זיך „דעם צימעס“ פונעם ספּעקטאקל, זײַן אידיי. דאָס בלינדע מיידל איז פול מיט ליבע צום ברודער, דעם פידלער. זי איז זײַן פידל, זײַן טאלאנט, זײַן לעבן. לייען האָט געשפּילט א ווונדערלעכע ארטיסטקע — סאָניע איידעלמאן, וועלכע מע האָט געלויבט אין דער וועלט ארײַן. און ס׳איז טאקע געווען פארוואָס. דארף, הייסט עס, ראָזע קורץ פארבײַטן סאָניע איידעלמאן? צי וועט זי זיך ספּראווען מיט אזא וויכטיקער ראָל?

— וועסט זיך ספּראווען, — האָט געזאָגט דער רעזשיסער.

זי איז ארויס אף דער בינע, מאָביליזירט אלע אירע קויכעס. די בלינדע לייע האָט אין איר געבושעוועט מיט אזא קראפט, אז אָט־אָט וועט דאָס הארץ צעריסן ווערן. דער זאל האָט געענטפערט מיט שטארקע אפּלאָדיסמענטן.

— נו, זעסט, בין איך דען ניט געווען גערעכט? — האָט איר נאָכן ספּעקטאקל געזאָגט שווארצער.

פון דעמלט אָן שפּילט זי סטערקען אין ווערוויאָרקעס „דער סטעפּ ברענט“, די הויפּטראָלן אין „די בלינדע בערשטלמאכער“ און אין „באָטווין“. דאכט זיך, גוט? נאָר ס׳איז שוין צײַט אָנקומען זיך לערנען. זי לאָזט זיך ווידעראמאָל אוועק קיין מאָסקווע — אין גאָסעט, אין דער סטודיע, צו מיכאָעלסן.

אפן עקזאמען האָט מען זי געפרעגט:

— נו, וואָס ווערסטו אונדז באווײַזן?

זי האָט ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. איז איר געקומען צו הילף אליין מיכאָעלס:

— אמאָל איז געווען א מיילעך... שטעל זיך פאָר, אז דו ביסט א הײַנטצײַטיק קינד און דו ווייסט ניט, וואָס איז אזוינס א מיילעך, נאָר דו דארפסט אָנהייבן דערציילן א מײַסע מיט אזא מין אָנהייב...

וויפל מאָנאָלאָגן האָט זי צוגעגרייט, וויפל סצענעס צוגעטראכט — נאָר אף אזא מין אָנהייב האָט זי זיך ניט געריכט. אָבער אז מיכאָעלס לייגט פאָר אָט אזא עטיוד, שטעקט אין דעם אוודאי עפּעס א געדאנק... און עפּשער גאָר א שפּיצל? נו, גוט, זי וועט פּרוּוון.

— אמאָל איז געווען א מיילעך...

זי לייגט ארײַן אין אָט די ווערטער אזויפיל כיין, אזויפיל נאַיִווקײַט, אז איר אליין ווערט עס מאָדנע — און זי צעלאכט זיך אף א קאָל.

און מיכאָעלס צעלאכט זיך אויך.



אָבער דאָס איז ווייניק. ווען מע הייסט איר עפּעס טאקע דערציילן, הייבט זי אָן אויך מיט א מײַסע:

— אמאָל איז געווען א הון, א גרויסע הון און א מעיוכעסטע, דעם גרויסן קוקורעקוס א קעפּסווײַב און א כאכאָמע דערצו. און די גרויסע הון די מעיוכעסטע זיצט אף א סידעלע, און אונטער איר — פּערציק אייער. און די אייער זײַנען גרויסע און, מינאסטאם, אלע פולע. פון די אייער ווען ארויס...

ראָזע מאכט א פּאוזע און זעט, אז עס איז די עקזאמענאטאָרן בעפּיירעש טשיקאווע, וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער. זעצט זי פאָר:

— נאָר וועגן דעם כאָלעמט טאקע די הון...

ס׳איז פּערעצעס „הינערישע כאלוימעס“. כאלוימעס פון א הון, וועלכע האלט זייער פון זיך. זי זיצט מיט פארמאכטע אויגן, און דאָך זעט זי, ווי פון אירע אייער פּיקן זיך אויס א שטיק פּערציק הענער.

— הענער, קיין איינציקע הון! און איינס אף איינס, הענער פון הענער־לאנד, גרויס געוואקסענע, שטארק געבויטע, אף קופּערנע פיס, מיט שארפע קרעלן, פליגל — ווי בא אָן אָדלער, און רויטע... וואָס רויטע? — פלאמענדיקע קאמען!..

ראָזע קוקט שוין ניט אף קיינעם, זי איז ערגעץ ווײַט־ווײַט, אין איר מײַסע. זי זעט בלויז איר הון און צווינגט די צוהערער אויך דאָס זעלבע זען... דאָס איז איר אייגענע אינטערפּרעטאציע, איר געפינס, און ראפאלסקי, ווען ער האָט מיט איר געגרייט אָט די זאך נאָך אין מינסק, האָט באוויליקט איר געוואגטקײַט.

די „הינערישע כאַלוימעס" האָבן טאַקע געעפנט פאַר ראָזע קורץ די טירן פון מיכאָעלסעס סטודיע. און ביז הײַנט געפינט די אַקטריסע עפּעס ענלעכס אף יענער הון, ווען אין אַ געשטאַלט, וואָס זי נעמט זיך פאַרקערפּערן אף דער בינע, קומען צום אויסדרוק אַזעלכע געפּלאַצטע טרוימען.

אָט, אַשטייגער, צי רופן זיך ניט איבער מיט יענע הינערישע כאַלוימעס ציפּע־ביילע־רייזעס דײַגעס אינעם „פאַרקישעפטן שנײַדער"? צי פּלאַצן ניט ציפּע־ביילע־רייזעס טרוימען, ווי ס'האָבן געפּלאַצט די ראָזעווע האָפענונגען בײַ יענער אָרעמער, אומגליקלעכער הון?

געוויינלעך, צווישן יענע „הינערישע כאַלוימעס", וואָס ראָזע קורץ האָט פאַרגעלייענט אפן עקזאַמען בײַ מיכאָעלסן, און ציפּע־ביילע־רייזען, וועלכע זי שפּילט אינעם „פאַרקישעפטן שנײַדער", איז אַ היפּשער מעהאַלעך — אַ לאַנג שעפעריש לעבן מיט פריידן און ליידן, זוכענישן און דעראָבערונגען, געווינסן און פאַרלוסטן. און אַנדערש האָט ניט געקאָנט זײַן. דאָס אייגנהײַטלעכע אָבער, וואָס פאַרייניקט די צוויי אָפּגעווײַטערטע צײַטן, איז — גרויסע קראַפט פון קונסט, מיט וועלכער די אַקטריסע איז באַצויבערט פון דער קינדהײַט אָן.

דאַכט זיך, אַז געקומען איז זי אין דער סטודיע פונעם מאָסקווער גאָסעט שוין מיט אַ גאַנץ היפּשן אַקטיאָרישן באַגאַזש. אַלנפאַלס, ניט בײַ אַלע סטודיִיצעס איז געווען אַזאַ שול, ווי בײַ איר, — פאָרט אַ קינד פון אַן אַקטיאָרישער דינאַסטיע, וואָס האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם טעאַטער מיט דער מאַמעס מילך. נאָר ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז מע דאַרף אַלץ פאַרגעסן און אָנהייבן זיך לערנען בײַנײַס אַ קאָן, פונעם סאַמע אַלעפבייס...

נאָך איידער ראָזע קורץ האָט פאַרענדיקט די טעאַטראַלע סטודיע, האָט מען זי אײַנגעשלאָסן אין באַשטאַנד פונעם טעאַטער. ס'איז געווען אין דעם סײַ אַ מײַלע, סײַ אַ כיסאָרן. ניט אַלעמאָל האָט געקלעקט קויעך אין איין צײַט צו לערנען זיך און אַרבעטן. צום גליק, האָט די מײַלע איבערגעוויגן דעם כיסאָרן. ראָזען איז אויסגעקומען צו שפּילן פאַרשיידענע ראָלן אין פיל ספּעקטאַקלען. יעדע ראָל — זאָל זײַן אַפילע גאָר אַ קליינע — איז אַ שעפערישער פּראָצעס, וועלכער באַשטייט ניט בלויז פון דראַמאַטורגישן מאַטעריאַל, ניט בלויז פונעם וואָרט. אַ געשטאַלט אף דער בינע שליסט אײַן אין זיך סײַ וואָרט, סײַ זשעסט, סײַ געפיל, סײַ פּלאַסטיק, סײַ פאַרב — און יעדער קאָמפּאָנענט איז וויכטיק, דאָס געשטאַלט דאַרף דורכגעלאָזט ווערן דורכן האַרץ, דורכן פאַרשטאַנד, דורך אַלע געפילן.





ר. קורץ אין די ראָלן פון זאַביידאַ („קויסעל־מאַראָווי") — פון אויבן; ציפּע־ביילע־רייזע („דער פאַרקישעפטער שנײַדער") — פון אונטן.

אזוי האָט מען זי געלערנט, און אזוי האָט זי געפּרוּווט שפּילן.

פאָטאָגראַפיעס, אַפישן, צײַטונג־אויסשניטן. ווען מע קען זיי איצט אַלע צונויפנעמען, נאָכאַמאָל דורכבלעטערן, וואָלט אופגעשטעלט געוואָרן אין זיקאָרן אַ לאַנגער און ניט לײַכטער וועג. איז אָבער די יוגנט פאַרשווונדעריש — און פון דעם אַלעמען איז געבליבן גאָר ווייניק.

איינעם אַן אויסשניט פון אַ צײַטונג האָט ראָזע קורץ מיר באַוויזן.

אין די דרײַסיקער יאָרן האָט דער טעאַטער געשטעלט ל. מיזאַנדראַנצעווס פּיעסע „קויסעל מאַראַווי“. דאָס איז געווען אַן עמאָציאָנעל און אידייִש אָנגעזעטיקט ווערק, וואָס האָט אופגעהויבן שאַרפע, אַקטועלע פּראָבלעמען. אינעם ספּעקטאַקל זײַנען געווען פאַרנומען אָנגעזעענע בינע־מײַסטערס — שידלאָ, קרייטשמאַן, גערטנער. ראָזע קורץ האָט אויסגעפּילט די ראָל פון אַן אַראַביש מיידל. זי האָט געשאַפן אַ געשטאַלט, וואָס האָט גלײַך צוגעצויגן צו זיך די סימפּאַטיע פון די צושויער. אין דער רעצענזיע, וועלכע עס האָט פאַרעפנטלעכט אַ רוסישע צײַטונג, האָט מען געשריבן: „די אַרטיסטקע קורץ שאַפט אַ געשטאַלט פון אַ פאַרשטויסן, דערנידעריקט, שוואַך, נאָר פלאַמיק ליבנדיק מיידל. זי האָט קימאַט ניט קיין ווערטער, נאָר אירע זשעסטן, איר מימיק רעדן אַ סאַך מער, איידער מע וואָלט געקאָנט רעדן מיט די סאַמע דערהויבענע ווערטער, און דערפאַר טאַקע באַצויבערט זי דעם צושויער מיט איר אופריכטיקײַט און אומיטלבאַרקײַט“.

אופריכטיקײַט, אומיטלבאַרקײַט, קינסטלערישער עמעס זײַנען געוואָרן די הויפּט־פּרינציפּן אין דער שעפערישער אַרבעט פון דער אַקטריסע, דער איקער, צו וועלכן זי האָט געשטרעבט אַלעמאָל, צוטרעטנדיק צו דער אַרבעט איבער אַ נײַער ראָל. אָפן גאַנצן לעבן איז פאַרבליבן דאָס געפיל פון אַכרײַעס. ראָזע קורץ וועט ניט אַרויסגיין אָף דער בינע צום צושויער, ניט פילנדיק, אַז זי קומט צו אים מיט אַ לויטערן געדאַנק און מיט אַן אָפן האַרץ.

אַן עמעסער אויספּרוּוו איז פאַר איר געווען די ראָל פון בלומעס מוטער אין פּערעץ מאַרקישעס „מאַלצײַט“ — אַ טיף פּסיכאָלאָגיש געשטאַלט, וואָס האָט געדאַרפט פאַראַלגעמיינערן דעם בלוטיקן ווייטעק פון אַן אומגליקלעכער ייִדישער מאַמע, וועמענס קינד פאַלט אַרײַן אין באַנדיטישע הענט. די מוטער זיצט אין דער גרין־געוואָרענער, פאַרלאַטעטער אַלטער שאַל, אַ צוגעשמידטע צו דעם טאַבורעט, מיט אויסגעלאָשענע, אויסגעוויינטע אויגן. זי איז נאָך גאָר ניט קיין אַלטע, די דאָזיקע מאַמע, און אויב גוט זיך אײַנקוקן, קאָן מען באַמערקן נאָך ניט דערשלאָגענע, ניט אָפּגעטייטע סימאָנים פון יונגקײַט... דער צושויער דערפילט דעם שוידער, וואָס די אַלטע שוסטערקע טראָגט אין זיך.

ראָזע קורץ האָט פאַרשטאַנען, אַז אַן אַרטיסטקע קאָן מיט די אויגן איבערגעבן דעם איקער, וואָס איר געשטאַלט פאַרקערפּערט.

די לעצטע ראָל, וועלכע קורץ האָט געשפּילט אינעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, איז געווען די אָרעמע מומע אין „פריילעכס“. אייגנטלעך, איז אָט די אָרעמע מומע געווען אַ מין פאַרזעצונג פון דער שוסטערקע אין מאַרקישעס „מאַלצײַט“, נאָר אויב די שוסטערקע האָט געטראָגן אין זיך אַ פּערזענלעכן, אַזוי צו זאָגן, אומגליק, האָט די אָרעמע מומע געדאַרפט זײַן אַן אויסגעשפּראָכן סאָציאַל געשטאַלט. יאָ, מע האָט זי טאַקע ניט גערופן אָף דער סימכע, מע שעמט זיך מיט איר, נאָר טוט אַ קוק, וויפל ווירדע און שטאָלץ ליגט אין איר נאַטור!

די דאָזיקע ראָל איז געווען דער אָנהייב פון אַ גאַנצער גאַלעריי פאָלקס־פּרויען, וועלכע די אַקטריסע האָט געשאַפן פאַר די לעצטע יאָרן, אַרבעטנדיק שוין אינעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל.

## אין איין אָטעם

— וועסט שפּילן כאַווען.

פּונקט ווי מיט דרײַ מיט אַ האַלבן צענדליק יאָר צוריק, האָט אין אָנהייב פון די זעכציקער יאָרן ראָזע קורצס שעפערישער וועג זי ווידער צונויפגעפירט מיט בינײָמין שוואַרצערן, איצט אין אַ קאָלעקטיוו, וועלכער איז אין אָנפאַנג באַשטאַנען אינגאַנצן פון זעקס מענטשן. שוואַרצער האָט געשטעלט פאַר זיך זייער אַ דרייסטע אופגאַבע — שפּילן „טעוויע דעם מילכיקן“. פאַרווירקלעכן אַזאַ קאָמפּליצירטן ספּעקטאַקל מיט זעקס אָנטיילנעמער איז געווען ריזיקאַל. האָט מען לעכאַטכילע אויסגעקליבן בלויז אייניקע סצענעס.

— נו, יאָ, וועסט שפּילן כאַווען!

דאָס האָט אַוואַדע געדאַרפט זי פרייען, נאָר איינצײַטיק האָט עס זי געשראָקן. כאַווען האָט זי געקאָנט שפּילן מיט דרײַ, נו מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק, אינעם עלטער פון איר אַראַביש מיידל אין „קויסעל מאַראָווי“. אָבער איצט זיך באַווײַזן אָף דער בינע אין דער ראָל פון טעוויעס ייִנגסטער טאָכטער?

— און פונדעסטוועגן וועסטו שפּילן כאַווען.

און זי האָט טאַקע געשפּילט! באַקומען האָט זיך בא איר אַן עמעסע כאַווע — אַ שוין פון לאַנג באַקאַנטע און באַגלײַך דערמיט אַ נײַע, ניט קיין איבערגעכאַזערטע, בא קיינעם ניט קיין אָנטלײַענע. ניין, ניט מיט די צעפּלעך, וועלכע זײַנען אַריבערגעוואָרפן איבער דער פּלייצע, ניט מיט די אויסערלעכע מיידלשע גענג און מיט די שטריכן פונעם שײַנענדיקן פּאָנעם, ניט מיט דער שטײַף אונטערגעצויגענער פיגור האָט זי געמאָלט די יונגקײַט פונעם געשטאַלט. דאָס אַלץ האָט זי טאַקע אויך געהאַט אין זינען און גלענצנדיק אויסגענוצט, נאָר דער איקער איז באַשטאַנען אין כאַוועס צאַפּלדיקן ברויז.



ר. קורץ (אין צענטער) אין דער ראָל פון יויכעוועד דער דינסט („200.000”).

ווען אף דער פרעמיערע אינעם לאָקאל פון דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד” האָט ראָזע קורץ צום ערשטן מאָל באוויזן איר כאווען, האָט מען גלײַך דערזען: אזא טאקע דארף זי זײַן, די ייִנגסטע טאָכטער טעוויעס, ניט קיין אונטערטעניק שעפעלע, נאָר א קעמפערן. זי דערווײַזט, זי פּאָדערט, זי איבערצײַגט דעם טאטן, אז ניט ער, נאָר זי איז גערעכט, ניט ער, נאָר זי טראָגט מיט זיך דאָס נײַע, דאָס אומפארמײַדלעכע, דעם אָטעם פון דער נײַער צײַט — אָט יענץ וויכטיקס, וואָס געבירט בא טעוויען די באגײַסטערונג: „א קליינינקײַט, טעוויעס טעכטער!”.

אזא איז געווען ראָזע קורצס גלענצנדיקער דעביוט אינעם מאָסקווער ייִדישן דראמאטישן אנסאמבל, מיט וועלכן עס זײַנען פארבונדן שוין אָנדערהאלבן צענדליק יאָר פון איר שעפערישער ארבעט. עמעס, כאווען האָט זי שפּעטער אָפּגעטראָטן אן אנדער אקטריסע, ווי זי האָט עס געטאָן מיטן ייִנגעלע, וועלכער זינגט אפן מארק „הייסע באבקעלעך” אין „קאָלדוניע”. איצט שפּילט זי צייטלען, טעוויעס עלטערע טאָכטער — א געשטאלט פון גאָר אן אנדער שניט, עפשער אפילו דער היפּעך פון כאווען: א געשטאלט, וואָס פארקערפּערט ווייטעק און צעבראָכנקײַט, נאָר א נאטור א צארטע, א טיף טראגישע, כאָטש פון מאָל צו מאָל טוט א בליץ אין איר דאָס „כאווישע”, דאָס דערהויבענע און שטאָלצע — צייטל איז דאָך פאָרט טעוויעס טאָכטער...

די ערשטע עלטערע ראָל, וועלכע איז אויסגעפאלן צו שפּילן ראָזע קורץ אינעם מאָסקווער ייִדישן דראמאטישן אנסאמבל, איז געווען פּערל די מיטניטשקע אין שאָלעם־אלייכעמס „200.000” (אין געגעבענעם פאל א מין געשמעלץ פון צוויי געשטאלטן אין איין ראָל — די מיטניטשקע און יויכעוועד די דינסט). אליין דער איבערגאנג פון ייִנגערע פערסאָנאזשן צו עלטערע איז פאר דער אקטריסע געווען ניט אזוי פּאָשעט. זי האָט געדארפט געפינען איר אייגענעם צוגאנג צו אָט דעם נײַעם טיפּ געשטאלטן, קעדיי ניט „איבערשפּילן”, ניט ארײַנפאלן אין ניט געווונטשענעם גראָטעסק.

אוואדע איז די מיטניטשקע א קאָמיש געשטאלט. אָט קומט זי ארײַן צו שימעלע סאָראָקערן נאָך דעם, ווי ער האָט מעשאלייעך געווען דעם פּריקאזשטשיק, און עס שיט זיך פון איר, ווי פון א זאק:

— איר מיינט, איך וואָלט געקומען? מײַנע סאָנים און אײַערע סאָנים און אונדזערע אלעמענס סאָנים זאָלן אזוי צײַט האָבן א שטיקל ברויט אופּצועסן, ווי איך האָב צײַט אוועקצולאָזן מײַן קלייטל מיט מײַן מעל און גיין מאָנען אלטע כויוועס מיט נעכטיקע טעג...

און אזוי ווײַטער — אָן א מאָס, אָן א שיר, אין איין אָטעם.

אָבער די ארטיסטקע שטרײַכט אונטער אין אָט דער ראָל דאפקע ניט דאָס קאָמישע, נאָר דאָס טראגישע, ווײַל פּערל די מיטניטשקע איז דורכויס אן אומגליקלעך וועזן, און אפילו דאָס, וואָס זי כאזערט איבער עטלעכע מאָל, אז איר מעל שטייט בא איר אפן ערשטן אָרט, — דארף אָפּגעלייקנט ווערן. דער איקער אין אָט דעם געשטאלט איז ניט „דער מארק”, נאָר די פאָלקסטימלעכקײַט, דאָס מענטשלעכע.

גאָר אן אנדער פערסאָנאזש איז ריקל די קעכן אין שאָלעם־אלייכעמס „מענטשן". אויסערלעך קאָן זיך שאפן אן אײַנדרוק, אז ריקל איז פערל דער מיטניטשקעס א גאנץ נאָענטע קרויווע — אויך אזא מין אומגליקלעכע און טראגיקאָמישע. נאָר אויב בא דער מיטניטשקע איז ניט צו זען קיין שמייכל אפן פארדרײַגעטן פאָנעם, איז ריקל מיט איר גאנצן אומגליק פאָרט א פריילעכע נעשאָמע: אָט שעלט זי, אָט וויינט זי — און אין א ווײַלע ארום קאָן זי לאכן, כאפן א טענצל. דער דערפאָלג פון דער ארטיסטקע באשטייט טאקע אין דעם, וואָס זי ווײַזט אין אָט דעם געשטאלט דעם איבערוואָג פון געזונטער לוסטיקײַט.

שאפן א געשטאלט, וואָס זאָל פון דער בינע אויסזען איבערצײַגעוודיק, הייסט דורכטראכטן יעדע דעטאל, יעדע באוועגונג. אין ריקלען זעען מיר באשײַמפערלעך, וויִאזוי די אקטריסע געפינט פונקט יענע דעטאל, וואָס איז נייטיק. לאָמיר נעמען, אשטייגער, די סצענע, ווען פישל ברענגט ריקלען א געשאנק — א שאל, וואָס „קאָסט א דרײַערל, א מעציִע פאר א גאנעוו". ריקל איז ניט געוווינט, מע זאָל איר שענקען מאטאָנעס. „דאָס איז מיר?" — איז זי דערשטוינט. און, מעסטנדיק אף זיך די שאל, כאזערט זי נאָכאמאָל איבער: „ס'איז טאקע מיר?" אף א ווײַלע ווערט זי שיר ניט צעשמאָלצן פון טײַנעג, וואָס פישל פארגעסט זי ניט, ער האָט זי ליב...

און אויב שוין רעדן וועגן דעטאלן, דארף מען דערמאָנען נאָך איין פערסאָנאזש, וואָס ראָזע קורץ האָט געשאפן אינעם מאָסקווער יִידישן טעאטראלן אנסאמבל, — ביילען אינעם ספעקטאקל „איבערן אָקעאן", עפראָיִם פידערס פרוי. וויִאזוי דארף זיך אופירן ביילע, ווען זי קומט ארײַן דאָס ערשטע מאָל צו די רײַכע מעכוטאָנים? די אקטריסע גיט איבער די דאָזיקע סצענע מיט איין כאראקטעריסטישער דעטאל: מיט איר צוזעצן זיך צום טיש. דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן קומט אויס ביילען זיך זעצן אין א ווייכער שטול, און דער אויפן, וויִאזוי זי טוט עס, באווײַזט, אז ס'איז בא איר טאקע דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.

זי האָט מוירע, אז אָט־אָט וועט זי אײַנגעזונקען ווערן אין דער דאָזיקער שרעקלעכער ווייכקײַט, און ווען זי זעצט זיך שוין אוועק, טוט זי דאָס מיט אזא אנטשיידנקײַט, ווי זי וואָלט בעעמעס ארײַנגעפאלן אין א גרוב, פונוואנען מע וועט שוין ניט קאָנען זיך ארויסקלײַבן. קאָמיש? יאָ, אָבער צוזאמען דערמיט וויל ניט די אקטריסע כויזעק מאכן פון איר ביילען. זי שטרעבט ארויסרופן סימפאטיע צו איר, זי דארף, אז איר געשטאלט זאָל נויסעכיין זײַן באם צושויער מיט דער גוטסקײַט, הארציקײַט, פאשטעס, מיט דער ערלעכקײַט און נאטירלעכקײַט, וועלכע זײַנען אזוי פאר איר כאראקטעריסטיש. און דעמלט ווערט אפילע אָט דאָס קאָמישע זעצן זיך אין דער ווייכער שטול א מײַלע.

זייער כאראקטעריסטיש איז פאר דער אקטריסע די ראָל פון ציפע־ביילע־רייזען אין „פארקישעפטן שנײַדער". נאָכאמאָל א מארקיִדענע, וועלכע שיט מיט קלאָלעס און זשאלעוועט זיך אף איר ביטערן גוירל? ניין, דער „מארק" איז דאָ בלויז דאָס אויסערלעכע, דער אומגליק פון דער צײַט און פון די סאָציִאלע אומשטענדן. ציפע־ביילע־רייזע איז בא ראָזע קורץ א טיף־טראגיש געשטאלט פון א יִידישער פרוי, וועלכע לעבט בלויִז מיט האָפענונגען, מיט א כאָלעם וועגן א שטיקעלע פרייד, וועגן א ברעקעלע מאזל. אָבער ווי געפינט מען יענע וויכטיקע שטריכן, וועלכע קאָנען דערהייבן דאָס געשטאלט?

ראָזע קורץ זוכט, פרוּווט איבער צענדליקער וואריִאנטן, הונדערטער דעטאלן.

ציפע־ביילע־רייזע האָט זיך טאקע באקומען בא איר אזוי, ווי זי האָט פארטראכט: אן עכט מענטשלעך געשטאלט, פון וועלכן עס שלאָגט ארויס אומגעהייערער טעמפעראמענט, קוואליקע, געזונטע לאָגיק.

איך האָב ראָזע קורץ באגעגנט אין די ערשטע נאָיאבער־טעג פון פאָריקן יאָר, אין עטלעכע טעג ארום נאָך דעם, ווי דער טעאטראלער אנסאמבל האָט זיך אומגעקערט פון די גאסטראָלן אין האָמעל, ריגע און קאלינינגראד.

— איר וואָלט געמעגט א קוק טאָן, — האָט זי זיך מאמעש פארכלינעט פון פרייד, — וואָס פאר א צושויער מיר האָבן דאָרט געהאט: פאָשעטע פאָלקסמענטשן, האָרעפאשניקעס, אינזשעניערן, לערער, דאָקטוירים. אזא איידעלער געשמאק, אזא פארשטאנד, אזא כוש צו יעדן וואָרט, וואָס האָט געקלונגען פון דער בינע...

און איך האָב פארשטאנען: קיין בעסערן לוין, קיין גרעסערע פרייד איז פאר איר ניטאָ, ווי אָט די פרייד זיך טרעפן אויג אף אויג מיטן צושויער, וועלכער קוקט אף איר ארויס און איז איר דאנקבאר פארן פארגעניגן, וואָס זי ברענגט אים מיט איר שפילן.



# זיכרוינעס

## כאַיִם לויצקער

# דער מענטש אינעם דיכטער

### ערשטע באַגעגעניש

אַ יין סאַמע אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן האָב איך, אַ יונגער לערער, אַליין בעסאַד־סוי־דעס געשריבן לידער. איך בין געווען שטאַרק פאַרכאַפּט מיט דער נייַער דיכטונג און מיט אירע שעפער.

באַזונדערס איינגעבאַקן אין האַרצן זייַנען מיר געווען די זויבערע לירישע לידער פון דאַוויד האָפשטיין.

האַרבסט 1923. איך בין אַפן שיידוועג. דאָס קינדערהויז, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט מען אַריינגעגאָסן אין טאַהאַנטשער (לעם קאָרסון) קינדער־שטעטל, מיר האָט מען פאָרגעלייגט צו פאַרוואַלטן מיטן יוגנט־הויז, וואָס דאַרף גע־שאַפן ווערן אין באָסלעוו.

אָט אין יענעם „ביין־האַזמאַנים" האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין קיִעוו, אין דער שטאָט פון מייַן טרוים, ווו כ׳האָב געהאַט בעדייע זיך איינאָרדענען אַף אַרבעט און — דעריקער — זיך אַריינוואַרפן אין ליטעראַרישן געווירבל פון דער שטאָט, זען לעבעדיקע שרייַבער, אין דער ער־שטער ריי מייַן ליבלינג, האָפשטיינען.

שוין אַפן צווייטן טאָג נאָך מייַן קומען קיין קיִעוו האָב איך זיכע געווען בייַצווזייַן אַף אַ יידישן ליטעראַרישן אָוונט אין קולטור־הויז. מיט האַרץ־פּלאַטער האָב איך געהערט די אַרויסטרעטונגען פון יידישע דיכטער און קרי־טיקער.

בעשאַסן איבערייַס האָב איך אַ פרעג געטאָן איינעם, וואָס האָט מיר אויסגעזען ניט פון די הויפּט־מעכוטאָנים:

— דאַוויד האָפשטיין איז דאָ פאַראַן?

— ששש. אָט שטייט ער דאָך לעם אייַך פון יענער זייַט...

— וואָס־וואָס? איר פרעגט אַף מיר? — האָט טאַקע הינטער מיר זיך אָפּגערופן אַ שטים. קי־מאַט אינגאַנצן מייַן דיאַלעקט, מייַן אויסשפּראַך! דערפון האָט אַף מיר גלייַך אַ ווייע געטאָן מיט אַזאַ היימישקייַט...

איך בין געווען געפּלעפט: אָט דאָס איז דאָ־וויד האָפשטיין? אַלע מייַנע ביזדעמלטיקע פאָרשטעלונגען וועגן דעם אויסערלעכן אָנבליק פון אַ דיכטער האָבן זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. זע נאָר: קיין שום פונדאַמענטאַלס, ראָמאַנטיש־דערהויבנס איז ניט געווען אין האָפּ־שטיינס קורצער, געפּאַקטער פיגור, און דאָס פּאָנעם — אַזאַ געוויינלעכס...

אָבער די אויגן! ס׳האָט זיך געדאַכט: זיי האָבן אייַנגעזאַפּט אין זיך אַ וועלט אַ גאַנצע. אַזעלכע אויגן שטראַלן אַרויס פון זיך די גאָרע פּיקכעס פונעם פאָלק.

איך האָב זיך איבערגעוואָרפן מיט האָפשטיי־נען מיט עטלעכע ווערטער, איינקורצן אים דער־קלערט, ווער איך בין און פונוואַנען, געבעטן מיך אופנעמען באַ זיך אין דער היים אָדער ערגעץ אַנדערש, ווו ער וויל.

— „אופנעמען"! וואָס פאַר אַן אופנאַם? קיין שום „אופנעמען"! פּאַשעט קומט צו מיר אַריין, ווען איר ווילט, ווען איר קענט. איר זייַנט דאָך אַ גאַסט אין קיִעוו, געקומען אַף קורצע עטלעכע טעג, איז כאַפּט זיך אַריין, ווען אייַך איז באַק־וועם. אַשטייגער, מאָרגן פאַרנאַכט. קומט צו גיין, וועלן מיר אַ ביסל אַ שמועס טאָן...

ער האָט מיר געגעבן זייַן אַדרעס און, אַף וויפל איך בין ניט קיין קיִעווער, מיר אויסגע־מאָלט, וויאַזוי, פון וועלכן פונקט ס׳וועט מיר זייַן באַקוועמער צו פאָרן.

איך בין מאַמעש באַצויבערט געווען פון אַזאַ פּאַשטעס און גוטמוטיקייַט, פון אַזאַ אומיטל־באַרקייַט און אופריכטיקייַט.

דער טאָג אַפּמאָרגן האָט זיך מיר געצויגן לאַנג, ווי דער גאָלעס. קוים זיך דערוואַרט ביינ־

---

פון דער שעפערישער ירושע.

האשמאָשעס, בין איך אריַינגעגאנגען אין דער ביכער־קראָם פון דער „קולטור־ליגע”, געקויפט דאָרט עטלעכע פרישע אויסגאבעס, צווישן זיי, געדענק איך, א סעריע קליינינקע, דינינקע ביכעלעך פון דער סעריע „ווידערוווקס” — לידער פון אָשער שווארצמאן, ליפע רעזניק, מוישע כאשטשעוואצקי, מוישע שויכעט, אווראָם ווע־לעדניצקי, שמועל האלקין, איציק פעפער. אלע ביכלעך הייבן זיך אָן מיט דאָוויד האָפשטיינס א פאָרעדע.

אין דרויסן איז געוואָרן טונקל, און איך האָב זיך געלאָזט גיין צו מיַין נייַעם באקאנטן, לויטן אדרעס, וואָס ער האָט מיר נעכטן געהאט געגעבן, — פושקין־גאס, 21.

## באם קוואל פון ליטערער דיכטונג

אריַינקומענדיק אין פאראדנע, האָב איך זיך אופגעהויבן אף עטלעכע טרעפ און מיט א ציטעריקער האנט אָנגעקלאפט אין טיר. דאָוויד האָפשטיין, אין א מין יארמלקע־ניט־יארמלקע, אין א ווארעמען זשילעט, שוין אינגאנצן א היימישער און אזא פראָסטער, אָן מינדסטער פאָזע, איז מיר געגאנגען אנטקעגן, ברייט דערלאנגט מיר די האנט, ווי זיַינס א גליַיכן, מיך באזעצט לעבן זיך ניט באם שריַיבטיש, נאָר אפן דיוואן — און גליַיך אָנגעהויבן:

— זיַינט איר, הייסט עס, א קאניעווער? שוין לאנג א לערער? א קלייניקייַט — קאניעוו: שעווטשענקאָס קייווער... איר גייט מיסטאמע אָפט אף טאראס' בארג, — אזוי, דאכט זיך, זאָגט מען בא אייַך?

ניט ווארטנדיק אף מיַין ענטפער, האָט ער פלוצעם א זאָג געטאָן:

— וויבאלד איר זיַינט א לערער פון ליטעראטור, שריַיבט איר, מיסטאמע, לידער. אין וויַיזט, שעמט זיך ניט...

כ'האָב זיך לאנג ניט געלאָזט בעטן, ארויסגעכאפט פון בוזעם־קעשענע מיַין ווינטשפינגערל — דאָס העפטל מיט לידער — און דערלאנגט עס האָפשטיינען.

— ניין־ניין! לייענט!

האקלאל, קיין ברירע ניט: כ'האָב גענומען לייענען איין ליד נאָך דער אנדערער. האָפשטיין האָט מיך אָפטלעך איבערגעריסן, פאָרגעלייגט קאָרעקטיוון, איך האָב מיט א שאָקל מיטן קאָפ אויסגעדריקט מיַין האסקאָמע, — אז יעדער וואָרט זיַינס איז פאר מיר א טוירע! — און לויט זיַין זשעסט געלייענט וויַיטער. איך האָב געלייענט, און אינווייניק אין מיר האָט געשטורעמט: וועדליק די אָפטע קאָרעקטיוון, האָב איך שוין באשלאָסן: פארפאלן, דורכגעפאלן מיט די לידער!

נאָך עטלעכע מינוט, און כ'האָב געענדיקט. א קורצינקע פאוזע.

— איר פארמאָגט א פּאָעטישן פונק. אין פראט פון בילד איז בא אייַך א ביסל מאָגערלעך, נאָר דאָס, וואָס איז בא אייַך פאראן, איז אפן אָרט, צו דער זאך, ניט סטאם אין דער וועלט אריַין, ערטערוויַיז שוין צופיל „צו דער זאך”, און אין פאָעזיע, זעט איר, איז עס ניט שטענדיק א מייַלע — דער סייכל־האיאָשער איז אין אייַערע אייניקע לידער צופיל באלעבאָס... פאראן אויך אזא שניט אין דער פאָעזיע, אין דער רוסישער אפילע בא אייניקע גאָר געהויבענע דיכטער... אָבער געפערלעך איז עס, וואָרעם דאָס קאָן איבערגיין אין הוילן ראציאָנאליזם, און די עמאָציאָנעלע ספערע, — אגעוו, איר פארשטייט אלץ, וואָס איך זאָג, יונגערמאן? — די עמאָציאָנעלע ספערע שטעלט זיך דאן אינגאנצן אוועק אין שאָטן. דעמלט איז אויס ליד, אויס פאָעזיע, ס'בליַיבט פון איר געגראמטע כקירע... נו, איר האָט א געפיל פאר סימעטריע, הארמאָניע, — דאָס איז פאר א דיכטער גאָר ניט פון די לעצטע זאכן...

דערהערט וועגן מיַין כיישעק זיך אייַנאָרדענען אין קיִעוו, האָט ער זיך אָפגערופן מיט א גאנצן מאָנאָלאָג. און דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז זייער כאראקטעריסטיש פארן געזונטן געזעלשאפטלעכן כוש, וועלכן ער האָט שוין דעמלט פארמאָגט:

— הערט איר, וואָס איך וועל אייַך זאָגן? איך פארשטיי אוואדע אייַער שטרעבונג צו א העכערער קולטור־סוויווע. איך האָב אָט דעם געפיל אויך אמאָל געהאט — ס'האָט מיך געצויגן אין שטאָט אריַין ווי מיט צוואנגען... נאָר דאָס וועט איר קיינמאָל ניט אָנווערן. זאָל עס זיַין שפעטער מיט א פאָר יאָר, ווען ס'וועלן אין דער רעפובליק געשאפן ווערן נייַע קאדרען. דערווייַל אָבער שטייט אייַך פאָר נאָך א שווערערע ארבעט — עפּעס א קלייניקייַט: א יוגנט־הויז! — און אין א גרעסערער שטאָט פון קאניעוו — אין באָסלעוו, א שטאָט מיט א היפּשער יידישער באפעלקערונג, מיט ארבעטער א סאך. האקלאל, נאָך מיַין מיינונג נאָך, וואָלט איר איצט ניט געדארפט זיך אריבערקליַיבן קיין קיִעוו. נעמט אָן די נייַע שטעלע אין באָסלעוו... האלט, אדעראבע, א פארבינדונג מיט מיר, מיט אנדערע שריַיבער... יאָ, מיט אנדערע, ווייַל איך וועל, מעגלעך, אינגיכן אוועקפאָרן אף א שטיקל צייַט. כ'וועל שוין וועגן אייַך זאָגן אייניקע כאווירים...

האָפשטיינס ווערטער האָבן אף מיר געמאכט גאָר א באזונדערן רוישעם. כ'האָב זיך גענומען געזעגענען.

— פארן פאָרן אהיים כאפט זיך אריַין צו מיר — טאקע אין אָט דער־אָ צייַט. פארגעסט ניט מיַין אייצע. גיט א טראכט. און ס'ווילט זיך מיר טאקע ויסן, וואָס איר האָט באשלאָסן.

איך בין ארויס אין גאס אינגאנצן א צעבויטעטער. איך האָב געפילט, אז איך קוק שוין אף א סאך זאכן מיט האָפשטיינס אויגן. און ווען כ'האָב אפמאָרגן אין דער ייִדסעקציע פונעם גובערניאלן פאָלקאָמבילד דערהערט פון מיַין אינספעקטאָר, אז דערווייַל איז אין קיִעוו ניט פאראן קיין פרייַע וואקאנסיע, האָט עס מיך ניט בלויז פארדראָסן, נאָר, פארקערט, שטארק דער־

פרייט. איך בין אוועק צו האָפּשטיינען זיך גע־זעגענען.

קעדיי ס'זאָל גרינגער זײַן פאַרפירן מיט אים א געשפּרעך, האָט בא מיר געקלעקט דערפינ־דערישקייט צוצוגרייטן א פּאָר פראַגעס, וואָס זײַנען שײַך צו זײַן דיכטערישער שאַפונג, פראַגעס וועגן באַזונדערע ערטער אין זײַנע ליד־דער, וועלכע איך האָב אָדער אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען אָדער געצווייפלט, צי כ'פאַרשטיי זיי ריכטיק.

— ווי דאַרף מען פאַרשטיין די ווערטער פון דער ליד „אָקטאָבער": „געבענטשט איז דער, וואָס קאָן עס זיך פאַרגינען אַזויפיל פּײַנט...״? וואָס איז דאָס פאַר א פּאַראַדאָקס — זיך פאַר־גינען סאָנים?

— דאָס איז גראָד גאַנץ פּאַשעט: א מענטש א ניכנע, וואָס אַלעמען גיט ער זיך קנעכטיש אונטער, מיט אַלץ און מיט אַלעמען איז ער מאַסקים, — אַזאַ מענטש האָט קיין סאָנים ניט. סאָנים פאַרמאָגט א מענטש, וואָס האָט אַן איי־גענע מיינונג און קעמפט פאַר איר אַקשאָנעס־דיק. אַזאַ מענטש, אויך אַזאַ געזעלשאַפט, האָט סאָנים און שטאַלצירט דערמיט. די פּראָלעטאַ־רישע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט דען ווייניק פּײַנט? און ס'איז ריכטיק, אַז די ווערטער פון דער ליד, וועלכע איר האָט ציטירט, באַזינגען די גרויסקײַט פונעם אָקטאָבער...

א צווייטע פראַגע מײַנע האָט געהאַט א שײַ־כעס צו האָפּשטיינס א ליד, וועלכע מע האָט אין יענער צײַט דעקלאַמירט אַף אַלע יאָמטוי־וים, — דער באַרימטער „פּראָצעסיע".

אַף שאַנדן־שטאַנגען וואַקלט זיך און וואַקלט
דער אַלטער גאָט...

די פראַגע איז געווען א ריין שפּראַכלעכע: פאַרוואָס פעלט נאָכן צווייטן „וואַקלט" דאָס וואָרט „זיך", און ס'באַקומט זיך, אַז דער אַל־טער גאָט וואַקלט זיך אַליין און וואַקלט אויך עמעצן אָדער עפּעס אַנדערש...

האָפּשטיין האָט גערעדט געלאַסן:

— איר פאַרשטייט? פונעם שטאַנדפּונקט פון גראַמאַטיק זײַנט איר אינגאַנצן גערעכט... אָ, איר קענט גראַמאַטיק, — דאָס איז, פאַרשטייט זיך, גאָר ניט שלעכט פאַר א לערער פון שפּראַך און ליטעראַטור (א כיטרע שמייכעלע האָט דערבײַ זיך באַוויזן אין זײַנע אויגן). איר זײַנט דאָך אָבער אויך א דיכטער... אין דיכטונג קומט אַמאָל אויס א ביסל פאַרבייגן די געזעצן פון דער שפּראַך, די גראַמאַטיק — אַמאָל צוליב ווילקלאַנג, ריטם, אַמאָל צוליב גרעסערער אויסדריקלעכקײַט. פאַרשטייט זיך, דער דיכטער דאַרף עס טאָן ניט האַמעטנע, ניט פאַרקריפּלען די נאַטירלעכע שפּראַך, נאָר, ווי כ'האָב געזאָגט, עטוואָס, א ביסעלע „אַרומגיין" עפּעס. ווי, אַשטייגער, אין אונדזער פאַל: ווען ס'וואָלט באַם ערשטן „וואַקלט" אויך ניט געווען דער „זיך", זאָגט — וואַקלט עפּעס, עמעצן, — נאָר אויב באַם ערשטן איז, באַרעכהאַשעם, פאַראַן דער געגאַר־טער „זיך", איז שוין א קליינער ראַכמאָנעס אַפן צווייטן „וואַקלט", וואָס שטייט האַרט לעבן ערשטן, אויב ער איז געבליבן אָן אַן אייגענעם „זיך"... איר פאַרשטייט?

דאָס צווייטע מאָל בין איך געקומען קיין קיִעוו קימאַט אין דרײַ יאָר אַרום, סאָף אויגוסט 1926, ווען איך בין געפאָרן קיין מאָסקווע, קאָמאַנ־דירט פונעם שעווטשענקאָווער קרײַזבילד־אָפּ־טייל אַף לערע אין 2־טן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. איך האָב ספּעציעל זיך אָפּגע־שטעלט אין קיִעוו צו זען זיך מיט האָפּשטיי־נען. די יעדיִע, אַז איך פאָר זיך לערנען, האָט האָפּשטיין אויפגענומען מיט גרויס באַפרידיקונג. איצט האָט אים שוין ניט געאַרט, וואָס איך פאַרלאָז די פּעריפעריע:

— אויב מע האָט אײַך אָפּגעלאָזט, אַפילע קאָמאַנדירט, איז עס א סימען, אַז ס'איז שוין דאָ מיט וועמען אײַך צו פאַרבײַטן. און לערנען, שטודירן דאַרפט איר, פאַרשטייט זיך.

כ'האָב אים געלייענט נײַע לידער. אין איי־ניקע, געדענק איך, האָט ער אײַנגעזען די האַשפּאָע פון אייניעם אַן עלטערן סאָוועטישן דיכטער, נאָר ניט געזאָגט, פון וועמען קאָנק־רעט. שפּעטער, ווען כ'האָב זיך אײַנגעטראַכט אין יענע לידער, האָב איך גלײַך באַמערקט, אַז זיי זײַנען באַווירקט טאַקע פון דאַוויד האָפּ־שטיינען...

## אַפן שויס פון דער נאַטור

דאַוויד האָפּשטיינס קאָלאָסאַלע באַהאָוונטקײַט אין דער נאַטור וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מע באַקאַנט זיך מיט זײַן דיכטערישער שאַ־פונג. ווי אַזוי ער איז געווען אויסגעקאָכט אין דער געוויקסן־וועלט, האָב איך געהאַט א גע־לעגנהײַט צו באַאָבאַכטן ניט איין מאָל בעשאַס אונדזערע באַגעגענישן. אין א באַזונדערס אינ־טערעסאַנטער אומגעבונג האָב איך עס געזען דאָס לעצטע מאָל אין 1948.

מיר האָבן צוזאַמען אָפּגערוט אין קיסלאָ־וואָדסק אין דער סעמאַשקאָ־סאַנאַטאָריע.

בייס אייניעם א שפּאַציר, פאַרטאָג, נאָך ביזן פרישטיק, איז האָפּשטיינען אײַנגעפאַלן מיר מאַכן אַן עקזאַמען אַף די סובטראָפּישע גע־וויקסן, וואָס זײַנען בעשעפע געוואַקסן טאַקע האַרט בא דער סאַנאַטאָריע. איך האָב אים גלײַך געוואָרנט, אַז איך קאָן ניט אָנרופן באַם נאָמען קיין אייניעם פון די דאָזיקע געוויקסן, כוץ עפּ־שער א פיקוס.

דערפאַר אָבער האָט האָפּשטיין געוווּסט — אָך, ווי ער האָט געוווּסט! און ער האָט האַנאָע געהאַט פון דעם דאָזיקן וויסן, און איך האָב געגאַפט, שטאַרק זיך געכידעשט, געקוקט אַף אים מיט באַוווּנדערונג און אַנציקונג...

אָט האָט זיך באַוויזן א מענטש אין א פאַר־טעך מיט א סאַד־שער אין האַנט. דערהערט, אַז אַפּרוענדיקע שמועסן זיך דורך אַזוי פרי בא די ביימער און רופן אָן יעדן בוים בא זײַן

נאָמען, איז ער צוגעגאנגען נעענטער און מיט נײַגער גענומען זיך צוהערן. יעדעס מאָל, ווען האָפּשטיין פֿלעגט אָנרופֿן א געוויקס באַם נאָמען, האָט ער מיט א באַגײַטיקנדיקן שאָקל מיטן קאָפּ באַשטעטיקט די ריכטיקײַט פֿון די נאָמינאַציעס. און ווען יענער האָט זיך עטוואָס אָפּגעקערעוועט, האָט דער סעדער זיך געווענדט צו מיר מיט א פֿראַגע:

— א פּראָפֿעסאָר, הא? — און, צוטוליענדיק דעם פֿינגער צום שטערן, צוגעגעבן: — א גרויסער פּראָפֿעסאָר!

שפּעטער האָב איך געזאָגט האָפּשטיינען:

— איך בין אונטערן אײַנדרוק פֿון אײַער טיפֿן קענען די נאַטור. א ביסל פֿאַרשטיי איך עס: איר זײַנט געוואַקסן אין דאָרף, געאַרבעט אויף אײַער פֿאָטערס נאַכלע, אויפֿן פּאַסיקל ערד...

— איר האָט גוט געזאָגט: א „פּאַסיקל ערד"... ניט לאַנג צוריק האָב איך אָנגעשריבן א ליד „פֿעלדער", נאָך אין ערגעץ זי ניט געדרוקט. די ליד איז אינגאַנצן אַן אויטאָביאָגראַפֿישע, געבויט אויף די זכרונות פֿון מײַנע אומעטיקע קינדער־יאָרן.

דער טאַטע האָט אָפּגעדונגען בײַ א באַלעגוף א שטיקל ערד, גאָר א קליין שטיקל. אין שטעלט זיך פֿאָר: אויף אָט דעם „פּאַסיקל ערד", אין סאַמע עק פֿעלד, וווּ ס'זײַנען געוואַקסן עטלעכע סאָסנע־ביימלעך, האָב איך זיך געמאַכט א ווינקעלע. דאָרט פֿלעג איך אין א פֿרײַער שעה לייענען, שרײַבן, טרוימען, דערי־קער טרוימען — פֿון וואָס איר ווילט אַליין. איז זיך מעיאשעוו דער טאַטע — קאָרטשעוועט אויס די עטלעכע סאָסנעלעך און פֿאַרזייט פּראָסע... די טרייסט איז געווען — מיר האָבן אוועקגעלייגט נאָך א ביסעלע האָרעוואַניע און באַקומען א גרעסערע גערעטעניש אויף פּראָסע. אָט איז די לעצטע סטראָפֿע פֿון דער ליד:

אויף פּלייצעס פֿון יוגנט דער שווייס, ווי א
ראָסע!
די פֿריידן די טיפֿע פֿון שניטער געטרײַע.
די הירזשענע קאַשע פֿון אייגענער פּראָסע!
דער אָנזאָג פֿון לעבן אויף באָדנס אויף נײַע!

(דאָ האָב איך זיך לויט דער אַסאָציאַציע דערמאָנט אין אייניקע אַנדערע לידער האָפּשטיינס, וווּ ס'איז דיכטעריש פֿאַרקערפּערט דער נאַטור־מאָטיוו. זײַן זייער נאָענטע באַהעפֿטקײַט מיט דער נאַטור, מיט דער געוויקסן־וועלט איז, צום בײַשפּיל, בוילעט אָפּגעשפּיגלט אין אָנהייב פֿון זײַן פּאָעמע „גאָלד", געשריבן אין עפּיש שטרענגן העקזאַמעטער:

פֿרי פֿונעם שטעטעלע בין איך געקומען צו
פֿעלדער, צו וועלדער.
כ'שרײַב אַזוי גערן פֿון ביימער, פֿון שטאַמען,
פֿון בלעטער, פֿון בליִונג,
כ'האָב אַזוי ליב אונדזער פֿלאָרע, פֿון מײַרעוו
ביז מיזרעך דעם ווײַטן...

די דאָזיקע פֿערזן זײַנען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס די גאַנצע ליד איז ניט קיין נאַטור־ליד, און זיי דינען בלויז אַלס אינטראָדוקציע צו א פּאָעמע מיט גאָר אַן אַנדער טעמע, מיט אַנדערע מאָטיוון).

— נאָר פֿונוואַנען, — זעצט פֿאָר דעם שמועס האָפּשטיין, — בין איך אַזאַ נאָענטער מעכוטן מיט אַלערליי ביימער? מיר דאַכט, אַז דאָס איז גראָד ווייניק געבונדן מיט מײַן קינדערשער סוויווע, כאָטש איך האָב דעמלט ניט ווייניק פֿאַרבראַכט אין וואַלד. א סימען האָט איר: קיין סובטראָפּישע געוויקסן האָב איך דאָך אין די קאָראָסטישעווער וועלדער ניט באַגעגנט, און דאָך קען איך זיי א ביסל, טאַקע א ביסל און ווייס ניט אויסשעפּיק, ווי אײַך ווײַזט זיך אויס.

דער סאָד, מיין איך, ליגט אין צוויי מידעס, וואָס זײַנען נוצלעך פֿאַר אַלעמען, אָבער פֿאַר א שרײַבער זײַנען זיי אַן אומבאַדינגטער טנאַי: דאָס איז וויסנסדורשט און באַאָבאַכטערישקײַט...

## דורך שווערע ניסיוינעס

מילכאָמע־צײַט...

דעם עלטערן דאָר שרײַבער פֿון אוקראַיִנע האָט די רעגירונג עוואַקויִרט קיין אופֿא (באַשקיריע), צווישן זיי — דאָוויד האָפּשטיינען. קיין אופֿא האָט דער גוירל פֿאַרוואָרפֿן אויך מיך — צוזאַמען מיט דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע. ס'איז ניט שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז מײַן פֿרײַנטשאַפֿט מיטן גרויסן דיכטער איז אין די באַדינגונגען פֿון אופֿימער ענגערן קאָנטאַקט געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווי געווען.

ווער וואָלט דעמלט אינעם פֿריִער אַלץ פֿאַרגעבנדיקן ליריקער דערקענט דעם צאָרנדיקן פּובליציסט, דעם קעמפֿער, דעמאַסקירער און ריכטער, דעם דורכגעדרונגענעם מיט טיפֿן האַס, דעם פּאָעט, וואָס שיט פֿעך און שוועבל אויף די קעפּ פֿון די פֿאַשיסטן?

איר וועט צאָלן פֿאַר ליידן,
איר וועט צאָלן פֿאַר יעדן
שוין פֿאַרלאָשענעם בליק.
פֿאַר צעטראָטענע שטרעבנס,
פֿאַר פֿאַרומערטע לעבנס,
פֿאַר פֿאַרטריבענעם גליק.
און פֿאַר ווונדן, פֿאַר פּלאָגן,
פֿאַר געוויינען, פֿאַר קלאָגן
און פֿאַר אַנגסטן פֿון נויט —
עס וועט קלעקן אונדז מילדקײַט
אײַך באַצאָלן מיט ווילדקײַט,
אײַך באַצאָלן מיט טויט!

אין אופֿא האָט האָפּשטיין פֿאָרגעזעצט דאָס איבערזעצן לידער פֿון די אוקראַיִנישע דיכטער. ער האָט איבערגעדיכטעט א לירישע פּאָעמע פֿון פּאַוולאָ טיטשינאַ, לידער פֿון מאַקסים רילסקי און וואָלאָדימיר סאָסיוראַ — אַלע דרײַ ווערק זײַנען געווען געווידמעט דעם

ייִדישן פֿאָלק. האָפּשטיין האָט זיי פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער צײַטונג „אייניקײַט".

אין אָט די שווערע טעג פֿון אונדזער לעבן אין אופֿאַ האָט ער קיין רו זיך ניט געקענט געפֿינען איבער די טיפֿע איבערלעבונגען — דער לאַגע אױף די פֿראָנטן, דעם גורל פֿון זײַנע ביידע זין אױפֿן פֿראָנט, דער בענקעניש אַהיים. ער זוכט אַ זעליק אָרט פֿאַר זײַן גײַסטיק לעבן.

און אַז מע זוכט, געפֿינט מען. אױף דער שטילער קרופּסקע־גאַס אין אופֿאַ, וווּ ס'האָט געוווינט דאָוויד האָפּשטיין, געפֿינט זיך אַן איינשטאָקיק שטיבל, אײַנגעהילט אין פֿליושטש. אױף דער טיר — אַ באַשיידן שילדל: „לענין־מוזיי".

לעכצנדיק נאָך נײַע מענטשן, האָט האָפּשטיין גאָר גיך זיך באַפֿרײַנדעט מיט די מיטאַרבעטער פֿונעם מוזיי. זיי איז אויך שטאַרק געפֿעלן געוואָרן דער בענימעסדיקער, עטוואָס טשודאַקאָוואַטע, אָבער זייער אינטערעסאַנטער מענטש, און גאָר אינגיכן איז ער געוואָרן מיט זיי אינגאַנצן היימיש און האָט אַפֿילע מיטגעהאָלפֿן אין דער אַרבעט, ניט ווײַכנדיק פֿון קיין שום טעכנישע פֿליכטן, וואָס עס פֿלעגט אַמאָל אויסקומען אויסצופֿילן.

איינצײַטיק איז דער מוזיי געווען בײַ האָפּשטיינען אַ מין פֿאַרבאָרגן ווינקל פֿאַר האַרכאָוואַס־האַדאַאַס, פֿאַר זײַנע ראַיוינעס און פּאָעטישער הישטאַפּכעס־האַנעפּעש, וואָרעם ניט אין זײַן צענמעטערדיקן צימערל אױף דרײַען פֿון זײַן מישפּאָכע (אין קיִעוו האָט ער געהאַט אַ דירע פֿון פֿיר צימערן אין הויז פֿאַר שרײַבער), ניט אין גרויסן זאַל פֿון דער אַקאַדעמיע האָט ער ניט געקענט זיך קאָנצענטרירן.

איינמאָל האָט ער מיר געוויזן אין מוזיי זײַן שרײַבטיש, וואָס די ליבע כאַווײרים האָבן געגעבן אין זײַן רעשוס אין אַן אָפּגעזונדערט ווינקעלע.

אָט איז אַ פֿראַגמענט פֿון אַ ליד, וואָס האָפּשטיין האָט אָנגעשריבן אין מוזיי וועגן מוזיי:

...אין אָט דעם הויז איז אַ מוזיי,<br>ס'איז לענינס נאָמען אױף דער שילד.<br>און יאָרן העלדישע אין זיי<br>דאָ זײַנען פֿאַרגעשטעלט אין בילד.

אין טונקלע פֿײַנלעך־שווערע טעג<br>האָט מיך דער אויסזען פֿון דעם הויז<br>באַפֿרײַט פֿון אָנמאַכט און פֿון שרעק<br>און אומגעקערט מײַן רויטן ברויז.

מיך אומגעקערט צו טעג פֿון קריג<br>פֿאַר נײַעם לעבן אױף דער וועלט<br>און ווידער מיך אוועקגעשטעלט<br>אין ריי פֿון קעמפֿער ביז דעם זיג.

## פּאָעטיש־באַגײַסטערטע פֿריידיקע מי

דאָוויד האָפּשטיין איז געווען זייער אַ קאָמפּליצירטע נאַטור. פּונקט אַזוי, ווי ס'זײַנען פֿרעמד געווען זײַן דיכטערישער פּערזענלעכקײַט באַנאַלע וועגן, אַזוי זײַנען זײַן מענטשלעכער טעווע געווען אייגנטימלעך אָריגינעלע אײַנפֿאַלן.

ס'וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן: אַזאַ גײַסטרײַכער מענטש, אַן אינטעלעקטואַל אױף דורך און דורך, וואָלט באַדאַרפֿט זיך אויסלעבן אויסשליסלעך אין רוכניעס, אין שוועבן אין די הייכן פֿון דענקען, פֿון אַבסטראַקציעס... וואָס פֿאַר אַ שײַכעס קען אַזאַ מענטש האָבן צו פֿיזישער אַרבעט?

און אונדזער האָפּשטיין האָט „צו אַזעלכע זאַכן" געהאַט גאָר אַ נאָענטע שײַכעס. פֿיזישע מי איז אים שטענדיק געלעגן אין זינען. ער האָט ניט בלויז באַזונגען די אַרבעט אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען, נאָר איז אַליין געווען אַ גרויסער האָרעפּאַשניק, אַ סאַך געמיט זיך סײַ אין דער דיכטונג, סײַ פֿיזיש — מיט פֿאַרכאַפּטקײַט און באַגײַסטערונג.

דאָס מײַסטערווען איז בײַ אים געווען ניט קיין עפּיזאָדישע פֿרימכע פֿון אַן איבערגעזעטיקטן פּאָרעץ, נאָר אַן אָרגאַנישע טאָגטעגלעכע באַדערפֿעניש.

איך בין אַן איידעס פֿון האָפּשטיינס מאַגעאומאַסע מײַט פֿאַרשיידנאַרטיקע שטאָפֿן, וואָס האָבן איבערגעפֿולט זײַן אַרבעטס־פּלאַץ אין זײַן לעצטער וווינונג אױף לענין־גאַס, 68, — אַ נאָענטסטער איידעס, וואָרעם דאָוויד האָט געוווּסט, אַז מײַסטערווען, זאָל זײַן מיט ווײיניקער קענטעניש און אין קלענערע מאַסשטאַבן, איז געווען אויך מײַן שוואַכקײַט. מיך פֿלעגט ער אָפֿט אײַנלאַדן אים באַגלייטן צו די שטעלעכלעך אױף די מערק, וווּ אױף אַ רעדנע, אויסגעשפּרייט גלײַך אױף דר'ערד, זײַנען געלעגן אַלערליי אַלטע מעטאַלענע שמאָכטעס צום פֿאַרקויפֿן בעכאָצי־כינעם.

ניט איין מאָל פֿלעגט ער אַליין מיך בעטן, איך זאָל אים ניט לאָזן צופֿיל זיך פֿאַרכאַפּן און זאָל האַמעווען זײַנע אַפּעטיטן, נאָר אַז ס'איז געקומען צו קויפֿן עפּעס, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אומנוצלעכס, האָבן ניט געהאָלפֿן מײַנע סיגנאַלן, ער פֿלעגט ווערן אויפֿגעבראַכט אױף מיר — אַז איך הייב ניט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס מע קאָן אויפֿטאָן פֿון אָט די רעדעלעך און שרײַפֿעלעך אַאַוו. „אָט וועט איר זען, — פֿלעגט ער מיך נעמען אײַנריידן, — וועט איר פֿאַרשטיין, אַז איר פֿאַרשטייט גאָרניט", און זיך אויסבײַטלען ביז אַ גראָשן...

נאָר קיין פֿאַרדראָס האָט מען אױף האָפּשטיינען ניט געקענט האָבן: ער איז געווען אַזוי באַצויבערנדיק אַפֿילע אין זײַנע קינדישע קאַפּריזן, ס'איז אַזוי אינטערעסאַנט געווען מיט אים צו פֿאַרברענגען, אַז אַלץ איז געווען קעדײַ.

אין פּעריאָד צווישן דעם אַריבערפֿאָרן פֿון אופֿאַ קיין מאָסקווע און דער רעעוואַקואַציע קיין קיִעוו האָט האָפּשטיין זיך שטאַרק פֿאַרכאַפּט מיט מײַסטערווען שטעקלעך מיט אוניקאַלע גאַלקעס צו זיי. אָט די אַרבעט האָט זיך פֿאַרענדיקט שוין אין קיִעוו. אַ שעפֿערישער

**רעזולטאַט פון דער אָרדנטלעכער באַנומענקײַט איז די ליד „מײַן שטעקן”:**

מײַן קלוגער שטעקן, וואָס באַגלייט אצינד מײַן
גאַנג,
פאַר פרײַער דינסט אין ליד איך דריק דיר
אויס א דאַנק!

**ס'קומט א קאָמפּעטענטע כאַראַקטעריסטיק פונעם שטעקן. דערנאָך — די דיכטערישע ווענדונג צו אים, ער זאָל גוט אויספּילן זײַנע פונקציעס — זײַענדיק שטײַף געבויט, דינען אַלס זיכערער אָנשפּאַר.**

**ס'האָט דעמלט נאָך געבושעוועט די מילכאָ־מע, כאָטש דער זיג פונעם סאָוועטישן פאָלק איבערן בלוטיקן פאַשיזם איז שוין געווען אין דער גאָר נאָענטער פּערספּעקטיוו. דער דיכטער קאָן זיך ניט פאַרגינען צו ריידן וועגן א פריד־לעכער דערשײַנונג, ניט פאַרבינדנדיק זי מיטן פּאַטאָס פונעם קומענדיקן ניצאָכן, — און ער רופט פּאַטעטיש אויס:**

שוין נאָענט, נאָענט איז דער טאָג, דער יום־
האַדין,
ווען בא די פיס וועט קאָרטשען זיך דער
ווייסטער פײַנט.
מיט סינע דורכגעדרונגען, וועל איך גיין, ווי
הײַנט,
מיט דיר, מײַן פרײַנט, מײַן אָנלען אינעם
פּראָסטן זין.

## מענטשן־ליבע

**ווער ס'האָט געהאַט דאָס גליק צו קענען האַפּשטיינען אין לעבן, פלעגט מאַמעש ניס־פּאַעל ווערן פון זײַן גרענעצלאָזער גוטהאַרצי־קײַט. דאָס איז געווען א מעזעג־טאָוו אין פולן זינען פון וואָרט. ער האָט ניט געקענט דורכ־גיין גלײַכגילטיק פאַרבײַ נויטבאַדערפטיקײַט, דאַקעס, עלנטקײַט. ער פלעגט זיך טיילן מיטן לעצטן. ניט זיך, ניט זײַנע לײַבלעכע קרוּווים און נעענטערע גוטפרײַנט האָט ער ניט גע־שוינט אַף אויסצוהעלפן א ווילד־פרעמדן אין אָן אייס־צאָרע, אין עפּעס א נויט — א גרעסע־רער צי א קלענערער. און מיט א מין כעדווע האָט ער עס געטאָן — מיטן גאַנצן האַרצן, מיט א באַזונדער ענטוזיאַזם...**

**איך קום איינמאָל צו האַפּשטיינען. זומער 1945 איז עס געווען, עטלעכע כאַדאָשים נאָכן טאָג פון ניצאָכן. אין שטוב דרייט זיך ארום א ייִנגעלע פון א יאָר צען־צוועלף.**

**— דאָס איז א פּריבלודנע קינד, נעבעך, אָן טאַטע־מאַמע, וואָס זײַנען, מיסטאַמע, אומגעקו־מען. וויאַזוי קען מען צוזען אזא זאַך? האָב איך אים געבראַכט אהיים...**

**יאָ, האַפּשטיין האָט ליב געהאַט מענטשן און געגלייבט אין זיי:**

כ'האָב ליב דאָס מענטשלעכע געזיכט
אין אָנשטרענג און אין שמייכל.
זאָל זײַן, אַז ניט צו מיר
געווענדעט איז די ליכט —
איך ווייס, זי וועט צו מיר דערגרייכן...

**פון האַפּשטיינס מענטשן־ליבע דרינגט שוין ארויס זײַן רירנדיק־וואַרעמע באַציִונג צו אָפּ־שטאַמיקע פון אַנדערע נאַציִאָנאַלע סוויוועס. פעלקער־פרײַנטשאַפט איז בא אים געווען א טיפער באַשטענדיקער געפיל, וואָס האָט דורכ־געדרונגען זײַן מענטשלעך און דיכטעריש גע־מיט און האָט אין פּראַקטישן טאָגטעגלעכן לעבן זיך אויסגעדריקט אין גרויסער פרײַנטשאַפט מיט שרײַבער און מיט אַנדערע שעפערישע פּערזענלעכקײַטן פון פאַרשיידענע פעלקער — זײַן באַוווּסטע רירנדיקע כאַווערשאַפט מיט מאַקסים רילסקין, די וואַרעמע באַציִונגען מיט פּאַוולאָ טיטשינאַ, די האַרציקע פרײַנטשאַפט מיט אַלע אוקראַיִנישע שרײַבער פון זײַן דאָר, ווי אויך מיט שרײַבער פון אַנדערע נאַציִאָנאַלי־טעטן — גרוזינער, אַרמענער, אַזערבײַדזשאַנער; אין די מילכאָמע־יאָרן — זײַן פרײַנטשאַפט מיט די באַשקירער שריפטשטעלער, באַזונדערס מיט סייפי קודאַשן.**

**דאָוויד האַפּשטיינס כאַווערשאַפט מיט מענטשן פון אַנדערע פעלקער איז פאַרפיק־סירט אין א סאַך דערהויבענע לידער סײַ וועגן דער עצעם אידיי פון פעלקער־פרײַנטשאַפט, סײַ אַדרעסירטע צו באַזונדערע אָנגעזעענע פאָרשטייער פון די פעלקער.**

ווער קאָן אַזוי שעצן די פרײַנטשאַפט,
ווי די, אַלע די,
וואָס האָבן געליטן פון פײַנטשאַפט
אין זעלביקן הי?

**מיט האַפּשטיינס ברייטן און אַלזײַטיקן אינ־טערנאַציִאָנאַליזם האָט פולשטענדיק אָרגאַניש געהויזט זײַן טיפער נאַציִאָנאַלער געפיל — זײַן גרענעצלאָזע ליבע צום אייגענעם פאָלק.**

**א היפּשע עוואָליוציע האָט דאָוויד האַפּשטיין דורכגעמאַכט אין זײַן נאַציִאָנאַלן זעלבסטבאַ־וווּסטזײַן. אויב אין אָנהייב פון דער רעוואָליו־ציע איז דער דאָזיקער באַוווּסטזײַן באַזירט אויסשליסלעך אַף די אַסאָציאַציעס מיטן אַמאָל, אַפן שווידער פון די ייִדישע ליידן און פּלאָגן אין דער פאַרגאַנגענהײַט, — איז אין א פערטל יאָרהונדערט ארום, אין די טעג פון דער לעצ־טער מילכאָמע, האַפּשטיינס נאַציִאָנאַלער באַ־וווּסטזײַן פאַרבונדן מיטן אַקטיוווסטן אָנטייל פונעם ייִדישן פאָלק אין דער אומדערמידלעכער בויונג, אינעם פאַרביטערטן קאַמף קעגן היט־לעריזם:**

יאָ, איך בין גרויס
נאָך מער, נאָך מער דערמיט,
וואָס איך געהער
צו די,
וואָס זיי איז אויסגעפאַלן דער באַשער
זיך האַרטעווען און שטאָלן זיך
אין קאַמף, אין שטאָלצער מי, —
איך בין א ייִד
פון נײַעם שניט.

■ ■ ■

לעאנעל דאדיאני

# „לינקע״ ציוניסטן — ווער זיינען זיי?

אינעם ערטווראוו פון די פסעוודא־סאציאליסטישע דאקטרינעס, באזונדערס פון די פארשייידענע „נאציאנאלע סאציאליסטישע שיטעס״, פארנעמט א באזונדער אָרט דער אזויגערופענער ציוניסטישער „סאציאליזם״, אָדער, ווי מע רופט אָפט די אָנהענגער זיינע, „לינקע סאציאליסטן״.

עס איז שוין לאנג צייט צו מאכן א דעטאלן קריטישן אנאליז פון די פארשיידענע פאָרמען פונעם „סאציאל־ציוניזם״, געבן א פאנאנדערגעוויקלטע קריטיק פון די טעאָרעטישע גרונטלאגן און פון דער פראקטישער טעטיקייט פון אָט די קוואזי־„סאציאליסטן״, וועלכע האָבן זיך א נאָמען געגעבן „לינקע״.

אפן זעקסטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט דער פאָרשטייער פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון פאלעסטינע כיידער געזאָגט אין זיין ארויסטרעטונג:

„ניטאָ נאָך אזא קאָלאָניע, ווו דער סאָציאל־רעפאָרמיזם זאָל זיין אזוי שטארק, ווי ער איז אין פאלעסטינע. דאָרט ארבעט א רעפאָרמיסטישע אָרגאניזאציע פונעם אייראָפעישן אימפעריאליזם, וועלכע האָט מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער באוועגונג געשאפן פאר זיך א פעסטע באזע. אין קאמף קעגן דעם קאָמוניסטישן איינפלוס איז דער רעפאָרמיזם גרייט אָף אלץ, אָנגעהויבן פון אומדערבארעמדיקע רעדיפעס קעגן די רעוואָלוציאָנער געשטימטע ארבעטער און געענדיקט מיט באשווינדלען די ארבעטער, שפרייטנדיק צווישן זיי די אילוזיע, אז אין פאלעסטינע וועלן זיי אויסבויען א „קאָמוניסטישן גאניידן״.

איינער פון די לידערס פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון יִשׂראל, דער אָנגעזעענער היסטאָריקער עמיל טומא שרייבט:

„דער ציוניזם, וואָס איז א וולאד פון דער רעאקציאָנערער גרויס־בורזשואזיע, האָט אויסגעארבעט פאר זיינע פראקטישע צילן די אזויגערופענע „ארבעטער״־אידעאָלאָגיע. דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב דעם, קעדיי באשווינדלען די יידישע ארבעטנדיקע און אויסנוצן זיי אלס אינסטרומענט פונעם ציוניזם״.

דער מיטגליד פונעם פאָליטישן קאָמיטעט פון צק פון דער קאָמפארטיי פון פשא, רעדאקטאָר פונעם טעאָרעטישן אָרגאן פון דער פארטיי „פאָליטיקל אפערז״ און פונעם זשורנאל „דזשויש אפערז״ כיימען לומער האָט אין זיין בוך „דער ציוניזם און זיין ראָליע אין דער וועלט־פאָליטיק״ געווידמעט א ספעציעל קאפיטל די „לינקע״ ציוניסטן און זייער טעטיקייט אינעם צארישן רוסלאנד, אין יִשׂראל און אין פשא.

„די „לינקע״ און רעכטע „סאָציאל־ציוניסטן״, — שרייבט כ. לומער, — זיינען פעסט צונויפגעשמאָלצן מיטן ציוניסטישן סעפאראטיזם־נאציאָנאליזם, וואָס פאָרט זיך לאכלוטן ניט מיטן פראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם... אין די אינטערעסן פונעם קאמף פאר אָן עכטן, פאר אָן עמעסן סאָציאליזם אין פשא איז נייטיק צו דערשלאָגן זיך, אז די יידישע ארבעטער, וועלכע בילדן די מערהייט פונעם יידישן פאָלק, זאָלן ניט באשווינדלט ווערן דורך דעם סוראָגאט פון די אזויגערופענע „סאָציאליסטישע ציוניסטן״, וועמען אייניקע אונדזערע (דה. אין אמעריקע. — ל. ד.) געוועזענע פּראָגרעסיווע יידישע לידערס האלטן פאר „גוטע״ ציוניסטן, מיט וועלכע מיר (קאָמוניסטן) דארפן ארבעטן פארייינס״.

אין די לענדער פון לאטיין־אמעריקע פירן די קאָמוניסטן און די אנדערע פּראָגרעסיווע קרעפטן א קאמף ניט בלויז קעגן די אָפענע בורזשואזע ציוניסטן, נאָר אויך קעגן יענע, וואָס ציען אָף זיך ארוף אָן אויבער־בעגעד פון מארקסיזם און סאָציאליזם.

„מאסקירנדיק זיך אונטער צווייפלהאפטע נעמען, — האָט געזאָגט אין זיין ארויסטרעטונג אפן XII צוזאמענפאָר פון דער קאָמפארטיי פון

ארגענטינע דער פראָגרעסיווער טוער רוּוון סינײַ, — שרײַענדיק אָף אלע ראָגן, אז זיי געהערן צום אנטי־אימפעריִאליסטישן קאמף אָדער צו די סימפאטיקער פון אָט דעם קאמף. האָבן די „לינקע" ציִעניסטישע גרופּירונגען געטאָן אלץ, קעדיי ארויסרופן בײַ די פראָגרעסיוו געשטימטע ארגענטינער א געפיל פון סאָלידאריטעט מיט די מיליטאריסטן פון טעל־אוויוו. ליידער גיט זיך צומאָל אײַן די „לינקע" ציִעניסטן צו געווינען די סימפאטיע פון מענטשן, וועלכע זײַנען געוואָרן באריִמט אדאנק זייער דעמאָקראטישער פארגאנגענהײַט".

ווי נייטיק און אקטועל עס איז צו פאנאנדערוויקלען א ברייטע און אלזײַטיקע קריטיק פון דער אידעאָלאָגיע און פראקטיק פונעם ציִעניסטישן „סאָציִאליזם", איז צו זען אויך פון דעם פאקט, וואָס אינעם פעריִאָד צווישן די צוויי וועלט־מילכאָמעס האָט דער סאָציִאליסטישער ארבעטער־אינטערנאציִאָנאל (איצט הייסט ער פאָשעט סאָציִאליסטישער אינטערנאציִאָנאל) אקטיוו געהאָלפן און העלפט אויך איצט די ציִעניסטישע „ארבעטער"־פארטייען.

די קאָמוניסטישע פארטיי פון ייִסראָעל, וואָס האָט אָף איר XVI (1969) און XVII (1972) צוזאמענפאָרן ווידעראמאָל באטאָנט די קאטעגאָרישע נייטיקײַט צו אקטיוויזירן דעם קאמף פון אלע פראָגרעסיווע קויכעס קעגן דער טעאָריע און פראקטיק פונעם ציִעניזם, האָט באזונדערס אָפגעמערקט, אז די „לינקע" ציִעניסטן מיט זייער פסעוודאָ־סאָציִאליסטישער דעמאגאָגיע סאמען אָפ דאָס באוווּסטזײַן פון די ארבעטער און פויערים פון ייִסראָעל און פון די ייִדישע ארבעטנדיקע אין א ריי אנדערע לענדער, פירנדיק אָן אקטיווע אונטערײַסערישע טעטיקײַט צווישן די פראָגרעסיווע פארטייען און גרופעס.

האגאם די געשיכטע פון דער ארבעטערבאוועגונג אין דער גאָרער וועלט, אויך דער הײַנטיקער קלאסנקאמף דערווײַזן איבערצײַגנדיק, אז עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן קיין שום „פאררייניקונג צווישן דעם ציִעניזם און דעם סאָציִאליזם", אז עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן קיין שום „פראָגרעסיווער ציִעניזם", פונדעסטוועגן זײַנען אין דער פארגאנגענהײַט אויפגעקומען און עס באווײַזן זיך אויך איצט אָרגאניזאציעס און מענטשן, וועלכע פויקן אין אלע פויקן, אז עס איז יאָ מעגלעך אזא „פאררייניקונג", אז עס איז אפילע נייטיק א סינטעז צווישן דעם ציִעניזם מיטן מארקסיזם און קאָמוניזם, דערבײַ מאכן זיי פרוּוון ארײַנצודרינגען אין דער אינטערנאציִאָנאלער קאָמוניסטישער באוועגונג. מע קאָן ברענגען אלס בײַשפיל די טעטיקײַט פון דער רענעגאטישער גרופע פון מיקוניס — סנע, וועלכע האָט אינמיטן פון די 60־ער יאָרן געפרוּווט פארכאפן אין אירע הענט די אָנפירונג פון דער קאָמפארטיי פון ייִסראָעל, קעדיי פארוואנדלען זי אין א ציִעניסטישער רעפאָרמיסטישער אָרגאניזאציע.

די פרוּוון צו רעווידירן די לענינישע אָפשא־צונג וועגן דעם טאָך פונעם ציִעניזם, די פארשיידענע וואקלונגען אין אָט דער פראגע, דאָס ארײַנפירן אינעם אייגענעם ארסענאל אייניקע ציִעניסטישע טעזיסן (לעמאָשל, דאָס דערקלערן דעם אנטיציִעניזם אלס אנטיסעמיטיזם, די נידעריקע רעכילעס וועגן דעם „סאָוועטישן אנטיסעמיטיזם", וועגן דער דיסקרימינאציע קעגן ייִדן אין די סאָציִאליסטישע לענדער אדג.), אפילע די שטרעבונג צו בארעכטיקן אין דער אָדער יענער מאָס די רעאקציִאָנערע און אגרעסיווע פאָליטיק פון די רעגירנדיקע ציִעניסטישע קרײַזן פון ייִסראָעל האָבן געהאט אָן אָרט אויך בײַ אייניקע טוער, וועלכע זײַנען געווען מיטגלידער פון די קאָמפארטייען.

דאָס לעבן האָט דערוויזן, אז דער בורזשואזער נאציִאָנאליזם און דער רעוויזיִאָניזם ציִען אלס קלאל זייער יעניקע איינער פונעם צווייטן, זיי דערגאנצן איינער דעם אנדערן. די גרעסטע מערהײַט געוועזענע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך אראָפגעקײַקלט אָף ציִעניסטישע אָדער פראָציִעניסטישע פאָזיציעס, זײַנען אין דער זעלבער צײַט ארויסגעטראָטן אלס רעכטע (צומאָל רעכט־לינקע) רעוויזיִאָניסטן.

מע דארף, פארשטייט זיך, נעמען אין אכט, אז צווישן די פאָשעטע מיטגלידער און אפילע צווישן די אקטיוויסטן פון די לינקע ציִעניסטיש־„סאָציִאליסטישע" אָרגאניזאציעס און גרופעס זײַנען פאראן אזעלכע, וואָס הייבן אָן צו פארשטיין דעם עמעסן טאָך פונעם ציִעניזם, די רעאקציִאָנערקײַט און דעם שאָדן, וועלכן ער ברענגט. די דאָזיקע מענטשן שליסן זיך אָן אין די רייען פון די קעמפער קעגן אימפעריִאליזם. אין ייִסראָעל, לעמאָשל, איז באוווּסט, אז דער „אומאָפהענגיקער לינקער ציִעניסטיש־סאָציִאליסטישער פארבאנד", בעראָש מיטן געוועזענעם דעפוטאט פון דער קנעסעט יאנקעוו ריפטין, טרעט ארויס קעגן די פאָזיציעס פון דער רעגירונג אין די פראגן פון שאָלעם, אין אייניקע אנדערע פראגן, וועלכע זײַנען פארבונדן מיטן געזעלשאפטלעכן לעבן; ער פאָדערט, אז די ייִסראָעל־רעגירונג זאָל אויספילן די רעזאָליוציעס פונעם זיכערהײַט־ראט נום. 242 און 338, זי זאָל פארבעסערן די באציִונגען מיטן סאָוועטנפארבאנד, וואָס איז א פרײַנט פון אלע פעלקער און א קראפט, וועלכע קעמפט פאר דער פרידלעכער אײַנרעגולירונג אָפן נאָענטן מיזרעך. „צוזאמען דערמיט, — האָט געזאָגט מייער ווילנער אין זײַן באריכט־פאָרטראָג אָפן XVII צוזאמענפאָר פון דער קאָמפארטיי פון ייִסראָעל, — האָט אָט דער „לינקער פארבאנד" גענוג אויסצושטיין צוליב די ציִעניסטישע אידעאָלאָגישע פאָזיציעס, וועלכע לאָזן אים ניט דורכפירן א קאָנסעקווענטע פאָליטיק אין פארשיידענע געביטן".

פאר די מארקסיסטן־לענינצעס שטייט די אויפגאבע, זיי זאָלן צוציִען די אָרגאניזאציעס און גרופעס פונעם טיפ „אומאָפהענגיקער לינקער ציִעניסטיש־סאָציִאליסטישער פארבאנד" צו געמיינזאמער ארבעט מיט אלע

לינקע קרעפטן, קעדיי פּאַרטיידיקן דעם שאָלעם און די דעמאָקראַטיע, קעמפן קעגן פאַשיזם און רעאַקציע. מע דאַרף פירן אַ סקרופּולעזע אַר־בעט, אַז די מיטגלידער פון די דאָזיקע אָרגאַני־זאַציעס, וועלכע שטרעבן בעעמעס צום סאָציִאַ־ליזם, זאָלן אַריבערגיין אַף עכט רעוואָלוציִאָ־נערע פּאָזיציעס.

די קאָמפּאַרטיי פון ייִסראָעל, וועלכע פירט אַן אומקאָמפּראָמיסלעכן אידייִשן און פּאָליטישן קאַמף קעגן ציִעניזם, האָט ווידער באַטאָנט אין דער רעזאָליוציע פון איר XVII צוזאַמענפאָר, אַז זי „האָט געהאַלטן און האַלט ביז איצט פאַר מעגלעך און נייטיק צו מיטאַרבעטן אין קאָנ־קרעטע גרויסלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פראַגן מיט יעדן טוער אָדער פּאָליטישער גרופּע, וועלכע שטייען אַף ריכטיקע פּאָזיציעס אין די דאָזיקע פראַגן".

ס'איז אויסער יעדן ספק די אַקטועלקייט פון אַ וויסנשאַפטלעך־פּאָליטישן אַנאַליז פון די פאַרשיידענע טעאָריעס, וועלכע עס פּראָקלאַ־מירט דער ציִעניסטישער „סאָציִאַליזם", און פון דער פּראַקטישער טעטיקייט פון די ציִעניסטישע „אַרבעטער"־פּאַרטייען און „אַרבעטער"־אָרגאַני־זאַציעס. אַזאַ אַנאַליז וועט העלפן צו דעמאַסקירן זיי און אויפקלערן צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן דעם שאָדן, וועלכן זיי ברענגען דער דעמאָקראַ־טישער באַוועגונג.

# די דרייַ אָוועס פונעם ציִעניסטישן „סאָציִאַליזם"

אין 1897, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די ציִעניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, האָט אַ טייל פון אירע לידערס געטאָן אַלץ, וואָס מעג־לעך, קעדיי אויסבאַהאַלטן פון דער עפנטלעכ־קייַט דעם עמעסן קלאַסן־טאָך פונעם ציִעניזם. געטאָן דאָס האָבן זיי מיט דער הילף פון דער „סאָציִאַליסטישער" פראַזעאָלאָגיע. די ייִדישע אַרבעטנדיקע, וועמען מע האָט אַרייַנגעצויגן אין די ציִעניסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, האָט מען געהאַלטן וואָס ווייַטער פון דער רעוואָ־ליוציִאָנערער באַוועגונג, אַרייַנדויבענדיק זיי אין די מויכעס, אַז נאָכן שאַפן די „ייִדישע מעג־לוכע" (און די ציִעניסטישע פּסעוודאָ־סאָציִאַ־ליסטן האָבן געמאָלט די דאָזיקע מעלוכע אַלס אַזאַ, וואָס שטייט אויסער קלאַסן און איז ניט ענלעך צו קיין שום אַנדער מעלוכע) וועלן די ייִדן פּאָטער ווערן פון אַלע צאָרעס — פון דער רעכטלאָזיקייַט, אונטערדריקונג, עקספּלואַטאַ־ציע.

דער שנעלער וווּקס פון די ציִעניסטישע אָר־גאַניזאַציעס („סאָציִאַליסטישע", „אַרבעטער־שע") איז לאַכלוטן ניט געווען קיין רעזולטאַט דערפון, וואָס די ייִדישע אַרבעטנדיקע זייַנען געוואָרן באַגייַסטערטע אָנהענגער פון די ציִעניס־טישע דאָגמעס. דאָס איז אויך ניט געווען קיין פּועל־יוצא פון עפּעס אַ דערפאָלג פונעם ציִע־ניזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. פאַרקערט, די גרעסטע מערהייַט ייִדישע פּראָלעטאַריער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פונעם ציִעניזם, אַפילע די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין יענעם פּע־ריאָד מאַמעש איינמוטיק געהאַלטן דעם ציִעניזם אַלס איינעם פון די וואַריאַציעס פון דער בור־זשואַז־נאַציִאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע און פּאָ־ליטיק. אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דער ציִעניסטישער היסטאָריקער ה. מ. זאַכער האָט דעמלט געשריבן: „דער מאַרקסיסטישער סאָציִאַ־ליזם... איז געווען די גרעסטע צוזיונגס־קראַפט פאַר די ייִדן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אינעם פּאָליטישן לעבן". דער שנעלער אויפקום פון ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס איז געווען ניט מער ווי אַ קינסטלעכע אַקציע פון די ציִעניסטישע לידערס, וועלכע האָבן אַף אַזאַ אויפן רעאַגירט אַף דער קריטיק מיצאַד די רעוואָליוציִאָנערע סאָציִאַל־דעמאָקראַטן.

אָנרופנדיק זיך „סאָציִאַליסטן", „פּאַרטיידיקער פון די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט", האָבן די „לינקע" ציִעניסטישע לידערס זיך באַמיט צו פאַרברייטערן די באַזע פונעם ציִעניזם און אין דער זעלבער צייַט געפינען פאַרבינדעטע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און אין די פּראָ־פאַרייניגן פון אייראָפּע און אַמעריקע, אין די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און אינעם II אינטערנאַציִאָנאַל.

דער טעאָרעטיקער פונעם ציִעניסטישן „סאָציִ־אַליזם" איז געווען בער באָראָכאָוו (1881 — 1917) — איינער פון די גרינדער פון דער ייִדי־שער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַר־טיי — „פּועלע־ציִען".

דער טאָך פון באָראָכאָווס פרידיקונג איז אינקורצן אַזאַ: אַף וויפל דער פּראָלעטאַריאַט נעמט אָן אָנטייל אין דער נאַציִאָנאַלער פּראָדוק־ציע, איז ער פאַרינטערעסירט אין איר דערפאָלג, בעמיילע איז ער געשטימט נאַציִאָנאַליסטיש. דערפון איז געדרונגען, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ קאַטעגאָריע, ווי „נאַציִאָנאַליסטישע פּראָלעטאַ־ריער". מיטן באַגריף „קלאַסן־באַוווסטזייַן" איז מען אויסן צו „פאַרמאַסקירן די ספּעציפישע נאַציִאָנאַלע אינטערעסן", דעריבער איז דער אויסדרוק „קלאַסן־באַוווסטזייַן" רעאַקציִאָנער, ער שטעלט מיט זיך פאַר ריינע „קלאַסן־דעמ־מאַגאָגיע".

קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס, — האָט באַהויפּט באָראָכאָוו,— האָבן ניט געשאַפן קיין טעאָריע וועגן דער נאַציִאָנאַלער פראַגע און וועגן דעם קאַמף פאַר נאַציִאָנאַלער באַפרייַונג. דער באַגריף „קלאַס", וועלכן מיר געפינען בײַ

מארקסן, איז, קלומערשט, „ניט קיין שטאנדהאפטיקער, אפילו א וואקלדיקער". האָט באָראָכאָוו באשלאָסן צו „פאריכטן" און „דערגאנצן" דעם מארקסיזם. ער האָט ארויסגערוקט די טעאָריע וועגן דעם אזויגערופענעם „רעאלן נאציִאָנאליזם", דה. א נאציִאָנאליזם, וואָס „ווערט ניט פארטונקלט דורך דעם קלאסן־זעלבסטבאוווסטזײַן", א נאציִאָנאליזם, וואָס „טרעפט זיך בלויז צווישן די פאָרגעשריטענע עלעמענטן פון די אונטערדריקטע נאציעס".

פראָקלאמירנדיק די „הארמאָניע צווישן די קלאסן־אינטערעסן" און שארף פאנאנדערגרענעצנדיק (סײַ לויט דער צײַט, סײַ לויטן אינהאלט און קאמפס־פאָרמען) די עטאפן פון דער נאציִאָנאלער און סאָציִאלער באפרײַונג, האָט באָראָכאָוו געפאָדערט, אז דער קלאסנקאמף זאָל צײַטווײַליק געבראכט ווערן אלס קאָרבן לעשעם דער „נאציִאָנאלער באפרײַונג". דער עמעסער זין פון זײַנע טעזיסן, וועלכע זײַנען אײַנגעהילט אין מארקסיסטישע טערמינען, איז באשטאנען דערין, וואָס דעם נאציִאָנאליזם האָט ער געשטעלט אפן ערשטן אָרט לעגאבע דעם סאָציִאליזם. ער האָט פאקטיש גערופן דעם ארבעטער־קלאס אָנצונעמען די בורזשואזע אידעאָלאָגיע.

באָראָכאָוו האָט היפערבאָליזירט און דערקלערט פאר א מין אבסאָליוט די אזויגערופענע אנאָרמאלקײַט פון דער סאָציִאלער סטרוקטור פון די ייִדן (צוליב פארשיידענע סיבעס איז אין יענער צײַט קימאט אינגאנצן ניט געווען קיין אינדוסטריִעלער און לאנדווירטשאפטלעכער ייִדישער פראָלעטאריאט), אז אין די באדינגונגען פון דער „אומבאראכמאָנעסדיקער נאציִאָנאלער קאָנקורענץ", — האָט באָראָכאָוו באהויפט, — קאָן דער ייִדישער פראָלעטאריאט ניט ווערן קיין געזעלשאפטלעכער קלאס, דעריבער קאָן ער ניט ארײַנטרעטן אין א קלאסנקאמף און די קליינבירגערלעכע מאסן קאָנען זיך ניט פראָלעטאריזירן. לויט באָראָכאָווס מיינונג, מוז מען „נאָרמאליזירן" די ייִדישע סאָציִאלע סטרוקטור (ער רופט זי אָן „איבערגעקערטע פיראמידע"), דעריבער איז דער ציִעניזם, וואָס עפנט דעם וועג דערצו, „א היסטאָרישע נויטווענדיקײַט".

פאָרמירן א ייִדישן פראָלעטאריאט אין דער לאנדווירטשאפט און אין דער שווערער אינדוסטריע קאָן מען, לויט באָראָכאָווס קאָנצעפציע, באם באדינג, אויב אין א שוואך אנטוויקלט לאנד וועט אײַנגעפירט ווערן די „טעריטאָריעל־פאָליטישע אווטאָנאָמיע" פון די ייִדן, ווײַל בלויז אהער, אף אזא טעריטאָריע, וועט קאָנען ארײַנדרינגען דער קליינער און מיטעלער ייִדישער עמיגראנטישער קאפיטאל און די ייִדישע עמיגראנטישע ארבעטס־קראפט". אין אזא לאנד, וואָס איז נאָך ניט געוואָרן קיין געשלאָסענער עקאָנאָמישער אָרגאניזם, וועט ניט אויסקומען צו מוירע האָבן פאר קאָנקורענץ, און דער ייִדישער פראָלעטאריאט וועט קאָנען פירן זײַן קלאסנקאמף".

דערפון איז צו זען, אז באָראָכאָוו און זײַנע אָנהענגער האָבן גערופן די ייִדישע ארבעטנדיקע, זיי זאָלן אין די לענדער, ווו זיי וווינען, ניט פירן קיין קאמף פאר דעמאָקראטיע און סאָציִאליזם, זיי זאָלן דעם דאָזיקן קאמף אָפּלייגן אף דער צײַט, ווען זיי וועלן לעבן אין פאלעסטינע און עס וועט געשאפן ווערן א „געזונטע ייִדישע עקאָנאָמיק", א ייִדישער ארבעטער־קלאס און א ייִדיש פויערטום. אין זײַן ווערק „אונדזער פלאטפאָרם" האָט ב. באָראָכאָוו געשריבן, אז „ווען עס וועט דערגרייכט ווערן די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט", דעמלט וועט ער, דער ייִדישער פראָלעטאריאט, אָרגאניזירן די געזעלשאפטלעכע פראָדוקציע. ביז יענער צײַט דארף ער, הייסט עס, ניט ארײַנמישן זיך אין די איניאָנים פון דער געזעלשאפט, דה. ער דארף אינגאנצן זיך אָפּגעבן בלויז דער בורזשואז־נאציִאָנאליסטישער קאָלאָניזאציע פון פאלעסטינע.

עס איז לײַכט צו זען, אז דער אזויגערופענער באָראָכאָוויזם איז ניט מער ווי א נאציִאָנאליסטישע קליינבירגערלעכע דעמאגאָגישע טעאָריע, ווו די פראגן פונעם עקאָנאָמישן לעבן פון די ייִדישע ארבעטנדיקע אינעם פעריִאָד פון סאָף XIX — אָנהייב XX יאָרהונדערטן זײַנען קינסטלעך אָפּגעריסן פון די אלגעמיינע פראָצעסן פון דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג און פונעם קלאסנקאמף אין די לענדער, ווו די ייִדן האָבן געוווינט, קוידעמקאָל אינעם צארישן רוסלאנד, ווו דער „באָראָכאָוויזם" איז אופגעקומען. די דאָזיקע טעאָריע, ווי דער ציִעניזם אינגאנצן גענומען, האָט פולשטענדיק פארשמירט, אָפּגעלייקנט דעם פאקט, אז די סיבעס פון דער שווערער לאגע פון די ארבעטנדיקע ייִדן דארף מען זוכן אין דער קאפיטאליסטישער סיסטעם. פאקטיש האָט די ראדיקאלע „סאָציִאליסטישע" טערמינאָלאָגיע פונעם באָראָכאָוויזם פארדעקט מיט זיך די אידייִש־פאָליטישע גרונט־פאָזיציעס פונעם ציִעניזם.

פארייניקן דעם מארקסיזם מיטן ציִעניזם (ווי מיט יעדן אנדערן מין נאציִאָנאליזם) קאָן מען בלויז אפן פאפיר, ניט אינעם לעבן. אומקערנדיק זיך נאָך דער פעווראל־רעוואָליוציע פון אמעריקע קיין רוסלאנד, האָט ב. באָראָכאָוו, ווי עס שרײַבט דער ציִעניסטישער געלערנטער וו. סערגע, „אלץ מער און מער אפעלירט צום פּאָשעטן ייִדישן נאציִאָנאליזם".

אָנרופנדיק זיך מיטן נאָמען אינטערנאציִאָנאליסט, איז ב. באָראָכאָוו פאקטיש געווען שטארק אָנגעשטעקט מיטן אנטיִאראבישן שאָוויניזם. ווי די אנדערע ציִעניסטישע לידערס, פלעגט ער אין זײַנע רעדעס קיין וואָרט ניט לאָזן פאלן וועגן דעם, אז אף דער טעריטאָריע פון פאלעסטינע וווינען די אראבער שוין 13 יאָרהונדערטן. דער קוואזי־„אינטערנאציִאָנאליסט" באָראָכאָוו פלעגט, ווי יעדער אנדער טרײַער ציִעניסט, ארויסטרעטן קעגן דער פראָלעטאריזירונג פון די אראבישע פויערים. ער איז קלאל ניט געווען קעגן דעם, אז אין פאלעסטינע זאָל ארײַנדרינגען אויסלענדישער קאפיטאל. באָראָכאָוו האָט

פאַקטיש געלייקנט אין דער עצם מעגלעכקייט, אַז עס זאָל געבוירן ווערן און וואַקסן אַ נאַציאָנאַלע באַפרייונגס־באַוועגונג צווישן די פּאַלעסטינער אַראַבער, זייער צוקונפט האָט ער געזען בלויז „אין דער אַסימילאַציע מיט די ייִדן אין דער עקאָנאָמיק און אין דער קולטור".

דער רעאַקציאָנערער טאָן פונעם באָראָכאָוויזם, פון אָט דער „לינקער וואַריאַציע" פונעם ציוניזם, האָט זיך אַרויסגעוויזן (און געמוזט זיך אַרויסווייזן) אויך דערין, וואָס באָראָכאָוו האָט געפאָדערט אַ בונד פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מיט די רעגירנדיקע קרייזן פון טערקיי, וועלכע זיינען דעמלט געווען די הערשער פון פּאַלעסטינע. דער אונטערשייד צווישן באָראָכאָוון און די אַלגעמיינע ציוניסטן אין אָט דער פראַגע איז באַשטאַנען בלויז דערין, וואָס באָראָכאָוו האָט געוואָלט, אַז די מעלוכע, וואָס טרעט אַרויס אַלס פּראָטעקטאָר, זאָל עקאָנאָמיש און פּאָליטיש זיין שוואַך. הערצל האָט דאָך צוערשט אויך געלייגט זיינע האָפענונגען אויפן טערקישן סולטאַן!

אָבער ניט געקוקט אויף דעם אויבנגעזאָגטן, איז פאַר פיל ציוניסטישע לידערס, אַפילו פאַר „אַרבעטער"־לידערס, דער נאָמען באָראָכאָוו אויך באַ זיין לעבן ניט געווען אײַנגאַנצן צום האַרצן. אין ב. באָראָכאָווס ווערק האָבן דאָך פיגורירט (זאָל זיין גאַנץ נעפּלהאַפט) אַזעלכע באַגריפן, ווי „קלאַסנקאַמף", „העגעמאָניע פונעם אַרבעטער־קלאַס", אַפילו „דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט". שוין אָט די ווערטער אַליין זיינען געווען גענוג, אַז באָראָכאָוו זאָל ווערן טרייף־פּאָסל באַ די ציוניסטישע גדולים, ווער רעדט נאָך, אַז ער האָט גאַנץ אָפט זיך דערלויבט אַזאַ אַפּיקאָרסעס, ווי קריטיקירן שאַרף דעם בורזשואַזן פליגל פונעם ציוניזם און באַציִען זיך נעגאַטיוו צו רעליגיע. ער איז שוין באַם לעבן געווען „צו לינק", און זיינע ווערק זיינען געווען „ניט געוווּנטשן".

עס איז אָבער קלאָר, אַז באָראָכאָוו איז קיינמאָל ניט געווען קיין אָנהענגער פון די מאַרקסיסטישע אידייען. גיכער איז ער געווען אַ נאַציאָנאַליסטישער פאַלסיפיקאַטאָר פונעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם (מעג זיין אַפילו, אַז ער זעלבסט האָט געגלייבט אין דער פּראָגרעסיווקייט פון זיינע טעאָריעס). אין אייניקע פראַגן איז ער נאָך, אויסער דעם אַלעם, געשטאַנען אויף פּאָזיציעס פונעם סאָציאַל־רעפאָרמיזם.

די דאָמינירנדיקע ריכטונג אינעם אַזויגערופענעם „סאָציאַליסטישן" ציוניזם איז געוואָרן יענע, וואָס איר טעאָרעטיקער איז געווען דער צווייטער פון די אָוועס פונעם „סאָציאַל־ציוניזם" נאַכמען סירקין (1867—1924). נ. סירקין האָט געפּריידיקט די אידיי, אַז דער ייִדישער קליינביגערלעכער נאַציאָנאַליזם, דער עטנאָצענטריזם און דער רעליגיעזער מיסטיציזם דאַרפן זיך פאַראייניקן מיטן מעסיקן סאָציאַל־רעפאָרמיזם. ער האָט געהאַלטן, אַז די מאַרקסיסטישע מעטאָדן פון דורכפירן סאָציאַלע רעוואָלוציעס, וועלכע טויגן פאַר נאָרמאַלע נאַציעס, טויגן ניט בענוגייע אַזאַ פאָלק, ווי די ייִדן.

די „אוניקאַלקייט" פון די ייִדן האָט אָט דער פּסעוודאָ־סאָציאַליסט דערקלערט דערמיט, וואָס „אַלע קלאַסן פונעם ייִדנטום טרוימען דאָך וועגן זייער רעטונג, און דער סימבאָל און פּראַקטישער אויסדרוק פון אָט דער רעטונג איז — דער ציוניזם. לויט סירקינען איז ציוניזם טאַקע ניט קיין אַנדער זאַך, ווי סאָציאַליזם.

די טעאָריע וועגן דעם אַזויגערופענעם „קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם", מיט וועלכער נ. סירקין איז אַרויסגעטראָטן אין סאָף פון די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט זיך געמיט צו דערווייזן, אַז דער סאָציאַליזם אין פּאַלעסטינע וועט זיין אַ פּראָדוקט פון דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע און פון אַנטוויקלען די קאָאָפּעראַטיוון אונטער דער אָנפירונג פון די נאַציאָנאַליסטישע און רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינען.

„דער סאָציאַליזם, — האָט נ. סירקין געשריבן אין זיין ווערק „די סאָציאַליסטישע ייִדישע מעלוכע" (דערשינען אין 1898), — וועלכער שטרעבט צו פאַרטונקלען דאָס קלאַסן־זעלבסטבאַוווּסטזיין פון די ייִדישע אַרבעטער, מוז אומבאַדינגט זיך באַהעפטן מיטן ציוניזם, ווייל דער סאָציאַליזם אַנטשפּרעכט פולשטענדיק די פאַרלאַנגען און האָפענונגען פון די ייִדישע מאַסן. די סאָציאָלאָגישע און טעכנישע פאַקטאָרן מאַכן פאַר אומעגלעך יעטווידע אַנדערע פאָרם פון דער ייִדישער מעלוכע... דער ציוניזם קאָן ווערן דער אידעאַל פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק — פונעם פּראָלעטאַריאַט, פון די מיטעלע קלאַסן און פון דער אינטעליגענץ".

דער אַפּאָסטאָל פונעם „קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם" האָט, אַזוי־אַרום, גערופן צו בויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ניט דורך רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף און דורך ליקווידירן דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר מיט דער הילף פונעם „נאַציאָנאַלן ייִדישן קאַפּיטאַל" און באַ דער מיטווירקונג פון די ציוניסטישע אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס. עס בלייבט בלויז צוצוגעבן, אַז אין יענעם פּעריאָד, ווען אַפילו אַ סאַך בורזשואַז־ציוניסטישע לידערס האָבן ניט אַפּישירט זייער רעליגיעזן ענטוזיאַזם, האָט נ. סירקין, וואָס איז אין אָנהייב פון זיין טעטיקייט געווען אַ קעגנער פון קלעריקאַליזם, אויסגערופן אין 1919: „אויף דער הייליקער ערד... וועלן בלייען די ייִדישע מי און די ייִדישע נעשאָמע, וועלכע לעבט מיט דער טוירע, מיט דער לערע פון די נעוויִים, מיטן מעדרעש, מיט דער ייִדישער פילאָסאָפיע און מיטן כאַסידיזם".

דער דריטער פון די אָוועס פון „סאָציאַל־ציוניזם" איז, לויט דער ציוניסטישער ליטעראַטור, אַרן־דאָוויד גאָרדאָן (1856—1922). פאַקטיש איז ער געווען אַ רוסיסט און אַ טאָלסטאָוועץ, אַ פּריידיקער פון דער אוטאָפּישער „רעליגיע פון אַרבעט". דעם אַלגעמיין־ציוניסטישן דעמאַגאָגישן לאָזונג „צוריק צו דער ערד" האָט גאָרדאָן פאָרמולירט אַזוי: עס איז נייטיק צו שאַפן אין פּאַלעסטינע (דורך „פּועלער און שעפע־

רישער פאַרייניקונג פונעם מענטשן מיט דער נאַטור") א מין אגראַרע „קאָאָפּעראַטיווע געמיינ־שאַפט", וואָס מיט איר הילף וועט אויסגעבילדעט ווערן ניט קיין נײַע געזעלשאַפט, נאָר א „נײַ פאָלק, א פאָלק אינעם עכט־מענטשלעכן זין פון וואָרט — א מענטשלעך פאָלק".

גאָרדאָנס טאַלמיד — דער ציִעניסטישער „אַר־בעטער"־לידער כאַיִם אַרלאָזאָראָוו (1899—1933), וואָס איז אינעם לעצטן פעריִאָד פון זײַן לעבן געווען אָנפירער פונעם פּאָליטישן דעפּאַר־טאַמענט פון דער יִדישער אַגענץ פאַר פּאַלעס־טינע, האָט פּראָקלאַמירט די טעאָריע פון אַזויגע־רופענעם „פאָלקישן סאָציִאַליזם". אויב סירקין האָט כאָטש מיט א שוואַכער שטים, אָבער פאָרט אַנערקענט די עקזיסטענץ פון א יִדישער בור־זשואַזיע (עמעס, ער האָט מיט איין שמיר פון דער פעדער פאַרוואַנדלט זי אין אַן אָנהענגער פון דער „סאָציִאַליסטישער פּאַלעסטינע"), האָט אַרלאָזאָראָוו באַהויפּט, אַז „אין נאַציִאָנאַלן זין איז דאָס גאַנצע יִדישע פאָלק איין פּראָלעטאַ־ריאַט", און האָט דערקלערט פאַר אַן אומזין די רייד וועגן קלאַסנקאַמף צווישן יִדן.

באַשווינדלענדיק די אַרבעטנדיקע, האָבן איי־ניקע טעאָרעטיקער פונעם „סאָציִאַל־ציִעניזם" געשריבן, אַז אין פּאַלעסטינע וועלן די יִדישע אַרבעטער אַריבערשפּרינגען דעם שטאַפּל פון קאַפּיטאַליזם און טייקעף צוטרעטן צום שאַפן די „יִדישע סאָציִאַליסטישע געזעלשאַפט".

אַפילע די סאַמע ראַדיקאַלע אידעאָלאָגן פון־נעם ציִעניסטישן „סאָציִאַליזם", זײַענדיק קליינ־בירגערלעך, נאַציִאָנאַליסטיש געשטימט, האָבן ניט געוואָלט זען, אַז די מערהײַט יִדישע אַרבע־טער, סײַ אין רוסלאַנד, סײַ אין עסטרײַך־אונגאַרן, סײַ אין די אַנדערע מעלוכעס (אײַנ־געשלאָסן די לענדער פון יִדישער עמיגראַ־ציע — פּשאַ, לאַטײַן־אַמעריקע אאַ., דערבײַ אין פּאַלעסטינע ניט געווען קיין אויסנאַם), זײַנען עקספּלואַטירט געוואָרן דורך יִדישע קאַפּיטאַ־ליסטן. די „נאַציִאָנאַלע ווירטשאַפט", וועלכע וועט, ווי די ציִעניסטן־„סאָציִאַליסטן" זאָגן, ברענגען צו גוטע, אַפילע צו רעוואָליוציִאָנערע ענדערונגען אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יִדן ביכלאַל און פונעם יִדישן פּראָלעטאַ־ריאַט ביפּראַט, האָט פאַקטיש באַטײַט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי א מיטל צו שאַפן אַזעלכע באַ־דינגונגען, אַזאַ אָרגאַניזאַציע, באַ וועלכער די יִדישע אַרבעטער וועלן עקספּלואַטירט אויס־שליסלעך דורך יִדישע קאַפּיטאַליסטן. דער פּסעוודאָ־רעוואָליוציִאָנערער לאָזונג, וועלכן די „סאָציִאַל־ציִעניסטן" האָבן צוגעטראַכט: „זײַן א ציִעניסט אין דער רעוואָליוציע און א רעוואָ־ליוציִאָנער אין ציִען", האָט פאַקטיש די אויפ־גאַבע צו פאַרטומלען דאָס באַוווסטזײַן פון די יִדישע אַרבעטנדיקע און שטעלן זיי צו דינסט דער בורזשואַזיע, אויך דעזאָריִענטירן די דע־מאָקראַטישע געזעלשאַפטלעכקײַט פון דער וועלט.

## דער האַסטיקער גאַנג פונעם „סאָציִאַל־ציִעניזם" אויף רעכטס

אין 1904 האָט דער מינסקער קאָמיטעט פון דער פּועלי־ציִעניסטישער פּאַרטיי (זי האָט דעמאָלט געהייסן אויך „יִדישע טעריטאָריִאַלע אַרבעטער־פּאַרטיי") דערקלערט אינעם פּראָג־ראַם־דאָקומענט: „די רוסישע רעוואָליוציע האָט די יִדן־פּראָגע ניט געלייזט, זי טוט גאָרנישט אין פּראַט פון פאַרווירקלעכן די אידייען פונעם ציִעניזם. זי איז לאַכלוטן ניט אימשטאַנד צו באַפרידיקן די טאָג־נויטן פון די יִדישע מאַסן". אָט אַזאַ איז געווען די שטעלונג פון דער אָנפי־רונג פון דער פּאַרטיי „פּועלי־ציִען" צו דער רוסישער רעוואָליוציע. אַזאַ באַציִונג איז געווען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר דער אָנפירונג פון די אַנדערע ציִעניסטישע „אַרבעטער"־פּאַרטייען. דאָס געזאָגטע איז שײַעך סײַ צום פעריִאָד ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, סײַ צום פעריִאָד, וואָס איז געקומען נאָך איר, — דער אַקטיוו פון די ציִעניסטישע „אַרבעטער"־פּאַרטייען האָט זיך פאַראייניקט מיט דער קאָנטררעוואָליוציע, האַנט־באַ־האַנט מיט איר זיך אַרײַנגעגאָסן אין די רייען פון די אויסלענדישע אינטערווענטן און געפירט א פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער יונגער סאָוועטן־מעלוכע.

לאָמיר דאָ דערמאָנען, אַז איינער פון די לי־דערס פון די פּועלי־ציִעניסטן אויף אוקראַיִנע ס. גאָלדעלמאַן איז געווען שטעלפאַרטרעטער פונעם אַרבעטס־מיניסטער פון דער אויסגע־שפּראָכן אַנטיסעמיטישער סקאָראָפּאַדסקי־רעגי־רונג. א צווייטער רעדלפירער פון דער זעלבער פּאַרטיי — א. רעוווצקי — איז געווען מיניסטער פאַר יִדישע איניִאָנים באַ דער פּעטליורישער דירעקטאָריע — דעם אָרגאַניזאַטאָר פון מאַסנ־האַפּטע יִדן־פּאָגראָמען, וועלכע זײַנען אַרײַן אין דער געשיכטע אַלס דאָס פינצטערסטע זײַטל אינעם לעבן פון די יִדן אויף אוקראַיִנע אינעם פעריִאָד פונעם בירגערקריג. א מיניסטער אין דער קאָנטררעוואָליוציִאָנערער בורזשואַז־נאַציִ־אָנאַליסטישער רעגירונג פון דער צענטראַלער ראַדע איז געווען דער לידער פון דער אַזויגע־רופענער „יִדישער סאָציִאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי" — זילבערפאַרב.

דער „סאָציִאַל־ציִעניזם" האָט פון די ערשטע טעג אָן פון זײַן אופקום זייער קנאַפּ זיך אונטער־שיידט פון די ריין בורזשואַזע ציִעניסטן. קימאַט אַלע זייערע טעזיסן האָבן די ציִעניסטן־„סאָציִאַ־ליסטן" פאַקטיש אַראָפּגעשריבן באַ די בור־

זשואַזע ציִעניסטן. אין דער געשיכטע פונעם ציִעניזם איז שווער צו געפינען ערנסטע כלוקעדייעס צווישן אָט די ביידע מינים ציִעניסטן. די און יענע דאַרשענען וועגן „נאַציִאָנאַלער אייניקייט", וועגן דער „געמיינזאַמקייט" פונעם גוירל פונעם ייִדישן פאָלק אאַוו. דערבײַ איז מען אויסן געמיינזאַמקייט מיט דער בורזשואַזיע.

ווען די פּויאַלע־ציִעניסטן האָבן אָנגענומען די באָראָכאָוו־פּראָגראַם (אין 1906), איז זי פאַרמאַסקירט געוואָרן מיט אַזאַ פאָרמול: „דער פּראָלעטאַרישער ציִעניזם אַנערקענט די נייטיקייט צו קאָאָרדינירן זײַנע אַקציעס מיטן בורזשואַזן ציִעניזם אין די פראַגן, וועלכע האָבן אַ שײַכעס צו דער רעאַלער אַרבעט אין פּאַלעסטינע". ווײַטער: „די ייִדישע בורזשואַזיע נייטיקט זיך אין דער באַפרײַונגס־קראַפט פונעם פּראָלעטאַריאַט פאַר אירע רעגולירנדיקע פונקציעס אינעם סטיכייִשן פּראָצעס פון רעאַליזירן דעם ציִעניזם".

„די ציִעניסטישע בורזשואַזיע, — האָבן געדאַרשנט די לידערס פון פּויאַלע־ציִען, — וועט אומפאַרמײַדלעך אָנעמען די פּויאַלע־ציִעניסטישע פאָדערונגען בענעגייע דער טאַקטיק און די אינסטיטוטן פונעם בורזשואַזן ציִעניזם, ווען דאָס לעבן וועט זי צווינגען צו פאַרשטיין אירע אייגענע אינטערעסן".

פון די דאָזיקע ציטאַטעס פון דער פּויאַלע־ציִעניסטישער פּראָגראַם איז צו זען, אַז דער אַזויגערופענער „פּראָלעטאַרישער ציִעניזם" איז געווען און פאַרבליבן אַ פאַרמאַסקירטע שטרעמונג פונעם בורזשואַזן ציִעניזם. אינעם ערשטן עטאַפּ האָבן אייניקע פאַרשטייער פונעם ציִעניסטישן „סאָציִאַליזם" זיך באַמיט צו פאַרמאַסקירן זייער צוזאַמענשלוס מיט די ציִעניסטן־קאַפּיטאַליסטן דורך אונטערשטרײַכן דעם „קלאַסן־פּראָלעטאַרישן טאָך", די „פּראָגרעסיווקײַט" און „דעמאָקראַטישקײַט" פון די ציִעניסטישע „אַרבעטער"־לידערס. אַזוי, לעמאָשל, האָבן זיי זייער אָנטייל אין דער אַרבעט פון די צוזאַמענפאָרן פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע פאַרגליכן מיט דער טעטיקײַט פון די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן אין די בורזשואַזע פּאַרלאַמענטן (פאַרשטייט זיך, אַז אַלס מוסטער פלעגן זיי נעמען ניט די באָלשעוויסטישע דעפּוטאַטן, אָדער אַזעלכע רעוואָלוציִאָנערע סאָציִאַל־דעמאָקראַטן, ווי, אַשטייגער, קאַרל ליבקנעכט, — ניין, זייער מוסטער זײַנען געווען די פאַרבורזשואַזעוועטע סאָציִאַל־רעפאָרמיסטישע פירער, פּאָליטיקאַנער און דעמאַגאָגן, וועלכע זײַנען ניט בלויז געווען צום האַרצן דער רעגירנדיקער בורזשואַזיע, נאָר זי האָט אָן זיי פּאַשעט ניט געקאָנט אויסקומען).

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע זײַנען די קאָנטאַקטן, די מיטאַרבעט און די קעגנזײַטיקע דערנענטערונג פון די פאַרשיידענע ריכטונגען אינעם „סאָציִאַל־ציִעניזם" געוואָרן אינטענסיווער און ברייטער. סירקינס „הומאַנישער סאָציִאַליסטישער ציִעניזם", באָראָכאָווס „מאַרקסיזם" (אַזוי רופט דעם באָראָכאָוויזם די מײַרעוו־פּרעסע, אָן קיין שום גרונט דערצו) און גאָרדאָנס אויטאָפּיזם פּליוס די „רעליגיע פון אַרבעט" האָבן דערגרייכט די פולע איינהײַט, ווי דאָס האָט געשריבן די ייִסראָעל־פּרעסע צום 75־טן יאָרטאָג פונעם „אַרבעטער"־ציִעניזם.

אין 1948, נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער מעלוכע ייִסראָעל, באַזונדערס נאָך די ייִסראָעל־אַראַבישע מילכאָמעס פון 1956, 1967 און 1973, איז דער פּראָצעס פון פאַרוואַנדלען די „סאָציִאַל־ציִעניסטישע" פּאַרטייען אין בורזשואַזע פּאַרטייען, דערנאָך אין צענטריסטישע און אַפילע אין אַזעלכע, וואָס שטייען אַ סאַך רעכטער פון די צענטריסטישע, אַוועק אַזוי ווײַט, אַז הײַנט־צו־טאָג איז שוין שווער דורכצופירן אַ גרענעץ צווישן די ציִעניסטישע בורזשואַזע פּאַרטייען און די ציִעניסטישע „אַרבעטער"־פּאַרטייען.

די ציִעניסטישע פּאַרטייען, צו וועלכער שיטע זיי זאָלן ניט געהערן, פירן צווישן זיך נישט ניט קיין קלאַסנקאַמף, ניט קיין אידעאָלאָגישן קאַמף. זיי ווייסן בלויז פון מער־ווייניקער ערנסטע מיינונגס־פאַרשיידנהײַטן (צווישן זיי פון צײַט צו צײַט אויך זייער ערנסטע און לאַנגדויערנדיקע טאַקטישע כלוקעדייעס). אָפט איז עס אַ קאַמף פאַר פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון דער אָדער אַנדערער פּאַרטיי אינעם מעלוכע־אַפּאַראַט און אין דער עקאָנאָמיק פון ייִסראָעל, אַ רײַסערײַ צווישן די לידערס פאַר אַ העכערן פּאָסטן.

די פּאַרטיי „מאַי" פירט איצט נאָך זיך אַזאַ גרויסע צאָל פאַרשיידענע פּאָליטישע שטרעמונגען, אַז זי פאַרמאָגט שוין גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל איר געבן דאָס רעכט צו רופן זיך סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. די גרופּירונג „ראַפי" — „מאַי", און קודעמקאָל אַזעלכע לידערס אירע, ווי מוישע דאַיאַן, זײַנען נאָענט צום אולטראַ־רעכטן בלאָק „ליקוד", וווּ די הויפּט־ראָליע שפּילט די פּראָפאַשיסטישע פּאַרטיי „כערוט".

אין יאַנוואַר 1974 האָט מייער ווילנער, קריטיקירנדיק אין דער קנעסעט די פּאָליטיק פון דער רעגירונג אין סאָציִאַלע פראַגן, באַטאָנט, אַז דער כילעק צווישן דער עקאָנאָמישער און סאָציִאַלער פּאָליטיק פון דער קאָאַליציע (רעגירונגס־בלאָק „מאַי" — „מאַפּאַם". — ל.ד.) און „ליקוד" ווערט אַלץ קלענער, אויב אַזאַ כילעק האָט אַמאָל עקזיסטירט.

ווען מע אַנאַליזירט איצט די לאַגע אין ייִסראָעל און אין יענע סעקטאָרן פונעם צווישנפעלקערלעכן ציִעניזם, וועלכע זײַנען אָנהענגער פונעם ציִעניסטישן „סאָציִאַליזם", — די אַזויגערופענע „אַלוועלטלעכע ציִעניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג" („איכוד אָלאָמי"), וואָס פאַרייניקט די ייִסראָעל־פּאַרטיי „מאַי" (די פּריִערדיקע „מאַפּאַי") אין 22 קאַפּיטאַליסטישע לענדער[1],

[1] „וועלט־פאַרבאַנד פון די סאָציִאַליסטן־ציִעניסטן" (פּריִער האָט ער געהייסן „אַלוועלטלעכע ציִעניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג"). אויפגעקומען אין 1907 און רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין 1932. ער גייט אַרײַן אין סאָציִאַליסטישן אינטערנאַציִאָנאַל. אין אַ ריי פראַגן האָבן „מאַי" און „איכוד אָלאָמי" די פולע שטיצע

**און די צווישנפעלקערלעכע אַסאָציאַציע פון די אַזויגערופענע לינק־סאָציאַליסטישע ציוניסטישע**

פונעם אַזויגערופענעם „אינטערנאַציאָנאַלן ייִדישן אַרבעטער־בונד" (וועלכער גייט אויך אַרײַן אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל — אַ קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שניט, אויפגעקומען אין 1897 און רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין 1947). הײַנט־צו־טאָג פאַרמאָגט דער „בונד" סאַכאַקל 21 טויזנט מיטגלידער, ער איז אָבער ענג פאַרבונדן מיטן ייִדישן פראָפאַריינישן קאָמיטעט פון פּשאַ (אויך אַ מיטגליד פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, פון יאַנואַר 1973 הייסט ער „סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון פּשאַ") און מיט אייניקע אַנדערע רעכט־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פירן אַ פרײַנטלעכע צו די ציוניסטן פּאָליטיק. אָפיציעל האַלט זיך דער „בונד" פאַר אַ קעגנער און קעמפער קעגן ציוניזם.

פאַרטייען — „וועלט־פאַרבאַנד פון די פאַרטייען „מאַפּאַם" — פּועלי־ציון — „השומר הצעיר", — קומט מען צום אויספיר, אַז דער דאָזיקער צווײַג פונעם ציוניזם איז בײַ הײַנטיקן טאָג אָפט אַקטיווער און שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרעסערע סכּנה פאַר די פּראָגרעסיווע קרעפטן, איידער די אָפן־בורזשואַזע ציוניסטישע פאַרטייען, ווײַל ער איז דער פאַרבינדעטער פונעם אימפּעריאַליזם אינעם גלאָבאַלן קאַמף קעגן דער סאָציאַליסטישער געמיינשאַפט, קעגן דער קאָמוניסטישער וועלט־באַוועגונג, קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און נאַציאָנאַלער באַפרײַונגס־באַוועגונג.

---

# כראָניק

## נײַס פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט

### שאַפונגען פון יונגע קינסטלער

אין דער פאָיע פונעם ביראָבידזשאַנער קינאָ־טעאַטער „ראָדינאַ" איז באַוויזן געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון דער אָרטיקער קינדערשער קונסט־שול.

פאַרשיידנאַרטיק איז די טעמאַטיק פון דער עקספּאָזיציע: פּייזאַזשן, נאַטיורמאָרטן, געמעלן, געווידמעט דעם קאַמף פאַר שאָלעם, העראָיק פונעם בירגערקריג און פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

גענאַדי לעווין און סוועטלאַנע זעלענסקאַיאַ האָבן זייערע שאַפונגען געווידמעט דעם 30־טן יאָרטאָג פונעם זיג איבערן פאַשיזם. די הײַנטצײַטיקע טעמע איז פאַרקערפּערט אין פיל אַנדערע געמעלן.

די אויסשטעלונג איז ניט נאָר אַן ערנסטער עקזאַמען פאַר די שילער. זי איז אַ רעזולטאַט פון דער צילגעווענדטער אַרבעט פון די דערציִער, אַזעלכע, ווי ס. ריבקין, וו. זלאָקאָטין אאַ.

### די ביראָבידזשאַנער טעלעוויזיע־סטודיע

אין ביראָבידזשאַן איז שווער צו טרעפן אַ מישפּאָכע, וועלכע זאָל ניט האָבן בײַ זיך אין דער היים אַ טעלעוויזאָר. פון די טראַנסלירונגען אויפן בלויען עקראַן דערוויסן זיך די אַרבעטנדיקע פון דער געגנט וועגן די וויכטיקסטע פּאָליטישע און קולטור־געשעענישן, וועלכע קומען פאָר בײַ אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

אויפן ביראָבידזשאַנער טעלעוויזיע־רעטראַנסליאַטאָר איז טעטיק אַ קאָלעקטיוו פון אַרבעטער און אינזשענירן. איינער פון זיי איז וויקטאָר דאַנשין, וועלכער אַרבעט שוין דאָ אַלס אינזשעניר אַ לאַנגע צײַט.



אויפן בילד: אין זאַל פון דער אויסשטעלונג פון יונגע קינסטלער.
פאָטאָ — י. ע. קודיש.



אויף די בילדער: וו. דאַנשין (רעכטס) קאָנטראָלירט די אַפּאַראַטור; דער רעטראַנסליאַציע־טורעם.
פאָטאָ — וו. דערטקאָ



אויסלענדישע זשורנאַליסטן
צוגאַסט אין ביראָבידזשאַן

**טל קלינגער** (ייִסראַעל)

# די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט

## עקזיסטירט און אַנטוויקלט זיך

ווי אין אַלע גאַסט־הײַזער אין ראַטנפֿאַר־באַנד, האָבן מיר דאָ, אינעם צימער פֿון האָטעל, אין וועלכן מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַס אונדזער רײַזע איבער דער ייִדישער אויטאָ־נאָמער געגנט, געטראָפֿן אַ ראַדיאָ־אָפּנעמער. געוויינלעך, פֿלעג איך אים אײַנשליסן שפּעט אין אָוונט נאָכן צוריקקערן זיך אין צימער, קעדיי צו הערן די לעצטע נײַס, נאָר איינמאָל האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אים אײַנצושליסן אין די באַטאָגיקע שעהען. צו מײַן איבעראַשונג האָב איך דערהערט ייִדיש געזאַנג. עס איז געווען אַ ליד אין ייִדיש, איינע און אַ צווייטע. צום באַדויערן, בין איך, ווי געוויינלעך, בײַס אַזאַ מין סאָרט רײַזע, געווען שטאַרק געענגט אין צײַט און האָב ניט געהאַט די מעגלעכקײַט אויס־צוהערן די לידער ביזן סאָף. כ׳האָב נאָר אין דעם מאָמענט באַ זיך געטראַכט, אַז די יעניקע אין ייִסראַעל, וואָס פֿאַרגיסן קראָקאָדיל־טרערן איבער דער „אונטערדריקונג" פֿון דער ייִדישער קולטור אין ראַטנפֿאַרבאַנד, וועלן אוואַדע זאָגן, אַז דאָס האָט מען טאַקע ספּעציִעל צוליב דער זשורנאַליסטן־דעלעגאַציע, צווישן וועלכער עס געפֿינט זיך אַ קאָרעספּאָנדענטקע פֿון ייִסראַעל, אויסגעזוכט פֿאַר דער ראַדיאָ אָן אַלטע פּלאַס־טינקע מיט ייִדישע לידער.

איך בין זיך מודיע אומיסוואָדע, אַז אויך איך האָב זיך ניט באַנוגנט מיט דעם, וואָס איך האָב געהערט די דאָזיקע ייִדישע לידער, איך האָב באַשלאָסן זיך געניער באַקאַנען מיט דער פּראָגראַם פֿון די טראַנסלירונגען אין דער אָרטיקער ראַדיאָ. פֿאַר מיר איז עס געווען באַ־זונדערס וויכטיק, ווײַל באַ אונדז אין ייִסראַעל, ווי באַוווּסט, האָט זיך ביז איצט ניט אײַנגעגעבן צו צווינגען די באַלעבאַטים פֿון דער טעלעוויזיע און ראַדיאָ אײַנצוגלידערן די ייִדישע שפּראַך אין די טראַנסליאַציעס. און ס׳איז מיר געלונגען צו באַקומען אַן ענטפֿער אויף מײַן פֿראַגע אויף דער באַגעגעניש פֿון דער זשורנאַליסטן־דעלעגאַציע מיט די רעדאַקציע־מיטגלידער פֿון די געגנט־לעכע צײַטונגען אין ייִדיש און אין רוסיש, מיט די כאַווערים, וואָס פֿירן אָן מיטן קאָמיטעט פֿון ראַדיאָ און טעלעוויזיע, מיט די שרײַבער און אַרבעטער־פֿויערשע קאָרעספּאָנדענטן פֿון דער פּרעסע.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿונעם „ביראָבידזשאַ־נער שטערן" כ׳ קאַרטשמינסקי האָט אונדז באַקאַנט מיט דער ברייטער מאַסן־אַרבעט, וואָס עס פֿירן דורך די צוויי טאָג־צײַטונגען אין ביראָ־בידזשאַן. אין מעשעך פֿונעם יאָר ווערן אין זיי פֿאַרעפֿנטלעכט מער פֿון 12 טויזנט קאָרעספּאָנ־דענצן, בריוו, אַרטיקלען פֿון אַרבעטנדיקע. קאַרטשמינסקי האָט דערציילט וועגן דער ענגער פֿאַרבינדונג צווישן דער פּרעסע און דער באַ־פֿעלקערונג. ביידע צײַטונגען האָבן באַקומען הויכע אָפּשייכענונגען מיצאַד דעם העכסטן ראַט פֿון דער רוסישער פֿעדעראַטיווער רעפּובליק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פֿײַערונג פֿונעם 40־יאָריקן יויוול פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

אויך דאָסמאָל, ווי בײַס אַנדערע צוזאַמענ־טרעפֿן, האָבן פֿראַגן געשטעלט ביידע צדדים. דער שרײַבער בוזי מילער האָט מיך געפֿרעגט וועגן דעם גוירל פֿון זײַנע געוועזענע פֿעג־קאָלעגן, וועלכע האָבן, ווי ער האָט זיך אויסגע־

דריקט, דעזערטירט קיין ישׂראל. איך פֿון מײַן זײַט האָב געפֿרעגט דעם אָנפֿירער מיט די ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־טראַנסלירונגען, צי ס'זײַנען אין ביראָבידזשאַן בכלל פֿאַראַנען פּראָגראַמען אין ייִדיש, און אויב יאָ, טאָ וואָס שטעלן זיי מיט זיך פֿאָר. אַף דער פֿראַגע איז געקומען אַ קאַטעגאָרישער „יאָ״. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אינהאַלט, איז ער אַ פֿאַרשיידענער. עס איז פֿאַראַן אַ פּראָגראַם „אַזוי לעבן מיר״ — וועגן דעם לעבן און דער טעטיקייט פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין די שטעט און דערפֿער, וועגן דעם ברידערלעכן צוזאַמענלעבן פֿון ייִדן, רוסן און מענטשן פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אַף דער ערד פֿונעם ווײַטן מיזרח. אין דער טראַנסליאַציע, וואָס איז געווידמעט פּראָגן פֿון ליטעראַטור און קונסט, ווערן איבערגעגעבן איינאַקטערס, דיכטונג און פּראָזע פֿון די קלאַסיקער און פֿון הײַנטצײַטיקע ייִדישע און אַנדערע סאָוועטישע שרײַבער, קאָנצערטן פֿון ייִדישע פֿאָלקסלידער, לידער פֿון אַנדערע פֿעלקער.

מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז די ייִדישע לידער, וואָס איך האָב געהערט אין ראַדיאָ, זײַנען ניט געווען קיין צופֿעליקײַט און זיי זײַנען ניט „צוגעצויגן געוואָרן״ צו דער ראַדיאָ־פּראָגראַם מאַכמעס דעם באַזוך פֿון דער זשורנאַליסטן־דעלעגאַציע.

האַיאָר האָבן די אַזיאַטישע סאָוועטישע רעפּובליקן געפֿײַערט פֿופֿציק יאָר זינט זייער אַנטשטייונג און דעם אופֿקום פֿון די רעפּובליקאַנישע קאָמוניסטישע פּאַרטייען. אַף די פּרעסע־קאָנפֿערענצן, וועלכע זײַנען צונויפֿגערופֿן געוואָרן בײַס די יובילײ־פֿײַערונגען, האָבן די אָנפֿירער פֿון די רעפּובליקאַנישע מאַכט־אָרגאַנען אין זייערע אַרויסטרעטונגען באַזונדערס באַטאָנט די ברידערלעכקײַט, וועלכע הערשט אין די צווישנבאַציונגען פֿון די פֿאַרשיידענע פֿעלקער פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד, זיי האָבן דערציילט וועגן דער הילף, וואָס יעדער רעפּובליק האָט באַקומען און באַקומט פֿונעם רוסישן פֿאָלק און פֿון אַנדערע פֿעלקער. אין די באַריכטן וועגן די דערגרייכונגען אַפֿן עקאָנאָמישן און קולטורעלן געביט איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דער פֿולשטענדיקער זיג פֿון דער לעניניסטער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וועלכע ווערט פּראַקטיש רעאַליזירט דורך דער אַלפֿאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אויך די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט האָט האַיאָר געפֿײַערט 40 יאָר פֿון איר עקזיסטענץ. מע האָט אונדז געוויזן אַ קאָלירטן כראָניקאַלן פֿילם וועגן די פֿײַערונגען, מיר האָבן באַקומען די יאָמטעוודיקע נומערן פֿון ביידע געגנטלעכע צײַטונגען און אַ בוך, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק, צום פֿופֿציקיאָריקן יובילײ פֿון פּססר. אינעם בוך, וואָס הייסט „אַף דער בירע און בידזשאַן״, ווערט דערציילט אין ליד און אין פּראָזע וועגן דעם לעבן און דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

בײַס דעם צוזאַמענטרעף פֿון דער זשורנאַליסטן־דעלעגאַציע אין געגנטלעכן קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי האָט דער ערשטער סעקרעטאַר ל. שאַפּיראָ באַטאָנט, אַז די עצם אַנטשטייונג פֿון דער געגנט האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ מערקווירדיקן בײַשפּיל פֿון דער אָנווענדונג פֿון דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק לעגאַבע די ייִדן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. די סאָוועטישע ייִדן האָבן באַקומען אַ מעגלעכקײַט צו בויען אַן אויטאָנאָמע געגנט, וואָס גיט זיי די פֿולע רעכט צו געניסן פֿון אַלע פּריווילעגיעס, וועלכע ווערן געגעבן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמע געגנטן אין די ראַמען פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד. דאָס האָבן באַשטעטיקט די פֿאַקטן און ציפֿערן, וועלכע דער רעדנער האָט אָנגערופֿן, ווי אויך דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען און געהערט אין די טעג פֿון דער נסיעה אין דער שטאָט ביראָבידזשאַן און אין איר אומגעגנט.

רײַך איז זי, די ביראָבידזשאַנער ערד, מיט נאַטור־אוצרות, מיט וווּנדערבאַרע לאַנדשאַפֿטן. ניט ווייניקער רײַך איז זי מיט אירע מענטשן.

10 העלדן פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד, 7000 באַלוינטע מיט שלאַכט־אויסצייכענונגען בײַס דעם גרויסן פֿאָטערלענדישן קריג. ביראָבידזשאַן האָט מיט וואָס צו שטאָלצירן אויך אַפֿן אַרבעטס־פֿראָנט: 50 אונטערנעמונגען פֿון שווערער און לײַכטער אינדוסטריע, אַ הויך אַנטוויקלטע לאַנדווירטשאַפֿט, שולן און קולטור־הײַזער, ביבליאָטעקן, קינדערגערטנער, ספּאָרט־פּאַלאַצן. און באַזונדערס זײַנען די טוישווים פֿון ביראָבידזשאַן שטאָלץ דערמיט, וואָס זיי זײַנען באַלעבאַטים פֿון זייער גורל, וואָס זיי לעבן און שאַפֿן אין דער גרויסער פֿעלקער־משפּחה פֿון דעם סאָציאַליסטישן היימלאַנד. זיי שטאָלצירן אויך מיט דעם, וואָס זיי האָט זיך אײַנגעגעבן אין מעשׂך פֿון אַזאַ קורצער צײַט צו פֿאַרוואַנדלען זייער געגנט אין דעם אָנערקענטן צושטעלער פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָדוקציע פֿאַר דעם גאַנצן כאַבאַראָווסקער קאַנט, צו פֿאַרוואַנדלען דעם פֿריִער פֿאַרײנזאַמטן ישובֿ, וואָס אַרום דער קליינער, אין דער טײַגע פֿאַרזונקענער באַן־סטאַנציע מיט דעם סימבאָלישן נאָמען „טיכאָנקאַיאַ״, אין אַ מאָדערנער שטאָט מיט אַ זעכציקטויזנטקעפּיקער באַפֿעלקערונג.

„דער אופֿקום פֿון דער ייִדישער געגנט, — האָט באַטאָנט ל. שאַפּיראָ, — האָט ניט נאָר אַן עקאָנאָמישע, נאָר אויך אַ פּאָליטישע באַדײַטונג. די ייִדן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד האָבן באַקומען אַ מעגלעכקײַט זיך צו קאָנצענטרירן, אין פֿאַל אויב זיי זאָלן עס פֿאַרלאַנגען, אין אַ באַשטימטן אָרט, צו באַקומען אַלע פּריווילעגיעס, וועלכע ווערן לויט דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע געגעבן די אויטאָנאָמע געגנטן, און געניסן פֿון דער הילף, וואָס ווערט אויסגעטיילט אין ראַטנפֿאַרבאַנד פֿאַר יעדער נײַער אונטערנעמונג. און דאָס אַלץ — לויט זייער פֿרײַען ווילן. באַ אונדז אין ראַטנפֿאַרבאַנד, — באַמערקט דער ח׳ שאַפּיראָ, — האָבן ייִדן די מעגלעכקײַט צו וווינען ווו זיי ווילן. און בכלל, ווי איר קענט זיך איבערצײַגן, שאַצט מען באַ אונדז אָפּ דעם מענטשן ניט לויט זײַן נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג.







א היפשע
גרופע זשורנאַליסטן־קאָרעספּאָנדענטן,
וועלכע פאַרטרעטן אין
סאָוועטנפאַרבאַנד צײַטונגען פון
ייִסראָעל, אינדיע, איסלאַנד,
איטאַליע, דענעמאַרק, ווענעצועלע
און פון דער דײַטשישער
פעדעראַטיווער רעפּובליק, האָט ניט
לאַנג צוריק באַזוכט די ייִדישע
אווטאָנאָמע געגנט.
די אויסלענדישע געסט
האָבן זיך באַקאַנט מיטן עקאָנאָמישן
און קולטור־געזעלשאַפטלעכן
לעבן פון ביראָבידזשאַן.
אויף די פאָטאָגראַפיעס
זײַנען פאַרפיקסירט אייניקע
מאָמענטן פונעם באַזוך.



נאָר לויט זײַן פּערזענלעכער ווערט, לויט זײַן באַציִונג צו דער אַרבעט, צום קאָלעקטיוו".

מיר האָבן זיך אין דעם איבערצײַגט, ווען מיר האָבן באַטראַכט די ערן־טאָוולען, אַף וועלכע ס'זײַנען געווען אויפגעשריבן די נעמען פון די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מי אין די אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן.

אָט, צום בײַשפּיל, אליין ל. שאַפּיראָ. אַלס ערשטער סעקרעטאַר פון געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין 1970. ער איז געבאָרן געוואָרן אין אוקראַיִנע, זיך געלערנט אַף אַן אינזשעניער אין מאָסקווע. נאָכן פאַרענדיקן דעם אינסטיטוט זיך אוועקגעלאָזט פרײַוויליק אַפן ווײַטן מיזרעך, וווּ געוואָרן אינזשעניער אין אַ מעטאַלורגישן זאַוואָד אין דער שטאָט קאָמסאָמאָלסק־אַפן־אַמור. דאָ איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. זײַן ברודער אוןביידע שוועסטער האָבן אויך באַקומען העכערע בילדונג. ביידע זין זײַנען געבליבן אין זייער געבורט־שטאָט. איינער האָט געענדיקט דעם פיזיק־מאַטעמאַטישן פאַקולטעט, דער צווייטער שטודירט נאָך. „ס'איז אַ ביִאָגראַפיע, אַ געוויינלעכע פאַר אַ סאָוועטישן בירגער", — סומירט ל. שאַפּיראָ.

און נאָך איין ביִאָגראַפיע. איליאַ שאַכטאָוו, אַ מיטגליד פון דער אָנפירונג פונעם דאָרפסראַט פון וואַלדהיים, אַ לערער, פאַרוואַלטער פונעם דאָרפישן קינדערהיים. זײַן ברוסט איז באַצירט מיט קריגס־אויסצייכענונגען. קיין וואַלדהיים איז ער געקומען צוזאַמען מיט זײַן מוטער און שוועסטער נאָך דער מילכאָמע. איז זוי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט דער גוירל פון די קינדער און אייניקלעך פון אַן אָרעמען ייִדישן שנײַדער פון דער קאַליניִנער געגנט? איין ברודער איז אַן אינזשעניער אין לענינגראַד, דער צווייטער — הויפּט־דאָקטער אין דער כירורגישער אָפּטיילונג פון אַ ווײַטמיזרעכדיקן קראַנקנהויז, איין שוועסטער וווינט אין ריגע. איליאַ שאַכטאָווס פרוי איז אַ לערערן, זײַן זון — אַן אינזשעניער, איינע פון זײַנע טעכטער — אַ לערערן פון מאַטעמאַטיק, די צווייטע שטודירט מעדיצין אין כאַבאַראָווסק.

דער שמועס האָט זיך געפירט אין אָרטיקן מוזיי פונעם קאָלווירט „לעניִנס געבאָטן", וועלכער געפינט זיך אינעם ביניען פון דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג אין דאָרף וואַלדהיים. אונדזער „גיד" איז געווען איינע פון די שילערנס פון דער אָרטיקער מיטלשול. זי האָט אונדז טיף גערירט מיט אירע קלוגע און זאַכלעכע דערקלערונגען. נאָכדעם ווי מיר האָבן באַזוכט די שול, וווּ זי לערנט זיך, און מיר האָבן געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן די קלאַסן, די אַרבעטס־קאַבינעטן, לאַבאָראַטאָריעס, דעם אַקאַדעמישן קינאָ־זאַל מיט זײַן מאָדערנסטער אויסשטאַטונג, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקענט מיט דעם דירעקטאָר פון דער שול י. פרישקאָלניק, וועלכער טראָגט אַ מעדאַל „אויסגעצייכנטער לערער" און איז אַף דעם פּאָסטן טעטיק גאַנצע 38 יאָר, — איז אונדז קלאָר געוואָרן: עס וואַקסט און ווערט דערצויגן אַ וווּנדערבאַרע סאָוועטישע יוגנט אין אַ קליין דאָרף אַפן ווײַטן מיזרעך...

איך געדענקט דעם בריוו פון ליובע פּימען צו גאָלדע מעיִר? ליובע איז אויך אַ דערצויגלינג פון דער דאָזיקער שול. איצט פירט זי אָן מיט אַ בריגאַדע פון גרינסציכטלער אין קאָלווירט און איז אַ מיטגליד פונעם סאָוועטישן פּרויען־קאָמיטעט, אַ ביוראָ־מיטגליד פון דעם געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט, באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען.

און אָט שטייט פאַר אונדז דער פּאָרזיצער פונעם קאָלווירט ב. פעלער. ווען ער האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן פּאָסטן אין 1962, האָט דער קאָלווירט פאַרמאָגט 26 טראַקטאָרן, 11 לאַסטמאַשינעס און די האַכנאָסע האָט באַטראָפן 375.000 רובל. בא הײַנטיקן טאָג זײַנען דאָ אין קאָלווירט 100 טראַקטאָרן, 36 קאָמבײַנען, 70 לאַסטמאַשינעס, די האַכנאָסע — 3 מיליאָן רובל. פעלער איז אַ העלד פון סאָציִאַליסטישער מי, אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע באַם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּססר. פעלער וווינט אין בירָאָבידזשאַן פון 1935. וועגן אים קאָן מען זאָגן, אַז זײַן פּראָפעסיע איז קאָלווירט־פּאָרזיצער. 36 יאָר איז ער טעטיק אַף דעם דאָזיקן געביט. ער זאָרגט זיך באַזונדערס פאַר דער רענטאַבלקײַט פון דער אונטערנעמונג, מיט וועלכער ער פירט אָן, איר רענטאַבלקײַט איז וויכטיק פאַר דער מעדינע און פאַר די 650 מיטגלידער פון דער ווירטשאַפט. ער דערציילט אונדז מיט אַ שמייכל, אַז די מעלקערנס פון זײַן קאָלווירט פאַרדינען צומאָל מער ווי ער אַליין (200—350 רובל אַ כוידעש). אַ העלפט פון די דרײַ מיליאָן רובל האַכנאָסע ווערט פאַרברויכט אַלס געהאַלט־אויסצאָל. די יאַסליעס און קינדערגערטנער האַלט אויס דער קאָלווירט. אַ גרויסער טייל פענסיִאָנערן באַקומט אַ צוגאָב צו זייער געוויינלעכן פאַרדינסט. האַיאָר איז אינוועסטירט געוואָרן אַ סומע פון 1,5 מיליאָן רובל אַף דער בויונג פון פאַרשיידענע געבײַדעס, דערונטער פון מאָדערנע קו־שטאַלן.

און ווי האַלט עס מיט דעם דאָר, וואָס איז באַרופן מאַמשיך צו זײַן די איצטיקע אופטועך? פעלערס פאַרטרעטער איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן. פעלער זאָגט וועגן אים, ווי געוויינלעך, מיט אַ שמייכל: „ער איז שוין פולקאָם גרייט מיך צו יאַרשענען". אין קאָלווירט זײַנען דאָ פיל יוגנטלעכע, באַזונדערס צווישן די, וועלכע באַדינען די טעכניק.

מיר ווילט זיך דערציילן וועגן נאָך אַ באַזוך אינעם קאָלווירט „לעניִנס געבאָטן". מיר זײַנען געווען צוגאַסט בא ריווע לעשטשינסקען, איינער פון די גרינסציכטלערנס, ניט לאַנג צוריק — אַ דעפּוטאַט פונעם העכסטן ראַט פון פּססר. אַ גערױם הויז פון פיר כאַדאָרים, עס וווינען אין דעם פיר מענטשן: דאָס פּאָרפּאָלק, ריוועס מוטער און אַ טאָכטער (דרײַ אַנדערע טעכ־

טער זײַנען שוין פארהייראטעט). אין דער טאָכטערס צימער שטייט אפן טיש א פּאָרטרעט פונעם רוסישן דיכטער יעסענין. „מײַן מיידל איז פארליבט אין זײַנע לידער", — דערקלערט די מוטער. דאָס איז נאָך איין שטריך צו דער כאראקטעריסטיק פון דער יוגנט, וואָס לעבט אין אן אטמאָספער פון פעלקער־פרײַנטשאפט אינעם דאָרף וואלדהיים, אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

ס'איז דאָ פיל צו דערציילן וועגן דעם קאָמבײַנען־זאוואָד „דאלסעלמאש" אין דער שטאָט ביראָבידזשאן, וועגן דעם, ווי פון א קליינער אונטערנעמונג, וואָס האָט פּראָדוצירט וועגענער, איז אויסגעוואקסן א זאוואָד, וועלכער לאָזט ארויס רויפּן־קאָמבײַנען, איינציקארטיקע פון זייער מין אין ראטנפארבאנד און אין דער גאנצער וועלט. אָנהייבנדיק פונעם 1960 און ביז הײַנטיקן טאָג, האָט דער „דאלסעלמאש" זעקספאכיק פארגרעסערט זײַן פּראָדוקציע. אפן זאוואָד ארבעטן 2300 מענטשן פון 20 נאציאָנאליטעטן, צווישן זיי 300 אינזשעניערן און טעכניקער. פאראן דאָ 4 יאסליעס און קינדערגערטנער, א סטאדיאָן, א פּיאָנערן־לאגער, א פּראָפעסיאָנעלע שול. אפן כעזשבן פונעם זאוואָד שטודירן יערלעך 15 יונגעלײַט אין די הויכשולן, 60 — אין דער פּראָפעסיאָנעלער שול.

דעם רויפּן־קאָמבײַן האָט קאָנסטרויִרט דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר איסאקזאָן. אָנהייבנדיק פון 1972 איז דירעקטאָר פונעם זאוואָד ליפּאָוועצקי, וועלכער האָט פריִער, זינט 1961, פארנומען דעם פּאָסטן פונעם הויפּט־אינזשעניער. ליפּאָוועצקי איז אהער, אין „דאלסעלמאש", געקומען פון כאבאראָווסק. קיין כאבאראָווסק איז ער אָנגעקומען פון מאָסקווע מיט 23 יאָר צוריק. דאָס איז א מענטש, וואָס איז פול מיט ענערגיע, ער גלייבט אין זײַנע קויכעס און איז שטאָלץ מיט די דערגרייכונגען פונעם זאוואָד.

א באזונדער קאטעגאָריע צווישן די זאוואָד־ארבעטער בילדן די וועטעראנען (33 מאן). איינער פון זיי איז שימען בענדערסקי, א שלאָסער, ער איז דער אָנפירער פונעם סבאָרנע צעך און פּאָרזיצער פונעם ארבעטער־קאָמיטעט, באלוינט מיטן אָרדען „רויטע ארבעטס־פאָן". זײַן לעבנס־געשיכטע איז ענלעך צו דער לעבנס־געשיכטע פון אנדערע אײַנוווינער פון דער שטאָט ביראָבידזשאן. ער איז אהער אָנגעקומען פון די מײַרעוו־געגנטן פון סאָוועטנפארבאנד גלײַך נאָכן פארענדיקן פון דער מיליטער־דינסט. אויך די פרוי זײַנע ארבעט אף דעם זעלבן זאוואָד, איינע פון זײַנע צוויי טעכטער שטודירט אינעם לאנדווירטשאפטלעכן אינסטיטוט אין כאבאראָווסק.

צוליב וואָס דערצייל איך די דאָזיקע אלע ביאָגראפיעס? קעדיי צו איליוסטרירן די ווערטער פון דער אָרטיקער אָנפירונג, וועלכע איך האָב אויבן געבראכט, אז דער מענטש ווערט דאָ אָפּגעשאצט לויט זײַנע פייִקייטן און לויט זײַן ארבעט און ניט לויט זײַן נאציאָנאלער אָפּשטאמונג, און אויך קעדיי צו באשטעטיקן די אָפיציעלע מיטיילונג, אז קיינער פון די טוישווים פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט קלײַבט זיך ניט אויסוואנדערן אין „לאנד פון די אָוועס", — ניט קיין עלטערן, ניט קיין קינדער און ניט זייערע קינדסקינדער. איך וויל דערמיט אָפּפרעגן דאָס ארטיקל פון לייווי־ייִצכאָק האיערושאלמי אונטערן טיטל „טעג און נעכט" אין דער צײַטונג „מאאריוו" פונעם 1 סענטיאבער 1974. דאָרט איז געווען געשריבן, אז דער ביראָבידזשאנער טוישעוו יעפים טשערניכאָווסקי, 36 יאָר אלט, איז אוילע געווען קיין ייִסראָעל. טשערניכאָווסקי איז טאקע א געבוירענער אין ביראָבידזשאן, נאָר מיט צען יאָר צוריק איז ער פון דאָרט ארויסגעפאָרן און זיך באזעצט אין אוקראַיִנע. פון אוקראַיִנע האָט ער אויסגעוואנדערט קיין ייִסראָעל. זײַן מוטער לעבט ביז הײַנטיקן טאָג אין ביראָבידזשאן, זי איז שוין אוועק אף פּענסיע. זי קלײַבט זיך ניט צו באנוצן זיך מיטן ארגומענט פון „מישפּאָכעס־פארייניקונג".

אין דער שוך־פאבריק, וואָס איז אופגעקומען אין 1972 און אין וועלכער ס'ווערן פּראָדוצירט שיך לויט די מאָדעלן פונעם מאָסקווער מאָדעל־הויז, האָבן מיר זיך באקאנט מיט איר דירעקטאָר שנײַדערמאן און מיט אנדערע ארבעטער. פון די 1362 ארבעטער פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג (אײַנגעשלאָסן דעם באדינונגס־פּערסאָנאל) זײַנען 800 מיט העכערער און מיטעלער בילדונג. בא דער אונטערנעמונג זײַנען דאָ א פּראָפעסיאָנאלע שול, יאסליעס און קינדערגערטנער, ספּאָרטזאלן.

„ניט מיט דעם ברויט אליין לעבט דער מענטש". אין דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט האָט אויך דער דאָזיקער אפאָריזם באקומען זײַן טיקן. קולטור־באדערפעניש, עסטעטישער גענוס זײַנען געוואָרן א לעבנס־געזעץ פאר דעם סאָוועטישן מענטשן אין אלע ווינקעלעך פונעם ראטנפארבאנד, און די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט בילדעט ניט אין דעם פראט קיין אויסנאם.

אין רעשוס פון די 180.000 אײַנוווינער פון דער געגנט זײַנען דאָ 118 קולטור־הײַזער און קולטור־פּאלאצן, 188 ביבליאָטעקן, 241 קינאָ־אײַנריכטונגען, 10 מוזיק־שולן, א טאנץ־אנסאמבל, 3 פּאָלקס־טעאטערן, דערונטער דער ייִדישער פּאָלקס־טעאטער אין דער שטאָט ביראָבידזשאן, וועלכער איז שוין צוויי מאָל פּרעמירט געוואָרן בעשאס די קאָנקורסן פון פּאָלקס־טעאטערן אין דער רוסישער פעדעראטיווער רעפּובליק.

מיר זײַנען בײַגעווען אף דער פּאָרשטעלונג פון א. גאָלדפאדענס „די קישעפמאכערן". באזונדערס האָט אויסגענומען באם אוילעם די ארטיסטקע ב. שולמאן, וועלכע האָט אויסגעפילט די ראָל פון דער מעכאשייפע. די ייִדישע דראמאטישע טרופּע ציילט 40 מאן, אלע — פלאמיקע ענטוזיאסטן. עס זײַנען דאָ צווישן זיי עלטערן און קינדער. דער רעפּערטואר

שליסט אײַן פּיעסן פון שאָלעם־אליײכעם, גאָלד־פאדען, ל. לעאָנאָוו, ב. מילער אא. דער טעא־טער שפּילט ניט נאָר אין דער שטאָט ביראָ־בידזשאַן, ער פאָרט ארויס קיין כאבאראָווסק, וולאדיוואָסטאָק און אין אנדערע שטעט. אויך דאָ דינט ניט די נאַציאָנאלע אָפּשטאמונג אלס קריטעריִ. צווישן די אקטיאָרן, וועלכע זײַנען דאָסראָוו אויך זינגער, טיילט זיך אויס א רוסי־שע זינגערן, וועלכע פּילט אויס אף א פײַנעם ייִדיש א גאנצע ריי לידער.

אין מײַן נאָטיץ־ביכל איז דאָ א באזונדער זײַטל, אף וועלכן דער פארוואלטער פונעם קינדערהויז, מיטגליד פון דער אָנפירונג פון וואלדהיימער דאָרפסראט, דער לערער אישוכי, האָט אָנגעשריבן:

„מיר, מיטגלידער פונעם דאָרפסראט, זײַנען אופגעבראכט קעגן דער אופירונג פון די ציִיע־ניסטן, קעגן זייער אנטיסאָוועטישער העצע, קעגן זייער רעכילעס־טרײַבערײַ לעגאבע דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט. איך בין שטאָלץ דערמיט, וואָס איך בין א סאָוועטישער בירגער, וואָס איך געהער צו דער קאָמוניסטישער פאר־טיי. איך גריס הארציק די קאָמוניסטן פון ייִסראָעל און ווינטש זיי האצלאָכע אין זייער געראנגל".

**פון איוּוריט — א. לארסקי**

---

# כראָניק

## „יאָרבוך — 1974"

אין סאָפֿיִע איז דערשינען דער אָרדנטלעכער יאָרבוך, וועלכן עס גיט ארויס די צענטראלע פאר־וואלטונג פון דער געזעלשאפטלע־כער קולטור־אופקלערערישער אָרגאניזאציע פון די ייִדן אין דער בולגארישער פאָלקס־רע־פובליק.

דער „יאָרבוך — 1974" הייבט זיך אָן מיט א פאָרוואָרט פונעם פּראָפ. מאָיִס בעניעש און מיט אן ארטיקל פונעם היסטאָריקער און פובליציסט סאָלאָמאָן לעווי. ביידע מאטעריאלן זײַנען געווידמעט דעם 30־טן יאָרטאָג פונעם זיג פון דעם סאָוועטישן פאָלק אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

אין דער יאָר־זאמלונג זײַנען פארעפנטלעכט די וויסנשאפטלעך־פאָרשערישע ארבעט פונעם פאָר־שטאָרבענעם היסטאָריקער עלי אשקענאזי „די ייִדן אפן באלקא־נישן האלב־אינדזל אין XIX יה. — זייער עקאָנאָמיק, קולטור און שטייגער" און די מיטיילונג פון ניקאָלײַ קאָטשעוו „אופ־שריפטן אף ייִדישע מאצייווס אין בולגאריע פונעם XV—XIX יה."

וועגן דעם פּאטריאָטיזם פון די בולגארישע ייִדן, וועגן זייער בײַטראָג אין דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אנטוויקלונג פו־נעם לאנד דערציילן אין זייערע ארטיקלען דאָרא סאמוילאָווא, סא־ליס טאדזשער, טאניא פאונאָוו־סקא, מאנטשאָ ראכאמימאָוו אא.

אינעם יאָרבוך זײַנען פארעפנט־לעכט איליוסטראטיווע מאטע־ריאלן וועגן דער בולגארישער קונסט און פאָטאָ־דאָקומענטן בע־שײַכעס אייניקע היסטאָרישע גע־שעענישן.

■ ■ ■

## ליטעראַרישער טאָגבוך

**אוראַן גוראַלניק**

דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן

# פאַרברידערטקײַט פון פעלקער — פאַרברידערטקײַט פון ליטעראַטורן




צווישן די מאָסקווער רוסישע ליטעראַריש־קינסטלערישע און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע זשורנאַלן, וועלכע איך לייען פון לאַנגאָנען מיט גרויס אינטערעס, רופט אַרויס מײַנע באַזונדערע סימפּאַטיעס דער כוידעש־זשורנאַל פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" (פעלקער־פרײַנטשאַפט). מיך פרייט זײַן וואַקסנדיקע פּאָפּולערקײַט — איך זע אין דעם אײַן דעם צײַט־גײַסט. דער זשורנאַל איז געשאַפן געוואָרן אין 1939 לויט גאָרקיס אידיי און איז פאַרטראַכט אַף צו פּאָפּולאַריזירן די דערגרייכונגען פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. צוערשט פלעגט ער דערשײַנען ניט רעגולער, ווי אַן אַלמאַנאַך, און פון 1940—6 מאָל אין יאָר. די לעצטע צוואַנציק יאָר איז „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" אַ כוידעש־אויסגאַבע מיט אַ טיראַזש הײַנט־צו־טאָג פון 200 טויזנט עקזעמפּליאַרן. אין זײַן רעדאַקציאָנעלן ראַט גייען אַרײַן באַרימטע שרײַבער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די איינהײַטלעכע פילשפּראַכיקע מישפּאָכע פון ליטעראַטורן.

מיט גרויס פאַרגעניגן דערצייל איך וועגן דעם דאָזיקן זשורנאַל, וועגן זײַנע טראַדיציעס און פּערספּעקטיוון. צי איז פאַראַן אין דער הײַנטצײַטיקער ווירקלעכקײַט אַ מער דערהויבענע און נאָבעלע אופגאַבע, ווי מיטווירקן צו פעסטיקן די ברידערלעכקײַט צווישן די פעלקער? פאַרשטייט זיך, אַז אָט די אופגאַבע לייזן אויך אַלע אַנדערע סאָוועטישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס — יעדערע אַף איר אויפן, אַקשאָנעסדיק און צילגעווענדט. אָבער גראָד „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" איז דער ליטעראַרישער אָרגאַן, וואָס גיט זיך אינגאַנצן אָפּ דעם דאָזיקן געביט.

מיט וואָס קאָן מען דערקלערן דעם וואַקסנדיקן אינטערעס צום זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו"? פאַרשטייט זיך, מיט דער הויכער קוואַליטעט פון די קינסטלערישע ווערק, וועלכע ווערן אין אים געדרוקט. די רעדאַקציע פאַרמאָגט אַ גרויסן אויסוואַל פון אויסערסט אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן אין די ברידערלעכע סאָוועטישע ליטעראַטורן. דאָ זײַנען צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַף דער רוסישער שפּראַך די ראָמאַנען פונעם אוקראַינער מ. סטעלמאַך, פונעם ווײַסרוס וו. ביקאָוו, פונעם טשוקאָטישן אווטאָר יו. ריטכעו, פונעם עסטאָנעץ יו. סמוול, די גרעסערע דערציילונגען פונעם גרוזין נ. דומבאַדזע, פונעם ליטווינער יו. מאַרצינקיאַוויטשוס, די פּאָעמעס פון ע. מעזשעלײַטיס... דרוקן זיך אין „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו" איז אַ גוטע רעקאָמענדאַציע. וויפל שרײַבער האָט דער דאָזיקער זשורנאַל אַרויסגעפירט ניט בלויז אַף דער אַלפאַרבאַנדישער, נאָר אויך אַף דער וועלט־אַרענע! גענוג אָנצורופן דעם הויכטאַלאַנטירטן קירגיזישן פּראָזאַ־

קער, איצט לאורעאט פון דער לענין־פּרעמיע, טשינגיז איַיטמאַטאָוו. זײַן „דזשאַמיליאַ", „קלײנער טאָפּאָל מײַנער אין א רויט טיכל", „דער ווײַסער דאַמפּער" זײַנען ווערק, וואָס זײַנען הײַנט־צו־טאָג באַוווּסט ווײַט אויסער די גרענעצן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

צווישן די פּובליקאַציעס, וואָס האָבן פאַרהעלטניסמעסיק ניט לאַנג צוריק זיך באַוויזן אין „דרוזשבא נאַראָדאָוו", זײַנען פאַראַן ניט ווייניק אינטערעסאַנטע אַרבעטן — קאָנסטאַנטין סימאָנאָוווס מילכאָמע־טאָגביכער, באָריס פּאָלעוואָיס „סילועטן", א. אַדאַמאָוויטשעס „כאַטינער דערציילונג", ס. דאַנגולאָוווס ראָמאַן וועגן די ערשטע סאָוועטישע דיפּלאָמאַטן „קוזנעצקי מאָסט".

און פונדעסטוועגן מיין איך, אַז די סיבע פונעם וואַקסנדיקן אינטערעס צום זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו" איז ניט בלויז אינעם אויבן געזאָגטן. דער זשורנאַל איז צוציִענדיק אין דער ערשטער ריי מיט זײַן שעפערישער פּאָזיציע אינעם אַרויסרוקן אויפן פאָדערגרונט די סאַמע אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער אַנטוויקלונג פון דער הײַנטצײַטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און פון איר קולטור. א באַזונדערס גרויסע אויפמערקזאַמקײַט שענקען די אַוטאָרן פונעם זשורנאַל דער קאָמפּליצירטער דיאַלעקטיק פונעם נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן.

מירן ברענגען אַלס בײַשפּיל איינע פון די פרישע פּובליקאַציעס פונעם זשורנאַל — דאָס אַרטיקל פונעם באַוווּסטן געלערנטן און ליטעראַטור־קריטיקער, מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע געאָרגי לאָמידזע — „די וואָרצלען פון דער אייניקײַט", וואָס איז אָפּגעדרוקט אינעם ערשטן נומער פאַרן פאַריקן יאָר.

דאָס געפיל פון געשיכטלעכער געמיינזאַמקײַט, וואָס פאַראייניקט די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, שטרײַכט אונטער ג. לאָמידזע, איז אויפגעקומען און זיך אויספאָרמירט בעהאַדראָגעדיק. די נײַע היסטאָרישע געמיינזאַמקײַט פון מענטשן איז ניט געשאַפן געוואָרן און האָט ניט געקאָנט געשאַפן ווערן אויגנבליקלעך. ניט אומזיסט האָט לענין ניט איין מאָל אָנגעוויזן, אַז קעדיי בײַצוקומען די אָפּגעפרעמדטקײַט און די כשאַדימדיקע באַציִונג פון פעלקער איינס צום צווייטן, איז נייטיק א געדולדיקע, אומופהערלעכע דערציִונג פונעם אינטערנאַציאָנאַליסטישן באַוווּסטזײַן. לענין האָט געוואָרנט וועגן דער געפאַר פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם, נאַציאָנאַלער אײַנגעליבטקײַט און פאַרשלאָסנקײַט, וואָס זײַנען פאַרבליבן פון די פאַרגאַנגענע צײַטן. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז אַן עכטער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַליסט טראַכט ניט בלויז פון זײַן נאַציע, העכער פון איר שטעלט ער די אינטערעסן פון אַלע נאַציעס, זייער אַלגעמיינע פרײַהײַט און גלײַכבאַרעכטיקונג.

די אידיי וועגן געמיינזאַמקײַט פון פעלקער נעסטיקט זיך גופא אין דער פּאָליטישער סיסטעם פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, אינעם כאַראַקטער, אין די באַזונדערקײַטן פון די מענטשלעכע צווישנבאַציִונגען, וואָס האָבן זיך פאַרפעסטיקט בא אונדז אין לאַנד. „די געמיינזאַמקײַט און די פרײַנטשאַפט צווישן די פעלקער, — שרײַבט ג. לאָמידזע, — באַטײַט דאָס אָנערקענען די באַשטענדיקע היסטאָרישע ווערט זייערע און דאָס אופדעקן און פאַרשטאַרקן אין יעדן פון זיי די נאָבלסטע סאָציאַל־הומאַניסטישע אייגנשאַפטן. דער סאָציאַליזם רייניקט אָפּ, געפינט, פאָרמירט, אַנטוויקלט אַלע היסטאָרישע פּראָגרעסיווע, פּאָשעטער גערעדט — דערהויבנסטע, שענסטע זײַטן פונעם פאָלקס־כאַראַקטער, פון די טראַדיציעס, פון די עטישע נאָרמעס".

אַזאַ צוגאַנג צו דער פראַגע לאָזט ניט איבער קיין אָרט פאַר פאַלשע טײַטשן. עס ווערט מעגלעך דערפאָלגרײַך צו קעמפן סײַ קעגן באַליביקע דערשײַנונגען פון שאָוויניזם, אַזוי אויך קעגן נאַציאָנאַלן ניהיליזם, וועלכן ס'פּריידיקן אייניקע רעוויזיאָניסטן פונעם מאַרקסיזם.

באַדײַטנדיק איז דער בײַטראָג פונעם זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו" אינעם קאַמף קעגן דער פײַנטלעכער אידעאָלאָגיע, פאַר באַשטעטיקן די אידייען פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און הומאַניזם. דעם דאָזיקן קאַמף פירט דער זשורנאַל דורך, באַזירנדיק זיך אַף פאַקטישן מאַטעריאַל, אויסמײַדנדיק הויכע פראַזן, מעליצעדיקע דעקלאַראַטיווקײַט. אין דער הינזיכט פאַרדינען אויפמערקזאַמקײַט, צום בײַשפּיל, אַזעלכע ערנסטע אַרבעטן, ווי וו. גאַלאַנטס „אַפּעליאַציע צום נאַציאָנאַליזם" (1973, נומ. 1) און יע. טשערניאַקס „נעוויִם און מיטאָסן" (1973, נומ. 2, 3, 4, 5, 6). דער אַוטאָר פון דער לעצטער פּובליקאַציע דעקט אויף א סאַך פינצטערע בלעטלעך פון דער געשיכטע פונעם רעאַקציאָנערן נאַציאָנאַליזם.

דער זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו" פאַרינטערעסירט, זעט אויס, די לייענער אויך מיט דער פאַרבן־רײַכקײַט פונעם ליטעראַרישן מאַטעריאַל, מיט דער ברייטקײַט פון דער פּאַנאָראַמע, מיט טעמאַטישער פאַרשיידנאַרטיקײַט. יעדער כוידעש־נומער עפנט פאַר אונדז א ברייטע טיר אין דער פילשטימיקער ראַשיקער וועלט מיט אירע אומרועז, זאָרגן, ריטמען, מיט אירע האָפענונגען און צווייפלונגען.

די שטענדיקע שטרעבונג פון די שעפער פונעם זשורנאַל צו האַלטן די לייענער אינעם קורס פון אַלע וויכטיקע געשעענישן רופט זיך אָפּ גופא אַף דער סטרוקטור פון דער אויסגאַבע. ס'האָבן זיך אײַנגעשטעלט טראַדיציאָנעלע רובריקעס אין „דרוזשבא נאַראָדאָוו". כוץ די נײַע ווערק פון דער הײַנטצײַטיקער פּראָזע און פּאָעזיע, כוץ די פּובליציסטישע אַרטיקלען, איבערזיכטן פון די רעפּובליקאַנישע זשורנאַלן, אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור, קולטור־לעבן, קונסט, געפינט דאָ דער לייענער אויך אַזוינע סטאַבילע אָפּטײלן, ווי „מענטשן,

געשעעניש, צײַט", „פּראָבלעמען פונעם לעבן", „די וועלט מיט די אויגן פון דעם שרײַבער".

אינעם אָפּטייל פון פובליציסטיק ווערן געדרוקט פּראָבלעם־מאַטעריאַלן וועגן די סאַמע צאַפּלדיקע פראַגן פון אינערלעכער און צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק. „דרוזשבא נאַראָדאָוו" האָט אין זעקס נומערן, מיט פאַרצעצונגען, פאַרעפנטלעכט אַרן ווערגעליסעס „בריוו פון אייראָפּע" און אויך איבערגעדרוקט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" זײַנע אַמעריקאַנער רײַזע־נאָטיצן.

איך מיין, אַז פאַר די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט זײַן אינטערעסאַנט צו וויסן, וויאַזוי עס ווערט אָפּגעשפּיגלט די „ייִדישע טעמע" אויף די זײַטן פון אַ גרויסן רוסישן זשורנאַל, וואָס דינט אַלס טריבונע פאַר די ברידערלעכע ליטעראַטורן פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

ארויסווײַזן אַן אינטערעס צו דער ייִדישער קלאַסישער און הײַנטצײַטיקער קינסטלערישער קולטור — איז געוואָרן אַ טראַדיציע פון „דרוזשבא נאַראָדאָוו". אין דעם איז ניט שווער זיך איבערצײַגן, אויב דורכבלעטערן זײַנע נומערן — סײַ פון די פריִערדיקע יאָרן, סײַ פון די איצטיקע.

אָט ליגן פאַר אונדז די ערשטע דרײַ ביכער פונעם דעמלטיקן אַלמאַנאַך „דרוזשבא נאַראָדאָוו". זיי זײַנען דערשינען אין פאַרמילכאָמעדיקן 1939 יאָר, ווען די סאָוועטישע מענטשן האָבן פײַערלעך אָפּגעמערקט צוויי גרויסע יובילייען: דעם 125־טן געבורטסטאָג פון טאַראַס שעווטשענקאָ און שאָלעם־אַלייכעמס 80־טן געבורטסטאָג. פאַר די דאָזיקע ליטעראַרישע געשעענישן גיט דער נײַער אַלמאַנאַך אָפּ אַ היפּש אָרט. אינעם ערשטן בוך געפינען מיר, צווישן אַנדערע מאַטעריאַלן, דאָוויד האָפשטיינס אַ ציקל לידער „טאַראַס שעווטשענקאָ" און עזראָ פינינבערגס אַן אַרטיקל „שאָלעם־אַלייכעם".

די רעדאַקציע האָט פון סאַמע אָנהייב אָן געמאָלדן, אַז „דער אַלמאַנאַך „דרוזשבא נאַראָדאָוו" וועט באַקאַנען דעם לייענער מיט די בעסטע ווערק פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור פון די פאַרבאַנדישע און אווטאָנאָמע רעפּובליקן און אווטאָנאָמע געגנטן", ער „שטעלט פאַר זיך אַן אויפגאַבע צו טוישן זיך מיט דער דערפאַרונג פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער שאַפונג און באַווײַזן דעם וווּקס פון דער פּאָעזיע און פּראָזע פון אַלע פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד". די רעדאַקציע האָט מיט אַ ברייטער האַנט אָפּגעגעבן אירע זײַטן אויך די ייִדישע אווטאָרן.

כוץ די אָנגערופענע מאַטעריאַלן, האָבן שוין אין די ערשטע דרײַ ביכער פון „דרוזשבא נאַראָדאָוו" זיך באַוויזן פראַגמענטן פון פּערעץ מאַרקישעס פּאָעמע „אויפגאַנג אויפן דניעפּער", דאָוויד בערגעלסאָנס דערציילונג „לעבן פּאַנצערצוג", שמואל גאָדינערס „אַ פּראָסטע זאַך", מענדל ליפשיצעס פּאָעטישער ציקל „אַזוי ווערט געבוירן אַ ליד", סאָרע קאַהאַנס ליד „היימלאַנד", אַרן קושניראָוו „בירָאָבידזשאַנער לידער". מיר געפינען דאָ אויך אָשער שוואַרצמאַנס אַ גרויסן פּאָעטישן ציקל און שאַכנע עפּשטיינס אַרטיקל וועגן דעם ערשטן ייִדישן סאָוועטישן דיכטער. און צולעצט, אינעם אָפּטייל „ליטעראַרישע ירושה" — באַנאַנד מיט די נעמען פון לערמאָנטאָוו, כעטאַגוראָוו, אָוואַנעס טומאַניאַנען און אַנדערע קלאַסיקער פון די ליטעראַטורן פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד — ברענגט דער זשורנאַל שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונג „צו דער סודע".

ס'זײַנען דורכגעגאַנגען פינף און דרײַסיק יאָר. „דרוזשבא נאַראָדאָוו" איז, ווי פריִער, איבערגעגעבן אירע בעסטע טראַדיציעס, איינע פון וועלכע עס באַשטייט אין ארויסווײַזן אַ שטענדיקן אינטערעס צו דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דער זשורנאַל באַקאַנט זײַנע לייענער מיט דער שאַפונג פון די ייִדישע דיכטער און פּראָזאַיִקער, רופט זיך אָפּ אויפן דערשײַנען פון נײַע ייִדישע ביכער.

לאָמיר זיך ווענדן, פאַר אַ בײַשפּיל, צום קאָמפּלעקט פונעם זשורנאַל פאַרן פאַריקן, 1974 יאָר.

אינעם פעווראַל־בוך איז דער רוסישער ליטעראַטור־קריטיקער וו. באָבאָריקין ארויסגעטראָטן מיט אַ רעצענזיע אויף שמואל גאָרדאָנס בוך דערציילונגען „אַהיים", וואָס איז דערשינען אין מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל". די רעצענזיע הייסט „דאָס געפיל פון היים". דער רעצענזענט גיט אַ הויכע אָפּשאַצונג ש. גאָרדאָנס „רײַזע־בילדער".

לאָמיר הערן, וואָס און, דאָס וויכטיקסטע אין דעם פאַל, וויאַזוי אַ רוסישער קריטיקער שרײַבט וועגן אַ בוך פון זײַן ייִדישן מיטברודער. וויפל אָפּשײַ, פילבאַרקײַט און גוטוויליקײַט עס איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן אָפּרוף!

„אייגנטלעך זײַנען אָט די נאָטיצן, — שרײַבט וו. באָבאָריקין, — געשאַפן געוואָרן אין רעזולטאַט פונעם אווטאָרס רײַזעס לויט די סאַמע פאַרשיידענע מאַרשרוטן: אוקראַיִנע און ווײַטער מיזרעך, בײַוואָלגע און עקסטער צאָפן. נאָר ווו דעם אווטאָר איז ניט אויסגעקומען צו זײַן, אומעטום האָט ער געטראָפן ייִדישע מישפּאָכעס, און אומעטום האָט ער געפונען די אָדער אַנדערע סימאָנים פון דער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקײַט פון זײַן פאָלק... אָבער ווען דער שרײַבער קומט קיין קאַזאַטין, צי ווען ער גייט אַרום איבער די גאַסן פונעם היים־שטעטעלע פּאָגרעבישטשע אָדער פון די שכיינישע שטעטלעך — דעראַזשנע, מעדזשיבאָזש, — דאַן איז ער פול מיט דערמאָנונגען. און זיי אַלע זײַנען, ווי עס פירט זיך, ניט אָן טרויער"...

וו. באָבאָריקין זעצט פאָר: „פון די אַלטע שטעטלעך איז אין אוקראַיִנע, פאַרשטייט זיך, קיין סימען ניט געבליבן. זיי זײַנען שוין לאַנג

פאַרוואנדלט געוואָרן אין הײַנטצײַטיקע דערפער, און די ייִדישע מישפּאָכעס, וואָס וווינען דאָרט, ארבעטן, אלס קלאל, אין די קאָלווירטן. אנדערע שטעטלעך זײַנען גאָר געוואָרן שטעט. נאָר ווען דער שרײַבער האָט ווי דורכגעזיפּט דורך די בילדער פון דער פארגאנגענהײַט די נײַע דערשײַנונגען, מיט וועלכע ס׳איז פול דאָס לעבן פון די געוועזענע שטעטלעך, האָט זיך פארן לייענער אנטפּלעקט א סאך אומדערווארטס”. דער קריטיקער הערט זיך אופמערקזאם אײַן אין די אינטאָנאציעס פון שמועל גאָרדאָנס פערסאָנאזשן און צווישן זיי — פון דער אלטער ייִדישער באָבע, און ער פרייט זיך, וואָס ער זעט טאקע א ייִדישע באָבע.

אין זײַנע רײַזע־נאָטיצן סטארעט זיך ניט דער שרײַבער גאָרדאָן אופלעבן דאָס, וואָס איז געזעצמעסיק פארשוווּנדן. „ער זוכט אן אנדער צונויפפּאָרונג פונעם טראדיציִאָנעלן, וואָס איז פאראן אינעם נאציִאָנאלן כאראקטער, מיט דעם נײַעם, וואָס דער אָקטיאבער האָט מיט זיך געבראכט”. דער קריטיקער מאכט א באדײַטונגספולן אויספיר: „די „רײַזע־בילדער” און אלע איבעריקע ווערק פונעם שרײַבער, בוילעט נאציִאָנאלע לויט דער דערציילמאניר, לויטן אינטאָנאציִאָנעלן געבוי, לויט דער בילדערישער סטרוקטור, זײַנען אין דער זעלבער צײַט שטענדיק אינטערנאציִאָנאלע לויט זייער ריכטונג. דאָס ווערט פריִער פון אלץ אויסגעדריקט אין דער אטמאָספער פון ברידערלעכקײַט, וואָס הערשט אין די צווישנבאציִונגען פון ש. גאָרדאָנס העלדן, צו וועלכער נאציע זיי זאָלן ניט געהערן”.

דאָס געזאָגטע ווערט באשטעטיקט מיט א קאָנקרעטן אנאליז פון די פארצייכענונגען „דער אומאניער צוג”, „דער טראנזיט־פאסאזשיר” און אנדערע. דערבײַ שטעלט דער קריטיקער ארויס צום בוך „אהיים” שטרענגע פאָדערונגען. ס׳ווערן אָפּגעמערקט די ניט געלונגענע דערציילונגען. צו זיי געהערן, לויט דער מיינונג פונעם קריטיקער, „דעם באלשעמס געסל”, די גרעסערע דערציילונגען „אפן גליטש” און „די איינציקע”, וואָס לײַדן, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער רעצענזיע, פון א קינסטלעכן סוזשעט און זײַנען איבערגעלאָדן מיט פּראָטים און דעטאלן. דערפאר באקומט מער וואָג דער אלגעמיינער אויספיר פונעם רעצענזענט: „די בעסטע זײַטן פונעם בוך זײַנען א בײַטראָג אין דער אנטוויקלונג פון דער פילנאציִאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור”.

אין נאָיאבער־נומער פון „דרוזשבא נאראָדאָוו” האָט וו. באָבאָריקין אָפּגעדרוקט א רעצענזיע אף יויסעף ראבינס ראָמאן „באם ניעמאן” (פארלאג „קינסטלערישע ליטעראטור”, מאָסקווע, 1973). הײַנט־צו־טאָג, ווען אומגעבעטענע ייִדן־„פרײַנט” באשולדיקן די סאָוועטישע ליטעראטור־טעאָריע און די קריטיק, אז זיי דערשאצן ניט די נאציִאָנאלע ספּעציפיק, די נאציִאָנאלע טראדיציעס, איז קעדײַ א קוק צו טאָן, ווי‌אזוי עס זעט אויס פון דעם שטאנדפונקט די רעצענזיע פון א רוסישן סאָוועטישן קריטיקער אף א בוך פון א ייִדישן שרײַבער.

„די כאראקטערן פון זײַנע העלדן מאָלט יויסעף ראבין אין זייער גאנצער נאציִאָנאלער אייגנארט, — שטרײַכט אונטער וו. באָבאָריקין. — דאָס איז שײַעך ניט נאָר צו די ספּעציפישע זיטן, צי די אלטע מינהאָגים, בא וועלכע ס׳האלטן זיך די העלדן פונעם ראָמאן. אייגנארטיק איז געווען אויך די לאגע, אין וועלכער די אלע העלדן האָבן זיך געפונען אין די באדינגונגען פון דער צארישער זעלבסטהערשונג. די איזדיעקענישן מיצאד דער פּאָליציישער נאטשאלסטווע, די פּראָוואָקאציעס פון די שוואָרצמייעניקעס, די אייביקע שרעק פאר א פּאָגראָם — דאָס אלץ לייגט ארוף א ספּעציפישן שטעמפּל אף די העלדן פונעם ראָמאן. מע דארף אָבער באמערקן, אז ראבין כאפּט ניט איבער די מאָס אָן א נויטווענדיקײַט. דער שווערער גוירל פון די ייִדן אינעם צארישן רוסלאנד איז באם אווטאָר א רינג אין דער קייט, ריכטיקער — אין די קייטן, אין וועלכע ס׳זײַנען געווען געשמידט אין צארישן רוסלאנד אלע פעלקער, און דער פּראָטעסט קעגן זייער לאגע פירט אומפארמײַדלעך די העלדן פונעם ראָמאן צום אָנטיילנעמען אין דער אלגעמיין־רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג”.

מיט א ברייטער האנט ווערן אין זשורנאל „דרוזשבא נאראָדאָוו” איבערגעגעבן דעם לייענער ראָמאנען און דערציילונגען, פּאָעמעס און לירישע לידער, פּיעסן, רעפּאָרטאזשן, דאָקומענטאלע פארצייכענונגען, רײַזע־נאָטיצן, פּובליציסטישע און ליטעראטור־פאָרשערישע ארבעטן פון אלטע און יונגע, פון ברייט באוווסטע און אינגאנצן ניט באקאנטע שרײַבער. זייער שאפונג אין אלגעמיין גענומען שטעלט פאָר א פילפארביק בילד פונעם לעבן פונעם צוויי־הונדערט־פופציקמיליאָניקן סאָוועטישן פאָלק. די פילצאָליקע ווערק זאָגן איידעס, אז אין דער ברידערלעכער איינִיקײַט האָבן זיך אין דער פולער מאָס אנטפּלעקט די שעפערישע פייִקײַטן און טאלאנטן פון אלע נאציעס און פעלקער פון דער סאָוועטישער מעלוכע.

„דרוזשבא נאראָדאָוו” איז א מין „וויזיטקארטל” פון דער פילנאציִאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור. לויט דער דאָזיקער מערקווירדיקער אויסגאבע קאָן מען פולשטענדיק ריכטיק אורטיילן וועגן דעם פּאָזיטיוון פּראָצעס פון קעגנזײַטיקער באַרײַכערונג און דערנעענטערונג פון די קולטורן פון די סאָציאליסטישע נאציעס, וועגן דער אָרגאנישער, אינערלעכער איינִיקײַט פון די ברידערלעכע ליטעראטורן, וואָס יעדערע פון זיי צייכנט זיך אויס מיט אירע אייגנטימלעכקײַטן.

די פארברידערונג פון די פעלקער געבירט די פארברידערונג פון די ליטעראטורן, וועלכע שטרעבן צו איין גרויסן ציל.



## ליטעראַטור־קריטיק
## ביבליאָגראַפיע
## פראַגן פון קונסט

ארן ראסקין

# כ.=נ. ביאַליק אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע

אין יאַנוואַר 1901 האָט א. מ. גאָרקי אין א בריוו צו ק. פּ. פּיאַטניצקין געשריבן: „...דער נײַער יאָרהונדערט וועט זײַן בעעמעס א יאָרהונדערט פון גײַסטיקער באַנײַונג״.

אין גאָרקיס ווערטער האָבן געפונען זייער אויסדרוק די פאָרגעפילן פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער רוסלענדישער אינטעליגענץ, די האָפענונגען, מיט וועלכע ס׳האָבן געלעבט די ברייטע מאַסן ערעוו דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע.

אויך כ.־נ. ביאַליק איז ניט געבליבן גלײַכגילטיק צו דעם סאָציאַלן אופברויז פון די פאָלקסמאַסן אין גאַנצן לאַנד, און האַגאַם ער איז געווען ווײַט פון די רעוואָליוציאָנערע אידעאַלן פון זײַן צײַט, האָבן די שטורמישע געשעענישן אופגעטרייסלט זײַן געמיט און באַווירקט און באַרוישט זײַן שאַפונג. עס האָט זיך פאַרטיפט די קראַפט פון זײַנע פּאָעטישע וויזיעס, עס האָבן זיך פאַרברייטערט די האָריזאָנטן פון זײַן דיכטונג.

אין די יאָרן 1901—1905 האָט ביאַליק געשאַפן זײַנע וויכטיקסטע פּאָעמעס, די לידער פון „צאַר און צאָרן״ — ווערק, וועלכע זײַנען אָנגעזאַפט מיט הויכן געזעלשאַפטלעכן פּאַטאָס. אין דעם דאָזיקן צײַט־אָפּשניט זײַנען אופגעקומען ביאַליקס ציקלען נאַטור־ און ליבע־לידער, וועלכע זײַנען דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון אופבלי און באַנײַונג. דער דיכטער האָט זיך ווי אַרויסגעריסן פון די ענגע דאַלעדאַמעס, אין וועלכע זײַן שאַפונג איז פריִער געווען פאַרשפּאַרט. אין די נײַנציקער יאָרן איז ביאַליקס ליד אין טאָך א קלאָג־ליד, א טרויערגעזאַנג איבער דעם אייגענעם וויסטן לעבן און איבער דעם ביטערן גורל פונעם פאָלק, דעם פאַרורטיילטן צו א לעבן פון א „הונגעריקן הונט, וואָס איז צו דער קייט צוגעבונדן״ („כוכב נדח...״ — „אַן עלנטער שטערן...״).

איצט, אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יה., איז אופגעקומען ביאַליקס נײַע ליד, די ליד פון אופגעוואַכטע האָפענונגען, פון א זיך דערנעענטערנדיקן פרילינג. צוערשט איז די מונטערע שטימונג געווען א ניט זיכערע. די „ליד פונעם נאַכטיגאַל״ קלינגט נאָך „פאַרשעמט און פאַריאָסעמט״ („שירה יתימה״ — „א פאַריאָסעמט געזאַנג״). אינעם אַלעגאָרישן בילד פונעם וואַלד, וועלכער איז נאָך טיף פאַרזונקען אין ווינטער, דערפילן מיר, אַדאַנק דער בעקיוונדיקער אָנהויפונג פון סינאָנימישע עפּיטעטן, מעטאַפאָרן, פּאַראַלעלע בילדער, דעם גאַנצן גוריל פונעם דעמלטיקן ייִדישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד.

מונטערער איז די ליד „פּעמי אָביב״ („פרילינג־טריט״), געשריבן עטוואָס שפּעטער אינעם זעלבן יאָר. די ליד קלינגט ווי א פרײַדיקער אָנזאָג פון א דערוואַרטער באַנײַונג. זי הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „היתה רוח אחרת... היתה רוח אחרת מסביבו!״ („ס׳ווייט אַן אַנדער ווינט... ס׳איז אַן אַנדער לופט אין אַרום!״). באַגײַסטערט טיילט מיט דער דיכטער: „די הימלען זײַנען געוואָרן העכער, עס האָבן זיך אַנטפּלעקט קלאָרע, לויטערע ראַכוועסן, אויף דעם באַרג הערט מען טריט פונעם פרילינג!״.

אין די נײַנציקער יאָרן האָט זיך דער דיכטער זעלטן געווענדט צו די מאָטיוון פון דער קינדהײַט. זײַן לירישער העלד איז אַמערסטן דערשינען אין דעם געשטאַלט פון אַן אַלטן, מידן וואַנדערער. אַן אויסנאַם בילדעט די באַלאַדע

„גמדי ליל" („די נאכט־שרעטעלעך"), אין וועלכער ביאַליק דערמאָנט זיך אין איינער פון זײַנע קינדער־זשוגנגען. אין דער ייִדישער ליד „אפן הויכן בארג" (1899) פירט ער אונדז צום ערשטן מאָל ארײַן אין דער צויבער־וועלט פון זײַן קינדהײַט, ווען ער האָט זיך געפילט אלס אָרגאנישער טייל פון דער נאטור. אין אָט דער ליד איז אָבער פאראן מער בענקשאפט, איידער גליק, עס ווערט דאָ גערעדט וועגן פריידן, וועלכע וועלן קיינמאָל זיך ניט אומקערן צוריק.

אין די יאָרן ערעוו דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, ווען אינעם דיכטערס הארץ האָבן אופגעבליט האָפענונגען אף דער באנײַונג פונעם לעבן, אף דער מילדערונג פונעם גורל פון זײַן פאָלק, האָט זיך זײַן דיכטונג אָנגעפילט מיט בילדער פון פריידפולער, זאָרגלאָזער קינדהײַט. א יאם פון שײַן און ליכט האָט א פלייץ געטאָן אין זײַן ליד. אין די יאָרן 1900—1905 האָט זיך באוויזן די פּאָעמע „זהר" („שײַן") און אזוינע לידער, ווי „צפרירים" („פרימאָרגן־ווינטעלעך"), „עם פתיחת החלון" („באם עפענען דאָס פענצטער"), „בשורה" („די בסורע"), „משירי החורף" („פון די ווינטער־לידער"), „הברכה" („די סאזשלקע") — אלע צוזאמען בילדן זיי איין עפּאָפּייע פון ליכט און זונענשײַן.

אין „צפרירים" זײַנען די בילדער פון בלאנקענדיקער שײַן געדיכט אָנגעהויפט איינס אפן צווייטן, די לעקסיק איז פול מיט פיגוראלע אויסדרוקן, וועלכע טוקן זיך מאמעש אין לויטערקײַט און העלקײַט. די צײַטווערטער, וועלכע ס׳באנוצט דער דיכטער, זײַנען אלע שײַנענדיקע, לאכנדיקע, שוועבנדיקע, טאנצנדיקע. די גרענעצלאָזע פרייד, וואָס שטראָמט ארויס פון אן איבערגעפולט מיט כידעש און פארגעניגן קינדערש הארץ, גיסט זיך אויס אין א ריי באגײַסטערטע אויסרופן: „אָ, ווי ס׳טײַעט דאָס הארץ!", „אָ, ווי זיס!", „גאָט! עס האָט פאָרפלייצט מיך מיט ליכט!".

אינעם זעלבן גײַסט איז אָנגעשריבן „עם פתיחת החלון". דער דיכטער עפנט א פענצטער צום פרימאָרגן, צו דער זון. ער שעפט הויפנווײַז „פרייד און לעבן", פילט זיך אָן מיט דעם גרויסן יאָמטעוו פון ליכט, שײַן און גינגאָלד. ס׳איז אים אָבער ווייניק, ער שרײַט אויס אין עקסטאז: „ווען, גאָט, זיבן זונען דו הענגסט אוף אין הימל, ניט געקאָנט וואָלסטו שטילן דעם דאָרשט פון מײַן הארצן — מער ליכט, גאָט באַהעלטער, גיב ליכט!".

אזוי זיך ציִען צו דער שײַן קאָן נאָר א מענטש, וואָס האָט זיך ערשט ארויסגעריסן פון יאָרנלאנגער פינצטערניש.

אָנגעפילט מיט שײַן און לויטערקײַט איז די פּאָעמע „זהר" — א דערמאָנונג פון דער פריִער קינדהײַט, ווען פאר די אויגן פונעם טרוימערישן, געוווינטן צו היסבוידעדעס ייִנגל, האָט זיך די וועלט אנטפּלעקט ווי איין גרויסער, לויכטנדיקער, גליקלעכער זומער. דער דיכטער שטרעבט דאָ צו עפּישער שילדערונג, צו פלאסטישער נאטור־מאָלערײַ אין גײַסט פון מענדעלעס נאטור־שילדערונגען.

דער לירישער העלד דערשײַנט דאָ אלס לוסטיק קינד, וואָס טראָגט זיך אום צוזאמען מיט די פריילעכע פרימאָרגן־ווינטעלעך, א קלאָרער און זויבערער, ווי זיי, איבער דער לאָנקע, איבער דעם פעלד, ווארפט זיך ארײַן אין די לויטערע וואסערן פון דער סאזשלקע, וואָס איז „א מאבל פון שײַן און א יאם פון ליכט", פון וועלכער ער גייט ארויס „זיבן מאָל אויסגעלײַטערט און אויסגעזויבערט". אינעם מעכטיקן פרייד־געשריי, וואָס רײַסט זיך ארויס פון דער קינדערשער ברוסט, ווי אן „אויסברוך פון טויזנטער קוואלן פון פרייד און גליק", שפירן מיר די מונטערע האָפערדיקײַט פונעם דיכטער.

שטורמישע לעבנספרייד ווערט אנטדעקט אין „בשורה" (1903), ווו עס לאָזן זיך הערן די ערשטע טריט פון אָנקומענדיקן פרילינג. דאָ ווערט שוין זיכער אָנגעזאָגט: „דער פרילינג איז דאָ!". די גוטע בסורע פאלט אראָפּ, ווי אין פאָלקסליד, אלס „א בריוועלע פון הימל" אין געשטאלט פון א גאָלדענעם שטראל. אדאנק דער מײַסטערישער קלאנגען־שפּיל הערן מיר דעם פריילעכן גערויש פון די ריטשקעלעך. מיט אלע אונדזערע אייוורים שפּירן מיר די פרישקײַט, מיט וועלכער עס פילט זיך אָן די גאנצע לופט. דער לירישער העלד איז איצט גאָר אן אנדערער. ער שטייט שוין ניט צו דער ערד געבויגן אונטער דער לאסט פון פּײַן און לייד, ווי מיר זײַנען געוווינט געווען אים צו זען אין ביאַליקס לידער פון די נײַנציקער יאָרן. ער האָט הויך פארהויבן דעם קאָפּ, „רעדט פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דעם פרעכטיקן הימל", זאפּט אין זיך אײַן די „זויבערע בלויקײַט", די ליכטשעפע, דרינגט זיך דורך מיט דעם „רייעך פון גאניידן און דעם טוי פון אופלעבונג".

„נײַער פרילינג — נײַע לידער!" — אזא איז געווען דער דעוויז פון דער צײַט. דאָס פאָרגעפיל פון אן אָנקומענדיקן פּאָליטישן „פרילינג" האָט ארויסגערופן א כוואליע „פרילינג־מאָטיוון" אין דער דיכטונג און אין דער פּראָזע פון אלע פעלקער אין צארישן רוסלאנד. טאקע אין אָט די יאָרן זײַנען דערשינען א. מ. גאָרקיס „פרילינג־מעלאָדיעס", אין וועלכע ס׳איז ארײַן די בארימטע „ליד וועגן שטורעמפויגל". וועגן פרילינג האָט געזונגען י.־ל. פּערעץ אין זײַנע פּאָעמעס אין פּראָזע, א. רייזען אין זײַנע לידער, די העברעיִשע דיכטער ש. טשערניכאָווסקי, ז. שנייער, י. קאהאן אין זייערע „שירים".

ביאַליקן האָט זיך דער „פרילינג" ניט לײַכט געגעבן. אים האָט צײַטנווײַז געפּײַניקט די ניט־זיכערקײַט אין דער מעגלעכקײַט אופצוּוועקן דאָס פאָלק צו אופלעבונג און באנײַונג, אזוי שרעקלעך האָט אויסגעזען אין זײַנע אויגן דער מאטעריעלער און גײַסטיקער כורבן פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין טכום־האמוישעוו.

אין איינעם א בריוו פון דער דאָזיקער צײַט האָט ביאַליק געשריבן: „איך שרײַב, און א שטראָם פון נײַער ליכט, אַן אָנזאָגער פון פרײַלינג, האָט א פלייץ געטאָן דורכן פענצטער אַף מײַן פּאָנעם און אופגעוועקט אין מיר געפילן, וועלכע האָבן פריִער געדרעמלט. דאָס ליכט דרינגט ארײַן אין מײַנע אויגן, קוקט ארײַן אין מײַן נעשאָמע, ווי ביין־האשמאָשעס א טרויעריקער ליכט־שטראַל אין אַן אלטער כורווע. עס טרעפן מינוטן, ווען ס׳כאַפּט מיך אָן א צווייפל לעגאַבע די אלע לידער און אנדערע זאכן, וועלכע איך און אנדערע שרײַבן, אין זייער בייטיקײַט און זייער נוץ. צוליב וועמען און צוליב וואָס? פאר אונדזערע אויגן שטייט דער שוידערלעכער כורבן פון דעם פאָלק"[1].

די ספייקעס, וועלכע האָבן פון צײַט צו צײַט באַהערשט דעם דיכטער, האָבן גוירעם געווען דערצו, אז פּאַראַלעל מיט די לידער וועגן פרײַלינג, זון און ליכט, וואָס דאָמינירן איצט אין זײַן שאַפונג, וואַרפן זיך דורך איינצלנע לידער, אין וועלכע ס׳הערן זיך אויך טענער פון ייִעש און סקעפּסיס. צוגלײַך מיט דער שטראַלנדיקער פּאָעמע פון זאָרגלאָזער קינדהײַט „זהר" דערשײַנט „שירתי" („מײַן ליד")[2], וועלכע איז אָנגעפילט מיט טרויעריקע דערמאָנונגען וועגן די קינדער־יאָרן אינעם הויז פון דעם אָרעמען פאָטער, וועגן דער מוטער, דער אלמאָנע, וואָס אַף אירע געהויקערטע פּלייצעס האָט זיך נאָך דעם פאָטערס טויט געלייגט דער שווערער אָל פון אויסהאַלטן די פאַמיליע. פיל האָט מיטגעווירקט דעם אָנוווּקס פון צווייפל און ניט־גלויבן דער פּאָגראָם אין קעשענעוו (זומער 1903), וועלכער האָט געטראָפן ביאַליקן ווי א דונער אינמיטן העלן טאָג.

די דאָזיקע פרעכע פּראָוואָקאַציע, אינספּירירט דורך דער צארישער רעגירונג, האָט, ווי באַוווּסט, אופגערודערט די גאַנצע פּראָגרעסיווע וועלט. אין דער באָלשעוויסטישער „איסקראַ" האָט וו. אי. לענין מיט צאָרן פאַרורטיילט די בלוטיקע אַקציע פון דער שוואַרצער מייע אין קעשענעוו. א. מ. גאָרקי האָט אָנגעשריבן א שאַרפן פּאַמפלעט „וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם", וועלכער איז געווען אָפּגעדרוקט אַף א העקטאָגראַף און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער פאָרם פון א פּראָקלאַמאַציע. די בעסטע רוסישע שרײַבער האָבן מיט טיפסטן ווידערגעפיל אופגענומען די דאָזיקע מײַסים־טאַטויִם פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג.

ביאַליק איז אלס מיטגליד פון א ספּעציִעלער קאָמיסיע, וועלכע איז געווען באַרופן אויסצופאָרשן די געשעענישן אַפן אָרט, טייקעף ארויסגעפאָרן קיין קעשענעוו. אונטער דעם פרישן אײַנדרוק פונעם געזעענעם האָט ער אָנגעשריבן זײַן באַרימטע פּאָעמע „בעיר ההרגה" (שפּעטער האָט ער זי מיט אייניקע ענדערונגען איבערזעצט אין ייִדיש אונטערן נאָמען „די שכיטע־שטאָט").

[1] בריוו צו ראַווניצקין. אגרות, ח.־נ. ביאַליק, כרך 1. זז. קל"ז־קל"ח.

[2] „זהר" און „שירתי" זײַנען געווען צוערשט פּלאַנירט אלס צוויי טיילן פון איין פּאָעמע.

אין „בעיר ההרגה" גיט ביאַליק א רעאַליסטישע, ערטערווײַז קימאַט נאַטוראַליסטישע, שילדערונג פונעם געשעענעם. ווי אין אלע זײַנע ווערק, פילן מיר דאָ אלע ניואַנסן פונעם דיכטערס געמיט־צושטאַנד: פון טיפסטן צאַר ביז שטאַרקסטן צאָרן. אין דער פּאָעמע הערן זיך טענער פון ייִעש און פאַרצווייפלונג, עס שפּירט זיך פאַרלאָרנקײַט, וועלכע איז געקומען אלס רעזולטאַט פון א גוואַלדיקער דערשיטערונג, פון ניט גענוג פאַרשטיין די סיבעס און דעם הינטערגרונט פון דעם, וואָס האָט געטראָפן.

נאָר שטאַרקער פונעם ייִעש און פון דער הילפלאָזיקײַט איז דער פּראָטעסט, דער צאָרן, וועלכע דרינגען דורך די פּאָעמע. „פאר מיר איז „די שכיטע־שטאָט" דאָס אמערסטן שטאַרקע ווערק ביאַליקס, — האָט געשריבן א. מ. גאָרקי, — „די שכיטע־שטאָט", וועלכע שטראָפט אומבעראַכמאָנעסדיק די הענקער און מיט רעכט — דעם קאָרבן פאר זײַן האַכנאָעדיקײַט לעגאַבע דעם הענקער. דורך ביאַליקס האַרץ זײַנען אַדורך אלע ליידן פון זײַן פאָלק, און דאָס האַרץ פונעם דיכטער איז טיף און הילכיק, ווי א גרויסער גלאָק"[1]. ביאַליק גיסט אויס זײַן קאַס ניט נאָר אַף די הענקער, ניט נאָר אַף די קאָרבאָנעס, וועלכע זײַנען ווי שאָף געגאַנגען צו דער שכיטע, ער באַשולדיקט אויך דעם „גרויסן ייִדישן גאָט", וועלכער האָט זיך ארויסגעוויזן אלס א יוירעד און איז געצוווּנגען צו דערקלערן, אז ער איז באַנקראָט:

און איר וועט קומען מאָרגן אונטער מײַנע טירן
און אָנקלאַפּן בא מיר און מאָנען לוין —
וועל איך אײַך עפענען, קומט זעט — נאָר כ׳האָב ניט!
א יוירעד בין איך, גלײַך מיט אײַך פאַראָרעמט.

דער דיכטער צעקלאַפּט אלע איליוזיעס אַף וועלכער־ניט־איז הילף „פון אויבן". ער לאַכט אויס די פוסטע האָפענונגען אַף גאָט, וועלכע האָבן געבראַכט דערצו, אז דאָס פאָלק איז פּאַסיוו, אָנמעכטיק, ווידערשטאַנדלאָז. מיט ביטערער איראָניע שרײַבט ער וועגן די לעבן־געבליבענע, וואָס פאַרגייען זיך אין געוויין, קלאַפּן זיך אין ברוסט אַלכעט. דער דיכטער רופט אויס:

א פּוסט ווו איז? ווו איז א גרויסער דונער,
וואָס זאָל זיך אָפּרעכנען פאר אלע דוירעס...

מיט בײַסיקן סאַרקאַזם רעדט דער דיכטער וועגן די געליטענע, וואָס קלאַפּן אָפּ די טירן בא די גווירים, בעטלען אויס בא די נעגידים א גמילעסכעסעד. און יענע, די זאַטע, וועלכע האָבן ניט געליטן פון דער בלוטבאָד, קומען אָפּ מיט א נעדאָווועלע און מיט א „באָרוך שעפּטאָראָנו". טיפער סאָציִאַלער צאַר און ביטערער צאָרן קעגן דעם הערשנדיקן סאָציִאַלן אומרעכט שרײַט ארויס פון די שורעס:

[1] А. М. Горький. Материалы и исследования, 1934, стр. 93.

און זע! א מארק, א מארק פון לעבעדיקער בראָכווארג!
צעשלאָגענע, האלב־טויטע מענטשן — ווערעם,
צעבראָכענע און אויסגעקרימטע רוקנס,
פארוויקלטע אין שמאטעס, הויט און ביינער...
באפאלן טיר־און־טויער, אלע פענצטער,
באלאגערן די שוועלן פון די הײַזער
און שטרעקן אויס, געלערנטע צו בעטלען, קרומע הענט
מיט אופגעדעקטע אייטערדיקע ווונדן,
און יעדערער שרײַט אויס זײַן פעקל סכוירע...
א גראָשן פאר א ווונד, א גראָשן פאר א ווונד!
א גראָשן פאר א טאָכטער, א געשענדעטער!

ניט וויינען, ניט בעטלען דארף מען, ניט ווארטן אף גווירישע „גוטהארציקע" נעדאָוועלעך, ניט טרערן גיסן, ניט האנדלען מיט די ווונדן, נאָר „אופזאמלען דארף מען די ניט פארגאָסענע טרערן און אויסבויען אף זיי אן אײַזערנע פעסטונג, א קופערנעם מויער פון טויט־סינע, פון אײַנגעהאלטענעם האס".

די פּאָעמע רופט צו ווידערשטאנד, צו נעקאָמע, צו אקטיוון קאמף קעגן אומגערעכטיקײַט, האגאם דעם דיכטער איז, מעגלעך, אליין ניט קלאָר, אף וועלכע וועגן און מיט וועלכע מיטלען דארף דער קאמף געפירט ווערן.

דער פּראָטעסט קעגן געטלעכער פארהיילי־קונג פונעם אומגערעכטן סיידער־האָוילעם, קעגן דער סאָציִאלער אומגערעכטיקײַט און נאציִאָנאלער אונטערדריקונג, וועלכער דרינגט דורך די פּאָעמע פון דער ערשטער שורע ביז דער לעצטער, איז בעלי־סאָפעק אָנגעוויזט פון דער אלגעמיינער רעוואָליוציִאָנערער שפּאנונג אין לאנד. מ. אָלגין האָט מיט רעכט געשריבן: „די שכיטע־שטאָט" איז א קינד פון דער רעוואָליוציע, כאָטש ביאליק איז קיינמאָל קיין רעוואָליוציִאָנער ניט געווען"[1].

דעם דיכטערס גלויבן און ניט־גלויבן, זײַנע האָפענונגען און ספייקעס אין יענער צײַט האָבן געפונען א קינסטלערישע פארקערפערונג אין דער פּאָעמע „מתי מדבר" („די טויטע פון מידבער").

אלס מאָקער פאר דער פּאָעמע איז אויסגענוצט די טאלמודישע לעגענדע וועגן די „מייסים פון מידבער". לויט דער דאָזיקער לעגענדע, האָט ראבי באר כאָנע, בייס א רײַזע אין מידבער, זיך אָנגעשטויסן אף א גרופּע טויטע גיבוירים, וועלכע זײַנען געלעגן אין זאמד, די געזיכטער געווענדט צום הימל. אן אראבער, וואָס האָט אים באגלייט, האָט אים דערקלערט, אז דאָס זײַנען גיבוירים פון יענעם דאָר, וואָס איז ארויס פון מיצראַיִם, נאָר זיי איז ניט באשערט געווען ארײַן אין לאנד קנאאן, ווײַל זיי האָבן געבונטעוועט קעגן גאָט און קעגן מוישען.

צו דעם דאָזיקן מאָטיוו האָט זיך ביאליק געווענדט אין 1896, אין דער ליד „מתי מדבר האחרונים" („די לעצטע מייסים פון מידבער"). ער האָט אויסגענוצט דעם לעגענדארישן מאָטיוו, קעדיי צו טאדלען זײַנע מיטצײַטלער פאר אינערטקײַט, פאר שאָלעם מאכן מיטן טרויעריקן גוירל, פאר דער אָפּוועזנהײַט פון יעטווידער שטרעבונג צו אויסלייזונג און באפרײַונג. אינעם געשטאלט פון די „לעצטע מייסים פון מידבער" האָט דער דיכטער אקצענטירט זייער גײַסטיקע אָרעמקײַט, זייער גרייטקײַט זיך צו פארקויפן פאר א טאָפּ לינדזן. די לעבעדיקע, וועלכע גייען פאָרויס, באהערשט דורך איין געפיל ארויסצוגיין פון מידבער און זיך באזעצן אף א פעסטן באָדן, שפּאנען מיט פאראכטונג איבער די טויטע קערפּערס פון די „געשטאָרבענע אין קנעכטשאפט", וואָס זײַנען „מידע געפאלן אף זייערע רוקזעק": „זאָל זיי זיס זײַן דער כאָלעם וועגן ציבעלעס און קנאָבל, וועגן קעסלען, אָנגעפילטע מיט פלייש".

אנדערש קלינגט דער זעלבער מאָטיוו אין דער פּאָעמע „די טויטע פון מידבער". די פאררעוואָליוציִאָנערע אטמאָספער האָט ארופגעלייגט איר שטעמפּל אף דעם דאָזיקן ווערק. אין דעם געשטאלט פון די „טויטע פון מידבער" ווערט באטאָנט זייער מעכטיקײַט, גרויזאמקײַט, בונטארישקײַט. דער לייטמאָטיוו פון דער פּאָעמע איז: אײַנגעשלאָפענע ריזיקע קראפט, וואָס איז גרויזאם ניט נאָר, ווען זי וואכט אוף, נאָר אפילע, ווען זי דרעמלט.

די דאָזיקע פּאָעמע פרוווט מען טראקטירן אין ענג־נאציִאָנאליסטישן גײַסט. ביאליק האָט דאָ, לויט אָט דער מיינונג, קינסטלעריש פארקערפּערט די טראגעדיע פונעם אזויגערופענעם „אייביקן ייִד". אין קעגנזאץ צו דער קריסטלעכער לעגענדע וועגן דעם „אייביקן ייִד", וועלכער איז פאר זײַנע זינד קעגן יעזוס קריסטוסן געווען פארמישפּעט צו אייביקן נאווענאד זײַן, האָט ביאליק געוויזן זײַן פאָלק אלס א ריז, וועלכער איז פארורטיילט צום אייביקן שווײַגן, אָבער דאָס איז א שווײַגן, וואָס ווארפט אָן אן איימע אף די ארומיקע פעלקער. אין די עפּיזאָדן מיט די דרײַ רויבכײַעס, וועלכע זײַנען געקומען פארצוקן די טויטע גיבוירים און זײַנען געווען געצוווּנגען אין שרעק צוריקטרעטן, האָט מען אפילע געפרווּט אײַנזען א רעמעז אף די דרײַ היסטאָרישע מילכאָמעס פונעם ייִדישן פאָלק מיט די דרײַ מעלוכעס אינעם אוראלטן פעריאָד: מיצראים, באָוועל און רוים[1].

עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אז ביאליק האָט געהאט אזא אָדער אן ענלעכן מיין. אָבער, „ווי אלע גרעסטע קינסטלער, איז ביאליק אלגעמיינמענטשלעך"[2] (גאָרקי). זײַן פּאָעמע, וועלכע איז געווען געשריבן אין א צײַט פון גרויסע געזעלשאפטלעכע אופטרייסלונגען, איז איבערגעוואקסן אירע נאציִאָנאלע ראמען און האָט דעראָבערט אן אלגעמיין־מענטשלעכן באטײַט.

סימפּאטאָמאטיש פאר דעם צײַט־גײַסט איז דאָס

[1] מ. אָ ל ג י ן. אין דער וועלט פון געזאנגען, ניו־יאָרק, 1919, ז. 78.

[1] זע, צום בײַשפּיל, פּ. לחובר ח.־נ. ביאליק, חיין ניצירותיו, כרך שני, ז. 401 — 404.

[2] А. М. Горький. Материалы и исследования, 1934, стр. 92.

באטאָנען די קאָלאָסאלע קרעפטן, וועלכע דרעמלען אין די גופים פון די אײַנגעשלאָפענע גיבוירים. זיי זײַנען ניט קיין קנעכט, וועלכע זײַנען מידע געפאלן אף זייערע רוקזעק בייס דעם לאנגן וואָגלען אין מידבער, נאָר פרײַהײַטליבנדיקע ריזן.

ווי אן אָנזאָג פון די דערווארטע אופטרייסלונגען אין געזעלשאפטלעכן לעבן, דערשײַנט דאָס בילד פונעם שטורעם אין מידבער. עס אָטעמט מיט אופשטאנד, מיט ברעכן צוימען, מיט אומווארפן פעסטונגען און געהייליקטע טראָנען.

עס הייבט זיך פלוצעם אוף א דאָר, פול מיט קראפט און גווורע:

אף שפּיצן פון פעלדזן, ווו ס'הויפּן זיך וואָלקנס,
מיר האָבן צוזאמען מיט די אָדלערס פון הימל
געשעפּט פון די קוואלן פון פרײַהײַט...
ניטאָ מער פאר אונדז קיינע הערשער!
צו די שווערדן! צו די שפּיזן! צוזאמען! פארייניקט!

די פּאָעמע פארענדיקט זיך מיט דעם בילד פון אײַנגעשטילטן שטורעם. די גיבוירים האָבן שאָלעם געמאכט מיט גאָט. עס הערשט ווידער אין מידבער א שטילקײַט.

מעגלעך, אז אינעם פינאל פילט זיך ביאליקס צווייפל אין דער מעגלעכקײַט, אז דאָס פאָלק זאָל זיך שלאָגן פאר זײַנע מענטשלעכע רעכט, מעגלעך, אז עס לאָזט זיך שפירן דעם דיכטערס אומרו פארן גוירל פון די אופגעשטאנענע מאסן: וועט זיי געלינגען מיט דער שווערד אין האנט דעראָבערן די געגארטע פרײַהײַט?

און עפשער איז עס ניט קיין צווייפל. עפשער גאָר אן אָנצוהערעניש, אז א צײַטווײַליקע מאַפּאָלע איז נאָך קלאל ניט קיין מאפּאָלע?

אין אוניסאָן מיט דער פּאָעמע „די טויטע אין מידבער" קלינגט די געשריבענע אינעם זעלבן יאָר ערשטע סעריע „ווינטער־לידער", וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אן אפּאָטעאָז פון מוט און קראפט, א לויבגעזאנג דעם קויעך, וואָס זאמלט זיך און פארהארטעוועט זיך.

אין יאָר 1904 האָט ביאליק געוווינט אין ווארשע. די סוויווע, אין וועלכער ער איז דאָ ארײַנגעפאלן (אין צוזאמענהאנג מיט זײַן ארבעט אלס רעדאקטאָר פונעם בעלעטריסטישן אָפּטייל אין „השלח"), איז געווען פיל מער אָנגעשטעקט מיט די געזעלשאפטלעכע אידעאלן פון יענער שטורמישער צײַט, איידער די, אין וועלכער ער האָט געלעבט אין אָדעס. ניט אומזיסט האָט אכאדהאָאָמען געשראָקן די ווירקונג, וואָס עס האָט געקענט האָבן אף דעם דיכטער די אטמאָספער אין ווארשע. אין א בריוו צו י. קלויזנערן האָט אכאדהאָאָם געשריבן: „ווי וועט זיך לעבן ביאליקן אין ווארשע? געדענקט, מיר האָבן זײַן גײַסט אָפּגעגעבן אין אײַערע הענט און איר זײַט מעכוייעוו אים אָפּהיטן פון דער ווארשעווער אטמאָספער. פארגעסט ניט, ביאליק איז דאָך איינער אין דער ליטעראטור"[1].

[1] אגרות אחד העם, כרך ג., ז. 165.

די ווארשעווער לופט האָט גינסטיק געווירקט אף דעם דיכטער. א גרויסע ראָל האָט דערבײַ געשפּילט י.־ל. פּערעץ, מיט וועלכן ביאליק האָט גלײַך באם אָנקומען אין ווארשע זיך באַפרײַנדעט. פּערעץ האָט געהאָלפן ביאליקן טיפער צו דערפילן דעם גײַסט פון דער צײַט. ביידע שרײַבער האָבן פארטראכט ארויסצוגעבן צוזאמען א ליטעראריש־קריטישן זאמלבוך, א מין נײַעם וואריאנט פון פּערעצעס באַרימטן סאטירישן „החץ". דער זאמלבוך האָט געזאָלט זײַן א „קליינע בימע פאר אווידעזאָרע", וועמעס ציל איז: 1) אן אָנגריף קעגן דער פארפוילטקײַט און ענגהארציקײַט; 2) פארעפנטלעכונג פון „נײַע" זאכן, וואָס דער מאָגן פון דער איצטיקער ליטעראטור איז זיי ניט בעקויעך צו פארדייען[1]. אונטער פּערעצעס ווירקונג האָט זיך געשטארקט ביאליקס אינטערעס צו סאָציאלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען.

דעם דיכטערס מונטערע און האָפערדיקע שטימונג אין דער ווארשעווער צײַט האָט געפונען א טיפן אויסדרוק אין דער צווייטער סעריע פון די „ווינטער־לידער" (משירי החורף ב).

די זון, וואָס רײַסט זיך ארײַן אין צימער דורך דעם פון אײַז באפרײַטן פענצטער, געבוירט בא ביאליקן א שטורמישע פרייד, וועלכע דערמאָנט דעם קינדערשן עקסטאז, מיט וועלכן מיר האָבן זיך געטראָפן אין אזוינע ווערק, ווי „צפרירים" אָדער „זהר". ווי אין די קינדער־יאָרן, באוווּנדערט דער דיכטער די יאָמטעוודיקע ווײַסקײַט אין ארום, פארכלינעט זיך מיט שײַן און לויטערקײַט:

און איך ווייס ניט, וויפל זונען
האָבן גאָלד אין מיר געשפּריצט...
ס'האָט זיך ווײַט אנטדעקט גאָטס וועלטל
און געפינקלט און געבליצט...[2]

די זון, דער ווײַסער יאָמטעוו, וואָס הערשט אין ארום, פילט אָן דעם דיכטער מיט אומגעהייערער לעבנס־לוסט און לעבנס־אימפּעט, אין זײַן געמיט טוען זיך אָן עפן קוואלן, וועלכע זײַנען יאָרנלאנג געווען פארשלאָסן, עס טוען א שפּאַר ארויס קרעפטן, וואָס זײַנען געווען דערשטיקט. דער דיכטער ווערט מאמעש פארפּלייצט פון גווורע. אופגעשטורעמט און צעכראסטעט, שרײַט ער אויס:

...עך, אראָפּ די מאָרעשכוירע!
זע, ווי שיין ד'די וועלט פארצירט!

צוזאמען מיט דער אופוואכונג פון דער ארומיקער וועלט צו יאָמטעוו און באנײַונג האָט דער דיכטער דערפילט אונטער דעם „דיקן פּאנצער אײַז" אן אופברויז פון יוגנטלעכע געפילן, דעם אָנקום פון א „פרילינג, וואָס איז פול מיט פּראכט און לוסט, אזא נײַעם, פרישן פרילינג האָט קיין מענטש נאָך ניט געוווּסט!"

ווארשײַנלעך, אז פיל האָט מיטגעווירקט דער

[1] אגרות ח.־נ. ביאליק, כרך 1, ז. רי־ב.
[2] די „ווינטער־לידער" ציטירן מיר אין דער איבערזעצונג פון ז. שנייער און י. שווארץ.

שטורמיש־פרילינגדיקער, אויסערסט לעבנספריידיקער שטימונג, וועלכע הערשט אין די „ווינטער־לידער”, דאָס שטאַרקע ליבע־געפיל, וואָס האָט אין יענער צײַט אופגעבליט אין דעם דיכטערס האַרץ. עס האַנדלט זיך וועגן דער ליבע צווישן ביאַליקן און דער איבערזעצערן פון זײַנע ווערק אין רוסיש, דער מאָלערן אירא יאַן (סלעפּיאַן). וועגן דער דאָזיקער ליבע האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט ניט לאַנג, נאָכדעם, ווי סע זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אײניקע ביז איצט אומבאַקאַנטע ביאַליקס בריוו[1].

מיט אירא יאַן האָט זיך דער דיכטער באַקאַנט זומער 1903, בעשאַס ער האָט זיך געפונען אין קעשענעוו אין צוזאַמענהאַנג מיטן בלוטיקן פּאָגראָם.

ווי ס'איז צו זען פון די פאַרעפנטלעכטע בריוו, איז די באַקאַנטשאַפט איבערגעוואַקסן אין אַ ליבע, וועלכע האָט איבערגעלאָזט שפּורן אינעם דיכטערס שאַפן פון יענע יאָרן. מיט איר איז אין דער ערשטער ריי פאַרבונדן דער באַרימטער ציקל ליבע־לידער, וועלכער האָט זײַנערצײַט אַרויסגערופן אַ באַשטימטע פאַרלעגנהײַט בײַ די ביאַליק־פאָרשער, ווײַל ס'איז ניט געווען קלאָר, וועלכע פּערזענלעכע איבערלעבונגען האָבן אים אַרויסגערופן צום לעבן.

איצט, אין שײַן פון די פאַרעפנטלעכטע בריוו, לאָזט זיך לײַכטער דערקלערן דער טיפער דראַמאַטיזם, מיט וועלכן ס'איז דורכגעדרונגען ביאַליקס לירישער הישטאַפּכעס־האַנפעש. די בענקשאַפט נאָך ליבע ווערט אָפט באַגלייט מיט אַ שטילן טרויער איבער דעם, וואָס זי איז געקומען שפּעט, מיט דעם פאַראַגעפיל, אַז איר באַפרידיקונג איז אוממעגלעך („הכניסיני תחת כנפך” — „פאַרהיל מיך אונטער דײַנע פליגלען”; „אָם ישאל המלאך” — „אויב ס'וועט פרעגן דער מאַלעך”). די ליבע־לײַדנשאַפט רײַסט זיך אַמאָל אַרויס און וויל ניט וויסן פון קיינע צוימען און גרענעצן, ווי אין דער ליד „איעיך?” („ווו ביסטו?”), אין וועלכער ס'הערט זיך דער אָטעם פון „שיר־האשירים”, פון דער מיטלאַלטערלעכער העברעיִש־שפּאַנישער דיכטונג:

...אַז דו ביסט נאָך געווען אַ ווײַטע, אומבאַקאַנטע —
שוין פלעגן רופן דיך די ליפּן די צעברענטע,
און מײַן געלעגער האָסטו גאַנצע נעכט געהיט,
און ווי אַ פײַער־קויל באַ מיר אין האַרץ געגליט,
און כ'האָב געווײנט באַנאַכט, מײַן קישן שטיל געביסן,
און ס'האָט מײַן האַרץ געשמאַכט און זיך צו דיר
געריסן...

און אין די הײליקסטע פון מײַנע ליידן —
האָב איך נאָר איינס געגאַרט, נאָר איינס פאַרלאַנגט
האָב איך:
נאָר דיך, נאָר דיך, נאָר דיך[2].

וועגן דער דאָזיקער ליד האָט י.־ל. פּערעץ באַגײַסטערט געשריבן: „אָט איז יוגנט, אָט איז העפקער פון יוגנט! לעבנסלוסט, אַ ברענענדיק האַרץ און ניט אַ נעשאָמעלע... וואָס רײַסט זיך אין מיסט”[1].

אַמשטאַרקסטן האָט ביאַליקס ליבע־געפיל געפונען זײַן אויסדרוק אין דער באַקאַנטער פּאָעמע אין פּראָזע „מגלת האש” („די פײַער־מעגילע”) — אַ ווערק, וואָס איז געבוירן געוואָרן, קאָן מען זאָגן, אין פײַער פון דער רעוואָלוציע.

די בעסטע פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן מיט גרויסע האָפענונגען באַגעגנט דעם פּאָליטישן פרילינג אין רוסלאַנד. זיי האָבן אין אים אָנגעקניפּט זייערע נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן. שאָלעם־אַליכעם איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ ריי שאַרפע פּאַמפלעטן קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג, פּערעץ האָט פאַרעפנטלעכט זײַנע קריגערישע פעליעטאָנען, די וואַרשעווער פאַרצייכענונגען, אין וועלכע ער האָט געשילדערט דעם גאַנג פון דער רעוואָליוציע אין דער אופגעבראַוזטער וואַרשע. אויך ביאַליק פאָלגט אופמערקזאַם נאָך די גרויסע געשענישן.

ער שרײַבט אין אײנעם אַ בריוו צו י. קלויזנערן אין פעווראַל 1905:

„ס'איז ניט קיין צײַט פאַר ליטעראַטור איצט, ס'איז אַ צײַט פאַר מײַסים... די „אַקטועלע באַדערפעניש” פון די הײַנטיקע צאַרנדיק און שטורמישע טעג קען מען בעשום־אויפן ניט איגנאָרירן. ס'איז ניט מעגלעך צו שפּײַזן אונדזער אומרויִקע צײַט מיט זמירעס און פּיזמוינים און אַפילע מיט דיוורײ־טוירע און וויסן”[2].

עס הייסט קלאָר ניט, אַז ביאַליק איז אין אָט דער צײַט געוואָרן אַ רעוואָליוציאָנער. ער איז אויך איצט געווען ווײַט פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג און האָט זיך וויניק פאַנאַנדערגעקליבן אין סאָציאַלן מעהוס און אין קלאַסן־טאָך פון דער רעוואָליוציע. זײַן טיפע צוגעבונדנקײַט צו דער „קנעסעס־ייִסראָעל”, די גײַסטיקע אָפּהענגיקײַט פון אכאדהאָאָמען און זײַנע אָנהענגער — דאָס אַלץ האָט געשטערט ביאַליקן אין דער גאַנצער טיף טויפעס צו זײַן די באַדײַטונג פון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן אין לאַנד.

מע דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז ביאַליק איז אַרויסגעקומען פון די אָרעמסטע שיכטן פון פאָלק, וועמענס נויטן און ליידן ער האָט גוט געקענט. דעם דיכטער האָט קײנמאָל ניט פאַרלאָזט דאָס געפיל פון מיטלײַד צו די לײַדנדיקע און אונטערדריקטע פאָלקסמאַסן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די פּאָעמע „תקות עני” („די האָפענונג פון אַן אָרעמאַן”), וועלכע איז אָנגעזאָפּט מיט טיפסטן סאָציאַלן ווייטעק. גרויליקע בילדער פונעם ייִדישן דאַלעס און אויסוועגלאָזיקײַט האָט ביאַליק אָנגעצייכנט אינעם ציקל פּאָעמעס אונטערן אַלגעמײנעם נאָמען

[1] זע „מאזנים”, נומ. 1, 1973, זז. 7—10.
[2] איבערגעזעצט ש. גינזבורג.

[1] כתבי י.־ל. פרץ, ב. 10, ז. 188.
[2] אגרות ח.־נ. ביאליק, כרך 1. ז. רצב.

„יתמות״ („יאָסעמשאפט״), געשריבן אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן.

די ליבע פונעם דיכטער צום אונטערדריקטן פאָלק, זײַן שטאַרקער מיטגעפיל צו די ברייטע יידישע מאסן, וועלכע האָבן געליטן פון א טאָפּלטן יאָך: פון סאָציאלער און נאַציאָנאלער אונטערדריקונג, האָבן אים אונטערגעזאָגט, אז דער אויסוועג פון דער טראַגישער לאגע פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין טכום־האמוישעוו איז פארבונדן מיט די אויסזיכטן פון די זיך אנטוויקלענדיקע רעוואָליוציאָנערע געשעענישן אין לאַנד.

ער רעאגירט אף די דאָזיקע געשעענישן מיט דער ליד „ערעוו פרילינג״, וועלכע ער שרײַבט אין ייִדיש, בעלי־סאָפּעק, מיט דעם ציל, זי זאָל געלייענט ווערן פונעם גאַנצן פאָלק. אלץ, וואָס האָט געיוירט אין זײַנע פרילינג־ און ווינטערלידער, אין די לידער וועגן ליכט און שײַן, איז איצט אויסגעבראָכן אין א פריידיק געזאַנג לעקאָווּעד דעם אָנקומענדיקן פּאָליטישן פרילינג.

דער דיכטער איז פארפולט מיטן פאָרגעפיל פון אומפארמײַדלעכן אָנקום פון פרילינג. דער שטרײַט צווישן קאַלט און וואַרעם, פראָסט און זון, סאָף און אָנהייב סיבאָליזירט דאָ דעם געראַנגל צווישן דער פארורטיילטער צום אומקום אלטער וועלט און די נײַע קרעפטן, וועלכע רײַסן זיך צום לעבן. דאָס בילד פון פלאַצנדיקן אײַז אפן טײַך קלינגט ווי א הימן די אופגעשטאַנענע מאַסן, וועלכע „שפּארן אין די זײַטן״, „רודערן דאָרט אונטן״, און אלע צוזאַמען,

וװי מיט איין געדאַנק און אייצע,
װעלן זיך א נעם טאָן „ראַזאָם״ —
און א שפּאַר טאָן מיט איין פלייצע —
„ראַזאָם, ברידער!״ און צעבראָכן
מוז די גראָבע אײַז־דעק װערן,
די, װאָס האָט פון זיי פארשטעלט
הימל, זון, לעװאָנע, שטערן.

סימפּטאָמאַטיש איז דאָס באַנוצן דאָס באַליבטע באַם רעװאָליוציאָנער־געשטימטן אוילעם רוסישן װערטל: «Разом, братцы»

אינעם פאָלקסטימלעכן זידלוואָרט „גייט צו אלדי שוואַרצע יאָר!״, מיט װעלכן די „באפרײַטע ברייטע כוואַליעס״ „טרײַבן דורך די בריקן גאַנצע מאכנעס שטיקער אײַז״, הערט זיך דער טריומף־געשריי פון די באפרײַטע מאַסן. א ניט־צווייידײַטיקע אָנצוהערעניש אף דער אומפארמײַדלעכער נעקאָמע פונעם פאָלק לעגאַבע זײַנע אונטערדריקער פילט זיך אין דער איראָנישער רעפליק וועגן „קאַלטע פעטש מיט הייסע שמיצלעך״, וועלכע ס׳וועלן באַקומען די מאכנעס אײַז פון די „שטרענגע כוואַליעס״ און „ריטער־שטראַלן״. די פרייד פונעם דערוואַרטן ניצאָכן ווערט פיקסירט אין געפרעסטע, פון פאָלקאָר אנטליִענע, בילדער־אפאָריזמען:

פיש אין װאַסער װעלן זינגען,
שטומע שטיינער װעלן שאַלן!

מיט גוואַלדיקן אינטערעס און שפּאַנונג האָט דער דיכטער נאָכגעפאָלגט נאָך דעם אופשטאַנד אף דער פּאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין״, וועלכער איז פאָרגעקומען אף זײַנע אויגן אין אָדעס. לויט דער גוויִעס־איידעס פון י. פיכמאַן, וועלכער איז אין יענע טעג געווען צוגאַסט בא ביאַליקן אין אָדעס און האָט צוזאַמען מיט אים נאָכגעשפּירט נאָך די געשעענישן אין אָדעסער פּאָרט, איז „מגלת האש״, „די ליד פון כורבן און ווידערופשטעלונג... דורכויס אָנגעזאַפּט מיט די וויזיעס פון יענע גרויזאַמע טעג״[1].

נאָר וויכטיקער, נאַטירלעך, איז דאָס, וואָס ביאַליק אליין דערציילט וועגן דעם:

„איך האָב גוט געוווּסט, אז ס׳וועט זײַן א דערציילונג, א ריינע נאָוועלע, נאָר אז איך בין צוגעטראָטן צום שרײַבן, בין איך ארײַנגעפאַלן אין לעגאַמרע אן אנדער טאָן... יענע טעג זײַנען געווען טעג פון גרויסן שטורעם אין אָדעס, די טעג פונעם אופשטאַנד אף דער פּאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין״, און די לופט איז געווען שטאַרק עלעקטריזירט. די ווינטן זײַנען געווען שטורמישע, און די טעמפּעראַטור איז געווען אָנגעגליט ביז דעם העכסטן גראַד... איך געדענק, אז ווען איך בין צוגעטראָטן שרײַבן די דאָזיקע זאַך, בין איך געווען באַהערשט פון אן אינערלעכן שטורעם און געשפּאַנטקײַט. איך בין געווען אינגאַנצן אופגעטרייסלט פון דער שיסערײַ און פון פארשיידענע קלאַנגען, וועלכע האָבן זיך דעם גאַנצן טאָג אומגעטראָגן אין דער לופט. נאַטירלעך, אז איך האָב מיך מיט דעם גאַנצן אוילעם צוזאַמען באַטייליקט אין דעם דאָזיקן שטורעם... איך בין ארײַנגעטראָטן אין דער אַרביטע, אין דער זאָנע פון שטורעם, און דער גײַסט פון דעם דאָזיקן שטורעם, דער נעשאָמע־שטורעם האָט זיך געלאָזט פילן. ער האָט, דאַכט מיר, ארופגעלייגט זײַן שטעמפּל אף דעם דאָזיקן ווערק״[2].

„מגלת האש״ איז געווען געשריבן ניט נאָר אין די טעג, ווען „די רויטע פאָן אף דער בונטאַרישער שיף האָט געפלאַטערט ווי א פרײַהײַט־אָנזאָג פאַר די אונטערדריקטע פעלקער פון רוסלאַנד״ (י. פיכמאַן), נאָר אויך ווען דער אופשטאַנד איז געווען ברוטאַל דערשטיקט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע רעפּרעסיעס קעגן די פּראָגרעסיווע קרעפטן אין לאַנד, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט אָרגאַניזירט א כוואַליע בלוטיקע פּאָגראָמען אין א ריי שטעט אין רוסלאַנד. דאָס אלץ האָט זיך אָפּגערופן סײַ אף דעם אינהאַלט, סײַ אף דער פאָרם פונעם ווערק. „האָפּענונג״ גייט דאָ באַנאַנד מיט „שרעק״, גלויבן — מיט אומגלויבן, מערידע־ און נעקאָמע־מאָטיוון — מיט מאָטיוון פון מעכילע, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער ווייטעק — מיט אינדיווידועלן טרויער און אנטוישונג. פונדאַנען — די אָפּוועזנהײַט פון קינסטלערישער שליימעס, דאָס „מאָזאַיִקהאַפטע״

[1] י. פיכמאַן. סופרים בחייהם, ז. 60.
[2] ח.־נ. ביאַליק. משהו על „מגלת האש״. מאזנים, תמוז־אב, ד—ה, תרצ״ד, ז. 351.

אינעם ווערק (לויט ביאַליקס אויסדרוק), די איבערגלאָדנקײַט מיט אַלעגאָריעס און סימבאָלן.

די פּאָעמע איז אײַנגעהילט אין ביבליש־לעגענדאַרישע לעוושים. וועקלייגנדיק אין איר יעסאָד די לעגענדע וועגן דעם פאַרלאָרן געגאַנגענעם „הייליקן, אייביקן פײַער" בעשאַס דעם כורבן פון בייסהאַמיקדעש, איז ביאַליק קוידעמקאָל אויסן געווען אָפּצורופן זיך אָף דעם טראַגישן גוירל פונעם פאָלק, אָף זײַן פיזישן און גײַסטיקן כורבן אין די באַדינגונגען פון די בלוטיקע רעדיפעס אין צאַרישן רוסלאַנד. נאָר אונטערן אײַנפלוס פון די גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן זיך צעוויקלט אין לאַנד, איז דאָס ווערק אַרויס ווײַט פון די ראַמען פון דעם פאַרטראַכטן. דאָס האָט אָנערקענט, ווי מיר האָבן אויבן געזען, אַליין דער דיכטער.

אירא יאַן איז געווען גערעכט, ווען זי האָט אינעם פאָרוואָרט צו איר רוסישער איבערזעצונג פון „מגלת האש", ווי פּאָלעמיזירנדיק מיט דער פאַרשפּרייטער אין דער ביאַליק־פאָרשונג דורכויס נאַציאָנאַליסטישער טראַקטירונג פון דער פּאָעמע, געשריבן:

„עס וועט באַגיין אַ גראָבן פעלער דער, וואָס וועט זוכן אין דער דאָזיקער פּאָעמע נאַציאָנאַלע טענדענצן. ביאַליק איז, פּונקט ווי דער מעכאַבער פון „שיר־השירים", אַ ייִד ביז דעם מאַרך פון זײַנע ביינער און ער שאַפט אומיטלבאַר נאַציאָנאַל, ווי אַלע עכטע סאַמאָראָדקעס, האַלבבאַוווסטזיניקע טרעגער פון די רײַכטימער פונעם פאָלקס־גײַסט. ווען ביאַליק וויינט אָדער פרייט זיך, האָסט אָדער ליבט, גיסט זיך בא אים אַלץ אויס אין ייִדישע געשטאַלטן, אין ייִדישע קלאַנגען. אין דעם שטעקן זײַנע זעלטענע פאַר אונדזער יאָרהונדערט אָריגינאַליטעט און קינסטלערישע ווערט. דאָס נאַציאָנאַלע, אין דער פאָרם, אין וועלכער זי אַנטפּלעקט זיך בא אים, ווידערשפּרעכט ניט דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן, פּונקט ווי עס ווידערשפּרעכט אים ניט דאָס טיף־אינדיווידועלע, ניט אופהערנדיק צו זײַן נאַציאָנאַל. ביאַליק איז טיף־אינדיווידועל, דאָך גיסט זיך בא אים דאָס אינדיווידועלע ענג צונויף מיט דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן"[1].

די אָנגעגליטע אַטמאָספער, אין וועלכער ס'איז געבאָרן געוואָרן די „מעגילע פון פײַער", לאָזט זיך קוידעמקאָל שפּירן אינעם גײַסט פון בונט און מערידע, מיט וועלכן ס'אָטעמט דאָס גאַנצע ווערק. זי פילט זיך אין די בילדער פון „פײַער", מיט וועלכע ס'הייבט זיך אָן די „מעגילע". זי לאָזט זיך דײַטלעך שפּירן אינעם געשטאַלט פונעם „גאָט פון נעקאָמע", וועמענס „צאָרן עס צעטראָגן ווײַט אין די בערג און צו די שטיינער אין מידבער די וואָלקנס, אָנגעלאָדענע מיט בלוט און פײַער". די העכסטע קינסטלערישע פאַרקערפּערונג באַקומט דער גײַסט פון האַס און נעקאָמע אין דעם געשטאַלט פונעם גרויזאַמען מאַן מיט די „אָנגעכמורעטע ברעמען". מעכטיק קלינגט זײַן „ליד פון צאָרן", אין וועלכער עס הערט זיך דעם דיכטערס טיפער צער לעגאַבע די פילצאָליקע אומשולדיקע קאָרבאָנעס פון די שווידערלעכע פּאָגראָמען און ברוטאַלע רעפּרעסיעס, מיט וועלכע די צאַרישע רעגירונג האָט געענטפערט אָף דעם רעוואָליוציאָנערן אויפברויז פון די מאַסן.

דער באַפרײַונגס־גײַסט פון דער עפּאָכע האָט געפונען זײַן באַזונדערע אויסווירקונג אינעם צענטראַלן, וויכטיקסטן און קינסטלעריש שטאַרקסטן טייל פון דער „מעגילע", אין דער ווידע פונעם „באָכער מיט די לויטערע אויגן". דער דיכטער אַליין האָט אופמערקזאַם געמאַכט אָף דעם אויטאָביאָגראַפישן יעסאָד פון דעם „ווידע"־מאָטיוו. עס הערט זיך אין אים ביאַליקס ווייגעשריי איבער זײַן פרי־באַרויבטער קינדהײַט און יוגנט, איבער די „יוגנט־לאָקן", וועלכע זײַנען „געוואָרפן געוואָרן אָפן מיזבייעך און זיך פאַרוואַנדלט אין אַש", איבער די יונגע געפילן און באַגערן, וואָס זײַנען דערשטיקט און באַגראָבן געוואָרן אונטערן דרוק פון אַלטע טראַדיציעס און הייליקע דאָגמעס. באַזונדערס שטאַרק רעגן די שטעלן, פון וועלכע ס'הערן זיך אַרויס דעם דיכטערס צאַרטסטער ליבע־געבעט און די ליבע־ליידן. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט ביאַליקס בריוו צו אירא יאַן, ווערן די דאָזיקע שטעלן אופגעפאַסט ווי אַ פאַרמאַסקירטע ליבע־דערקלערונג צו אַ קאָנקרעטער פרוי, אין וועלכער ס'לאָזט זיך פילן דער גראַנגל פונעם דיכטער מיט זײַן לײַדנשאַפט, וועלכע ער איז געצוווּנגען אין זיך צו דערשטיקן. פון די געדיכט אײַנגעהילטע אין ביבלישער בילדערישקײַט שורעס שרײַט אַרויס דער נאָקעטער עמעס פון אַ ליבע־געפיל אין זײַן גאַנצער דראַמאַטישער שפּאַנונג.

די קראַפט פון „מגלת האש" איז באַשטאַנען דערין, וואָס דער דיכטער האָט דאָס פּערזענלעכע דערהויבן צו אַ קינסטלערישער פאַראַלגעמיינערונג. אין דער „ווידע" האָט זיך געלאָזט הערן דער ווייטעק און פּראָטעסט פון אַ גאַנצן דאָר יונגעלײַט, וועמעס יוגנט איז געווען באַרויבט, די געפילן — דערשטיקט אין דער אַטמאָספער פון האַלב־פּאַטריאַרכאַלע, אָפּגעשטאַנענע פאַרהעלטענישן. דער דיכטער האָט אויסגעדריקט זייער בענקשאַפט נאָך אַ פולווערטיק, האַרמאָניש לעבן, גערופן צו אָנערקענען זייער מענטשלעכע ווערדע, זייער רעכט אָף פּערזענלעך גליק, וואָס איז ברוטאַל צעטראָטן געוואָרן אין די באַדינגונגען פונעם טכום־האַמוישעוו אין צאַרישן רוסלאַנד.

דאָס ווערק איז טאַקע באַגײַסטערט אופגענומען געוואָרן דורך דער פּראָגרעסיוו געשטימטער יוגנט, פאַר וועלכער עס איז, צוזאַמען מיט ביאַליקס לידער פון „צאַר און צאָרן", געווען, לויט דער גוויִעס־אײַדעס פון י.־ד. בערקאָוויטש, „אַ ברענענדיקער פאַקעל אין אַ פינצ־

[1] Х.-Н. Бялик. Огненная хартия. Мертвецы пустыни. Предисловие и переводы Иры Ян. СПБ. 1910, стр. 12.

טערער נאַכט, װעלכער רופט צו אופֿוואַכונג, צום קאַמף פֿאַר אַ לעבן פֿון מוט און קאַוועד"[1].

גלײַך נאָך „מגלת האש" איז געקומען ביאַ־ליקס פּאָעמע „הברכה" („די סאַזשלקע"). עס מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי דער דיכטער וואָלט זיך דאָ געשטעלט דעם ציל אַ ביסל זיך אָפּ־קילן פֿונעם פֿלאַמענדיקן „פֿײַער" אין קאַלטן „וואַסער" — „קומען צו־זיך" נאָך דעם צײַט־שטורעם.

ביאַליק פּרוּווט אָף דער שויס פֿון דער נאַ־טור זיך פֿאַרזינקען אין שטילן באַאַבאַכטן איר שיינקײַט. ער טראָגט זיך ווידער אַריבער, ווי אַלעמאַל, ווען ער ווערט מיד פֿון די שטרײַטן און ווידערשפּרוכן אין אַרומיקן לעבן, אין דער וועלט פֿון פֿריִען קאַיאַר, ווען ער איז געווען אַ קינד, און אַלץ, וואָס האָט אים אַרומגע־רינגלט, איז געווען ריין, לויטער און דורכזיכ־טיק און האָט אַרויסגערופֿן בלויז כידעש און באַוווּנדערונג.

ווי ביאַליק האָט דערקלערט אין אַ בריוו צו אירא יאַן, איז פֿאַר אים די „סאַזשלקע" געווען „דער סימבאָל פֿונעם גײַסט פֿון שאַפֿן". דער דיכטער האָט דאָ קינסטלעריש פֿאַרקערפּערט זײַן געדאַנק וועגן קונסט, וועלכע דאַרף און מוז זײַן פֿאַרבונדן מיטן לעבן, שעפּן פֿון דאָרט אירע בילדער, האגאם איר באַרוף איז צו דער־הייבן זיי, איבערפֿירן זיי אין אַ העכערער ספֿע־רע, אין דער ספֿערע פֿון שיינקײַט. ס'ווערט דאָ קינסטלעריש רעזומירט ביאַליקס עסטעטישע פֿאָרמול וועגן דער איליוזאַרישקײַט פֿון יעט־ווידן פּרוּוו פֿונעם קינסטלער זיך אָפּצוּוווענדן פֿונעם לעבן און זיך אָפּגעבן „דעם שיינעם טרוים וועגן אַן אַנדער וועלט". ער איז גע־צוווּנגען, צי ער וויל יאָ, צי ער וויל ניט, אַלץ זען, וואָס קומט פֿאָר אין אַרומיקן לעבן, אַלץ אָפּשפּיגלען, זיך ענדערן צוזאַמען מיט דער ווירקלעכקײַט, מיטגעריסן ווערן פֿון אירע אומרוען און זאָרגן.

אין „הברכה" האָט זיך דער דיכטער געפּרוּווט פֿאַרבאָרגן אין דער „מעמשאַלע פֿון דערהויבע־נער שטילקײַט", אין דער וועלט פֿון שיינע, אויסטערלישע זעונגען. זײַן מוזע האָט זיך, ווי די סאַזשלקע, געוואָלט אויסבאַהאַלטן אין שאָטן פֿונעם וואַלד און פֿאַנגען אין דער שטיל, אָן אַ באַזונדער טאַכלעס, די גאָלדענע פֿישעלעך, וועלכע געפֿינען זיך אין אירע וואַסערן. נאָר ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז עס איז אומעגלעך. דאָס שטאַרקסטע בילד אין דער פּאָעמע איז דאַפֿקע דאָס בילד פֿונעם שטורעם אין וואַלד. אין אַזאַ מעהומע קאָן שוין ניט די סאַזשלקע רויִק זיך שפּיגלען אין אירע קלאָרע וואַסערן. אַזוי איז אויך מיט דעם קינסטלער. ער קאָן זיך ניט אויסבאַהאַלטן פֿון די שטורעמס פֿון זײַן צײַט, זיי גייען דורך דורך זײַן האַרצן, זיי טרייסלען עס אויף און מאַכן צונישט זײַן ענג „צנִיעסדיק וועלטל", וואָס איז פֿול מיט „לויִ־טערע כאַלוימעס און זויבערע זעונגען".

---

[1] כתבי י. ד. ברקוביץ, ספר שביעי, תל־אביב, תשי"ג, ק"ח.



## פּאָלעמיק

פאַר דער לעצטער צײַט איז די מאָסקווער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" אַרויסגעטראָטן מיט אַ רײ אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן וועגן פּראָבלעמען פון ליטעראַרישן שאַפן, אַרײַנגערעכנט די פּראָבלעם פון צוגרייטן צום דרוק און אַרויסגעבן מאַנוסקריפּטן פון קינסטלערישע ווערק.

מיר האַלטן, אַז די פּאָלעמיק צווישן דעם שרײַבער אַנאַטאָלי גלאַדילין און דעם קריטיקער און רעדאַקטאָר לעוו לעווין, וועלכע מיר דרוקן דאָ איבער פון איינעם פון די נומערן פון דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", איז באַלערנדיק און נוצלעך אויך פאַר אונדזער יידישער שרײַבער־סוויווע.

### אַנאַטאָלי גלאַדילין

# איבער דעם וואָרט וועל איך זיך מיט טרערן באַוואַשן

...און אָט איז געקומען דער טאָג, ווען נאָך לאַנגע זאָרגן און אומרו האָט די רעדאַקציע אָנגענומען דעם מאַנוסקריפּט. דער אויטאָר האָט גענומען אין אַכט די ווונטשן פון זײַנע קריטיקער און קאָנסולטאַנטן. דוכט זיך, אַלץ? „ניין, — רײַבט ענערגיש אַ האַנט אין אַ האַנט דער רעדאַקטאָר פון מײַן בוך, — איצט וועלן מיר מיט אײַך ערשט אַ שפּאַציר טאָן איבער יעדער פראַזע".

איך זיץ שטיל, קוק מיט אַכטונג אויפן רעדאַקטאָר (בײַ אַלע רעדאַקטאָרן זײַנען קלוגע, עט־וואָס מידע אויגן). צוערשט שטרײַט איך, דערנאָך צעמישט זיך מיר אַלץ אין קאָפּ און איך פאַרשטיי שוין גאָרנישט. „פאַרוואָס אָבער, פאַר־וואָס, — טראַכט איך, — האָט דעם רעדאַקטאָרס בלײַפעדער זיך אָנגעגורט גראָד קעגן יענע שורעס, איבער וועלכע איך האָב באַזונדערס זאָרגעוודיק געאַרבעט? איך האָב דאָך ניט ווייניק געמידט זיך איבער דער דאָזיקער פראַזע, פאַנטאַזירט, עפּעס געפונען... פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שטראָף?" איך וואַרף ווידער מײַן בליק אויפן רעדאַקטאָר — ער איז פול מיט עקסטאַז, ער האָרעוועט, ער וויל מיטן גאַנצן האַרצן טאָן מיר גוטס.

איך פּרוּוו זיך פאָרשטעלן, ווי עס וואָלט זיך געענדערט דאָס פּאָנעם פונעם רעדאַקטאָר, ווען ער טרעפט אינעם מאַנוסקריפּט, וואָס ער רעדאַגירט, אַזאַ פראַזע: „איר קענט ניט קיין רוסיש, מאַדאַם!". פון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט איז אַזאַ פראַזע אַ גרויליקע אַמעראַצעס. ריכטיקער איז: „איר רעדט שלעכט רוסיש, איר קענט ניט די רוסישע שפּראַך" אאַז״וו... האָט קיין פאַריבל ניט, דאָס איז דאָך אָבער אַלעקסאַנדער בלאָק. בלאָק! איז עפּעס אַנדערש... גוט איז די קלאַסיקער — זיי מעגן אַלץ. נאָר וואָס זאָלן טאָן מיר, די פּאָשעטע באַסערוועדאָמס?

קימאַט יעדעס אַרטיקל, וואָס קריטיקירט אַ ניט געראָטן בוך, ענדיקט זיך מיט דער סאַקראַמענטאַלער פראַזע: „ווו איז געווען דער רעדאַקטאָר?" דערנאָך ווערט דער שלימאַזלדיקער רעדאַקטאָר „באַאַרבעט" אויף פאַרזאַמלונגען, ער פאַרלירט דעם פּרעמיאַלן טייל פון זײַן אַרבעטסלוין. פאַר וועלכע כאַטאָים? צי דען דאַרף דער אויטאָר אַליין ניט ענטפערן פאַר זיך?

אָט אַזוי ווערט באַם רעדאַקטאָר אויסגעאַרבעט אַן אַגרעסיווע מידע, אַ פאַרלאַנג „אַ שפּאַציר טאָן" (און ניט גלאַט אַזוי, פון יויצע־וועגן) איבער יעדער פראַזע. ניין, איך בין קלאל ניט קעגן דעם רעדאַקטאָר. נאָר ווען עס גייט אַ רייד וועגן דעם ליטעראַרישן סטיל, וועגן דער אַרבעט איבערן וואָרט, וועגן דער סטרוקטור פונעם אויטאָרס ווערק, איז דאַן דער שרײַבער אַליין דער געזעצגעבער, דער העכסטער אַרביטער, ווײַל אין דעם געביט איז ער דער פּראָפעסיאָנאַל, דער ספּעציאַליסט, — ער, דער שרײַבער.

...כ׳מוז זיך מודיע זײַן, אַז איך סטאַרע זיך באַוווּסטזיניק דאָ ניט דערמאָנען מײַנע געדרוקטע זאַכן. איצט זעען זיי אויס גלאַטינקע, צוגעפּוצטע. דאָס האָט, לויט מײַן מיינונג, זיי דער רעדאַקטאָר צעקאַליעטשעט. בלויז איין מאָל האָט מיר צוגעשפּילט דאָס מאַזל. דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" האָט אין 1965 אַרויסגעגעבן מײַנס אַ זאַמלבוך. דער פאַרלאַג איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין דער רעדאַקציע פון דער גרעסערער דערציילונג „דער ערשטער טאָג פונעם נײַעם יאָר", אַז ער האָט די דערציילונג „דאָרעם־קורילישע אינדזלען" אָפּגעשיקט אין זאַץ אָן ענדע־

רונגען. פריִער איז די דערציילונג געווען געדרוקט אין א זשורנאל, ווו מע האָט זי אזוי גוט רעדאגירט, אז אייניקע מײַנע העלדן האָבן בוכשטעבלעך באקומען אן אנדער אויסזען. וויִאזוי האָט זיך דאָס אײַנגעגעבן? לאָמיר פארגלײַכן די צוויי וואריִאנטן:

„עס גייט ארײַן א דיקער מוזשיק[1], מײַן שאָכן” (דער בוך־וואריִאנט).

„עס גייט ארײַן א פעמפיק[2], מײַן שאָכן” (דער זשורנאל־וואריִאנט).

דער כילעק איז, ווי עס דוכט, א גאנץ קנאפער. אָבער אין צווייטן פאל רעדט זיך, ווי געוויינלעך, וועגן א געזונטן פארשוין, א דאטשניק, א מענטש, וואָס טראָגט אפן קאָפּ א פאנאמע און אין די הענט אן „אוואָסקע” (געשטריקט קאָשעקל). מאָדנע, ווי קומט אזא פערסאָנאזש צום פערטן פאסאזשיר־קלאס פון דער שיף „קרילסק”, וואָס איז ספעציִעל באשטימט צום אריבערפירן אפן אינדזל סעזאָן־ארבעטער?..

דער בוך־וואריִאנט:

„— און וואָס וועט איר איצט טאָן?

— טרינקען. פון פינצטער ביז פינצטער. און דערנאָך, זאָגט מען, איז דאָ מיט ווײַבער אין פולער אָרדענונג”.

דער זשורנאל־וואריִאנט:

„— און וואָס וועט איר איצט טאָן?

— טרינקען. פון פינצטער ביז פינצטער. און ווײַטער, זאָגט מען, פעלן דאָ ניט אויס קיין מיידלעך”.

דער איראָנישער ענטפער אינעם זשורנאל־וואריִאנט געהערט צו א אינטעליגענטן, דערצויגענעם מענטשן. אינדערעמעסן איז מײַן העלד א געוועזענער סאָלדאט, זײַן כאראקטער איז א שארפער, א גראָבלעכער. דאָס איז צו זען פונעם בוך־וואריִאנט. איך כאזער איבער, די רעדאקציִאָנעלע ענדערונג איז ניט קיין וויכטיקע, אָבער דער העלד קריגט פון איר אן אנדער פאָנעם.

אין דער דערציילונג איז געווען נאָך א פערסאָנאזש, איינער א דיאדיע פעדיע. אָט ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן וועגן נאטשאלסטווע: „איך האָב אכטונג צו סאָלדאטאָוון, ער איז אן אופמערקזאמער און א העפלעכער, ער פארשטייט עפּעס. איך רייד דאָס מיטן גאנצן הארצן. ער וועט זאָגן: מע דארף אזוי, דיאדיע פעדיע... קאפלער? דאָס איז ניט נאָר א ביוראָקראט, בא אים זײַנען די האָר פון קאָפּ אויסגעקראָכן פון די רעכילעסן”. דער דיאדיע פעדיע איז אן ארבעטער, געענדיקט דרײַ קלאסן. ער האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן. אין אלגעמיין איז ער א ווילער מענטש, א גוטער. עמעס, אף אלץ האָט ער זײַן באזונדערע מיינונג, ער איז אָבער „ארויסגעפלויגן” פון דער דערציילונג בלויז צוליב דעם, וואָס זײַן שפראך איז ניט קיין ריכטיקע, ניט קיין ליטערארישע. דאָס האָבן די

[1] אין רוסיש — толстый мужик; [2] אין רוסיש — толстяк.

רעדאקטאָרן סײַ פונעם זשורנאל, סײַ פונעם פארלאג ניט געקאָנט אויסהאלטן. אָבער דער רעאלער דיאדיע פעדיע האָט געקאָנט ריידן נאָר אזוי, ניט אנדערש...

מע וועט מיר ענטפערן: איר האָט א טאָעס, די זאכן זײַנען אָביעקטיוו געוואָרן בעסער. מע וועט מיך באשולדיקן אין אומדאנקבארקײַט: מענטשן סטארען זיך, און ער... איך וועל ענטפערן: יאָ, איך האָב ניט וואָס צו קלאָגן זיך. רעדאגירט מיך האָבן בלויז גוטע, געוויסנהאפטע רעדאקטאָרן, נאָר זיי אלע האָבן געהאלטן, אז מײַן שפראך איז... זייער סוינע. און אָט דעם סוינע האָבן זיי געשטעלט אן אײַנגעשפארטן און סאָלידארן ווידערשטאנד.

איך געדענק, ווי עס איז דורכגעגאנגען מײַן ראָמאן „די געשיכטע פון איינער א קאָמפאניע”. מע האָט אײַנגעלאדן דעם בעסטן רעדאקטאָר, זייער א דערפארענעם, קלוגן, אינטעליגענטן מענטשן. אפּאָנעם, אז נאָר ער האָט געקאָנט מיך אײַנריידן, אז פון קליינע רעדאקציִאָנעלע אויסבעסערונגען, ריין סטיליסטישע, וועט דער ראָמאן בעלי־סאָפעק געווינען... און אָט איז דער ראָמאן דערשינען. איך האָב מוירע צו איבערלייענען אים: בא מיר איז פארבליבן א געפיל, אז אויסער דעם ערשטן און לעצטן קאפיטל, האָט די גאנצע „געשיכטע” אָנגעשריבן אן אנדער מענטש, עמעס, לויט מײַן פארטראכט.

עס האָט געטראָפן אפילע אזא קאזוס. איך האָב געבעטן ראכמים בא דער רעדאקציע, מע זאָל איבערלאָזן מײַן אָפּשטעלצייכן, ניט א וואָרט אפילע, נאָר אן אָפּשטעלצייכן. איך האָב געוואָלט ענדיקן דעם ראָמאן מיט א קאָמע און א טירע (,—). א מעשוגענער קאפריז? אין דער לעצטער סצענע לויפט דער העלד איבער די טרעפּ, ער לויפט אלץ גיכער, אז עס פארכאפט אים אזש דער אָטעם, האָב איך געוואָלט איבערגעבן דעם דאָזיקן טעמפּ, די פארגיכערונג... קיין פונקט האָט מען דאָ ניט געטאָרט שטעלן! מע האָט מיר צוגעזאָגט. נאָר ווען איך האָב געעפנט דעם פרישן אָפּצוג פונעם זשורנאל, האָב איך דערזען צום סאָף פון דער לעצטער פראזע א פילפונקט. דער פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר האָט זיך אופריכטיק געכידעשט, וואָס איך זע אויס אזוי צעטראָגן. און בעמעס טאקע, א מענטש האָט גענומען אין האנט זײַן אייגענעם ראָמאן, וואָס איז נאָרוואָס ארויס פון דרוק, און ער לעבט איבער צוליב א פילפונקט! און אז מע האָט צוגעזאָגט, איז וואָס? ווו איז דאָס געזען געוואָרן, אז א ראָמאן זאָל זיך ענדיקן מיט א קאָמע און מיט א טירע!

אן אנדער לייענער קאָן זיך כידעשן: פון וואָס מאכט גלאדילין א ווערזן? א גרויסער אומגליק, מע האָט אים אייניקע ווערטער פארביטן אף אנדערע. אלעמען רעדאגירט מען. אזוי פירט זיך... איך דערקלער: די שפראך איז פארן שרײַבער די פאָרם פון אויסדריקן זיך, זי איז (אנטשולדיקט פאר א פרימיטיוון פארגלײַך) ווי פארב פאר א מאָלער. פרעגט זיך: צי האָט פארב א באדײַטונג?

איך שטעל זיך פאָר א גאנץ רעאל, נאָר פאנ־טאסטיש בילד.

צום רעדאקטאָר קומט ארײַן דער קינסטלער קלאָד מאָנע און ברענגט זײַן נײַ ווערק.

„ניט שלעכט, ניט שלעכט, — זאָגט דער רע־דאקטאָר,— עפּעס־וואָס איז דאָ פאראן. נו, מײלע, מיר וועלן שוין פּרוּוון עס אָפּדרוקן, פארדאָן, איך האָב געוואָלט זאָגן — דורכשטופּן עס אָף דער אויסשטעלונג... אָבער, מײַן טײַערער, מיט אזא אויסזען ווי איצט? אין קײן פאל ניט! איר זײַט מעשוגע. מע וועט פון אונדז לאכן, מיט שטעקענער אונדז פארווארפן. נײן, נײן, אײַער בילד געפעלט מיר, און דער סוזשעט איז גוט, די אידײ פײַן. דאָס לײַוונט אָבער דארף מען ערגעץ־ווּ אָפּרעדאגירן... לאָמיר א שפּאציר טאָן איבער די פארבן. פארוואָס איז דאָ די פארב א גרינע? פארוואָס דאָ א רויטע? פארוואָס אָראנזש? דאָס איז ניט עסטעטיש! דאָ דארף זײַן א בלויע, געלע, און טונקל־ברוין־מאלינע־פארב... דרײַס־טער לאָמיר צײכענען די בריק־ליניע, פעסטער אָנדריקן! אָט האָט זיך באוויזן דער בריק, און בא אײַך איז ער געווען ווי אין א נעפּל. דעם טײַך טעמזע זעט מען אינגאנצן ניט. גיט צו א ביסל ווײַסע אײל־פארב. טוט א קוק, ווי דער טײַך האָט זיך צעשײַנט, צעפינקלט — א פּראכט! לאָ־מיר אריבערגײן צום לינקן ווינקל. טפו, באנאלע שמירערײַ, ביליקע מעטאָדן, עמעסע כוליגא־נערײַ! און ווּ איז די זון? איך זע זי ניט, בא־ווײַזט די זון... אָט איז דער רעכטער ווינקל... גאָט מײַנער, דאָס איז דאָך דורכויס נאָכגעמאכט: א שמיר פון רובענס, א שמיר פון פעאָפאן גרעקן. איך בין א דערפארענער רעדאקטאָר, מיך וועט איר ניט אָפּנארן... און ביכלאל, סטארעט זיך ארבעטן פּאָשעטער און רוּיִקער. נו, איצט האָט זיך באקומען אויסגעצײכנט. אלץ ווי אין לעבן".

און קלאָד מאָנע וועט א קוק טאָן אָפן אויסרע־דאגירטן לײַוונט, עס וועלן זיך בא אים א גאָס טאָן טרערן, דערנאָך וועט ער זײ אויסווישן. טא־קע עמעס, עס האָט זיך באקומען שײן! סײַ דער בריק איז ווי א בריק, סײַ דער טײַך טעמזע, סײַ דער פּאלעץ...

נײן, איך בין ניט קעגן די רעדאקטאָרן, איך בין — פאר די שרײַבער. יעדערער דארף האָבן זײַנע פונקציעס. אן אלטער, דערפארענער רע־דאקטאָר וועט זאָגן: „א קלײניקײַט, מע האָט אײַך עטוואָס צוגעפּוצט. א קנאפּער אומגליק! פּראָדוציר־הויצאָעס. איך וועל אײַך ברענגען בײַשפּילן פון דער הײַנטיקער רוסישער פּראָזע. דאָרט וועט איר געפינען אזעלכע סטיליסטישע „פּערל"!.. זײ וואָלטן געטויגט פאר דער רובריק אין א הומאָריסטישן זשורנאל „אזוי צוטראכטן איז אומעגלעך". און מיר האָבן, דאנקען גאָט, אכטונג געגעבן, געכאפּט די גרײַזן, אויסרעדא־גירט. מיט אונדזער ארבעט פארבעסערן מיר די קוואליטעט פון די ביכער, עמעס?".

עמעס, טײַערע כאווײרים, נאָר אומזיסט טוט איר דאָס! איך וועל איצט מאכן א „בונטארישן" פאָרשלאָג: כאווײרים רעדאקטאָרן! איר האָט צופיל זאָרגן! פונעם שטראָם מאנוסקריפּטן דארפט איר אָפּקלײַבן יענע, וועלכע זײַנען די וויכטיקערע לויט דער טעמע און די אינטערע־סאנטסטע לויטן סוזשעט, די רײַכע מיט פרישע געדאנקען אאוו. אָבער די שפּראך איז עפּשער בעסער איבערלאָזן אָפן אוטאָרס געוויסן? זאָל ער אלײן ענטפערן פאר זײַן ווערק. שלעכט אָנ־געשריבן? ניט געראָטן? זאָל מען דאן פון אים לאכן.

●

•

לעוו לעווין

# „....דאָס, וואָס איר רופט דוניע, דארף זײַן א מאנצבל"

„איך האָב געבעטן ראכמים בא דער רעדאק־ציע, מע זאָל איבערלאָזן מײַן אָפּשטעלצײכן, — שרײַבט אין זײַנע פּאָלעמישע נאָטיצן א. גלא־דילין, — ניט א וואָרט אפילע, נאָר אן אָפּשטעל־צײכן, איך האָב געוואָלט ענדיקן דעם ראָמאן מיט א קאָמע און א טירע (,—)".

די רעדאקציע האָט קלוימערשט צוגעזאָגט דעם אוטאָר איבערצולאָזן די קאָמע און טירע. נאָר ווען א. גלאדילין האָט געעפנט דעם פרישן זשורנאל־נומער, האָט ער מיט שוידער דערזען צום סאָף פון דער לעצטער פּראזע א פּיל־פונקט...

די פארעטערישע רעדאקציע האָט ניט גע־האלטן וואָרט.

מיר — ווי איז דאָס בא אונדז אָנגענומען צו שרײַבן: איז אויסגעקומען? באשערט געווען? איז אויסגעפאלן דאָס גליק? — קורץ, דעם ראָמאן „די געשיכטע פון אײנער א קאָמפּאניע" האָב איך רעדאגירט.

איך מוז אָפן מודיע זײַן, אז דאָס בין איך

געווען דער „בור־דעוויריַיסאָ“, דער „גאזלען“, וואָס האָט דערווידערט קעגן א קאָמע און א טירע.

אלס רעדאקטאָר האָב איך פּאָשעט נישט געקאָנט ניט דערווידערן קעגן דער דאָזיקער אידיי, ווײַל איך האָב זי געהאלטן פאר א לעפישער, פרעטענציִעזער, וואָס האָט ניט קיין שום זין. נו, פארוואָס דארף איך נאָכגעבן די קאפריזן, וועלכע דערמאָנען פארשפעטיקטע סימאָנים פון א קינדער־קרענק — מאָזלען צי סקארלאטין? און אויב מײַן אווטאָר וואָלט אײַנפאלן צו אָפּדרוקן דאָס לעצטע וואָרט פון זײַן ראָמאן מיט די פיס ארוף? אָדער אויסזעצן דעם לעצטן אבזאץ פון אויבן אראָפּ?

פון יענער צײַט זײַנען שוין קימאט צען יאָר אוועק. איך וועל זאָגן דעם עמעס: אויב אין א שלאָפלאָזער נאכט מאטערט מיך דער געוויסן, איז דאָס קלאל ניט צוליב אָט די שלימאזלדיקע אָפּשטעלצייכנס.

איצט זאָגט א. גלאדילין, אז ער האָט מוירע איבערצולייענען די „געשיכטע“, ווײַל זי איז, קלוימערשט, „אָנגעשריבן דורך אן אנדער מענטשן“. דאָס איז, פארשטייט זיך, א זאָג, וואָס געהערט צום זשאנער פון פאנטאסטיק. אָבער אומזיסט מיינט א. גלאדילין, אז זײַן היפּערבאָלע דערנידעריקט דעם רעדאקטאָר. זייער גוט האָט געזאָגט א. פאדייעוו: „...קיין איין רעדאקטאָר האָט נאָך ניט קאליע געמאכט די שפּראך פון א גוטן שרײַבער, ווײַל דעם, וואָס איז שטארק, קאָן מען ניט קאליע מאכן“.

„ניין, איך בין קלאל ניט קעגן דעם רעדאקטאָר“, — שרײַבט א. גלאדילין. א גרויסן דאנק כאָטש דערפאר!

אָבער די פונקציעס פונעם רעדאקטאָר וואָלט א. גלאדילין וועלן באגרענעצן מיטן אָפּקלײַב פון ווערק אף פארעפנטלעכן זיי.

„...ווען עס גייט א רייד וועגן דעם ליטעראַרישן סטיל, וועגן דער ארבעט איבערן וואָרט, וועגן דער סטרוקטור פועם אווטאָרס ווערק, איז דאן דער שרײַבער אליין דער געזעצגעבער, דער העכסטער ארביטער, ווײַל אין דעם געביט איז ער דער פּראָפעסיִאָנאל, דער ספּעציִאַליסט — ער, דער שרײַבער“.

מיט א סאך יאָרן צוריק האָט דאָס זעלבע געזאָגט (עס קאָן זײַן, אז א. גלאדילין ווייסט ניט וועגן דעם) וו. ווערעסײַעוו. אין אן ארטיקל „וועגן די קינסטלערישע רעדאקטאָרן“ האָט ער געשריבן:

„איך האָב זיך געדרוקט בא קאָראָלענקאָ, זיך געדרוקט בא גאָרקין. קיינמאָל האָבן זיי בא מיר ניט געענדערט קיין איין פראזע. דאָס איז פאָרגעקומען ניט דערפאר, ווײַל אין א גאנצער ריי פאלן וואָלטן זיי ניט געקאָנט פאָרלייגן קיין אויסבעסערונגען, פון וועלכע די זאך זאָל אומבאדינגט געווינען. זיי זײַנען אָבער געווען טיף קולטורעלע מענטשן און האָבן אנערקענט, אז דער שרײַבער, ווען ער דערגרייכט א באשטימטן ניוואָ (אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — ל. ל.), איז אליין פאראנטוואָרטלעך פארן לייענער“.

דאָס איז פּושטענדיק ריכטיק בענגעייע שרײַבער, וועלכע האָבן דערגרייכט א באשטימטן ניוואָ. ווי זאָל אָבער זײַן אין יענע — גאנץ אָפטע! — פאלן, ווען דער דאָזיקער ניוואָ איז נאָך ניט דערגרייכט? אָדער ער איז שוין פארלוירן געגאנגען?

לאָמיר זאָגן, דער רעדאקטאָר געפינט אינעם מאנוסקריפט א בעפיירעש באנאלע שטעל. ער האָט נישט קיין רעכט ניט צו באמערקן זי, ער איז מעכויעוו צו זײַן א פּראָפעסיִאָנאל, — זײַן קינסטלערישער גוסט מוז זײַן געניוג אנטוויקלט (אן אנדער זאך איז, וואָס אין דער פּראקטיק זעען מיר דאָס ניט אזוי אָפט). ווײַזט זיך ארויס, אז אויסמעקן אָט די בעפיירעש באנאלע שטעל קאָן דער רעדאקטאָר ניט: אויב דער שרײַבער האָט אָנגעשריבן „שלעכט, ניט געראָטן“, זאָל מען פון אים לאכן. אָבער אין דער זעלבער צײַט וועט מען זיך ווילצלען אויך אפן כעזשבן פונעם רעדאקטאָר...

איך האָב געבעטן די רעדאקציע פון „ליטעראַטורנאיא גאזעטא“, זי זאָל ניט אויסבעסערן אין א. גלאדילינס ארטיקל פאָלגנדיק אָרט: „... א מענטש האָט גענומען אין האנט זײַן אייגענעם ראָמאן, וואָס איז נאָרוואָס ארויס פון דרוק, און ער לעבט איבער צוליב א פילפונקט!“ מע טאָר ניט, טײַערער אנאטאָלי טיכאָנאָוויטש, איבערלעבן צוליב עפּעס. מע קאָן איבערלעבן עפּעס, אשטייגער — גליק, פרייד, אן אומגליק, ניט עמעס? ניט שוין זשע דארף דער רעדאקטאָר איבערלאָזן אומבארירט אויך אָט די שלעכט, אומגעלונגען אָנגעשריבענע פראזע בלויז דערפאר, ווײַל אָנגעשריבן האָט זי א שרײַבער, וואָס איז דער ספּעציִאַליסט, דער געזעצגעבער, דער העכסטער ארביטער אאוו. אדג.

און וואָס וואָלט איר געזאָגט וועגן אזא בריוו פון דעם רעדאקטאָר פון איינעם א דיקן ליטעראַרישן זשורנאל:

„איך האָב איבערגעלייענט אײַער מאנוסקריפט ביזן סאָף פונעם 1־טן טייל. אלץ, וואָס עס קומט פאָר נאָכן פארגוואלטיקן יעלענען, דה. די ברייטע שמועסן וועגן דעם, די ארומלויפעניש צום איספראווניק, צום אופראוווליאיעשטשע, ווידער צום איספראווניק, ווי מע שמײַסט די טאָכטער אדג., — דאָס אלץ דארף מען ארויסנעמען. וועגן דעם אלץ קאָן מען אָנשרײַבן א זײַטל און אריבערגיין צום קאפּיטל, ווו זיי זײַנען אוועק נאָך שוואָמען. אנדערש קאָן מען ניט דרוקן“.

איך שטעל מיך פאָר, ווי עס וואָלט ארויס פון די קיילים א. גלאדילין, ווען ער באקומט אזא בריוו פון דעם זשורנאל „יונאָסט“ אָדער פונעם פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל“...

אגעוו, האָט דער ליטעראַטאָר, וואָס האָט דערהאלטן דעם דאָזיקן בריוו, אָן שום טײַנעס אויסגעפילט אלע אָנווײַזונגען פונעם רעדאקטאָר: ער האָט ארויסגענומען פון זײַן מאנוסקריפּט צוויי קאפּיטלען, פארביטן זיי מיט א נײַ קאפּיטל פון א זײַטל די גרייס, און האָט נאָך פארשריבן אין זײַן טאָגבוך:

„איך פארשטיי אליין אויך, אז מע דארף נאָך גוט אן ארבעט טאָן אפן ראָמאן, נאָר איך האָב איצט דערויף קיין שום מעגלעכקײַט ניט, ווײַל קיין געלט איז ניטאָ“.

בלײַבט איבער צוצוגעבן, אַז דער דיקער זשורנאַל איז — „סאָווועמעניק", דער רעדאַקטאָר — נ. א. נעקראַסאָוו, דער אַווטאָר — פּ. מ. רעשעטניקאָוו, וואָס האָט אָנגעשריבן די באַרימטע „פּאָדליפּאָווצעס". דער ערשטער טייל פונעם ראָמאַן „באַרג־אַרבעטער", וועלכער איז געבליבן ניט פאַרענדיקט, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „סאָווועמעניק" אין 1866 יאָר.

און אָט איז א צווייטער בריוו, געשריבן פון אַן אַנדער ליטעראַטאָר, וואָס איז געווען אַמאָל פאַרוואַלטער פונעם בעלעטריסטישן אָפּטייל אין א צווייטן דיקן זשורנאַל:

„טײַערער וויקטאָר אַלעקסאַנדראָוויטש, — האָט געשריבן דער דאָזיקער ליטעראַטאָר דעם רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל, — פון דעם צוגעשיקטן און איצט דורך מיר אומגעקערטן מאַטעריאַל פאַרדינט אויפמערקזאַמקײַט בלויז די גרעסערע דערציילונג „אין וואָס באַשטייט די סיבע?". דאָס איז א גוטע זאַך און קאָן אָפּגעדרוקט ווערן..."

לויט א. גלאַדילינס לאָגיק האָט דאָ באַדאַרפט שטיין א פונקט, ווײַל די פונקציע פונעם רעדאַקטאָר איז אויסגעפילט. מיר לייענען אָבער ווײַטער:

„...מע מוז אינגאַנצן איבערמאַכן דעם סאָף. זאָג אָדער שרײַב אָן דעם אַווטאָר, אַז דאָס בילדל אינעם וואַגאָן־רעסטאָראַן איז וווּלגאַר און פאַלש, אַז דאָס ערשטע קאַפּיטל איז איבעריק און אַז דער סאָף איז צו לאַנג און ניט נייטיק".

מיט עטלעכע יאָר פריִער האָט דער זעלבער ליטעראַטאָר געשריבן צו א צווייטן מענטשן:

„ווען איך וואָלט וווינען אין פּעטערבורג, וואָלט איך זיך געבעטן צו אײַך פאַר א רעדאַקטאָר פון בעלעטריסטישן אָפּטייל. איך וואָלט גערייניקט און געשליפן אַלע דערציילונגען, וועלכע איר און בורענין האָבן אָנגענומען צום דרוקן, און וואָלט פּראָטעזשירט יענע זאַכן, וואָס טויגן, ווײַזט אויס, צו גאָרנישט, נאָר ווען מע זאָל זיי אויסקירצן אַף א העלפט און מאַכן א גוטע קאָרעקטור, קאָנען זיי ווערן ניט קיין שלעכטע דערציילונגען".

די דאָזיקע שורעס זײַנען, זאָגט וואָס איר ווילט, דורכגעדרונגען מיט אַן עכטן גוסט צו רעדאַקטאָרישער אַרבעט. דער מענטש, וואָס האָט זיי אָנגעשריבן, טראַכט מיט א ניט אויסבאַהאַלטענער האַנאָע — איך וואָלט אַפילע זאָגן: ער טרוימט! — ווי ער וואָלט „גערייניקט און געשליפן" די אָנגענומענע מאַנוסקריפּטן און ווי „דורך קירצונגען... און דורך א קאָרעקטור" (וואָס דאָס הייסט רעדאַקציע!) וואָלט ער געראַטעוועט זאַכן, וועלכע טויגן אַפן ערשטן קוק צו גאָרנישט...

פון א. גלאַדילינס שטאַנדפּונקט זײַנען דאָך די אַלע רייד עמעסע פאַרשוועכונג, א כילעל־האַשעם. אָך, ווי א. גלאַדילין וואָלט אַרײַנגעטיילט אָט דעם ליטעראַטאָר, ווען ער איז זײַנער א מיטצײַטלער...

דער לייענער האָט שוין, געוויס, פאַרשטאַנען, אַז איך ציטיר דאָ א. פּ. טשעכאָוון.

צומאָל פלעגט טשעכאָוו זיך ווענדן דירעקט צו די אַווטאָרן, וואָס זייערע ווערק האָט ער געלייענט.

„די דערציילונג איז א גוטע, אַפילע זייער א גוטע, — האָט ער געשריבן צו ל. אַווילאָוואַ, — נאָר ווען איך בין איר אַווטאָר אָדער רעדאַקטאָר, וואָלט איך אומבאַדינגט אַן אַרבעט געטאָן אַף איר א טאָג־צוויי... אָנהייבן דאַרף מען דירעקט פון די ווערטער: „ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער"... דער העלד און סאָניע דאַרפן שמועסן ניט אין קאָרידאָר, נאָר באַם ברעג פון דער ניעוואַ, און דער שמועס זייער דאַרף איבערגעגעבן ווערן פון מיטן... דאָס, וואָס איר רופט דוניע, דאַרף זײַן א מאַנצבל... עס איז ניט נייטיק, אַז די העלדן זאָלן זײַן סטודענטן און רעפּעטיטאָרן — דאָס איז אַלטמאָדיש. מאַכט דעם העלד פאַר א באַאַמטן אין דעפּאַרטאַמענט, ווו מע באַשטימט די שטײַערן־סומעס פון די געהאַלטן, און פון דוניען מאַכט עפּעס אַן אָפיצער, צי וואָס..." עמעס, אינעם פאָלגנדיקן בריוו האָט טשעכאָוו ראַכמאַנאָוועס געקראָגן אַפן אַווטאָר פון דער דערציילונג: „קיין אָפיצער דאַרף מען ניט, גאָט איז מיט אײַך, איך גיב אײַך נאָך, דוניען לאָזט איבער, נאָר ווישט איר אויס די טרערן און הייסט איר, זי זאָל צופודערן די באַקן"...

אינמיטן פון די דרײַסיקער יאָרן האָב איך אין דער קינאָ־סטודיע „לענפילם" געהאַט דאָס גליק (דאָ קלינגט דאָס וואָרט אַמבעסטן!) צו זען די אַרבעט פון איינעם פון די טאַלאַנטפולסטע און סאַמע טאַקטישע רעדאַקטאָרן, מיט וועלכע דאָס לעבן האָט מיך ביכלאַל צונויפגעפירט, — די אַרבעט פון אַדריאַן איוואַנאָוויטש פּיאָטראָווסקי. די אייצעס, וועלכע ער האָט געגעבן די סצענאַריסטן און רעזשיסערן, האָבן צומאָל אויסגעזען אומדערוואַרט און ניט זעלטן פּאָשעט איבעראַשנדיק. ער האָט בעפֿײַרעש געקאָנט אייצען א באַרימטן קינאָ־דראַמאַטורג, יענער זאָל זײַן דוניע פאַרוואַנדלען אין א מאַנצבל, דערצו נאָך אין אַן אָפיצער...

„...אייניקע אָנהענגער פון שעפערישן „איזאָליאַציאָניזם" האָבן אים באַשולדיקט אין דעם, אַז ער לייקנט קלוימערשט אין דער „הייליקײַט פון שאַפונג", — האָט געשריבן וועגן א. פּיאָטראָווסקין י. כייפעץ. — ווער־ווער, נאָר ער האָט גוט געוווּסט די פרײַז פון הויכער קונסט!" אין דעם זעלבן בוך („אַדריִאַן פּיאָטראָווסקי. טעאַטער. קינאָ. לעבן") באַטאָנט ג. קאָזינצעוו: „מיר ווילט זיך אָנשרײַבן וועגן די סצענעס, וועלכע ער האָט צוגעטראַכט, וועגן די רעפּליקעס — ער האָט ניט ווייניק רעפּליקעס פאַרפאַסט פאַר אונדז, — וועגן די דראַמאַטורגישע גענג (אין שווערע רעגעס פלעגט זײַנער אַן אײַנפאַל אַרויספירן אונדז פון א טעמפּן ווינקל). נאָר איך האָב די בײַשפּילן פאַרגעסן".

דאָס איז ניט קיין כידעש: א. פּיאָטראָווסקי האָט פאַרמאָגט אַזאַ פײַנעם כוש פאַר דער פּאָעטיק פון יעדן סצענאַרי, אַז אַפילע די אַווטאָרן אַליין האָבן ניט געקאָנט פעסטשטעלן, וואָס עס האָבן אָנגעשריבן זיי אַליין און וואָס עס איז צוגעטראַכט געוואָרן דורכן רעדאַקטאָר.

ל. ראַכמאַנאָוו דערציילט אין זײַן עסיי אונטערן נאָמען (שוין איינמאָל א נאָמען!) „ווען ניט פּיאָטראָווסקי...":

„אין די ערשטע עסקיזן פון מײַן סצענאַרי (עס רעדט זיך וועגן דעם „דעפּוטאַט פון דער באַלטיק". — ל. ל.) זײַנען געווען איבעריקע פערסאָנאַזשן, זײַטיקע סוזשעט־ליניעס, וועלכע האָבן צײַטנווײַז זיך געריסן אַרויסצוגיין אין פאָדערגרונט, פאַרנעמען א סאַך אָרט. אַזוי, לעמאָשל, האָט אַף די זײַטלעך פונעם סצענאַרי

זיך ארומגעדרייט א פּראָפעסאָרס א טאָכטער"...
אָפּזאָגן זיך פון דעם איבעריקן פּערסאָנאַזש,
פון דער זײַטיקער סוזשעט־ליניע האָט געייצעט
א. פּיאַטראָווסקי.

פונקט אזוי האָט טשעכאָוו געשריבן צו
א. סוואָרינען וועגן יענעמס דערציילונג „אין
סאָף פונעם יאַרהונדערט":

„דאָס דינסטמיידל טרײַבט פונדאַנען! טרײַבט! איך
באַווײַזן זיך איז ניט רעאַל, ווײַל דאָס איז א צופע־
ליקייט, וואָס פאָדערט באַווײַזן"...

ארויסטרעטנדיק אין דער ראָליע פון א רע־
דאַקטאָר, פלעגט א. פּ. טשעכאָוו ניט באַגרענעצן
זיך מיט אייצעס, פון מאָל צו מאָל פלעגט ער
מיט דער אייגענער האַנט אויסבעסערן א
פרעמדן טעקסט. זאָל א. גלאַדילין א קוק טאָן,
ווי טשעכאָוו האָט אויסרעדאַגירט די דער־
ציילונג פון ע. שאַווראָווא „סאָפּקע".

אגעוו, מיט רעדאַקציע־ארבעט האָבן זיך
פאַרנומען קימאַט אַלע גרעסטע רוסישע שרײַ־
בער. עס איז געגוג צו דערמאָנען פּושקינס
נאָטיצן אויף די ראַנדן פון די זײַטלעך פון
ק. נ. באַטיושקאָווס „עקספּערימענטן אין לידער
און פּראָזע" אָדער ג. אי. אוספּענסקיס עסיי „דער
הינטערשטאָטישער מוזשיק", וועלכן עס האָט
רעדאַגירט מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין.
ג. אי. אוספּענסקי האָט ניט בלויז אָנגענומען, אָן
קיינע דערווידערונגען, שטשעדרינס רעדאַקציאָ־
נעלע ענדערונגען, נאָר ער האָט נאָך געשריבן:

„איך קען אים, איך שאַץ אים, האָב אכטונג, און
איך ווייס נאָך, אז ער מעג מיר אָנווײַזן".

אזוי אופמערקזאַם האָט זיך באַצויגן צו זײַנע
רעדאַקטאָרן אויך א. טשעכאָוו, כאָטש צווישן
זיי זײַנען ניט געווען אזעלכע גיגאַנטן, ווי
נ. א. נעקראַסאָוו אָדער מ. יע. סאַלטיקאָוו־
שטשעדרין.

א. פּ. טשעכאָוו האָט געשריבן:

א. ס. סוואָרינען: „מיט אײַער מיינונג וועגן דעם
ארויסגעוואָרפענעם סאָף פון מײַן דערציילונג בין איך
מאַסקים און דאַנק אײַך פאַר דער נוצלעכער אָנווײַ־
זונג".

נ. א. לייקינען: „סײַ די נאָטיצן זײַנען לאַנג, סײַ
די נײַ־יאָר־דערציילונג איז לאַנג — איך בין זיך
מודיע. אָבער... צוליב דעם, וואָס דער נײַ־יאָר־נומער
דאַרף זײַן אָפּן העכסטן אויפן גערעטן, בעט איך אײַך
דאָס מאָל ניט צערעמאָניען זיך און קירצן, וויפל
מע קאָן נאָר. איך אַליין האָב זיך ניט גענומען קירצן;
אײַך איז קלאָרער, וואָס עס דאַרף גיין, וואָס ניט".

זאָל זײַן, אז דאָס האָט געשריבן דער 23־יאָרי־
קער טשעכאָוו, אַלציינס איז דאָס געווען טשע־
כאָוו, און לייקין איז געווען לייקין, און פונ־
דעסטוועגן האָט טשעכאָוו געהאַלטן, אז פון דער
זײַט פאַרשטייט לייקין בעסער.

דערפאַרענע, פּראָפעסיאָנעלע, טאַלאַנטפולע
רעדאַקטאָרן זײַנען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן אויך
אין אונדזער צײַט, נאָר וועגן זיי איז ניט אָנגע־
בומען צו ריידן.

וועגן רעדאַקטאָרן דערמאָנט מען בלויז אין
יענע פאַלן, ווען זיי דערלאָזן פעלערן. קעדיי

פאַרדינען צו דערמאָנט ווערן אין דער פּרעסע,
דאַרף דער רעדאַקטאָר זיך אויסגליטשן, דערפון
איז, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרסטראַכירט קיין
איין רעדאַקטאָר, ווײַל קיין טאָעסן מאַכט ניט
בלויז דער, וואָס טוט גאָרנישט ניט.

זעלטן, זייער זעלטן דערמאָנט מען א רעדאַק־
טאָר מיט א גוט וואָרט. אין איינער פון זײַנע
ארויסטרעטונגען (איך האָב זי געהערט — דאָס
איז געווען דעם 18 יאַנואַר 1951) האָט א. פאַ־
דייעוו געזאָגט:

„אין דער ארבעט אויף „מאָלאָדאיא גוואַרדיאַ" האָב
איך אָנגענומען ארום דרײַ הונדערט סטיליסטישע
אויסבעסערונגען, וועלכע עס האָבן מיר פאָרגעלייגט
די רעדאַקטאָרן ס. ראַזומאָווסקאַיאַ, א. טאַראַסענקאָוו,
דערנאָך יו. לוקין, און איך האָב קיין כאַראַטע ניט".

א ביסל שפּעטער האָט ס. ראַזומאָווסקאַיאַ
רעדאַגירט דעם ראָמאַן „ספּוטניקי". אָט וואָס עס
האָט דערציילט וועגן דעם וו. פאַנאָווא אין הע־
כער 25 יאָר ארום:

„איר ארבעט איז געווען זייער אַן אייגנאַרטיקע
און זייער א נוצלעכע פאַר אַן אויטאָר אַן אָנפאַנגער.
זי האָט אָנגעוויזן אויף עפּעס אַן עפּיטעט און געזאָגט:
„ניט אזוי" אָדער „אַן א געשמאַק", און, ווי מאָדנע
עס זאָל ניט זײַן, האָב איך זי טייקעף פאַרשטאַנען.
צומאָל פלעגט זי מיטן שפּיץ פון איר בלײַפעדער
אָנווײַזן אויף מײַנע שפּראַך־פעלערן, און דאָס איז פאַר
מיר אויך געווען זייער וויכטיק".

אויב א. פאַדייעוו און וו. פאַנאָווא דערמאָנען
מיט דאַנק וועגן זייערע רעדאַקטאָרן, איז פאַר־
וואָס זאָרגט אזוי א. גלאַדילין, מע זאָל אונטער
יעדן טערעץ ניט צולאָזן דעם רעדאַקטאָר צו די
געהיימניסן פון זײַן שעפערישער לאַבאָראַטאָ־
ריע...

„דער רעדאַקטאָר — דאָס איז א מענטש, וואָס אין
א געוויסער מאָס לערנט ער דעם שרײַבער, דערציט
אים..." — האָט געשריבן מאַקסים גאָרקי.

אָבער קעדיי כאָטש „אין א געוויסער מאָס"
לערנען דעם שרײַבער, דאַרף דער רעדאַקטאָר
פאַרמאָגן אזעלכע אייגנשאַפטן, וועלכע ער פאַר־
מאָגט, צום באַדויערן, ניט טאָמיד.

עס האַנדלט זיך קלאָר ניט וועגן באַגרענעצן,
ווי א. גלאַדילין פאָדערט, די טעטיקייט־ספער
פונעם שוואַכן רעדאַקטאָר, ער זאָל בלויז אָפּ־
קלײַבן מאַנוסקריפּטן. אזא רעדאַקטאָר, וועגן
וועלכן עס רעדט א. גלאַדילין, טאָר מען ניט
צולאָזן צום אָפּקלײַבן מאַנוסקריפּטן. מע טאָר
אים ביכלאַל ניט צולאָזן צו רעדאַקציאָנעלער
ארבעט.

קעדיי — איך כאַזער ווידער איבער מ. גאָר־
קיס ווערטער — כאָטש אין א געוויסער מאָס
לערנען דעם שרײַבער, קעדיי האָבן רעכט
דערויף, דאַרף דער רעדאַקטאָר פאַרמאָגן ניט
בלויז א ברייטע אידייִשע וועלט־אָנשויונג, ניט
בלויז א הויכע אַלגעמיינע קולטור, ניט בלויז,
ענדלעך, א ריין פּראָפעסיאָנעלן פאַרשטאַנד
פאַר זײַן ארבעט.

כוץ דעם אַלעמען, דאַרף א מענטש, וואָס פּרע־
טענדירט צו ווערן א רעדאַקטאָר, פאַרמאָגן א
באַזונדערן רעדאַקטאָרישן טאַלאַנט. פאַראַן א

טאַלאַנט פון אַ ראָמאַניסט, אַ טאַלאַנט פון אַ דיכטער, אַ טאַלאַנט פון אַ דראַמאַטורג, אַ טאַלאַנט פון אַ קריטיקער; פאַראַן, מיסטאַמע, אויך אַ טאַלאַנט פון אַ רעדאַקטאָר.

איינער פון די באַזונדערס וועזנטלעכע סימאָנים פון אָט דעם טאַלאַנט איז — די גרייטקייט און קענטשאַפט צו שענקען צײַט און קויכעס די פרעמדע מאַנוסקריפּטן. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ווײַט ניט אַלע טאַלאַנטפולע שרײַבער זײַנען דערצו פייִק.

מיט אַ יאָר צען צוריק האָט איינער פון אונדזערע אָנגעזעענע קריטיקער — אָן שום ספק אַ טאַלאַנטפולער מענטש — אונטערגעשריבן מיטן פאַרלאַג אַן אָפּמאַך אויף רעדאַגירן אַ היפּשן און בעפיירעש רויען מאַנוסקריפּט, דערבײַ האָט ער אָנגעהויבן אַרויסזאָגן די זעלבע אידייען, וועלכע עס פּריידיקט איצט אַ. גלאַדילין. עס איז געגאַנגען, האָט געזאָגט דער דאָזיקער קריטיקער, אַז ער האָט אָפּגעקליבן דעם מאַנוסקריפּט, האָט געווענדט אויף אים די אויפמערקזאַמקייט. וואָס שײַעך די קאָמפּאָזיציאָנעלע, סטיליסטישע און אַנדערע כעסרוינעס פונעם ווערק, דריקן זיי אויס די אינדיווידואַליטעט פונעם שרײַבער, און דער רעדאַקטאָר האָט קיין רעכט ניט אַרײַנמישן זיך. עס איז געווען קלאָר, אַז דער טאַלאַנטפולער מענטש האָט פּראָסט־פּאָשעט ניט געוואָלט פאַרטערן קיין איבעריקע צײַט און קויכעס אויף אַ פרעמדן מאַנוסקריפּט.

פונקט אַ פאַרקערטן בײַשפּיל שטעלט מיט זיך פאָר די רעדאַקטאָרישע טעטיקייט פון דעם דיכטער סאַמויִל מאַרשאַק. אויב אין אַ מאַנוסקריפּט, — האָט ער ליב געהאַט צו איבערכאַזערן, — איז פאַראַן כאָטש איין טאַלאַנטפול זײַטל, איז דער רעדאַקטאָר מעכוייעוו צו אויפהייבן דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט צום ניוואָ פון דעם דאָזיקן זײַטל. אָבער אָפּטאָן אַזאַ אַרבעט איז פייִק בלויז אַ רעדאַקטאָר, וואָס פאַרמאָגט אַ באַזונדערן טאַלאַנט.

עס איז באַוווּסט, אַז אַ. פּיאָטראָווסקי איז געווען סײַ אַן איבערזעצער, סײַ אַ טעאַטער־קריטיקער, סײַ אַ טעאָרעטיקער פון טעאַטער־קונסט, סײַ אַ דראַמאַטורג. אָבער דאַנקבאַרער פון אַלץ איז דער אָנדענק וועגן אים אַלס אַ טאַלאַנטפולן רעדאַקטאָר, אַ „סטראַטעג פון דער קינעמאַטאָגראַפיע" (ס. גראַסימאָוו).

אָט צו וועלכע הייכן עס קאָן דערגרייכן אַ רעדאַקטאָר, אויב ער איז גרייט שענקען צײַט און קויכעס פרעמדע מאַנוסקריפּטן און אויב די נאַטור האָט אים געבענטשט מיט אָט דעם שווערן טאַלאַנט.

ייִדיש — מ. איטקאָוויטש

# כראָניק

## „דער שרײַבער און די צײַט"

אונטער אַזאַ רובריק האָט די מאָסקווער וואָכן־צײַטונג „ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיִאַ" פאַרעפנטלעכט אַ רײ ווערק פון ווײַטמיזרעכדיקע שרײַבער. מיט אויסצוגן פון זייערע נײַע שאַפונגען זײַנען פאָרגעשטעלט די פּראָזאַיִקער פּאַוועל כאַלאָוו און באָריס מאַשוק, מיט לידער — מיכאַיִל אַסלאַמאָוו, וויקטאָר סאָלאָמאַטאָוו, אָלעג מאַסלאָוו און דער ייִדישער דיכטער איציק בראָנפמאַן — מיט דער ליד „מײַן אַנקעטע" אין אַן איבערזעצונג פון אַ. ריבאָטשקין.

## אין די אויסשטעלונג־זאַלן פון מינסק

לייזער ראַן איז איינער פון די עלטסטע מאָלער אין ווײַסרוסלאַנד. לעצטנס איז אין צענטראַלן קונסט־סאַלאָן פון מינסק אָרגאַניזירט געוואָרן זײַנע אַ פּערסאָנעלע אויסשטעלונג. די זעלבע עקספּאָזיציע האָט מען געקאָנט זען אין מעשעך פון עטלעכע וואָכן אינעם לאָקאַל פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון דער רעפּובליק.

אַ היפּש אָרט פאַרנעמט אין לייזער ראַנס שאַפונג די אַנטי־פאַשיסטישע טעמע, באַזונדערס טיילט זיך אויס די סעריע בילדער, געווידמעט דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

אין די לעצטע יאָרן אַרבעט ל. ראַן איבער פּאָרטרעטן פון ייִדישע שרײַבער (שאָלעם־אַלייכעם, י.־ל. פּערעץ, איזי כאַריק, פּערעץ מאַרקיש און אַנדערע).



ייִסראָעל קאָוועלמאַן

# העבראַיסטיק אין די רוסישע לערן־אַנשטאַלטן און וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס

העברעיִשע שפּראַך און ליטעראַטור האָט מען אָנגעהויבן אונטערריכטן אין די רוסישע לערן־אַנשטאַלטן אין XVIII יאָרהונדערט.

נאָך אין 1703 האָט דער געפאַנגענער ליפלענדישער פּאַסטאָר ערנעסט גליוק אָנגעמערקט די העברעיִשע שפּראַך צום אונטערריכטן אין דער מאָסקווער גימנאַזיע, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט לויט פּיאָטער דעם ערשטנס אופטראָג.

אין עטלעכע און פופציק יאָר אַרום האָט דער רעקטאָר פון דער מאָסקווער גימנאַזיע, אַן אָפּשטאַמיקער פון אונגאַרן — יאָהאַן שאַדען — אינעם קאַטאַלאָג פון זײַנע לעקציעס אײַנגעשלאָסן פאַקולטאַטיווע לימודים פון דער העברעיִשער און כאַלדעיִשער (ביבליש־אַראַמעיִשער) שפּראַכן.

לויט יעקאַטערינע דער צווייטערס אופטראָג האָט מען געשיקט אין די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע לערן־אַנשטאַלטן אַ גרופּע סטודענטן אָף צוגרייטן פון זיי העברעיִסטן. די דאָזיקע קאַדרען זײַנען אָבער דערנאָך ניט אויסגענוצט געוואָרן לויט זייער ספּעציאַליטעט.

דעם קינפטיקן פּראָפעסאָר אַלעקסיי באָלדירעוו, פאַר איבערזעצן (זעט אויס, פון דײַטש) אַ העברעיִשע גראַמאַטיק, האָט אַלעקסאַנדער דער ערשטער באַלוינט מיט אַ גאָלדענער טאַבאַק־פּושקע און מיט אַ קאָמאַנדירונג קיין אויסלאַנד אָף צו פאַרפולקומען זיך אין די סעמיטישע שפּראַכן.

אין 1810 האָט סערגיי אוּוואַראָוו, דער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע און מיניסטער פון בילדונג, פאַרעפנטלעכט אַ „פּראָיעקט פון אַן אַזיִאַטישער אַקאַדעמיע" — געדאַנקען וועגן גרינדן אין רוסלאַנד אַן אַנשטאַלט אָף צו גרייטן ספּעציאַליסטן פון די גרינטלעכע פיר מיזרעך־שפּראַכן, דערין פון דער העברעיִשער.

פּראַקטיש אָבער זײַנען קורסן פון העברעיִשער שפּראַך אײַנגעפירט געוואָרן פריִער פון אַלץ אין די גײַסטלעכע אַקאַדעמיעס: אין דער קיִעווער, מאָסקווער, פּעטערבורגער און קאַזאַנער (אין די יאָרן 1738 — 1802). די ערשטע צײַט האָט מען אונטערריכט לויט די לערנביכער אָף לאַטײַן אָדער דײַטש. לעקטאָרן האָט מען אײַנגעלאַדן פון אויסלאַנד, אויך פון צווישן די אייגענע דערצויגלינגען, און אַמאָל אויך פון געשמאַדטע. פון דער לעצטער קאַטעגאָריע זײַנען באַוווּסט געוואָרן מיט זייערע איבערזעצונגען פון דער ביבל, מיט לערנביכער אָדער מיט פאָרשונגען פון העבראַיִסטיק מיכאַיִל גוליאַיעוו, אַקים אָלעסניצקי, פּאַוועל גאָרסקי־פּלאַטאָנאָוו, וואַסילי לעווויסאָן, אַנדריי מיראָנאָסיצקי און גאָרדי סאַבלוקאָוו.

די מער אָנגעזעענע זײַנען געווען די פּראָפעסאָרן פון דער פּעטערבורגער גײַסטלעכער אַקאַדעמיע איגנאַטי פּעסלער, געראַסים פּאַווסקי, איוואַן יאַקימאָוו און איוואַן טראָיִצקי.

איגנאַטי פּעסלער (1756—1839), אַן אָפּשטאַמיקער פון עסטרײַך, איז באַוווּסט אַלס מאַסאָן, אַלס צונויפשטעלער פון דער אַנטאָלאָגיע און פונעם לערנבוך (אָף לאַטײַן) פון די סעמיטישע שפּראַכן. די אַקאַדעמיע איז ער אינגיכן געצוווּנגען געווען פאַרלאָזן, ווײַל אין דער לערן־פּראָגראַם, וואָס ער האָט צונויפגעשטעלט, האָט מען אײַנגעזען אַ מיין צו אונטערריכטן, כוץ דער העברעיִשער שפּראַך, די ביבלישע ביכער אַלס מוסטער פון פּאָעטישער, היסטאָרישער און פילאָסאָפישער ליטעראַטור, און ניט אַלס הייליקער טעקסט.

געראַסים פּאַווסקי (1787—1863) — דער ערשטער אָנגעזעענער רוסישער העבראַיִסט, אַוטאָר פון די ביכער „העברעיִשע גראַמאַטיק", „העברעיִשע כרעסטאָמאַטיע" („אויסדערוויילטע ערטער פון די ביכער פונעם אַלטן טעסטאַמענט אָף דער הייליקער שפּראַך"), „פילאָלאָגישע באָבאַכטונגען איבערן באַשטאַנד פון דער רוסישער שפּראַך" (אײַנגעשלאָסן העברעיִזמען). פּאַווסקי האָט דער ערשטער געמאַכט אַן איבערזעצונג אין רוסיש פונעם גרעסטן טייל פון דער ביבל דירעקט פונעם העברעיִשן אָריגינאַל. דער סינאָד האָט אײַנגעפונען, אַז די איבערזעצונג איז „ניט קיין פּראַוואָסלאַווישע" (זי שפּיגלט ניט אָפּ די קריסטלעכע אינטערפּרעטאַציע פון געוויסע ערטער פונעם אַלטן טעסטאַמענט). דער איבערזעצער האָט עס דערקלערט מיט דעם, וואָס ער, אַלס פּראָפעסאָר פון דער העברעיִשער שפּראַך, האָט געהאַט אין זינען די פילאָלאָגישע זײַט פון דער ביבל, און ניט די רעליגיִעזע.

איוואַן יאַקימאָוו (1847—1885) איז דער אַוטאָר פונעם פונדאַמענטאַלן „געשיכטלעכן איבערזיכט פון

ЕВРЕЙСКАЯ
# ГРАММАТИКА
(ПУНКТУАЦІЯ И СЛОВОПРОИЗВЕДЕНІЕ).

СОСТАВИЛИ
И. Бейлинъ и М. Номзеръ,
преподаватели Виленскаго Раввинскаго Училища.

ВИЛЬНА.
Печатня А. Г. Сыркина.
на большой ул. д. Годкевичевой возлѣ Николо-Перенесенской церкви.

1869.

דער העברעיִשער ליטעראַטור" (אין וו. פּ. קאָרשס בוך „די אַלגעמיינע געשיכטע פון ליטעראַטור") און פון א סעריע אַרטיקלען איבער דער ביבלישער אינ־טערפּרעטאַציע.

איוואַן טראָיִצקי (1885 — ?) האָט פאַרעפנטלעכט א דעטאַלע גראַמאַטיק פון דער העברעיִשער שפּראַך און אייניקע אַרבעטן איבער ביבלעיִסטיק.

צווישן די וועלטלעכע העכערע בילדונגס־אַנ־שטאַלטן האָט פריִער פון אַלע (אין 1812) איַינגעפירט העבראַיִסטישע דיסציפּלינען דער דערפּטער אוני־ווערסיטעט. פון זײַנע פּראָפעסאָרן קאָן מען אויס־טיילן פאָלגנדיקע: ווילהעלם העצעל (1754—1824) — דעם צונויפשטעלער פון פילצאָליקע דײַטשישע האַנט־ביכער פון העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור; קאַרל קייל (1807—1888) — דעם אווטאָר פון אַן „איבערזיכט פון די הײַנטצײַטיקע דערפאָלגן פון דער פאַרגלײַכלעכער שפּראַכוויסנשאַפט, באַזונדערס וועגן דער קרוויוועשאַפט פון דער סאַנסקריטישער שפּראַך צו די סעמיטישע שפּראַכן".

אין כאַרקאָווער, קאַזאַנער און מאָסקווער אוניווער־סיטעטן האָבן די קורסן פון העבראַיִסטיק געלייענט ספּאָראַדיש און פאַקולטאַטיוו די ספּעציִאַליסטן פון אַנדערע מיזרעך־שפּראַכן: די אַראַביסטן — כריסטיִאַן פרען און אַלעקסיי באָלדירעוו, דער סאַנסקריטאָ־לאָג — פּאַוועל פּעטראָוו, דער אַסיריִאָלאָג — מיכאַיִל ניקאָלסקי.

אינעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט איז אין 1854 געעפנט געוואָרן א פאַקולטעט פון מיזרעך־שפּראַכן, וועלכער האָט קאָנצענטרירט דאָס גרייטן אָריִענטאַ־ליסטן און האָט געהאַט א קאַטעדרע פון העברעיִ־שער, סירישער און כאַלדעיִשער ליטעראַטורן (די קאַטעדרע איז פינאַנסירט געוואָרן דורכן אַזויגערו־פענעם ייִדישן „טאַקסע"־שטײַער). פון איר דערעפע־נונג ביזן 1894 יאָר איז בעראָש פון דער קאַטעדרע געשטאַנען דאַניִיל כוואָלסאָן (1819—1911), וועלכער איז געצוווּנגען געווען צוליב דעם אָנעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. אַן אָנגעזעענער סעמיטאָלאָג, איז ער באַרימט געוואָרן מיט זײַנע ווערק וועגן אַראַ־ביסטיק, העברעיִשער פּאַלעאָגראַפיע, עפּיגראַפיק, פי־לאָלאָגיע און געשיכטע, אויך מיט די רוסישע איבערזעצונגען פון דער ביבל און מיט די ביכער קעגן די אַנטיסעמיטישע בילבולים. אָף דער קאַטע־דרע האָט מען דערלערנט די העברעיִשע און סירי־שע שפּראַכן, די געשיכטע פונעם טעקסט פון דער ביבל, די פאַרשיידענע מינים סעמיטישע שריפטן, מע האָט געמאַכט איבערזעצונגען פון דער ביבל, פון טאַרגומים (אַראַמעיִשע איבערזעצונגען פון דער ביבל), פון דער מישנע און פון דער מיטלאַלטערלע־כער העברעיִשער ליטעראַטור. אינעם באַריכט פאַרן 1897 וועגן דער טעטיקײַט פון דער קאַטעדרע, מיט


דקדוק
לשון רוסיא
РУССКАЯ
ГРАММАТИКА
מאת
מורה לשון רוסיא בבית הספר לנערי ישראל אשר כמינסק
М. Левин
ВИЛЬНО,
Въ Типографіи М. Зымеловича Типографа.
1846.

---

דער שאַרבלאַט פון דער ערשטער העברעיִשער גראַמאַטיק אין דער רוסישער שפּראַך (פאַר ייִדישע לערן־אַנשטאַלטן).

דער שאַרבלאַט פון דער ערשטער רוסישער גראַמאַ־טיק אין דער העברעיִשער שפּראַך (פאַר ייִדישע לערן־אַנשטאַלטן). צונויפגעשטעלט פון מענאַכעם־מענדל (עמאַנויִל) לעווין (1820—1913).

וועלכער ער האָט אָנגעפירט, האָט כוואָלסאָן אָנגעוויזן, אַז אַן ענלעכע צו איר איז פאַראַן בלויז אין דער פאַריזשער שול פון מיזרעך־שפּראַכן. פאַר 42 יאָר זײַנען אױף דער קאַטעדרע געווען מער פון צען אַרויסלאָזן, נאָך דעם פולן קורס האָבן געענדיקט בלויז 20 סטודענטן, דערין 15 ייִדן. צווישן די, וואָס האָבן געענדיקט די קאַטעדרע, זײַנען געווען: אַוורהאָם האַרקאַווי, יוינע גורליאַנד, דאָוויד גינצבורג, יאַנקעוו איזראַעלסאָן, דאָוויד מאַגיד, פּאַוועל קאָקאָווצאָוו, הערמאַן הענקעל און אַנד.

אין איין צײַט מיט כוואָלסאָנען האָט אין אוניווערסיטעט געאַרבעט דער סאַנסקריטאָלאָג קאַעטאַן קאָסאָוויטש (1815—1883), וואָס האָט באַרײַכערט די רוסישע העבראַיִסטיק מיט זײַנע איבערזעצונגען פון דער העברעיִשער גראַמאַטיק און כרעסטאָמאַטיע, וועלכע ס׳האָט אַרויסגעגעבן דער דײַטשישער געלערנטער העגריך געזעניוס.

כוואָלסאָנס פאַרטרעטער אין אוניווערסיטעט איז געווען פּאַוועל קאָקאָווצאָוו (1861—1942). ער האָט געלייענט די גרונט־קורסן פון העבראַיִסטיק, אַראַמעיִשער דיאַלעקטאָלאָגיע און צאָפן־סעמיטישער עפּיגראַפיק; ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין די מיזרעך־פאָרשערישע אינסטיטוציעס פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע און אין די וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפטן. ס׳איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז אױפן ביילִיס־פּראָצעס האָט קאָקאָווצאָוו, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַלס עקספּערט, אָפּגעוואָרפן די ריטועלע באַשולדיקונגען.

קאָקאָווצאָווס וויסנשאַפטלעכע ווערק זײַנען געווידמעט דער העברעיִשער גראַמאַטיק; די היסטאָרישע און פּאָעטישע טעקסטן פונעם אַלטן טעסטאַמענט; די העברעיִזמען אינעם נײַעם טעסטאַמענט; דער נאָכביבלישער און מיטלאַלטערלעכער העברעיִשער ליטעראַטור; דעם ייִדיש־כאַזאַרישן בריוו־אויסטויש; דער אַראַמעיִשער עפּיגראַפיק און אַנד. אייניקע קאָקאָווצאָווס ווערק זײַנען פאַרבליבן אין מאַנוסקריפּטן און ווערן, ווי אויך זײַן קאָרעספּאָנדענץ מיט אָנגעזעענע העבראַיִסטן, געהיט אינעם אַרכיוו פונעם מיזרעך־קענטעניש־אינסטיטוט. קאָקאָווצאָווס שילער זײַנען געווען ייִצכאָק וויניקאָוו, ייִצכאָק מאַרקאָן, מיכאַיִל סאָקאָלאָוו און אַנד.

נאָך דער רעוואָליוציע איז דער לענינגראַדער אוניווערסיטעט אַ סאַך מאָל רעאָרגאַניזירט געוואָרן, דערבײַ פלעגן די סעמיטאָלאָגישע אָפּטיילונגען אַמאָל זיך פאַרמאַכן און אַמאָל, נאָך געוויסע איבעררײַסן, ווידער זיך עפענען.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן די לימודים פון העבראַיִסטיק ספּאָראַדיש געפירט קאָקאָווצאָוו און סאָקאָלאָוו אױפן פאַקולטעט פון שפּראַכוויסנשאַפט און אינעם אינסטיטוט פאַר פאַרגלײַכלעכער געשיכטע פון ליטעראַטור און שפּראַך באַם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אונטער זייער אָנפירונג האָבן געענדיקט די אַספּיראַנטור: אַנדריי באָריסאָוו, יויסעף בענדער, ניקיטאַ מעשטשערסקי. דער לעצטער (אין די שפּעטערדיקע יאָרן פּראָפעסאָר פונעם לענינגראַדער אוניווערסיטעט) איז באַוווּסט מיט זײַנע אַרבעטן וועגן די אַלט־רוסישע איבערזעצונגען פון דער העברעיִשער שפּראַך.

באַם אָרגאַניזירטן אין 1933 — אױף דער באַזע פון די אַנטשפּרעכיקע פאַקולטעטן פונעם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט — לענינגראַדער אינסטיטוט פאַר פילאָסאָפיע, לינגוויסטיק און געשיכטע איז געעפנט געוואָרן אַ קאַטעדרע פון סעמיטיש־כאַמיטישע שפּראַכן. בעראָש פון איר איז געשטאַנען דער אַסיריאָלאָג אַלעקסאַנדער ריפּטין. געלייענט אַ קורס פון העברעיִשער און אַראַמעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור האָבן וויניקאָוו, באָריסאָוו און סאָקאָלאָוו. אַ געוויסע צײַט האָט דאָרט אונטערריכט אויך דער העבראַיִסט, וואָס האָט באַקומען הויכבילדונג אין אויסלאַנד, — ייִסראָעל פראַנק־קאַמענעצקי (1880—1937); ער איז אײַנצײַטיק געווען דער אָנפירער פונעם קאַבינעט פון די סעמיטיש־כאַמיטישע שפּראַכן אינעם אינסטיטוט פון שפּראַך און דענקען באַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר און האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי לינגוויסטישע פאָרשונגען פון דער ביבלישער פּאָעזיע.

דער לענינגראַדער אינסטיטוט פון פילאָסאָפיע, לינגוויסטיק און געשיכטע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם פילאָלאָגישן פאַקולטעט פונעם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אין 1938 יאָר האָט דעם דאָזיקן פאַקולטעט פאַרענדיקט אַ גרופּע סעמיטאָלאָגן: איגאָר דיאַקאָנאָוו, קלאַוודיאַ סטאַרקאָווא און אַנד.

אין 1944—1949 האָט עקזיסטירט אַ קאַטעדרע פון אַסיריאָלאָגיע און העבראַיִסטיק באַם אופגעשטעלטן מיזרעך־פאַקולטעט פונעם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט. בעראָש פון דער קאַטעדרע איז געשטאַנען דער פּראָפעסאָר ייִצכאָק וויניקאָוו (1897—1973) — דער צונויפשטעלער פונעם ווערטערבוך פון אַראַמעיִשע אופשריפטן און פון דער קאָנקאָרדאַנציע פונעם ירושאַלאַיִמער טאַלמוד. אױף דער קאַטעדרע זײַנען אויסגעשולט געוואָרן די וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער מיכאַיִל געלצער, אַנאַטאָלי גאַזאָוו־גינזבורג, לייב ווילסקער, גיטע גלוסקינאַ. אין 1955 — 1962 האָט זיך די סעמיטאָלאָגישע אָפּטיילונג געפונען באַ דער קאַטעדרע פון אַראַבישער פילאָלאָגיע באַם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט. די אָפּטיילונג האָט פאַרענדיקט גרעטאַ דעמידאָווא, וויקטאָר לעבעדיעוו און אַנד. באַם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט זײַנען איבערגעלאָזט געוואָרן אַלס וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער גלוסקינאַ און דעמידאָווא; די ערשטע פאַרמאָגט פּובליקאַציעס וועגן די מאַנוסקריפּטן פון די ווערק פונעם מיטלאַלטערלעכן דיכטער יעהודע אַלכאַריזי, די צווייטע — וועגן דער גראַמאַטיק פון דער אַראַמעיִשער איבערזעצונג פון דער ביבל — טאַרגום אָנקעלאָס.

אויך דער מאָסקווער אוניווערסיטעט האָט נאָך דער רעוואָליוציע פון מאָל צו מאָל געגרייט העבראַיִסטן. אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט איז באַם מאָסקווער אוניווערסיטעט געווען טעטיק דער אינסטיטוט פאַר שפּראַך און ליטעראַטור מיט אַ מיזרעך־סעקציע, ווו ס׳האָט שטודירט בענציען גראַנדע (1891 — 1974), דער קינפטיקער פּראָפעסאָר פונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, אווטאָר פונעם בוך „אַרײַנפיר צום פאַרגלײַכלעכן דערלערנען די סעמיטישע שפּראַכן‟. אָנהייבנדיק פונעם 1958 יאָר גייט אַרײַן אין באַשטאַנד פונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט דער „אינסטיטוט פון מיזרעך־שפּראַכן‟, אין וועלכן פון צײַט צו צײַט

ИВРИТ-РУССКИЙ СЛОВАРЬ

Около 28 000 слов

Составил Ф. Л. ШАПИРО

Под редакцией проф. Б. М. ГРАНДЕ

С приложением краткого грамматического очерка языка иврит, составленного проф. Б. М. Гранде

ГОСУДАРСТВЕННОЕ ИЗДАТЕЛЬСТВО
ИНОСТРАННЫХ И НАЦИОНАЛЬНЫХ СЛОВАРЕЙ
МОСКВА—1963

דער שארבלאט פונעם איווריט־רוסישן ווערטערבוך, צונויפגעשטעלט פון פ. שאפּיראָ, אונטער דער רע־דאקציע פון ב. גראנדע (מאָסקווע, 1963).

ווערט געלייענט א פאקולטאטיווער קורס פון איוו־ריט. לעקטאָרן זײַנען דאָ אין די יאָרן 1959 — 1971 געווען פּײַטל שאפּיראָ (1879—1961) — דער צונויפ־שטעלער פונעם „איווריט־רוסישן ווערטערבוך" (אונ־טער דער רעדאקציע פון ב. גראנדע) און אווראָם רובינשטיין.

אכוץ דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, ווערט איוו־ריט געלייענט אין אייניקע מאָסקווער ספּעציעלע לערן־אנשטאלטן — אינעם אינסטיטוט פון צווישנפעל־קערלעכע באציִונגען און אנדערע.

א קורצע צײַט איז דער קורס פון איווריט געווען אײַנגעשלאָסן אין די פּראָגראמען פונעם ווײַסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט אין מינסק און אינעם טור־קעסטאנער מיזרעך־אינסטיטוט אין טאשקענט.

מיט העבראַיִסטיק האָט מען זיך פארנומען אויך אין די מיזרעך־פאָרשערישע אנשטאלטן און געזעל־שאפטן.

דער ערשטער, לויט דער צײַט, מיזרעך־פאָרשערי־שער וויסנשאפטלעכער אנשטאלט איז געווען דער אזיִאטישער מוזיי פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע, וועלכער איז געשאפן געוואָרן אין 1818 אף דער באזע פון איר קונסטקאמערע. אינעם מוזיי האָבן זיך, נעמ־לעך, געפונען מאציייווע־שטיינער פונעם ייִדישן בע־סוילעם אין טשופוטקאלע און א קאָלעקציע פון ייִדי־שע מאטבייעס. דער מוזיי פלעגט באקומען אָבליגאַ־טאָרישע (צענזור־) עקזעמפּליארן פון ייִדישע ביכער, וועלכע האָבן זיך געדרוקט אין רוסלאנד, און אין 1892 האָט ער באקומען א מאטאָנע פון לייב פריד־ליאנדן — א זייער ווערטפולן פאָנד פון ייִדישע ביכער און מאנוסקריפּטן; אהער האָט מען געבראַכט אויך די ביכער פון כוואָלסאָנס זאמלונג. איבערן אלעפ־בייס־קאטאלאָג פון די ביכער האָט געארבעט דער באוווּסטער ביבליִאָגראף שמועל ווינער (1860 — 1928), וועלכער האָט באוויזן פארעפנטלעכן זיבן העפטן (פון „א" ביז „ל").

אין די יאָרן 1921 — 1929 האָט באם אזיִאטישן מוזיי פונקציִאָנירט א קאָלעגיע מיזרעך־פאָרשער, וואָס האָט ארויסגעגעבן פינף בענדער „שריפטן", אין וועלכע ס'זײַנען פאראן ארבעטן אף העבראַיִסטיק.

דער אזיִאטישער מוזיי, אינײנעם מיט אייניקע מיז־רעך־פאָרשערישע אָרגאניזאציעס, איז פארייניקט גע־וואָרן אינעם אינסטיטוט פאר מיזרעך־פאָרשונג בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע (1930). שפּעטער איז דער אינסטיטוט איבערגעפאָרן קיין מאָסקווע (אין לעניג־גראד איז געבליבן אן אָפּטיילונג), און ער האָט זיך אָנגעהויבן רופן „אינסטיטוט פון די פעלקער פון אזיע און אפריקע". איצט האָט ער באקומען דעם אלטן נאָמען.

די ארבעט איבער העבראַיִסטיק איז קאָנצענטרירט אין דער לעניגראדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פאר מיזרעך־פאָרשונג. דאָ האָבן געארבעט: יויסעף בענדער (1903 — 1942) — איבער א קאטאלאָג פונעם ייִדישן ביכער־פאָנד פון דעם אינסטיטוט, ער האָט באוויזן פארעפנטלעכן דעם 8־טן העפט (אפן בוכ־שטאב „ל"); יוינע גינצבורג (1871 — 1942) — איבערן באשרײַבן דעם ייִדישן מאנוסקריפּטן־פאָנד; יעהודע סאָלאָדוכאָ (1877—1968) — איבער דער פערסישער לעקסיק אינעם באָולשן טאלמוד (רעכטלעכע און סאָציִאַל־עקאָנאָמישע טערמינען) און אנדערע. הײַנט־צו־טאָג איז דאָרט טעטיק א גאנצע פּלעיאדע גע־לערנטע־העבראַיִסטן, וועלכע ארבעטן פאנאנדער פארשיידענע לינגוויסטישע און היסטאָרישע פראגן און פּראָבלעמען: יויסעף אמוסין האָט אין פילצאָליקע מיטיילונגען און איבערזעצונגען קאָמענטירט די קומ־ראנער מאנוסקריפּטן; אנאטאָלי גאזאָוו־גינזבורג האָט געפאָרשט די אנטשטייונג פון דער שפּראך אף דער באזע פון דער פאָנעטיק און לעקסיק פון העברעיִש און אנדערע שפּראכן; איגאָר דיאקאָנאָוו, א לינגוויסט פון א ברייטן דיִאפּאזאָן, האָט פארעפנטלעכט נאָטיצן וועגן דער העברעיִשער שפּראך אין פארגלײַך מיט אנדערע שפּראכן פון דער אלטערטימלעכער פאָדער־אזיע, אויך איבערזעצונגען פון דער ביבל; מייער זיסלין פאָרשט די ווערק פון די מיטלאלטערלעכע העברעיִשע גראמאטיקער; קלאוודיִא סטארקאָווא האָט געווידמעט אירע ארבעטן דער מיטלאלטערלעכער העברעיִשער פּאָעזיע און די ליטעראַרישע דענקמע־לער פון דער קומראנער געמיינדע (אנאליז מיט דער הילף פון פילאָלאָגיע און ליטעראטור־פאָרשונג); מארגאריטא יעליזאראָווא און איליא שיפמאן פאר־נעמען זיך מיט אייניקע פראגן פון דער געשיכטע פונעם אלטערטימלעכן ייִסראָעל.

אין דער ביבליִאָטעק פון דער לעניגראדער אָפּ־טיילונג געפינט זיך דער פאָנד פונעם געוועזענעם אזיִאטישן מוזיי און ווערטפולע ביכער און מאנוסק־ריפּטן, וואָס ס'האָבן צונויפגעזאמלט פאוועל קאָקאָוו־צאָוו, דאָוויד מאגיד, ייִסראָעל צינבערג און אנד.

דער אינסטיטוט פאר מיזרעך־פאָרשונגען האָט אין פארשיידענע צײַטן צוגעגרייט צום דרוק ווערק, אין וועלכע ס'זײַנען פאראן ארטיקלען וועגן העבראַיִ־

סטיק: „שאפונגען“, „שריפטן“, „קורצע מיטיילונגען“, זאמלונגען — „סאָוועטישע מיזרעך־פאָרשונג“, „ביבליִאָגראפיע פונעם מיזרעך“, „סעמיטישע שפראכן“, „קומראנער טעקסטן“.

א נײַער מיזרעך־פאָרשערישער צענטער איז געשאפן געוואָרן נאָך דער פאָטערלענדישער מילכאָמע באם טביליסיער אוניווערסיטעט און בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון דער גרוזינישער ססר. אין די פאָרשונגען פון די גרוזינישע העבראִיסטן געאָרגי און קאָנסטאנטין צערעטעלי, אלעקסיי לעקיִאשווילי, מזעקאלי שאנידזע און ניסאן באבאליקאשווילי רעדט זיך וועגן דער פאָנעטיק און גראמאטיק פון דער העברעיִשער און אראמעיִשער שפראך און אויך וועגן דער עפיגראפיק פון די אופשריפטן אף די דאָזיקע שפראכן, וועלכע מע האָט געפונען אין גרוזיע.

באנאנד מיטן מיזרעכקענטעניש־אינסטיטוט פארמאָגן גרויסע ביכער־ און מאנוסקריפטן־פאָנדן פון העבראִיסטיק די מעלוכישע עפנטלעכע ביבליִאָטעק אין לענינגראד און די מעלוכע־ביבליִאָטעק אף לענינס נאָמען אין מאָסקווע.

אין דער לענינגראדער עפנטלעכער ביבליִאָטעק ווערן געהיט די ווערטפולסטע העברעיִשע, העברעיִש־אראבישע און שוימרוינישע מאנוסקריפטן פון אווראָם פירקאָוויטשעס און אנדריי קאפוסטינס (פאָטער אנטאָנינס) זאמלונגען, וואָס זײַנען באקומען געוואָרן אין 1862, 1875 און 1899 יאָרן. אף סיסטעמאטיזירן און באשרײַבן די דאָזיקע מאנוסקריפטן און אויך אף אויספאָרשן און פובליקירן אייניקע פון זיי האָבן געארבעט פיל העבראִיסטן: אווראָם הארקאווי (1835—1919), וועלכער האָט געארבעט אין דער ביבליִאָטעק פופציק יאָר, יעכיִעל ראוורעבע, לייב ווילסקער, וואָס האָט געפאָרשט די מאנוסקריפטן אף דער שוימרוינישער (מײַרעוו־אראמעיִשער) שפראך, און אנדערע.

אין דער לענין־ביבליִאָטעק זײַנען קאָנצענטרירט די פאָנדן פון דעם געוועזענעם רומיאנצעוו־מוזיי און פון די נאציִאָנאליזירטע נאָך דער רעוואָליוציע ביבליִאָטעקן פון דאָוויד גינצבורג, יאנקעוו מאזע, פון דער קאראִימישער ביבליִאָטעק און אנד.

רוסישע העבראִיסטן האָבן גענומען אן אָנטייל אין דער טעטיקײַט און אין די אויסגאבעס פון די וויסנשאפטלעכע געזעלשאפטן: פון דער רוסישער (פעטערבורגער) ארכעאָלאָגישער און מאָסקווער ארכעאָלאָגישער, וואָס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין 1846 און אין 1889 יאָרן און וואָס זײַנען פארמאכט געוואָרן נאָך דער רעוואָליוציע, און אויך אין דער פאלעסטינישער געזעלשאפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1881 יאָר און פונקציִאָנירט ביז הײַנט־צו־טאָג, מיט אן איבעררײַס אין די יאָרן 1917—1953.

ביז דער רעוואָליוציע, אָנהייבנדיק פון 1847, האָבן עקזיסטירט העברעיִש־רוסישע לערן־אנשטאלטן, ווו די אונטערריכטונג־שפראך, דערין פון די ייִדישע קעגנשטאנדן, איז געווען רוסיש. דאָס זײַנען געווען די ראבינער־שולן, וואָס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע און זשיטאָמיר (שפעטער זײַנען זיי פארוואנדלט געוואָרן אין לערער־אינסטיטוטן); אויך אָנפאנג־שולן, וואָס אזעלכע זײַנען געעפנט געוואָרן אין א סאך שטעט.

אייניקע לעקטאָרן פון די דאָזיקע לערן־אנשטאלטן האָבן אָפגעדרוקט אין רוסיש האנטביכער אף צו דערלערנען העברעיִש, געשיכטע און רעליגיִעזע ליטעראטור. אין דער ערשטער ריי דארף מען אָפמערקן יעשועַ שטיינבערגן — א באוווּסטן פילאָלאָג, א צונויפשטעלער פון העברעיִש־רוסישע און רוסיש־העברעיִשע ווערטערביכער און אויך פון רוסישע לערנביכער פון דער העברעיִשער און כאלדעיִשער שפראכן. אי. ביילין און מ. נעמזער, ייִצכאָק ווארשאווסקי, ראכמיִעל קליאטשקאָ, איליא לאזארעוו און ארן ראפעס זײַנען געווען אווטאָרן פון לערנביכער אין רוסיש פון העברעיִשער גראמאטיק. אייניקע אזעלכע אויסגאבעס האָט סובסידירט די „געזעלשאפט פאר פארשפרייטן בילדונג צווישן די ייִדן אין רוסלאנד“.

א געוויסע צײַט האָט מען אין אייניקע ערטער אָנגעהויבן דערלערנען די רוסישע שפראך לויט לערנביכער אין העברעיִש. אזוי איז נאָך אין 1825 יאָר אין ווילנע געווען אָפגעדרוקט אזא לערנבוך — „טאלמוד לעשאָן רוסיִא“. די אווטאָרן זײַנען געווען באָרעך רינדזשינסקי און מוישע בען־שימאָן; אין מעשעך פון די יאָרן 1846—1876 האָבן אזעלכע לערנביכער ארויסגעלאָזט מענאכעם־מענדל (עמאנויִל) לעווין, אריע־לייב מאנדעלשטאם, אווראָם פאפערני און זאלקינד עפשטיין.

דער באוווּסטער אָריִענטאליסט און געזעלשאפטלעכער טוער דאָוויד גינצבורג (1887—1910) האָט געגרינדעט אין פעטערבורג פינפיאָריקע „קורסן פון מיזרעך־פאָרשונג“ אף 25—30 צוהערער, ווו ס׳איז געגעבן געוואָרן א וויסנשאפטלעכע באלויכטונג פון דער געשיכטע פון דער העברעיִשער קולטור. בעראָש פון די קורסן איז צוערשט (פון 1907 יאָר) געשטאנען דאָוויד גינצבורג, און נאָך זײַן טויט — לייב קאצענעלסאָן. אף די קורסן האָבן געלייענט לעקציעס יוינע גינצבורג, שימען דובנאָוו, אווראָם־שאָלעם קאמענעצקי און אנד. אף דער באזע פון די קורסן איז געגרינדעט געוואָרן דער פעטראָגראדער „אינסטיטוט פון העכערע ייִדישע וויסנשאפטן“ («Институт высших еврейских знаний») אף 200 צוהערער, מיט א דרײַיאָריקן לערן־קורס. דער אינסטיטוט האָט עקזיסטירט אין די יאָרן 1918—1923. בעראָש פונעם אינסטיטוט איז געשטאנען שמועל לאָזינסקי, און לעקטאָרן זײַנען געווען יעכיִעל ראוורעבע, מוישע אײַזנשטאדט, שאָול גינצבורג, ייִסראָעל ציִנבערג און אנד.

מיטגעהאָלפן צו פארשפרייטן אף דער רוסישער שפראך קענטענישן פון העבראִיסטיק האָבן אויך די געזעלשאפטן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין די יאָרן 1907—1914: „געזעלשאפט פון ליבהאָבער פון דער העברעיִשער שפראך“, „ייִדישע ליטערארישע געזעלשאפט“ און „געזעלשאפט פאר וויסנשאפטלעכע ייִדישע אויסגאבעס“. די לעצטע האָט מיטגעהאָלפן ארויסגעבן אין רוסיש די „ייִדישע ענציקלאָפעדיע“ (16 בענדער. פעטערבורג, 1908—1913) און די „געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק“, א קאָלעקטיווע שאפונג פון א גרופע אווטאָרן (ערשטער, עלפטער און צוועלפטער באנד, מאָסקווע, 1914—1921).

די דאָזיקע יעדיִעס כאראקטעריזירן דאָס אָרט און די באדײַטונג פון העבראִיסטיק אין דער אנטוויקלונג פון דער רוסישער מיזרעך־פאָרשונג אין אלגעמיין און פון סעמיטאָלאָגיע באזונדערס.

ב לעטערנדיק
זשורנאלן
און צײַטונגען

# באַ די קאָמוניסטן פון ייִסראָעל

אין דער שטאָט אשדאָד, ניט ווײַט פון די טויערן פון א זאוואָד, וואָס מאָנטירט אויטאָבוסן, האָט א קאָמוניסטישער אקטיוויסט פארשפרייט צווישן די ארבעטער א פרישן נו־מער פון דער צײַטונג „זו האדערעך" (צענטראל־אָרגאַן פון דער קאָמפּארטיי פון ייִסראָעל אף איוורית). א גרופּע כוליגאַנעס איז באַפאַלן דעם קאָמוניסט, נאָר עס האָבן זיך אַרײַנגעמישט עטלעכע ארבעטער, וועלכע האָבן פארטריבן די כוליגאַנעס.

וועגן דעם דאָזיקן פאַל און וועגן א רײ אַנדערע האָט מען אונדז, די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע פון די טוער פון דער סאָוועטישער פּארטיי־פּרעסע, דערציילט אין טעל־אוויוו, אין דער רעדאַקציע פון „זו האדערעך". דערבײַ האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג יעהודע אונגער און אַנדערע מיטגלידער פון דער רעד־קאָלעגיע ספּעציעל באַטאָנט, אַז די קאָמוניס־טישע אויסגאַבעס געהערן צו א לעגאַל עקזיס־טירנדיקער פּאָליטישער פּארטיי, וואָס האָט אירע 4 דעפּוטאַטן אין דער קנעסעט. ניט געקוקט אף דעם, וואָלט געווען אַן אומזיסטע טירכע צו זוכן אָט די אויסגאַבעס אין די צײַטונגס־ און זשור־נאַל־קיאָסקן. קיין איין קיאָסקער נעמט זיי ניט צום פארקויף, ווײַל ער האָט מוירע פאר רעפּ־רעסיעס. אויב די מאַכט־אָרגאַנען וועלן זיך דער־וויסן, אַז עמעצער שרײַבט אויס קאָמוניסטישע צײַטונגען, איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ער וועט בלײַבן אָן ארבעט. דעריבער פארשפרייטן די קאָמוניסטן זייער פּרעסע לויטן מעטאָד פונעם אקטיוויסט אין אשדאָד, אָדער מע צעטראָגט די צײַטונגען צו די לייענער אהיים.

די סאָוועטישע דעלעגאַציע איז געקומען קיין ייִסראָעל, קעדיי אָנטיילנעמען אין דער פײַערונג פונעם 30־יאָריקן יובילײ פונעם אָרגאַן פון צק פון דער קאָמפּארטיי פון ייִסראָעל אף דער אראַ־בישער שפּראַך — דער צײַטונג „על־איטיכאַד". די פײַערונג איז צונויפגעפאַלן מיטן פעסטיוואַל פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע פונעם לאַנד, וואָס איז דאָ שוין געוואָרן א טראַדיציע.

דרײַסיק יאָר איז היסטאָריש ניט קיין גרויסער טערמין. אין ייִסראָעל אָבער פירט מען דעם כעזשבן פון די יאָרן אף אַן אַנדער אויפן. א יונגער מענטש פון 30 יאָר האָט שוין דאָ איבער־געלעבט פיר מילכאָמעס. דעריבער איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אין כײַפע האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „על־איטיכאַד" עמיל האַביבי א סאַך גערעדט מיט אונדז וועגן דעם קאַמף פאר שאָלעם — פאַרן פאָלק פון ייִסראָעל און פאר די שכיינישע אראַבישע פעלקער.

ער האָט באַזונדערס באַטאָנט, אַז „על־איטי־כאַד", „זו האדערעך" און די אַנדערע קאָמוניס־טישע אויסגאַבעס שטייען אין אוואַנגאַרד פו־נעם קאָמפּליצירטן, פּילזײַטיקן, מוטיקן קאַמף פון דער קאָמפּארטיי פון ייִסראָעל פאר די נאַציאָ־נאַלע אינטערעסן פונעם ייִסראָעל־פאָלק, פון די ארבעטנדיקע פונעם לאַנד. די דאָזיקע צײַטונגען פּראָפּאַגאַנדירן אַזעלכע ערשטראַנגיקע אויפגאַבן, ווי דער קאַמף פאר עכטער אומאָפּהענגיקײַט, קעגן אונטעראָרדענען ייִסראָעל דעם אימפּע־ריאַליזם און די אויסלענדישע מאָנאָפּאָליעס, פאר די רעכט פון דער אראַבישער באַפעלקע־רונג, פאר פרײַנטשאַפט און מיטארבעט צווישן די ייִדישע און אראַבישע ארבעטנדיקע, פאר זייער איינהײַט אינעם קאַמף קעגן די עקספּלואַ־טאַטאָרן, פאר אָנערקענען די נאַציאָנאַלע רעכט פונעם אראַבישן פאָלק פון פאַלעסטינע.

„על־איטיכאַד" איז איצט אין ייִסראָעל די סאַמע פארשפרייטע צײַטונג אף דער אראַבי־שער שפּראַך. שוין דאָס אליין באַווײַזט, אַז די אויסגאַבע געפינט דעם ריכטיקן וועג צו די מויכעס און הערצער פון די ארבעטנדיקע פו־נעם לאַנד.

ניט ווײַט פון כײַפע, אין די קאַרמעל־בערג, איז פאָרגעקומען א גרויסער פעסטיוואַל פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע פון ייִסראָעל. צום פעס־טיוואַל זײַנען געקומען טויזנטער מענטשן פון אַלע עקן לאַנד, א סאַך יוגנט, ניט בלויז קאָמו־ניסטן. דאָ האָט מען געקאָנט טרעפן אָנגעזעענע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער, פּאַשעטע האָרעפּאַשניקעס מיט זייערע גע־זינדן, צווישן וועמען די קאָמוניסטן האָבן דעראָ־בערט סימפּאַטיעס אדאַנק דעם אומדערמידלעכן קאַמף פאר זייערע אינטערעסן, — ייִדן און אראַבער, דרוזן און בעדויִנער, פאַרייניקטע צוזאַמען.

ווען מיר זײַנען געקומען אפֿן פעסטיוואל, האָבן מיר באלד פון אָנהייב דערפילט, אז מיר געפינען זיך צווישן פרײַנט. באגעגענענדיק אונדז מיט א גוטהארציקן שמייכל, האָט מען פעסט און פרײַנטלעך געדריקט אונדז די הענט, מע האָט אונדז מיט כיישעק באוויזן דאָס, מיט וואָס די אָרגאניזאטאָרן פונעם פעסטיוואל מעגן זיך בעפיירעש גרויסן: אויסשטעלונגען פון צײַטונגען, זשורנאלן, פּאָליטישע פלאקאטן, קינדער־צייכענונגען, ביכער־מערק. בא דער צענטראלער טריבונע, וווּ עס איז פֿאָרגעקומען דער יאָמטעוודיקער מיטינג, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן א לאָזונג אַף רויט צײַג: „זאָל לעבן דער סאָוועטנפארבאנד — דער זײַל פון שאָלעם, דעמאָקראטיע און סאָציאַליזם אַף דער וועלט!”.

דעם מיטינג האָט געעפנט דער גענעראל־סעקרעטאר פונעם צק פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון ייִסראָעל כאווער מייער ווילנער, ער האָט גערופן די טוער פון דער קאָמוניסטישער פרעסע, אלע פּראָגרעסיווע זשורנאליסטן, זיי זאָלן נאָך אנטשיידענער קעמפן קעגן די רעאקציאָנערע קרעפטן, קעגן זייער פּראָפּאגאנדע, קעמפן דערפאר, אז ייִסראָעל זאָל זיך שטעלן אפֿן וועג פון שאָלעם, פון פרידלעכע גוטשכיינישע באציִונגען מיט די אראבישע לענדער.

ריידנדיק וועגן די פערספעקטיוון פון א יוישערדיקער פרידלעכער אײַנרעגולירונג אפֿן נאָענטן מיזרעך, האָט כאווער ווילנער הויך אָפּגעשאצט די קעשענעווער ארויסטרעטונג פונעם גענעראל־סעקרעטאר פונעם צק פון דער קאָמפארטיי פון סאָוועטנפארבאנד ל. אי. ברעזשנעוו, אין וועלכער עס האָט באקומען איר נײַע באשטעטיקונג די פרינציפּיעלע פּאָזיציע פונעם סאָוועטנפארבאנד מיקויעך דער דאָזיקער פראגע. דער כאווער ווילנער האָט באטאָנט, אז אזא פּאָליטיק איז אן אומויסשעפּלעכער קוואל פון באגײַסטערונג פאר די קאָמוניסטן פון ייִסראָעל, פאר די פּראָגרעסיווע קרעפטן פון לאנד.

נאָכן מיטינג האָבן מיר זיך באקאנט מיט א גרופּע אײַנוווינער פון נאזארעט, וועלכע האָבן דערציילט וועגן גרויליקע פאקטן פון דיסקרימינאציע בענעגייע דער אראבישער באפעלקערונג, וועלכע די מאכט־אָרגאנען פון ייִסראָעל פירן דורך מעטאָדיש. דער דעפּוטאט פון קנעסעט טופיק זאיאד האָט אונדז באוויזן אַף דער ערד, וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן בא דער אראבישער באפעלקערונג, דעם אופגעבויטן ייִדישן ייִשעוו „אויבער־נאזארעט” (די מאכט־אָרגאנען פון ייִסראָעל רופן ציניש אָן די דאָזיקע ערד „אויסגעקויפטע”, ווײַל אירע אייגנטימער האָט מען אויסגעצאָלט איין פּראָצענט פון איר ווערט). פון דער אלטער שטאָט האָט מען אין „אויבער־נאזארעט” אריבערגעפירט אלע אינדוסטריִעלע אונטערנעמונגען, אויסגעבויט נײַע, און די אראבער מוזן פאָרן אהער ארבעטן, מערסטנטייל אלס שווארצארבעטער. מיט אזעלכע אקציעס, וואָס די מאכט־אָרגאנען פון ייִסראָעל האָבן דורכגעפירט ארום א סאך אראבישע ייִשוּווים, זײַנען זיי אויסן געווען אָפּצושנײַדן אלע וועגן פאר דער אנטוויקלונג פון אָט די ייִשוּווים און דערפירן זיי בעהאדראָגע צו דעגענעראציע.

— אונדזער צײַטונג „אל־איטיכאד”, — זאָגט דער כאווער זאיאד. — דערציילט דעם פאָלק דעם עמעס, ווײַזט אים די וועגן פון קאמף פאר זײַנע רעכט. און עס איז ניט צופעליק, וואָס אין א סאך אראבישע שטעט און דערפער שטימען פאר אונדז, קאָמוניסטן, פון 40 ביז 60 פּראָצענט פון דער באפעלקערונג.

פאר דער קורצער צײַט, וואָס מיר האָבן פארבראכט אין ייִסראָעל, האָבן מיר געהאט א סאך באגעגענישן, און יעדע איז אַף איר אויפן אינטערעסאנט.

אין טעל־אוויוו האָט מען אונדז באקאנט מיטן אדוואָקאט פעליציע לאנגער. זי פארטיידיקט אומשולדיקע קאָרבאָנעס פון די רעפּרעסיעס, וועלכע די מאכט־אָרגאנען פון ייִסראָעל פירן דורך אַף די אָקופּירטע אראבישע טעריטאָריעס. ניט לאנג צוריק האָט זי אָנגעשריבן א בוך, ווו זי דערציילט וועגן אָט די אלע שוידערן. אזוי הייסט טאקע דאָס בוך — „מיט די אייגענע אויגן געזען”. די בורזשואזע פרעסע פון ייִסראָעל האָט דעם בוך פארשוויגן, די רעאקציע רוידעפט דעם אווטאָר. ערעוו אונדזער באקאַנטשאפט האָט מען די מוטיקע קעמפערן געוואָלט אפילע דערמאָרדן.

אפֿן וועג קיין כײַפע האָט דער זשורנאליסט יויסעף אלגאזי געשענקט אונדז זײַן נאָרוואָס דערשינענעם ביכל „ווו ביסטו געווען, טאטע, ווען זיי האָבן כאָרעוו געמאכט נאדערס שטובן?”. דאָס איז א זאמלונג פון רעפּאָרטאזשן וועגן די אָקופּירטע אראבישע טעריטאָריעס, א וואָרהאפטיקע דערציילונג וועגן די העפקיירעסן פון די אָקופּאנטן, וועגן דעם מוטיקן קאמף פאר פרײַהײַט, וועלכן עס פירן די פּאטריאָטן. אין ייִסראָעל איז דאָס ביכל ארויס מיט „ווײַסע פלעקן” — קופּיורן פון דער קריגס־צענזור.

מיט אלגאזין האָבן געשמועסט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע פון דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס, וועלכע האָט מיט א קורצער צײַט צוריק געגרייט א פאָרטראָג וועגן דעם, וויִאזוי אַף די אָקופּירטע טעריטאָריעס פארלעצט ייִסראָעל די מענטשן־רעכט. אלגאזי האָט מיטגעטיילט דער קאָמיסיע א גרויסע צאָל פאקטן, וועלכע זײַנען, אזויארום, באוווּסט געוואָרן אין ניו־יאָרק, אַף דער סעסיע פון דער גענעראלער אסאמבליי פון דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס.

ווען מיר דערמאָנען זיך איצט אין די דאָזיקע באגעגענישן, זײַנען מיר אנציקט פון דער מוטיקייט פון די מענטשן, וואָס אפילע אין די שווערסטע באדינגונגען לייגן זיי ניט אוועק דאָס אידייִשע געווער און האלטן אָפּ ניצכוינעס. אלע געדענקען, לעמאָשל, די יון־טעג פון 1967. אין דער אטמאָספער פונעם מיליטאריסטיש־שאָוויניסטישן טשאד, וואָס האָט דעמלט געהערשט אין ייִסראָעל, האָבן די קאָמוניסטן זיך ארויסגעוויזן פאר דער איינציקער פּאָליטישער פארטיי, וואָס האָט אנטשיידן פארורטיילט די אגרעסיע

קעגן די שכיינישע אראבישע לענדער און געפּאָדערט טייקעף ארויסצופירן דאָס ייִסראָעל־מיליטער פון אלע טעריטאָריעס, וועלכע זיַינען פארכאפּט געוואָרן אין גאנג פון דער יון־מילכאָמע. ניט געקוקט אף דער העץ־קאמפּאניע, וועלכע די רעאקציאָנערע קריַיזן האָבן אָרגאניזירט, איז די פּארטיי אף קיין איין שפּאן ניט אָפּגעטראָטן פון איר פּרינציפּיעלער פּאָזיציע. דער לאָזונג, וועלכן זי האָט ארויסגעשטעלט: „ניט מיטן אימפּעריאַליזם קעגן די אראבישע פעלקער, נאָר מיט די אראבישע פעלקער קעגן דעם אימפּעריאַליזם!" — איז געוואָרן דער סימבאָל פונעם אינטערנאציאָנאליזם, פון מוט און שטאנדהאפטיקיַיט פון די קאָמוניסטן.

— מיר, קאָמוניסטן, זיַינען צופרידן, וואָס אונדזער פּרינציפּיעלע פּאָזיציע ברענגט אלץ מער פּילבארע רעזולטאטן, — האָט געזאָגט אין א שמועס מיט אונדז דער מיטגליד פון דער פּאָליטביוראָ פונעם צק פון דער קאָמפּארטיי פון ייִסראָעל עמיל טומא. — אף די וואלן אין דעקאבער 1973 האָט זיך אונדז איַינגעגעבן צו פארברייטערן אונדזער רעפּרעזענטאנץ אין דער קנעסעט. איצט, באזונדערס נאָך דער יאָמקיפּער־מילכאָמע פון 1973, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן א ביסל אויסלופטערן דער טשאד פון מיליטאריזם און שאָוויניזם, זיַינען שוין א סאך מאַסקים מיט אונדז, אז בלויז א יוישערדיקער און פעסטער שאָלעם, אָן אנעקסיעס קאָן מאכן א סאָף צו דעם פּיליאָריקן קאָנפליקט אפן נאָענטן מיזרעך, וועלכער קאָסט אָפּ די צדאָדים אזויפיל בלוט.

יאָ, א סאך זיַינען מאַסקים, נאָר לײדער דערוויַיל נאָך וויַיט ניט די מערהיַיט. די אָרגאנען פון דער בורזשואזער פּראָפּאגאנדע פון ייִסראָעל זיַינען אלע טאָג פול מיט רופן צו גרייטן זיך צו א נייַער מילכאָמע. מיר האָבן זיך באגעגנט מיט מענטשן, וועלכע האלטן נאָך ביז איצט בלינד אונטער אזא פּאָליטיק. נאָר דאָס זיַינען שוין געווען באגעגענישן מיט אן אנדער ייִסראָעל, האגאם אויך פון דער מערהיַיט אזעלכע באגעגענישן איז בא אונדז פארבליבן דער איַינדרוק, אז אלע, וועמען עס איז טיַיער דער גוירל פון זיַין לאנד און פאָלק, הייבן אָן צו זען דעם מאָרגעדיקן ייִסראָעל אלס א פרידנסליבנדיקע מעלוכע.

ק. גיַיוואנדאָוו
טעל־אוויוו — מאָסקווע („פּראוודא")

---

# כראָניק

### אן אינטערעסאנטער סעמינאר אין בירָאבידזשאן

אף די אונטערנעמונגען, אין די לערן־אנשטאלטן פונעם געגנט לעכן צענטער זיַינען טעטיק אָפּטיילונגען פון דער אלרוסלענדישער געזעלשאפט פאר אָפּהיטן די דענקמעלער.

אינעם ייִשעוו פון די בירָאבידזשאנער קאָמביַין־בויער איז אופגעשטעלט א דענקמאָל דעם העלד פון סאָוועטנפארבאנד יויסעף בורמאגין, וועלכער האָט מיט זיַין קערפּער פארדעקט די אמבראזור פון א פאשיסטישן דזאָט. בא אָט דעם דענקמאָל און לעבן דעם אָבעליסק, געווידמעט די העלדן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, ווערן דורכגעפירט פּיאָנער־פארזאמלונגען, באגעגענישן פון דער יוגנט מיט אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

„די דענקמעלער און די מוזייען פון אונדזער געגנט" — דער דאָזיקער פראגע איז געווען געווידמעט א שטאָטישער סעמינאר פון די אָנפירער פון די אָפּטיילונגען פון דער אלרוסלענדישער געזעלשאפט פאר אָפּהיטן די מעמאָריאַלע ערטער.

## ניַיס פון אויסלאנד

### די „מישפּאָכע מאשבער" אין פראנצויזיש

אין פּאריזשער „פארלאג לאָטעס" איז דערשינען דעם ניסטערס „מישפּאָכע מאשבער" אין אן איבערזעצונג אף פראנצויזיש.

דאָס ווערק, איז, ווי באוווּסט, מיט עטלעכע כאדאָשים צוריק ארויסגעגעבן געוואָרן אף ייִדיש אינעם מאָסקווער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל".

די פראנצויזישע איבערזעצונג האָבן צוגעגרייט עסטער און יויסעף פרידמאן. די פראנצויזישע פּרעסע באטראכט דעם ראָמאן אלס איינס פון די באדיַיטנדיקסטע ליטעראריש־קינסטלערישע שאפונגען אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

### „זינגען מיר א ניגנדל"

אזוי הייסט די ניַיע, פארגרעסערטע אויסגאבע פון ייִדישע זינגלידער, צונויפגעשטעלט פון סעם ליפּצינען. דאָס בוך (דערשינען אין ניו־יאָרק) שליסט איַין 170 לידער, צווישן זיי פאָלקסמאָטיוון, צונויפגעזאמלטע אין אמעריקע און אין סאָוועטנפארבאנד.

■ ■ ■

# אונדזער רעפליק

## מיקויעך איינעם אן „ענטפער" אַף א רעפּליק פון „סאָוועטיש היימלאַנד"

דאָס ווערטל זאָגט: אז מע האָט ניט וואָס צו פאַרלירן, מוז מען אַלץ פּרובירן. דער רעדאַקטאָר פון דער טעל־אוויווער צײַטונג „לעצטע נײַעס" מאָרדכע צאַנין האָט זיך דערזען אין דער קאָשער־פאַרדינטער ראָל פון אַן עפנטלעך־געכאַפּטן בא דער האַנט, ווען „סאָוועטיש היימלאַנד" (סענטיאַבער 1974) האָט אין דער רעדאַקציאָנעלער רעפּליק „א ווענזנטלעכער צוגאָב צו איינעם א בריוו־אויסטויש" דערציילט, וויאַזוי ער, צאַנין, און זײַן צײַטונג האָבן זיך דערלויבט איינפאַך צו פעלשן בעשאַסן פּובליקירן צוגעשיקטע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן ארום דער עקסהומאַציע אין אָדעס פון מענדעלע מויכער־ספאָרימס געביין. דערזען, אז ער האָט שוין דאָ ניט וואָס צו פאַרלירן, האָט צאַנין באַשטימט פּרובירן אָפּקומען מיט לעצאָנעס.

אָנעמענדיק א מויל מיט אנטיקאָמוניסטישע שונד־ווערטער, קעדיי צו פאַרשווײַגן די איקער־פראַגן, וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין דער רעפּליק פון „סאָוועטיש היימלאַנד", האָט צאַנין פאַרעפנטלעכט אין די „לעצטע נײַעס" אַן אַרטיקל מיט אזא אונטערקאָפּ: „אַן ענטפער פון דעם „דעניקין־אָפּיציר" מ. צאַנין צו דעם קאָשערן באָלשעוויק אַרן. ווערגעליס — רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

דער באַל־קאַטאָוועס האָט זיך א נעם געטאָן מאַכן צו קליינגעלט דעם איניען, ארויסשטעלנדיק אין איין אָרט א גרימאַסעלע, אין א צווייטן א נאָכקרימעניש. זעט איר, דאָס, וואָס ער האָט, איידער אָפּגעבן אין דער דרוקערײַ די צוגעשיקטע פון מאָסקווע קאָפּיעס פון אָפיציִעלע דאָקומענטן, אדרעסירטע צו דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", זיך אוועקגעזעצט מיט א שערל אין האַנט און אויסגעשניטן פון די דאָקומענטן די אָנווײַזונג אַף דעם אדרעסאַט, — דאָס, וואָס ער האָט אזוינס אָפּגעטאָן, איז צוליב „א גוטער קאַוואָנע", קעדיי ניט אויסזאָגן, אז די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" „שטייט אין קאָנטאַקט מיט די „שוואַרצע קויכעס" אין דער וועלט — מיט א דעניקין־אָפּיצער, א רעדאַקטאָר פון א פאַרביסענער אַנטיסאָוועטישער צײַטונג (ווי צאַנין דערציילט, האָט אזוי אָנגערופן אים, צאַנינען, דער אווטאָר פון אַן ארויסגעגאַנגענער אין פאַרלאַג „נאָוואָסטי" בראָשור. — רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד")".

איז דאָ, קוידעמקאָל, דאָס אָרט צו באַמערקן, אז אויב פאַרבײַגיין דעם אַנעקדאָטישן זאָג וועגן די „דעניקין־אָפּיצערישע" פּאַגאָנעס בא צאַנינען, איז דאָס איבעריקע אין דער כאַראַקטעריסטיק, וועלכע עס גיט די בראָשור, הוילער עמעס. וואָסי, די טעל־אוויווער „לעצטע נײַעס" איז ניט קיין פאַרביסענע אנטיסאָוועטישע צײַטונג?

נאָר לאָמיר צוגיין צום טאָך פון דעם איניען.

קאָמענטירנדיק מיט א שמייכל דעם אויפן, וויאַזוי די רעדאַקציע פון די „לעצטע נײַעס" האָט אָנגעווענדט „א יאָם מיט כיטרעקײַט אַף צו אונטערטראָגן ווי איר לוינט די געוויינלעכע אינפאָרמאַציע וועגן איר בריוו־אויסטויש מיט דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", האָבן מיר אונטערגעשטראָכן, אז ס'איז שוין צײַט אײַנצושטעלן אַן אַטמאָספער פון אָביעקטיוויקײַט אין די בירגערלעכע ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן: „מיר ווענדן זיך צו די קאָלעגן־־זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער אין אַנדערע ייִדישע ייִשווים פון דער וועלט: ווען איר שרײַבט וועגן סאָוועטנפאַרבאַנד, וועגן די סאָוועטישע ייִדן, — זײַט אופמערקזאַם צו דיווירקלעכע פאַקטן, ווײַל אין די לאַנגע יאָרן פונעם קאַלטן קריג איז צופיל אָפּגעטאָן געוואָרן אין אײַערע לענדער אַף צו פאַרקריפּלען דעם עמעס..."

מאָרדכע צאַנין, וואָס סײַ אַלס שעף־רעדאַקטאָר פון דער איינציקער אין ייִסראָעל ייִדישער טאָג־צײַטונג, סײַ אַלס אָנפירנדיקער טוער פון די פאַריינען פון שרײַבער און פון זשורנאַליסטן אין דער מעדינע איז ער אין דער באַטרעפנדיקער מאָס פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן טאָן, פאַר די זיטן, פאַר דער מאָראַליש־פּאָליטישער אַטמאָספער אין דער דאָרטיקער זשורנאַליסטיש־שרײַבערישער סוויווע, — צאַנין האָט אין זײַן פּאַיאַצישן ענטפער פון א „דעניקין־אָפּיציר" אפילע ניט דערמאָנט וועגן דער דאָזיקער ערנסטער ווענדונג. אין דער רעפּליק פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז געוואָרן אויך א פראַגע: „ווי קומט עס, אז אין ייִסראָעל פאַרגעסט מען ביכלאַל ארויסצוגעבן

די קלאסישע יידישע שאפונג פונעם גרונטלייגער פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור מענדעלע מויכער־ספארים? צי וועט זיין ריכטיק צו זאגן, אז דאס, וואס זיין נאמען האט זיך איצט באוויזן אין די צייטונגען פון דער מעדינע, אריינגערעכנט די יידיש־געדרוקטע צייטונגען, — איז בלויז פארבונדן מיטן אריבערטראגן זיין קייווער אין אדעס פון איין בעסוילעם אף א צווייטן, — די סענסאציאנעלע זשורנאליסטן האבן געהאפט אפלעקן אן אנטיסאוועטיש ביינדל”...

אף דער דאזיקער פראגע האט צאנין אין זיין „ענטפער” ניט געגעבן קיין ענטפער. דערפילנדיק אין איין אויגנבליק אף זיך די שווערע מאסע פון דער באהאנדלטער פראבלעם, האט ער, עמעס, געבראכט אן אינפארמאציע, וועלכע באווייזט, אז די פראגע איז געשטעלט געווארן מיט רעכט און צו דער צייט. אט וואס עס אנערקענט מארדכע צאנין: „לעמאן פינקטלעכקייט דארף געזאגט ווערן, אז ס׳איז אמאל עמעצן איינגעפאלן צו פינאנסירן אן אויסגאבע פון מענדעלען אין יידיש, האט מען דעם פראעקטגעבער געזאגט, אז אויב ער וועט איינצאלן א גרעסערע סומע געלט, וועט מען מענדעלען אריינלייגן אין א קאמפיוטאר פון דעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושאלאים. דער פראעקטגעבער פון אוסטראליע האט איינגעצאלט פינף אדער צען טויזנט דאלאר, און מע האט דעם זיידן פון דער מאדערנער יידישער און העברעישער ליטעראטור אריינגעלייגט אין קאמפיוטאר. אבער שוין יארן ווי ער ליגט דארט און ער רירט זיך ניט, ווי ער רירט זיך ניט אין זיין נייעם קייווער אין אדעס. זעט אויס, אז אין דעם קאמפיוטאר האבן זיך אריינגעכאפט שיידים, און זיי טוען דארט אפ אויסטערלישע זאכן. מיט א יאר צוריק איז פון מענדעלען אין דעם קאמפיוטאר ארויסגעשפרונגען עפעס, וואס האט ניט קיין שייכעס צום זיידן, און די גאנצע מייסע איז א גוטער מאטיוו פאר אן אנעקדאט”...

דער לייענער וועט צעפירן מיט די הענט: וואס פאר א קאמפיוטאר? וועלכע שיידים? וועגן וואס פלאנטערט צאנין מיט דער צונג? איבערהויפט זיינען אזעלכע רייד א רעטעניש פארן סאוועטישן לייענער. דער סאוועטישער לייענער אורטיילט לויט רעאלע פאקטן, און ער פרעגט: פארוואס גיט מען ניט ארויס אין דער יידישער מעדינע די ביכער פונעם גרעסטן יידישן קלאסיקער? פארוואס טראגט זיך פון יסראעל א שאדן־טומל ארום מענדעלע מויכער־ספארימס נאמען, א טומל, וואס איז געווענדט קעגן דעם סאוועטנפארבאנד, ווו מענדעלעס ווערק גייען יא ארויס?

דאס טרייבן לעצאנעס אין אט דעם פראט האט א פאנעם פון כויזעק.

■ ■ ■

# צום 75־טן געבורטסטאג פון ה. אדאם

אין פאריזש איז אפגעמערקט געווארן דער 75־יאריקער געבורטסטאג פונעם באוווסטן פראגרעסיוון געזעלשאפטלעכן טוער ה. אדאם.

צו 16 יאר איז ה. אדאם שוין זייער אקטיוו אין דער רעוואליוציאנערער באוועגונג. אין זיין היימשטאט פלאצק (פוילן) שאפט ער די ערשטע יוגנט־קרייזלעך און פירט אן אינטענסיווע טעטיקייט אינעם יידישן קולטור־פאריין.

אין 1918 און אין 1920 ווערט ה. אדאם ארעסטירט. אבער שפעטער, ווי נאר ער גייט ארויס אף דער פריי, איז ער ווידער טעטיק אין דער אנפירונג פון דער רעוואליוציאנערער יוגנט אין ווארשע.

אין 1923 ווערט ער צום דריטן מאל ארעסטירט. דאס מאל אף א זיצונג פונעם צענטראל־קאמיטעט פונעם קאמוניסטישן יוגנט־פארבאנד. נאך 18 כאדאשים טפיסע גיט זיך אים איין צו פארלאזן פוילן. פון אט דעם מאמענט אן — פון אנהייב 1925 — הייבט זיך אן דער פאריזשער פעריאד אין אדאמס טעטיקייט, וועלכער דויערט אין מעשעך פון א האלבן יארהונדערט.

ה. אדאם ווערט גענעראל־סעקרעטאר פון דער פראגרעסיווער ארגאניזאציע קולטור־ליגע. אין 1936 איז ער איינער פון די ארגאניזאטארן פונעם אלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאנגרעס, וועלכער איז פארגעקומען אין פאריזש אין 1937.

אלס סעקרעטאר פון דער פראנצויזישער סעקציע פון אט דעם קאנגרעס, ארגאניזירט ה. אדאם דעם פארבאנד פון יידישע מאלער און סקולפטארן, וועמענס פארזיצער ס׳איז געווארן דער בארימטער סקולפטאר נאכעם אראנסאן.

ביי׳ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מילכאמע טרעט אריין ה. אדאם פרייוויליק אין דער ארמיי און ביים דער היטלערישער אקופאציע פון פראנקרייך איז ער טעטיק אין דער אונטערערדישער ארגאניזאציע פון דער דארעמזאנע. זינט 1943 פילט ער אויס וויכטיקע אופגאבן אלס פארשטייער פון דער פראגרעסיווער באוועגונג אינעם אונטערערדישן „איינהייטלעכן יידישן פארטיידיקונג־קאמיטעט”.

ווען דער גענעראל־סעקרעטאר פון אט דעם קאמיטעט לעאן גלעזער ווערט אין אנהייב 1944 ארעסטירט און דערשאסן דורך דער געסטאפא, פארטרעט אים ה. אדאם. אינגיכן ווערט ער איינער פון די אקטיווסטע פארשטייער פונעם „אוניאן”, אין וועלכן ער איז טעטיק ביז היינטיקן טאג.

די רעדאקציע און רעדקאלעגיע פון זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד” באגריסן הארציק דעם כ׳ ה. אדאם, דעם איבערגעגעבענעם פריינט פון דער סאוועטישער יידישער ליטעראטור, מיט זיין 75־טן געבורטסטאג און ווינטשן אים געזונט, פיל יארן לעבן לעטויוועס דער אנטוויקלונג פון דער פראגרעסיווער באוועגונג אין פראנקרייך.

■

# זיי אַליין זאָגן עס...

## וועגן דער פאַרפּלאָנירטער מיצאַד די ציִעניסטישע אינסטאַנצן „וועלט־קאָנפערענץ" פון יידישער קולטור

„מיר האָבן שוין ניט איין מאָל געשריבן וועגן דער ראָל פון די נײַ־אופגעקומענע „אַפּעטראָפּסים" פון יידיש, בעראָש פון וועלכע עס שטייען די, וואָס האָבן אין מעשעך פון יאָרן אָנגעפירט מיט דער ליק־ווידאַציע פון יידיש...

מיט פרום־פאַרגלאָצטע אויגן, נאָכן אָפּטאָן זייער מעלאָכע אין אַנדערע לענדער, האָבן די דאָזיקע אָסקאָנים זיך פלוצעם דערקלערט אין ליבע צו יידיש און זיך גענומען צו רעפּרעזענטירן די יידישע קול־טור אין יִיסראָעל. עמעס, מיטן קויעך פון זייערע פאַרטייִישע פּלייצעס האָבן זיי מאַצלִיעך געווען אופ־צושטעלן דעם „קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור" און דורכצופירן עטלעכע אַטראַקטיווע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געמאַכט א רוישעם דעריקער אָף די יידישע שרײַבער, נײַע אוילים פון רוסלאַנד און פון אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן „געפונען" דאָ א טריבונע אָפּצודרוקן איין מאָל אין א יאָר (אז מע האָט מאַזל — טיילמאָל אויך א ביסעלע אָפטער) א מײַמער, אָדער א דערציילונג, אָדער א געדיכט. דער קאָמיטעט האָט אויך מאַצלִיעך געווען צו באַקר־מען פון פרוי גאָלדע מעיִר, ווען זי איז נאָך געווען פּרעמיער, א ספּעציִעלן פאָנד מיט א יערלעכער פּרעמיע פאַר א ליטעראַרישער שאַפונג אין יידיש. דאָס אַלץ וואָלט געווען גוט, און מיר וואָלטן דאָס באַגריסט ווי א קאָנסטרוקטיוון אופטו פאַר דער יידי־שער זעלבסטשעפערישקייט, ווען די דאָזיקע גאַנ־צע אַרבעט וואָלט ווירקלעך געווען באַשטימט פאַר אָט דעם ציל. ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אז אויסער ווי א מין סאָציִאַלע הילף פאַר, זיך עלטערנדיקע יידישע שרײַבער און אויסער דעם פּראָפּאַגאַנדיסטישן ציל צוצוקומען צו די יידיש־רעדנדיקע נײַע אוילים, איז ניט צו דערוואַרטן פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט מערער, איידער דאָס איבערנעמען דעם פאַרטייִישן קאָנטראָל איבער דער ליקווידאַציע פון יידיש אין יִיסראָעל...

מ. צאַנין האָט באַצייכנט די פּאַרשע פון די צו־גרייטונגען צו דער „וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור" ווי „א כאַסענע אָן דעם כאָסן". אונדז דוכט זיך אָבער, אז עס ווערט דאָ געגרייט א טרויעריקער קאַרנאַוואַל, וואָס וועט דער מאַראָכע פאַר יידיש קיין צו גרויסן קאָוועד ניט ברענגען".

(מ. געלער. „אָן אומעטיקע כאַסענע". זשורנאַל „לעבנס־פראַגן", טעל־אוויוו).

## די אָפּשאַצונג פון א לייענערן

„אונדזערע יידישע שרײַבער אין יִיסראָעל זײַנען באַהערשט פון א פּאַסיווער אָפּהענטיקייט. זיי האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן דעם מוט און דעם שווונג פון אַקטיווער אַרבעט פאַרן יידישן וואָרט און פאַר דער יידישער קולטור אין לאַנד. דאָס זעלבע איז אויך נעגייִע אונדזער אַזויגערופענעם יִיסראָעלדיקן קול־טור־קאָמיטעט פאַר יידיש, וועלכער עקזיסטירט שוין צוויי יאָר, און עס ווילט זיך פרעגן: וואָס האָט דאָס יידיש־רעדנדיקע פאָלק ביז איצט געוואָסן פון זײַן טעטיקייט?

דער אָנפירער פונעם קאָמיטעט יִיצכאָק קאָרן שרײַבט אין אן אַרטיקל אין דער „יִיסראָעל־שטימע", אז דער קולטור־קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי צו העלפן די טפוצעס, אז יידיש זאָל זיך דאָרט ניט אַראָפּקײַקלען צום אָפּגרונט. און יִיצכאָק יאַנאַ־סאָוויטש שרײַבט אין דער זעלבער צײַטונג, אז נאָך צוויי יאָר עקזיסטענץ ווייסט אַלץ ניט דער יידישער קולטור־קאָמיטעט, וויאַזוי צו ריכטן זײַן טעטיקייט. אָבער וואָס ער ווייסט יאָ, איז — אז טאָמער וועט די וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור פאָ־דערן, מע זאָל אײַנפירן יידיש אין די יִיסראָעלדיקע שולן, וועט מען מיט דעם נאָר צערייצן די געגנדן און אַרויסרופן קעגן אונדז א סקאַנדאַל מיצאַד די סאָנים פון יידיש אין דער מעדינע.

איך מיין, אז מיט אַזא הילף פאַר יידיש איז ניטאָ וואָס זיך צו גרויסן..."

(פון א בריוו פון דער לייענערן פייגע זשעלעניעץ אין דער צײַטונג „לעצטע נײַעס", טעל־אוויוו)

## אָף וועמענס כעזשבן?

„לעצטנס זײַנען די קאָהאָלשע אַרומפּליִער געפאַלן אָף א נײַער האַמצאָע. מע לויפט זיך צונויף (אין זייער גרויסמויליקן זשאַרגאָן רופן זיי עס „קאָנ־גרעסן", „קאָנפערענצן" אַדגל.) דאַפקע ניט אין יִיס־ראָעל.

אָט איז א בײַשפּיל. דער יידישער קאָנגרעס האָט צונויפגערופן א וועלט־צוזאַמענפאָר, האָבנדיק אין זינען די דאַטע פונעם 28־טן אַפּרעל, אין האאַג, האָלאַנד. ס'האָבן זיך געזאָלט צונויפקומען אָף אַזא באַראַטונג מיקויעך „דראָענדיקע פּראָבלעמען" ניט ווייניקער פון 1200 יידן און יידענעס (מע פּאָרט צו־זאַמען מיט די ווײַבער). איז ניט געווען גענוג האָ־טעלן אין האאַג פאַר אָט דעם האַמוין, און מע האָט געדונגען האָטעלן אין ראָטערדאַם.

פריִער פאַר אָט דער דאַטע זײַנען פאָרגעקומען עטלעכע קאָנפערענצן, ווידער ניט אין יִיסראָעל, נאָר אין ענגלאַנד, אין דער שווייץ, קעדיי אויסצופלאַ־נעווען, אָרגאַניזירן, צוצוגרייטן (ווי באַוווסט, נײַ־טיקט זיך יעדער גוט־אָרגאַניזירטער ספּאָנטאַנישער טומל אין א פּלאַנמעסיקער צוגרייטונג...). אַלץ, פאַרשטייט זיך, פאַר אָנזעעוודיקע סומעס.

דער פּאַרויסיקער גערודער האָט פאָרגעזען זיכער־הײַט־טאַקאָנעס, און די פּאָליצײַ פון דער שטילער, געמיטלעכער, האַלב־דרימלענדיקער האָלענדישער

שטאָט האָט זיך דערשראָקן פאר דער ריזיקער אויפגאבע ארומצורינגלען איטלעכן פון די באַדראָעטע 12 הונדערט דעלעגאטן און זייערע ווײַבער מיט גענוג וואך, מיט געהיימע אגענטן. דאָס פארלאנגט דאָך א מאָביליזאציע פון גאנצע פּאָלקן אינעם קלייינעם האָלאנד. האָט מען גערופן אסיפעס, וויִאזוי און ווּ דאָך צו דורכפירן די ניט צו שטאנד־געקומענע אין האָלאנד אסיפע. נו, איז דאָך זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס אָרט איז יִסראָעל. יִסראָעל נייטיקט זיך אין טוריסטיק, וועלכע איז לעצטנס געפאלן.

האָט מען גערופן, טאקע אפן 28 אפרעל (מע קאָן דאָך ניט סטאם אויספּאקעווען די טשעמאָדאנעס...), א באראטונג — דאָס מאָל אין דער שווייץ, קעדיי צו באשטימען, ווען און ווּ צונויפרופן די קאָנפערענץ. לויט מײַן כעזשבן, איז אָפּגעהאלטן געוואָרן א האלבער טוץ באראטונגען און קאָנפערענצן מיקויעך דער אסיפע פון אסיפעס...

בייס ס'האָט זיך צעפלאקערט דער וויקועך וועגן דעם, ווּ די „וועלט־קאָנפערענץ" זאָל אָפּגעהאלטן ווערן, איז קיינעם ניט אײַנגעגאנגען צו פרעגן צוליב וואָס.

אָקאָרשט איז פאָרגעקומען א נײַע זיצונג פונעם „ציִעניסטישן אקציִאָנס־קאָמיטעט" — צוזאמען מיט ווײַבער — וויפל דעלעגאטן, עס דארפן זײַן אף דער „וועלט־קאָנפערענץ", ווי אויך א ריי אנדערע ענלעכע זיצונגען, — און סראָוו זײַנען זיך צונויפגעקומען די זעלבע פליִענדיקע דעלעגאטן מיט די זעלבע אייביקע יִידישע דײַגעס...

אין די צײַטן פון דער פרעזידענטשאפט פון דר. יאָאכים פרינץ און דר. מאקס נוסבאום, דעם געוועזענעם רעפאָרם־ראבינער פון בערלין, איז געווען א מאָדע פליִען קיין דײַטשלאנד „צו דאָרט פאָרשן אנטיסעמיטיזם". די דעלעגאטן פלעגן דאן לייענען „רעפעראטן", איבערכאזערנדיק זיי פון אלטע צײַטונגען.

זינט עס זײַנען געקומען נײַע פרעזידענטן, האָט עפעס פלוצעם אופגעהערט דאָס פליִעניש קיין דײַטשלאנד. און קיינער ווונדערט זיך ניט, ס'פעלט קיינעם ניט אויס...

אָבער די אסיפע־מאניע האָט ניט אופגעהערט. פארקערט, וואָס ווייניקער טעטיקײַט, אלץ מער פליִעכצן.

איך, אלס מיטגליד פון דער אָנפירערשאפט פונעם יִדישן וועלט־קאָנגרעס, האָב פארלאנגט פונעם נײַעם פרעזידענט מיסטער טאָרטשינער מעוואטל צו מאכן די אסיפעס. ווי אָבער קאָן מען מעוואטל זײַן נעסיִעס אז די טשעמאָדאנעס זײַנען שטענדיק געפּאקט, דער רײַזע־פיבער ברענט און די שטענדיקע דעלעגאטן איז, נעבעך, באַשערט צו זײַן נאָווענאדניקעס פארן יִדישן פאָלק...

און אף זײַן כעזשבן".

(דר. הילעל זײַדמאן.
„פליִעכצן „פארן קלאל" — און אף זײַן כעזשבן..."
„אוסטראליער יִדישע נײַעס").

# א לעבן אין טעאטער



אין מעשעך פון א האלבן יאָרהונדערט איז דער ארטיסט פונעם ווילנער יִדישן פאָלקס־טעאטער יולי קאץ פארבונדן מיט דער יִדישער בינע. צו 15 יאָר, נאָך א שילער פון דער האָמליער יִדישער מיטלשול, נעמט ער אן אָנטייל אין דער קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט. שפּעטער אָרגאניזירט ער באם האָמליער שטאָטקאָם פון קאָמיוג א יִדישן „טראם" (טעאטער פון ארבעטער־יוגנט).

נאָכן אָנקומען אין דער מאָסקווער גאָסעט־סטודיע ווערט יולי קאץ דער אסיסטענט פונעם באוווּסטן רעזשיסער עפראָיִם לויטער. אינגיכן אָבער, איבער א קראנקײַט, קערט ער זיך אום צוריק קיין האָמעל און ווערט דער אָנפירער פונעם יִדישן קאָלעקטיוו באם קלוב „קאָמינטערן". מע שטעלט שאָלעם־אלייכעמס „דער בלוטיקער שפּאס", „צוויי הונדערט טויזנט", אן אינסצענירונג פון איזי כאריקס „מינסקער בלאָטעס".

נאָך דער מילכאָמע באזעצט זיך יולי קאץ מיט זײַן פאמיליע אין ווילנע. ער גיט זיך אָפּ מיט לײַב און לעבן דעם יִדישן פאָלקס־טעאטער, זײַענדיק ניט נאָר א שוישפילער, נאָר אויך א דערציִער פון דער יוגנט, וואָס איז לעצטנס אין קאָלעקטיוו שטארק צוגעפלאָסן.

די רעזשיסערישע אײַנפאלן פון יולי קאץ, זײַן קענען עפעקטפול בויען א סצענע, שאפן אים א שעם פון א פראָפעסיִאָנעלן רעזשי־מײַסטער.

אלס אקטיאָר איז יולי קאץ ברייט פּאָפּולער צווישן די צושויער. זײַן טעוויע (אין די שטעלונגען „טעוויע דער מילכיקער" און „דער פידלער אפן דאך") איז איינע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פונעם קאָלעקטיוו. דער האָרעפּאשנער דאָרפס־יִיד דערשײַנט ווי א פארקערפּערונג פון ערדישער גאשמיִעס און דערהייבט זיך אין זײַנע טראגישע מאָנאָלאָגן ביז צו א סימבאָל פונעם יִדישן טכום־לעבן. אָן גוזמע קאָן מען זאָגן, אז יולי קאץ האָט געשאפן איינס פון די געלונגענע טעוויע־געשטאלטן אף דער יִדישער סצענע.

אין „פריילעכס" שפּילט יולי קאץ דעם באדכן רעב בער. אין קאָנטראסט צו די יאָרצײַט־ליכט לעזיקאָרן די זעקס מיליאָן דערמאָרדעטע, מיט וועלכע עס הייבט זיך אָן דער ספּעקטאקל, רופט ער מיט א ברויזנדיקער לעבנס־פרייד און דינאמישן אימפּעט צו א נײַ לעבן. זײַן רעב צאָדעק („כעלמער כאכאָמים") איז פול מיט קלוגער איראָניע, דער צושויער דערפילט דאָס גאנצע באטלאָנעס פונעם אמאָליקן לופט־מענטש.

א גרויסע צאָל ראָלן האָט יולי קאץ געשפּילט און שפּילט אויך איצט אין יִדישן טעאטער: דעם יִשורוניק אין „גרינע פעלדער", רעב קאלמענען אין „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", פרידלענדערן אין „איבערן אָקעאן", יעשוע מעקובל אין „שפּילפויגל", דעם פארטיזאן דובניאק אין „ווער איז שולדיק?" און אנדערע ראָלן.

יולי קאץ איז אלט געוואָרן 65 יאָר. פאר א שוישפילער און רעזשיסער איז עס א צײַט פון שעפערישער רײַפקײַט.

בער האלפערן

# עס ווערט פֿאַרגעזעצט דער שמועס, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָנגעהויבן

## צו כאַווע וואַטערס זיכרוינעס „שטייט אַן אָבעליסק אין שענדעראָווקע"

אין דער צײַטונג „ליטעראַטורנאַ אוקראַיִנאַ", נומ. 75 (2185) פֿאַרן פֿאַריקן יאָר איז פּאַרעפּנטלעכט א פֿאַרצייכענונג פֿון אַלעס לופּיי „הינטער קאָרסון, אין די שלאַכטן". דאָס צווייטע קאַפּיטל פֿון דער דאָזיקער פֿאַרצייכענונג איז געווידמעט יורי וואַטערן, וועגן וועלכן אונדזער זשורנאַל האָט געשריבן אין דעם נומ. 11 פֿאַרן פֿאַריקן יאָר. מיר ברענגען דאָ דאָס קאַפּיטל אין דער ייִדישער איבערזעצונג.

### דאָס וואָרט פֿון יורי וואַטער

— אוי, ווען אַלע מענטשן וואָלטן געוווּסט, וואָס עס האָט זיך דאָ געטאָן, — זיפֿצט שווער אַף די באַיאָרטע אײַנוווינערן פֿונעם דאָרף שענדעראָווקע מאַריִא קאָנסטאַנטינאָוונא באַרבאָוויטש. — ווי־אַזוי ס'האָבן זיך איזדיעקעוועט אָט די פֿאַרשאָלטענע אָקופּאַנטן, וויפֿל בלוט בײַ אונדז אויסגעזויגן... וויפֿל אונדזערע סאָלדאַטן זײַנען דאָ געפֿאַלן...

די כאַטע אירע שטייט בײַם וועג, וואָס ליגט צווישן סטעבלעוואָ און קאָמאַראָווקע. עפּל־ און ווײַנשלביימער פֿאַרשטעלן די ווײַסע ווענט, פֿילפֿאַרביקע וואַזאָנעס אין די פֿענצטער. און בלויז גוט אײַנקוקנדיק זיך, קאָן מען באַמערקן, אַז אויסגעבויט איז די כאַטע שוין אין די לעצטע יאָרצענדליקער, נאָך דער מילכאָמע, ווי די מערהײַט הײַזער אין שענדעראָווקע, וועלכע זײַנען אַוועק מיטן פֿײַער. אַנטקעגנײַבער דעם וועג שטייט א דענקמאָל. דאָס פּאָנעם בײַם יונגן שלאַכטמאַן איז א שיינס, מיט צאַרטע דינע שטריכן, ס'איז אויסגעהאַקט אין גרויען גראַניט. די שטײַף פֿאַרביסענע ליפּן, די צונויפֿגעפֿירטע ברעמען, די קאַסקע אַפֿן קאָפּ גיבן צו דעם שלאַכטמאַן מוטיקײַט און האַרטקײַט. עטוואָס לינקער פֿון דעם אָרט, אַף דער טעריטאָריע פֿונעם איצטיקן סאָד, איז געשטאַנען דעמלט די כאַטע, אין וועלכער עס האָט געוווינט די פֿרוי מיטן קינד. דאָ איז געווען דער קאָמאַנדנע פּונקט פֿונעם באַטאַליאָן, דאָ איז געשטאַנען די ראַדיִאָ־אײַנריכטונג. ניט לײַכט איז געווען זי צו שלעפֿן אַהער איבער די אומוועגן אין יענע פּראָסטיקע, פֿאַרשנייטע פֿעוורואַל־טעג. דעם גוואַרדיע־קאַפּיטאַן יורי וואַטערן איז אויסגעקומען אויסצופֿילן קאָלערליי אַרבעטן, ניט איין מאָל געווען אַף דער פֿאָדער־ליניע, ניט איין מאָל געהאָלפֿן די כאַוויירים אין שווערע שלאַכט־מינוטן, נאָר זײַן הויפּט־געווער, דאָס טרעפֿלעכסטע און דאָס צילגעווענדטסטע, איז געווען דאָס וואָרט. דער עלטערער אינסטרוקטאָר פֿון דער פּאָליט־אָנפֿירונג פֿונעם 1־טן אוקראַיִנישן פֿראָנט האָט פֿולקאָם באַהערשט עטלעכע שפּראַכן, געהאַט אַן אויסדריקלעכע דיקציע, געקענט צוגענגלעך און איבערצײַגעוודיק רעדן. זײַן וואָרט צו די דײַטשישע סאָלדאַטן איז געווען אָן אָפּנהאַרציקס און עמעסדיקס, עס האָט, ווי א גוטער אייצעגעבער, געוואָלט ראַטעווען דאָס לעבן בײַ הונדערטער און טויזנטער פֿון יענע, ווער עס האָט בלינד געגלייבט דעם פֿירער און איז געגאַנגען מיט געווער אַפֿן מיזרעך. און ניט איינעם אַזאַ האָבן איבערצײַגט יוריס ווערטער, געצוווּנגען זיך פֿאַרטראַכטן איבערן אייגענעם גוירל.

אין מינוטן פֿון אָפּרו פֿלעגט יורי זיך אייצעצען מיט די כאַוויירים, אַרויסזאָגן זײַנע ראַיוינעס מיקויעך דער פֿאָרשטייענדיקער אַרויסטרעטונג. ער פֿלעגט זיך דערמאָנען זײַן היים אין ווײַטן לעטלאַנד, די אייגענע און באַקאַנטע, מיט וועלכע ער האָט שוין לאַנג זיך ניט געזען און אין דער באַגעגעניש מיט וועלכע ער האָט געגלייבט.

יורי האָט געקוקט אַף דער באַלעבאָסטע פֿונעם הויז, וווּ ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, — דוכט זיך, קיין איין מינוט רוט זי ניט: דאָס גרייט זי עסן, דאָס וואַשט זי דאָס געפֿעס, דאָס טראָגט זי אַרײַן האָלץ, און אַלעמאָל סטאַרעט זי זיך גוט צוצומאַכן די טיר — ס'איז אַזוי אויך ניט זייער וואַרעם. איר טעכטערל פֿלעגט קימאַט די גאַנצע צײַט זיצן אין א ווינקל, נאָכקוקן, וואָס עס טוען די קאָמאַנדירן און די שלאַכטלײַט. זיי האָבן געריייניקט דאָס געווער, גערעדט וועגן די שלאַכטן. אַלע זײַנען געווען אַזוי אַרײַנגעטאָן אין זייערע איניאָנים, אַז קיינער האָט אַפֿילע קיין אַכט ניט געלייגט אַפֿן קינד. איינמאָל האָט יורי באַמערקט, ווי די מוטער האָט א שמייכל געטאָן צו איר טעכטערל. עפּעס האָט זי דעם קינד גיך דערציילט, דערנאָך א גלעט געטאָן איבערן קעפּל. דאָס מיידעלע האָט עפּעס א

פרעג געטאָן בא דער מוטער, און יענע האָט איר נאָכאמאָל אָנגעהויבן דערציילן, זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט.

יורי האָט ניט געהערט זייער שמועס, נאָר לויט דעם אויסדרוק פון די מילדע בלויע אייגעלעך באַם קינד, אין וועלכע ס'האָט זיך צוביסלעך צעזייט דער אומעט, לויטן טעמפּעראַמענט בא דער מוטער האָט ער פאַרשטאַנען — עס גייט א רייד וועגן די קינפטיקע טעג, מער רויִקע און גליקלעכע: אין זייער דאָרף געפינען זיך דאָך שוין די סאָוועטישע סאָלדאַטן, איינגיכן וועט מען פאַרטרײַבן די פאַשיסטן נאָך ווײַטער. ס'וועט קומען פרילינג, אין דרויסן וועט ווערן ווארעם, זיי וועלן זיך דערוואַרטן, דער טאַטע זאָל זיך אומקערן פונעם פראָנט, און ווידער וועט זײַן א גליקלעך לעבן.

די כאַווײַרים דערמאָנען, אז ס'איז שוין צײַט אָנהייבן די אַרויסטרעטונג, און יורי נעמט דעם מיקראָפאָן... דורכן פענצטער פון דער כאַטע, וועלכע שטייט אָף א בערגל, זעט מען די פײַנטלעכע טראַנשייען. דאָרט זיצן און וואַרטן, ביז עס וועט צופאַלן די נאַכט, די דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן. ער וועט אָנהייבן — וועלן זיי זיך צעטומלען, דערנאָך אַנשטילט ווערן, צוהערנדיק זיך.

דער מיקראָפאָן איז אײַנגעשלאָסן... אלע ווערן אַנשוויגן. עס זיצן די קאָמאַנדירן און סאָלדאַטן, זיי האָבן וועגן וואָס צו טראַכטן, ס'איז דאָ וועגן וואָס צו טרוימען. און זיי טראַכטן, טרוימען. עס זיצט א פאַרקלערטע די פרוי, אַרומנעמענדיק איר טעכטערל. זיי הערן אויך, וואָס עס רעדט דער קאַפּיטאַן... עס גייען דורך עטלעכע מינוט, אין שענדעראָווקע און אין די פאַרשנייטע פעלדער אַרום איז שאַ־שטיל. יורי וואַטער ווענדעט זיך צו די דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן, דערציילט זיי, אז די לאַגע זייערע איז אַן אויסגאַנגסלאָזע: אַרום־און־אַרום געפינען זיך די טיילן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, און בא זיי איז דאָ גענוג געווער, און זיי זײַנען פול מיט אַנטשיידנקײַט וואָס גיכער באַפרײַען די לעצטע קילאָמעטערס פון קאָרסונשטשינע. דער איינציקער אויסגאַנג איז — זיך אונטערגעבן, אוועקלייגן דאָס געווער...

פלוצעם האָט די פאָדער־ליניע פון די פאַשיסטן זיך צערודערט. ס'האָבן זיך דערהערט די ערשטע שאָסן. דער קאַפּיטאַן אָבער האָט פאָרגעזעצט רעדן. ער האָט נאָכאמאָל געוואָרנט:

— וואַרפט אַוועק דאָס געווער!

איצט האָבן די פאַשיסטן שוין געלאָזט אין גאַנג האַרמאַטן. א סנאַריאַד האָט זיך צעריסן גאָר נאָענט, און דאָס מיידעלע האָט אויסגעשריגן פון שרעק.

יורי האָט אויסגעשלאָסן דעם מיקראָפאָן... ער איז צוגעגאַנגען צום מיידעלע, א שמייכל געטאָן, געפרוּווט זי באַרויִקן. נאָר פונעם מיידעלע האָט זיך נאָך ניט אָפּגעטאָן די שרעק, זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער. שווער איז געווען דעם קינד צו באַגרײַפן, וואָס עס טוט זיך: פאַרוואָס האָט דער פעטער אָפיצער פלוצעם אָנגעהויבן רעדן אָף דער שפּראַך פונעם סוינע און פאַרוואָס שיסן די פאַשיסטן? וואָס רעדט ער, פאַרוואָס טוט ער דאָס?..

— האָב ניט מוירע, אלץ וועט זײַן גוט, — האָט ער איר בלויז געזאָגט, ווײַל ער האָט געהאַלטן, אז אמבעסטן קען איר די זאַך דערקלערן די אייגענע מאַמע. און יורי האָט נאָכאמאָל אײַנגעשלאָסן דעם מיקראָפאָן...

נאָך איין טאָג איז דורכגעגאַנגען. יורי וואַטער האָט דורכגעלייענט דעם אולטימאַטום פון דער סאָוועטישער קאָמאַנדשאַפט צו די אַרומגערינגלטע פאַשיסטישע כאַיאָלעס. אָף יענער זײַט פראָנט־ליניע שווײַגט מען. דערנאָך פּרוּוון די פאַשיסטן אפילע גיין אין אַטאַקע. אומזיסט — מע וואַרפט זיי גלײַך אָפּ.

יורי גייט אָפּ פונעם מיקראָפאָן, זעצט זיך צו אָף דער באַנק. נאָכאמאָל קוקט ער זיך אײַן אין די אויגן פונעם מיידעלע, וואָס איז פאַר די לעצטע טעג אים געוואָרן אזוי טײַער. די אויגן פונעם קליינעם קינד, וואָס עס איז זיי אומגעריכט אויסגעקומען צו זען אזויפיל אומבאַגרײַפלעכס, האָבן אָף שטענדיק פאַרגעדענקט יעדעס שטריכעלע אויך פון זײַן געזיכט, יעדן קער זײַנעם און יעדן זשעסט.

און יורי וואַטער אַנטשליסט זיך. די פאַשיסטן קאָנען אָט־אָט זיך וואַרפן אין אָנגריף. און ער בעט דעם קאָמאַנדיר, יענער זאָל אים דערלויבן אויספילן, צוזאַמען מיט א גרופּע שלאַכטלײַט, א באַזונדערע פאַרגעבונג.

עס פלאַקערט אוף א שלאַכט. איצט קומט אויס דעם פּאָליט־טוער צו זײַן א קאָמאַנדיר. ער דאַרף אזוי ריכטן זײַן גרופּע, אז דער סוינע זאָל ניט קאָנען אַרײַנדרינגען אין דער אומגעגנט פונעם דאָרף. די פאַשיסטן אָבער שפּאַרן מעשוגענערווײַז, זיי פּרוּוון פאַרכאַפּן דעם קאָמאַנדע־פּונקט און פאַרניכטן די דרייסטע גרופּע. איינער נאָכן אַנדערן פאַלן די סאָלדאַטן. אליין דער קאָמאַנדיר ווערט שווער פאַרוווּנדעט. ער פאַרלאָזט אָבער ניט דאָס שלאַכטפעלד און זעצט פאָר אָנפירן מיט די לעבנגעבליבענע סאָלדאַטן.

די פאַשיסטן זײַנען פאָרזיכטיק, נאָר זיי האָבן נאָך גענוג קויכעס. אין א שאָ־צווייי אַרום וועלן יורי און זײַנע כאַווײַרים באַקומען שטיצע פון אונדזערע טיילן. מע וועט די פאַשיסטן אַרויסטרײַבן פון שענדעראָווקע, מע וועט מאַכן פון זיי אַש און פאָרעך. און ווידעראַמאָל ווילט זיך אים צוגיין צום מיקראָפאָן, זאָגן זיי דאָס לעצטע וואָרט.

צוזאַמען מיט נאָך איין סאָוועטישן סאָלדאַט האָט מען אים פאַרכאַפּט. אָפּגייענדיק מיט בלוט, האָט ער געוואָלט זיי נאָכאמאָל וואָרענען, נאָר די צונג האָט אים שוין ניט געדינט. אין דער זעלבער כאַטע, פונוואַנען ער האָט גערעדט צו די פאַרמישפּעטע אָף טויט דײַטשישע סאָלדאַטן, האָט מען אים פאַרפּײַניקט... און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך אַרום שענדעראָווקע און אַנדערע דערפער געוואַלגערט אין שניי און אין בלאָטע טויזנטער פאַשיסטישע פּעגירים.

יורי וואַטערס געזיכט־שטריכן דערקענען מיר אָפּן דענקמאָל, וועלכער שטייט איצינד לעבן יענער כאַטע, ווו ער האָט געפירט זײַנע ראַדיאָ־טראַנסליאַציעס און ווו ער איז העלדיש אומגעקומען. און מענטשן, וועלכע האָבן אים געזען און געהערט אין יענע אומרויִקע פעברואַל־טעג פונעם פיר־און־פערציקסטן, געדענקען ביז איצט אָט דעם דרייסטן סאָוועטישן אָפיצער. זיי רעדן וועגן אים מיט אָפּשײַ און קאָוועד — ווי ער האָט עס ערלעך פאַרדינט.

אַלעס לופּיי

אָנהייבנדיק פונעם הײַנטיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", פירן מיר אײַן אַן אָפּטייל „בריוו פון יידישע שרײַבער". ס'איז קיין צווייפל ניט, אַז דער לייענער וועט אין די מאַטעריאַלן פון דעם דאָזיקן אָפּטייל געפינען פיל פּראָטים, וועלכע כאַראַקטעריזירן סײַ די צײַט, אין וועלכער עס האָבן געלעבט אונדזערע פאָרגייער, סײַ די עצם שאַפונג זייערע. נאַטירלעך, אַז אין די פּערזענלעכע בריוו פון די שרײַבער ווערן אָפּגעשפּיגלט אויך מאָמענטן פון זייער ביאָגראַפיע.

מיר ווענדן זיך צו אַלעמען, בא וועמען עס האָבן זיך פאַרהיט מאַטעריאַלן פאַר דעם דאָזיקן אָפּטייל, אַרײַנגערעכנט אויך פאָטאָ־מאַטעריאַלן, איבערגעבן זיי דער רעדאַקציע אין אָריגינאַל אָדער אין קאָפּיעס, כּדי זיי זאָלן קאָנען פּובליקירט ווערן.

# עזרא פינינבערגס בריוו

## 1. צו מוישע כאַשטשעוואַצקי

אומאַן, 1 אַפּריל 1918

יאָ, איך רעכן פאָרן. דערוויס זיך, מישע, מיקויעך פאָלקס־אוניווערסיטעט ביפּראָטראָט. כ'האָב געלייענט, אַז באַקאָשעס נעמט מען אָן ביזן 1־טן. איז שוין איצט ניט שפּעט? יאָ, און ווען עפנט זיך דער ייִדישער? אויב ניט יענק, איז דאָס. כ'וואָלט אויסגעקליבן דעם היסטאָריש־פילאָלאָגישן, האָב איך מוירע, אַז דעם רוסישן האָב איך שוין אָנגעוואָרן. שרײַב אָן טייקעף־אומזיאַד — איז פּעקל, בילעט און קיִעוו. דערווײַל איז א שטיק צײַט באַנײַס א קאָן זאָווערוכע געוועןן. און באַנײַס א קאָן אויך — קעלט פון אָפּגעברענטער כורווע מיט אונטער־איבערבעט, מיט גלאָט אין דער וועלט. איצט איז בלאָטע און כוילהאַמויע־דענער ערעוור־פּייסעך. מע דאַרף עפּעס טאָן. ס'איז א מוז. מע דאַרף עפּעס טאָן. מײַן בילעט דריטע קלאַסע אין אומאַנער באַן־קאַסע וואַרט אָף א קאַרטל פון קיִעוו[1].

**ע ז ר אָ.**

דאַנערשטיק איז דאָ א פּערעץ־אָוונט מיט בערגעלסאָנען, לעשטשינסקין[2] און לײַבלען[3]. „אָ, וועלן מיר דאָס האָבן א ליטעראַטור"...

## 2. צו דעם זעלבן

אומאַן, 13 יוני 1918

„איך בין קליין, מעסוקן קליין געוואָרן. קוים פון דער ערד מיך אָנצוזען. כאַטש נעם א ליכט און גיי זוך עזראן: — ווו איז עזראַ?.." איך האָב איבערגעזעצט גאַרשינס „א מײַסע מיט א זשאַבע, וואָס האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן". קלײַב זיך (איבער־) זעצן טשעכאָווס א סעריע מיטן קעפּל „קינדער". עפּשער וועט עס גיין אין קיִעווער פאַרלאַג?[4]

גאַנצענע טעג בין איך פאַרנומען מיט דער קאַשע: — וואָס טוט מען?.. און קען דעם טערעץ ניט פּאַקן. שלאָפן אין הייסע זומער־טעג וועל איך דיר ניט אייצענען. מע שטייט אוף מיט א שווידערלעכן קאָפּווייטעק און א מיִעסער ברעכן־גלוסטעניש... שרײַב מיר עפּעס אָן.

**ע ז ר אָ.**

## 3. צו דעם זעלבן

מוישע!

ס'איז דאָ נעזירעסדיק־פאַרהוילן און שטיל. ס'טרעפן זיך דאָ נעכט, ווען מ'קאָן צוקלעפּן זיך מיט פּאָנעם און אויגן צו שטערן אין הימל. ס'ווילט זיך דאָ אין נעפּל־באַהעלטעניש אָפּגעשיידט זײַן, ביז דאָס ערשטע גאָלדענע רענדל וועט פון פרילינגדיקער הויך פאַלן.

דײַן „צאַר־באַלעכאַים"[5] האָט עטלעכע פײַנע שטריכן־אָנזאָגן אָף קאָנען פּאַקן און אַנטפּלעקן דאָס מינדסטע, דאָס מיקראָסקאָפּיש־מיזערנע מיט זײַן טאָך און ווערט. און ס'איז דאָך שוין פאַראַן ווײַטער־דערגרייכטס!.. קושניראָווס דאָסטאָיעווסקי־אַרטיקעלע איז וואַרעמלעך און כיינעוודיק, באַזונדערס מיט אָט דער נאַיִווער פּראָסטהאַרציקייט און אָט דעם ניט־קאָזיאָנע סאָפּעק.

כ׳האָב דאָ אין ארבעטער־קלוב געלייענט [א לעקציע] וועגן דער יונגער ליריק און וועגן דאָוויד בערגעלסאָן[6]. דורכגעגאַן נישקאָשע. כאָטש אין אַלגעמיינעם אין דאָס נאָך פּאַרט ווי ווארפן ארבעס אין דער וואנט אריַין.

א גרוס סארען[7] און איַיער בען, קושניראָוון, רעזניקן און דעם גאנצן קנופּעלע. גיב [איבער] מיט מיַין ברודער די עטלעכע פריש־דערשינענע ביכעלעך און ביכלאל וואָס ס׳איז נאָר דאָ עפּעס ניַיס.

פארבליַיב געזונט. שריַיב אָנעט.

**ע ז ר אָ.**

22 I/5 19 אומאַן

## 4. צו דעם זעלבן

אָן א דאטע

מישע!

כ׳הייב עפּשער אָן טכיאס־האמייסים אופצושטיין. כאָטש כ׳לעב נאָך אויך היַינט אינדערפרי מיט קוים־קוים א פערטל מויעך און א קעזאיס געזונט. ניט געזונט בין איך גאָר־גאָר. טאקע לאכלוטן ניט אָף קאטאָוועסן. ס׳עקזיסטירט פאר מיר איצטער א מעהאלעך ראק ניט נאָר פון אומאַן קיין קיִעוו, אפילע פון מיַין צימערל באם גרינעם סאָד צו מיַין טאטנס קראָם־שטוב קעגן אלטיטשקן מארק. גאנצענע טעג און נעכט כאָלעמט זיך מיר: קרים און יאם, און יאם, און ווידעראמאָל יאם. וויִאזוי קומט מען צו אים? דיַינע 10 לימענעס באקומען. דיַין בריוו באקומען. דעם „שטראָם"[8] באקומען. אויב איך וועל קענען, וועל איך קומענדיקן דאָנערשטיק זיך ארופּזעצן אפן צוג קיין קיִעוו. דעם „שטראָם" פעלט א היפּש ביסל. קימאט יעדע ליד מיַינע איז צענעריקט[9], — ווייסט זיי דער רועך! ווי רעכנסטו, מוישע, איך וועל נאָך קומען צו קאָוו־האבריִע? כ׳דארף זי אזוי האָבן, די בריִע.

גריס אלעמען! צום ווידערזען!

**ע ז ר אָ.**

## 5. צו דעם זעלבן

(2/XI — 26)

ליבער מישע.

ענטפער איך דיר מיט „ספּעשנע". פארוואָס דיר ביז היַינט ניט געענטפערט? אָט שריַיבסטו וועגן „גרימעניש־ן". איז זיַי וויסן, אז „גרימענישן" ווינען ניט נאָר אין מאָסקווע, — מיַינע היגע, כארקאָווער „גרימענישן", וואָס פארשלינגען מיך מיט ליַיב און לעבן, האָבן געשטערט — כ׳האָב די גאנצע ציַיט געריסן זיך אָנשריַיבן דיר און ס׳איז בעשום־אויפן מיר ניט געלונגען אפילע אָף קורצע עטלעכע שורעלעך אָפּצוריַיסן זיך...

וועגן די לידער. די 4 לידער, וואָס דו האָסט צוגעשיקט, זיַינען דורכגעגאַן א זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע, די רעדקאָלעגיע האָט איַינגעפונען, אז פון די לידער קאָן בלויז איינע — די ליד „יעסענינען" — געדרוקט ווערן, די איבעריקע, וויַיל ס׳איז לידער פון צו סוביעקטיוון כעזשבן־האנעפעש (כ׳פאָרמולירעפּשער דיר די שטעלונג ניט פולקאָם פּינקטלעך, דער זין איז באשטימט געווען אזאמינער) און דערצו פון באזונדערס אומעטיקן כעזשבן־האנעפעש, זיַינען זיי ניט פּאסיק. מאכמעס דעם דאָזיקן באשלוס גייט טאקע אין „רויטע וועלט", 10 (וואָס דערשיַינט אַנערעך דעם 10־טן נאָיאבער) 1 ליד — די יעסענינלידער[10]. יאָ, קיין שום אָנטאָן ביזאָיען און וויַיטעק איז באם באטראכטן דיַינע לידער, מישע, ניט געווען (דאָס בעט איך דיך מיר גלייבן). ס׳איז בעפּיירעש אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אז מע דארף זיך ווענדן צו דיר מיט א באקאָשע צושיקן א ציקל לידער פאר די נאָענטסטע נומערן. און דאָס, רעכן איך, איז דער בעסטער אויסוועג. אין דער רעדאקציע איז ניטאָ בא קיינעם קיין נעגאטיווע באציִונג ניט צו מ. כאשטשעוואצקין, ניט צו זיַינע לידער. איינס בלויז: די לעצטע ציַיט האָט זיך די רעדאקציע גענומען שטרענגער באציִען צום אויסוואל פון לידער־מאָטיוון און דאָס ניט־פּאסן פון דיַינע צוגעשיקטע לידער איז א רעזולטאט טאקע בלויז פון דערפון. מיַין פאָרשלאָג און מיַין באקאָשע צו דיר: טייקעף, ניט אָפּלייגנדיק, צונויפנעמען בא זיך פון לידער קלאַלישע מאָטיוון, אָדער יעכידישע, וואָס רירן אָן סאָציאל־געזעלשאפטלעכע מאָמענטן, און זיי צושיקן. וועלן זיי באשטימט גיין אמנאָענטסטן.

וועגן עקספּעדיציע. דער 8—7 איז דיר שוין לאנג ארויסגעשיקט געוואָרן.

וועגן האָנאָראר. די פּראגע וועגן 35 צי 50 איז דערוויַיל א ביטערע פּראגע בא אונדז, זי דארף די נאָענטסטע ציַיט געלייזט ווערן, מיר האָפן, אז ס׳וועט געלינגען איַינשטעלן איין פּריַיז (די העכסטע) פאר אלעמען. אין פאל מיטן האָנאָראר פאר „אָרכים"[11] איז אין דעם, וואָס דער האָנאָראר איז קלענער, איז שולדיק ניט דאָס, וואָס מ׳האָט דיך פארצייכנט אין א קלענערער קאטעגאָריע, נאָר דאָס, וואָס גראָד בא דעם 8—7 איז דער סכום אלגעמיינער האָנאָראר אָפּן געווען א קלענערער און מ׳האָט בא אלע לידער געקאמצנט.

אלעס גוטס! א גרוס א הארציקן סארען און מאָטלען[12].

**ע ז ר אָ.**

כ׳וואַרט אָף דיַין ענטפער און אָף דיַינע לידער.

## 6. צו ג. אויסלענדער

קיִעוו, 10־טער פעווראל 1929

ליבער, ליבער ניוקע.

דיַין בריוו האָט מיך געטראָפן אָף לעוואשאָווער, אינעם צימער, אין וועלכן די טעמפּעראטור האלט פונקט ווי אינדרויסן — 30 גראַד פראָסט. א ווינטער א סיבירער האָט זיך צעשפּילט איבערן לאנד. כ׳בין מיט א וואָך צוריק געקומען פון א רײַזע כארקאָוו — מאָסקווע — לענינגראד — מאָסקווע — קיִעוו, בין אריַין אין קרירע־צימער, אין קרירע־שטייגער, און פריר, באָרעכהאשעם, מיטן גאנצן הויזגעזינד מיַינעם. מיר פילן זיך מאמעש ווי אין א טעפּלושקע פונעם יאָרעלע 1919.

אין מאָסקווע געזען מירען[13], אלץ אינעם צושטאנד פון נאָך־כארקאָווער „געזקולט"־אסיפע. ס׳האָט מיר, דאכט זיך, איַינגעגעבן זיך א ביסל אופמונטערן זי

אין איר איין־אַליין־זײַן אינעם „שטשיפּאַק"[14]־ארום. כ'האָב דאָ, אין קיִעוו, געפּרוּווט קריגן געלט פאַר מירען. אין „קולטור־ליגע" האָט ניט אָפּגעגליקט: דײַן קאַנטע, מײַן קאַנטע ווײַזן באַשײַמפּערלעך, אַז סײַ פון דיר, סײַ פון מיר קומט דער „קולטור־ליגע". געלונגען איז מיר נאָר מיטווירקן, די קאַטעדרע זאָל זיכער ארויסשיקן דעם געהאַלט פאַר יאַנוואַר כּוי־דעשי[15].

נאָך דײַן ערשטן בריוו, ניוקע ליבער, דעם בריוו וועגן וועלאָסיפּעדיסטן־געוועט, שאָפערן און אונטער־דער־ראַד־סטאַטיסטיק (יעווע האָט מיר אים איבער־געשיקט קיין כאַרקאָוו, באַקומען האָב איך אים סאָף יאַנוואַר, געשריבן האָסטו, אַז דו פאָרסט ארויס דעם 1־טן פעווראַל, — האָב איך דעריבער ניט געענט־פערט), נאָך דײַן ערשטן בריוו האָט זיך מיר גע־דאַכט, אַז דער טרויער פון די בערלינער אײַנדרוקן שטאַמט דערפון, וואָס דו שרײַבסט, אַזוי צו זאָגן, צו א „טרויער־ספּעציאַליסט", צום אוטאָר פון דער וואָקזאַל־ און וואַגאָן־מײַסע און פונעם „געזאַנג פון מילדן לאַנד"[16]. פון דײַן הײַנטיקן בריוו זע איך, אַז ס'איז, א סוואָרע, טאַקע אינדערעמעסן טרויעריקלעך אין אַט דער דאָזיקער אייראָפּע[17]. אָבער מײַן „רויש פון ביימער"[18] האָב איך, ניוקע ליבער, ניט זײַענדיק אין אייראָפּע און אויסער גרוסן פון אייראָפּע, שוין לאַנג אַליין פאַרטיליקט און פאַרגעסן. אין אַט די לעצטע כאַדאָשים מײַנע האָב איך קלאָר דערזען, אַז „רויש פון ביימער" איז איצט א זיסלעכע, א שעד־לעכע אויסטראַכטעניש און קיינער פון אונדז דאָ טאָר זיך איצט ניט דערלויבן נאָכצוגעבן דער שוואַכקייט פון „ביימער־רויש". ס'איז טאַקע רעוואָליוציע־צײַט, שטרענגע, האַרבע, אַנראַכמאָנעסדיקע, ניט־קאַטאָ־וועסדיקע רעוואָליוציע־צײַט.

...אָ, ברודער־לעב! ארום דײַן שטוב,
ארום דײַן דינער דיקטן־וווינונג —
דער מעכטיקער, דער וואָרנונג־רוף:
דו ציל דײַן אויג אָן ווי א ברוינינג!..
...ווי אָט די שטעכנדיקע פרעסט,
ווי אָט די געסט פון ווײַט סיבירער,
ווי אָט די קרירע (ניט פאַרגעס!) —
דער דאָר, אווו סע שטייט דײַן דירע!..

די „שוואַרצע טיף אין שוואַרצן יאַם" שטרײַכט דאָך באַזונדערס אונטער די קרירדיקײַט. און וועגן „ביימער־רויש" האָט דער שיינער רוסישער אינטע־ליגענט — בלאָק אין יאָר 1918 — באַ זיך אין טאָגבוך פאַרצייכנט: „ראָמאַנטיזם, אַלדי טרוימערישקײַט איז שמוץ..." יאָ, ניוקע ליבער, איך שעם זיך איצט פאַר די רעגעס פון שלאַבעריקײַט, אין וועלכע כ'האָב די פערזן פון „ביימער־רויש" געשריבן. אָט אַזעלכע פערזן ברענגען צו „מיר זײַנען טרוימער ערלעכע פון גליק"... (האָסט דאָך עס געלייענט אין „ייִדישער וועלט"? מײַן ענטפער אין „עמעס" מיסטאָם אויך געלייענט?). און קיין „ערלעכער טרוימער" בין איך ניט, און כ'האַלט, אַז קיין „ערלעכער טרוימער" טאָר באַ אונדז קיינער ניט זײַן.

—...ארום דײַן קאָפּ און הענט און פיס —
מיט גיפטן־קעפּ דער שלאַנגען־שטייגער, —
דעם ברוינינג ציל און שיס און שיס,
ביז ר'וועט ניט אומפאַלן געפײַגערט!
אָף קעפּ זײַנע זיך שטעל און טרעט:
סע טאָר ניט שטילן זיך דײַן סינע,
ביז ס'וועט ניט אופגיין אָף די שטעט
דער גרויסער קינדערשער באַגינען!..

אין לענינגראַדער ערמיטאַזש האָב איך לעם טי־ציאַנס א וווּנדער־בילד אָפּגעזעגנט זיך אָף אַלע יאָרן מיטן „שיפּעלע פון איטאַליע"[19], ווײַל עטלעכע שפּאַן פונעם ערמיטאַזש ליגט די גאַס פון 9־טן יאַנוואַר, דער אוריצקי־פּלאַץ, דאָס „מאַרסאָווע פּעלד" — דאָס „פּעלד פון די רעוואָליוציע־קאָרבאָנעס".

דאָס „מאַרסאָווע פעלד" איז דאָך די ווירקלעכקײַט פון דעם דאָר אונדזערן, ניט טיציאַנס „פרוי מיטן שפּיגל"[20].

און כוץ פראָסט הערט זיך אין מײַן טאָגטעגלעכ־קײַט אָט וואָס: אַלע 3 וואָכן דאַרף מען פאָרן קיין כאַרקאָוו שטעלן זיך באַם ד. וו. אָר־פּענצעטרל[21]. אָט מוז איך אויך הײַנט אין צוג ארײַנזעצן זיך און פאָרן אַהין.

גאַריק[22] לײַדט א ביסל פון די „סיבירער געסט", נאָר ביכלאַל איז ער זייער א ווויִלער באָכער, ער קען שוין אויסגעצייכנט זײַן צימער־וועלטל, באַם שפּאַנען האַלט ער זיך שוין צו ניט באַ קיין האַלב, נאָר באַ א פערטל פינגערל פון טאַטע־מאַמע.

מײַן האַרציקער, וואַרעמער גרוס דיר, ניוקע ליבער.

דײַן עזראַ.

7. צו מ. כענקין און נ. אויסלענדער

טײַערע מירע און ניוקע.

קוידעמקאָל וועגן קיִעוו. טשעמבערלען האָט אָפּגע־טאָן א שפּיצל. אין די ערשטע מײַ־טעג — סאַמע יאָמטעוו! — אויך דאָ געגרענגט. מיטן בוך „אָף לאַדע־מירער וועג"[23] איז אַלץ בעשאָלעם. כ'האָב אַליין איבערגעגעבן. הײַנט ווידער געווען אין דרוקערײַ... איצט האַלט ערשט באַ דער 1־טער קאָרעקטור. דרוקן וועט זיך דער בוך אין א 2 וואָכן ארום, אַזוי אַז אַכ־טונג געבן אָף די דרוק־בויגנס וועל איך, צום באַ־דויערן, ניט קענען: איך פאָר (מיט יעווען און גאַ־ריקן) קיין מאָסקווע און פון דאָרטן קיין קרים (אין דער מעסטקאָם־סאַנאַטאָריע ביז 10־טן יוני)...

דער קאַמער־טעאַטער[24] איז איצט דאָ... געזען עט־לעכע פאָרשטעלונגען. באַנײַס א קאָן דערשפּירט די קראַפט און די פאַרביקע פרייד פון אָט דעם טעאַטער און פון אָט דעם אַרטיסט וואָפּסי[25]. דאָך טוט א ביסל באַנק און ווי, וואָס כאָטש איין „בראַניעפאָ־יעזד"[26]־פאָרשטעלונג האָט דער טעאַטער ניט גע־געבן...

מײַן בוך „די קריגן דויערן"[27] קערט זיך אום מאָרגן־איבערמאָרגן פון כאַרקאָוו. אין נאָענטסטן „פּראָליט" גייט מײַן איבערזעצונג פון מאַיאַקאָווסקיס לעצטער ליד „מיט דער פולער שטים".

דאָס זײַנען מײַנע ליטנײַעס. מײַן קרימער אַדרעס וועל איך אײַך מעלדן. שרײַבט. „אין גרויסער שטאָט קיין פרײַנט כ'האָב ניט געלאָזן"[28]. מירע! אויך איך

און יעווע זײַנען עס ניטו? ס׳ווילט זיך ניט גלייבן. שרײַבט אָן וועגן געזונט און וועגן אלע נײַס.

**אײַער עזרא.**

5/V 30 קיִעוו

## 8. צו דעם זעלבן

**31/VIII—27**

ניוקע טײַערער.

דײַן בריוו באקומען — ס׳איז בא מיר א יאָמטעוו געווען. מײַן איצטיקער קרימער אָפּרו איז ניט אזוי אַן אָפּרו, ווי אַן אָל. סע פלעט מיך דאָ סאכארער היץ און סאכארער איינזאמקײַט. דײַן בריוו איז בא מיר מאמעש א דערקוויקעניש געווען.

וועגן מײַן פיעסע[29]. כ׳האָב פאר מײַן אָפּפאָרן פון מאָסקווע געשריבן דיר א לאנגן, גאָר א לאנגן בריוו, ווו כ׳האָב אָף א ריי פראגן דײַנע געענטפערט און וועגן אלע נײַס בא מיר ביפראט געשריבן. געשיקט זיך, אז דער בריוו איז אָף דער פּאָסט פארפאלן געוואָרן? א שאָד, בעפיירעש א שאָד. אינעם בריוו האָב איך אויך וועגן דער פיעסע דיר מוידי׳ע געווען. כ׳געדענק אפילע וו׳אזוי: „כ׳הארגע אוועק מײַנע א דערציילונג, קעדיי נאשן פון א היפשערן אוואנס און פון א נעסי׳ע קיין קרים...״ דה. איך ארבעט איבער מײַנער א דערציילונג (פון די, וואָס דארפן גיין אין „שול און בוך״) אין א פיעסע. אָף דערוף ארבעט איך טאקע איצט דאָ, אין יאלטע. צו סאָף סענטיאבער דארף איך די פיעסע צושטעלן. איצט איז בא מיר שוין אינגאנצן פארטיק דער 1־טער אקט (לויטן אָפּמאך שטעל איך די פיעסע צו אקטנ־ווײַז). כ׳בין מיט אים, שטעל דיר פאָר, צופרידן. די פיעסע איז (שאפּקי דאָלאָי!) אין פערזן. אויך די ווײַטערדיקע אקטן זײַנען מיר שוין אינגאנצן קלאָר און גרייט. צום אָפּמאך־טערמין וועט די פיעסע גע־וויס זײַן פארטיק. א שאָד, וואָס דו ביסט ניטאָ נאָ־ענט און כ׳קאָן דיר שוין דעם פארטיקן אקט ניט דורכלייענען.

וועגן מײַן טעאטער־ארטיקל. טאָקע אינעם „ווע־האיעלעד איינענו״ האָב איך געשריבן, אז אויב דו כאסמעסט ניט — כאסמע איך אויך ניט. צי דו מעגסט קירצן? יאָ, און טאקע נאָכאמאָל יאָ. כ׳געטרוי, אָף מײַן וואָרט, כ׳געטרוי.

סאקאָ — וואנצעטי. — כ׳האָב וועגן דער קעפּונג איבערגעלייענט, בייס איך בין בא איבערבײַסן געזעסן. דער ביסן איז מיר געבליבן שטעקן אין מיטן האלדז. און אַן עלעקטראָ־שטראָם איז דורך איבערן לײַב. כ׳האָב מוירע, טאָ־מער זאָגסטו, אז מײַן ליד (אין „עמעס״) איז אויך מאָגער. גאָט באהיט! שפּעטער, נאָך דער ליד, אז כ׳האָב געלייענט אין די בלעטער, ווי פאריזש רעא־גירט, האָב איך זיך געפרייט מיט דער „גיליאָטין״ פון מײַן ליד[30].

אין יאלטע וועל איך אָפּזײַן ביזן 7־טן, 8־טן. און דאן — ווידער מאָסקווע. יאלטע איז מיר זייער, זייער צו לאסט, און כ׳בענק שוין נאָך מײַן ווײַבל.

שרײַב, ניוקא, נאָך אַן פארן אָפּפאָרן אָף אָפּרו. זאָל דיר זײַן דײַן אָפּרו מער געלונגען, ווי מיר.

איך טראָג פונדאנעט אויס נאָך מער „בלוט פון מידקײַט״, ווי כ׳האָב געבראכט.

אלעס גוטס!

**עזרא.**

מירע! כ׳וואַרט אָף דײַן בריוו!

## 9. צו דעם זעלבן און צו מירע כענקין

10/IX 34

טײַערע מירע און ניוקע.

צווישן די דערפער אלטע רוזע און נײַע רוזע
ווינט אצינדער אין א וואלד מײַן מוזע.
פרישער אָסיען. שטיל. שאַ.
אפן טישל — פאוסט און גארגאנטיוא.
עסן גיט מען קרויט, קאָטלעטן און קארטאָפל.
אין וועג איז דורכגעשפרונגען מעפיסטאָפל,
אין וועג אזעלעכס האָט געטראָפן:

געפאָרן בין איך פון דער סטאנציע צום אָפּרו־הויז אָף א קאָלווירטישער פור. אין דאָרף אלטע רוזע האָט דער פורמאן אויסגעטרונקען נאָך א פלעשל און צעיאָגט די פערד מעשוגענערווײַז. האָט זיך די פור איבערגעקערט, מיט זיך און מיט די קאָלווירטישע זעק מיך גוט־גוט צוגעשפארט צו דער ערד. כ׳האָב א מינוט 15 זיך שטארק געקושט מיט דער מאמע־ערד, א רעגע געבליבן צו דערוואָרגן ווערן. איז דורכגעפאָרן א וואסערפירער און צוזא־מען מיטן שיקערן באלעגאָלע א הייב געטאָן אָף א רעגע די זײַט פון דער איבערגעקערטער פור, בין איך ארויסגעקראָכן. אָט אזוי בין איך געקומען קיין מאלייעווקע.

געטראָפן מיט פרייד א וועלט א גערוימע
און שטילערהייט אָפּגעבענטשט גוימל...

ס׳איז דאָ נישקאָשע, און ס׳ארבעט זיך נישקאָשע. און ס׳ווילט זיך באקומען בריוו פון פרײַנט. שרײַבט מיר אָן!

**אײַער עזרא.**

## 10. צו הירש בעריאָזקינען[31]

(אָן א דאטע)

טײַערער כ׳ בעריאָזקין!

אין מאָסקווע האָב איך זיך דערמאָנט, אז אין מינסק האָבן מיר אינצווייען, אָן אוילעם, קיין איין מאָל ניט פארבראכט און ניט דורכגעשמועסט זיך ווי ס׳דארף צו זײַן. איז אָט, וויל איך אינעם בריוול זאָגן אײַך א ביסל פון דעם, וואָס כ׳האָב זיך געקליבן זאָגן אײַך אין מינסק.

מײַנע ווערטער וועגן דעם „יינגסטן״ זײַנען ניט קיין שפּאס־ווערטער און ניט קיין ווערטער גלאט אין דער וועלט ארײַן, ס׳איז טאקע איין מאָל און צוויי מאָל און דרײַ מאָל דורכגעפילט און באטראכט געוואָרן.

אין דער ליטעראטור אונדזערער (סײַ בא די קינ־סטלער, סײַ בא די קריטיקער) איז נאָך דאָ א פײַן ביסל ליגנערײַ און נארישקײַט, און פוסטקײַט און גראגערײַ, און פּאָליטיקאנערײַ, און כוצפע, און אמע־ראצעס, און גלאט גראפאָמאניע. אין אײַערע ארבעטן

האָב איך דערזען א יונגן סאָוועטישן מענטשן, א יונגן קאָמוניסט, וואָס פארשטייט און וואָס לײַגט ניט, וואָס וויל ניט און וועט ניט דערלאָזן קיין ליגן אין דער קונסט. באזונדערס האָב איך עס דערפילט אינעם ארטיקל אין „אָקטיאבער". כ'האָב דאן געזאָגט עטלעכע עלטערע ייִדישע סאָוועטישע קריטיקער, אז דאָס דאָזיקע ארטיקל איז פון די געציילטע עכטע קריטישע ארטיקלען פאר די לעצטע 20 יאָר, — און די עלטערע קריטיקער האָבן (מיט באדויערונג בענע־גייע זיך אליין) מאסקים געווען. א טייל קריטיקער אונדזערע האָבן שוין ניט נאָר דעם כוש, נאָר אפילע די נאָז אָנגעווירן. קיין כידעש ניט, אז אין סעקונ־דעס פון אופריכטיקײַט זײַנען זיי זיך מודיע: „מיר ווייסן שוין טאקע ניט, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט אין דער קונסט". וועגן אָט דעם מין קריטי־קער האָב איך צוריק מיט א יאָר צען אזעלכע שור־רעס אָנגעשריבן:

ייִדן, וואָס הינקען, און ייִדן מיט בערד,
סאריסים, מעווינים אף ליד, ווי אף קיִען,
ווילן מישפּטען די ריזיקע ערד,
די ריזיקע ערד מיט די זעלטענע פּריִען...

כ'פלעג אָפט שמועסן מיט כאווירים־שרײַבער וועגן דעם, אז ס'וואקסט, אז ס'מוז דאָך אויך אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, אין דער סאָוועטישער קריטיק קומען יוגנט, ניט־פארפלאָנטערטע, ניט־פארליגנערטע, פרישע, סאָוועטיש־פרישע יוגנט. אין אײַערע ארבעטן האָב איך די דאָזיקע יוגנט דערפילט. זי האָט מיך באזונדערס איבעראשט און דערפרייט, ווײַל אין איר האָב איך דערשפּירט דעם אָנהייב פון יענעם טיף־מארקסיסטישן, טיף־קאָמוניסטישן מישפּעט, וואָס וועט אפּסנײַ און אָמ־שטרענגסטן און אמטרײַסטן אלץ אין אונדזער ליטע־ראטור איבערקוקן: יענער מישפּעט, וואָס וועגן אים האָט זיך מיר געכאָלעמט. קומען וועט דער סאמע ייִנגסטער.

איך גלייב, אז איר וועט עס אופנעמען ניט ווי קאָמפּלימענט־זאָגערײַ. צו ערנסט באצי איך זיך צו מענטשן און צו צײַט, צום לאנד און צו טוער אינעם לאנד, אז איך זאָל כאנפענען אָדער גלאט לויבן. און...

## 11. צו דער פרוי פונעם דיכטער־פראָנטאָוויק הענעך שוועדיק

(אָן א דאטע)

בעטיע טײַערע!

דערשיטערט האָט מיך די ידיִע. דאָס דזשורנע מיידל אין שרײַבער־קלוב האָט מיר איבערגעגעבן אײַער בריוו דעם 11/VIII באטאג, כ'האָב טייקעף איבערגעלייענט. ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, צעוויינט האָב איך זיך. דאָס צעטל פון מײַנע נאָענטע פרײַנט ווערט אלץ קלענער און קלענער. פאר די צוויי יאָר האָב איך אָנגעווירן גורשטיינען, בעריאָזקינען[32], איצט — שוועדיקן.

...געפאלן, מײַנע פרײַנט, קעדיי די וועלט זאָל פרײַ זײַן.
עס וויינט מײַן הארץ, כאָטש, דאכט זיך, ס'איז פון אײַזן...

בעטיע טײַערע! אָפט דאכט זיך מיר, אז

...געבליבן כ'בין דאָרט אפן פּראָסטיקן שליאך,
אין פארשאָלטענער ראָד, אין פארקישעפטער ראָד
אפן פּראָסטיקן וועג לעם מיכײַלאָוו דער שטאָט,
מיט פארפרוירענע הענט און די ציינער פארקריצט,
און איך ליג דאָרט ביז הײַנט, און איך שטארב דאָרט אויך איצט...

און אָפט טוט מיר באנק, וואָס כ'בין טאקע ניט געבליבן דאָרט אף אייביק.

נאָר מע דארף עס באזיגן, מע מוז עס באזיגן.

...ווי כ'האָב זיך אין שווארצן מיכײַלאָווער גרויל באפוילן: — ניט שענק זיך אין קאָפּ די קויל!
ווי כ'האָב זיך געהייסן: — שטיי אוף פון שניי!
אויך איצט כ'וועל זיך הייסן: — שטיי אוף און גיי! —

מע דארף עס באזיגן, מע מוז עס באזיגן.

...נאָך אלץ ניט דערשלאָגן, נאָך אלץ ניט צעבראָכן,
מיר וועלן אדורכגיין מיט שווערסטע פון יאָכן.
מיר דארפן דערלעבן צום גרעסטן ניצאָכן,
אוי, טײַערע, אײנציקע־איינע.

ס'איז פערזן פונעם לידער־בוך, וואָס כ'גיב איצט אָפּ צום דרוק[33], — א מיליאָן־קיילעך פון דעם, וואָס כ'האָב איבערגעלעבט פאר די 2 יאָר, א מיליאָן־קיילעך פון דעם, וואָס כ'לעב איבער נאָך אזעלכע ידיִעס, ווי די ידיִע וועגן שוועדיקן. —

בעטיע טײַערע! איין באקאָשע: שרײַבט מיר טיי־קעף אָן, טעלעגראפירט מיר — אין וואָס נייטיקט איר זיך. איך וועל אָנעמען מיטלען, אז דער שרײַ־בער־פארייַן זאָל מיטהעלפן. ס'זײַנען דאָ פאראן לינקאָוו, קוליעשאָוו[34]. אויך די ייִדישע שרײַבער וועלן מיטווירקן.

עפּשער דארפט איר, ווילט איר אריבערפארן קיין מאָסקווע?

שיקט מיר צו שוועדיקס לידער — מע וועט זיי אָפּדרוקן אין די זאמלביכער „היימלאנד", וואָס דערשײַנען דאָ[35]. מע וועט עפּשער קענען ארויס־געבן א ביכל אין „עמעס". עטלעכע לידער וועט מען קענען אָפּדרוקן אין „אייניקײַט" (זי הייבט אָן ארויסגיין אין מאָסקווע).

שרײַבט מיר טייקעף אָן, טעלעגראפירט.

איר זײַנט מיר טײַער, ווי שוועדיקס לעבן, ווי שוועדיקס אָנדענק, ווי שוועדיקס ליד[36].

כ'נעם אײַך שטארק, שטארק ארום.

ע ז ר א.

11—2080

# באמערקונגען און קאָמענטאַרן

צו בריוו 1. מוישע כאַשטשעוואַצקי (1943—1897) — ייִדישער סאָוועטישער דיכטער. מיט כאַשטשעוואַצקין, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין בוקי, לעבן אומאַן, האָט זיך ע. פֿינינבערג באַפֿרײַנדעט נאָך אין די יוגנט־יאָרן, און די דאָזיקע פֿרײַנטשאַפֿט איז פֿאַרבליבן אַפֿן גאַנצן לעבן. אין א ליד, געווידמעט דעם העלדישן אומקום פֿון מוישע כאַשטשעוואַצקין, וועלכער איז געפֿאַלן אין 1943 אַפֿן שלאַכטפֿעלד, שרײַבט פֿינינבערג וועגן די דאָזיקע יאָרן:

...ווּעט, כאַווער, ווידער זײַן בא אונדז
א גרויסער שמועס:
ווי דו האָסט מיך אין זומער־טאָג
אין שטאָט אוקרײַנישער — אין אומאַן
גענומען בא די הענט
און מיר א זאָג געטאָן געטרײַ:
— קום, לאָמיר לאָזן זיך
דורך ווײַסע ווינטערס און דורך בלויע זומערס,
באַם פֿאָלק באַם ייִדישן
א יונגער דיכטער זײַ!..

די פֿינף בריוו צו כאַשטשעוואַצקין כאַפּן אַרום א פּעריאָד פֿון 1918 ביזן 1926 — די צײַט, ווען ביידע פֿרײַנט האָבן נאָך געזוכט זייער לעבנס־באַרוף און אים געפֿונען אין מעסירעסנעפּעשדיקן דינען דער ליטעראַטור.

[1] אין דעם זעלבן יאָר קומט טאַקע פֿינינבערג אָן אין קיִעווער פֿאָלקס־אוניווערסיטעט, אָבער אין א פּאָר כאַדאָשים אַרום פֿאַרלאָזט ער אים און קערט זיך ווידער אום קיין אומאַן.

[2] ל ע ש ט ש י נ ס ק י ן — יאַנקעוו לעשטשינסקי, ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, עקאָנאָמיסט.

[3] ל יי ב ל ע ן — געמיינט לייב קוויטקאָ.

צו בריוו 2.

[4] ווי אונדז איז באַוווּסט, זײַנען ע. פֿינינבערגס איבערזעצונגען פֿון גאַרשינען און טשעכאָוון ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, אָבער דער דאָזיקער פֿאַקט איז מערקווירדיק מיט דעם, וואָס פֿון דעם בריוו דערוויסן מיר זיך, אַז דער קינפֿטיקער גלענצנדיקער איבערזעצער פֿון געטעס „פֿאַוסט", פֿון פּושקינס ליריק און פֿון אַנדערע ווערק פֿון דער וועלט־ליטעראַטור האָט שוין פֿון די ערשטע יאָרן פֿון זײַן שעפֿערישער אַקטיווקײַט אַרויסגעוויזן א גרויסן אינטערעס צו דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט.

צו בריוו 3.

[5] „צ א ר ־ ב א ל ע כ א ִ ם" — איינס פֿון מ. כאַשטשעוואַצקיס יוגנט־ווערק, ניט פֿאַרעפֿנטלעכט.

[6] ע. פֿינינבערג פֿלעגט אָפֿט אַרויסטרעטן אין אומאַנער אַרבעטער־קלוב מיט רעפֿעראַטן וועגן דער נײַער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. שפּעטער דרוקט ער זײַנע אָפּהאַנדלונגען וועגן די נײַע דערשײַנונגען אין דער ליטעראַטור אין דער קיִעווער צײַטונג „קאָמוניסטישע פֿאָן" („ליטעראַרישע שמועסן").

[7] ס א ר ע — מ. כאַשטשעוואַצקיס פֿרוי.

צו בריוו 4.

[8] „ש ט ר אָ ם" — ליטעראַרישער זשורנאַל, דערשינען אין מאָסקווע אין די יאָרן 1922—1923.

[9] עס גייט א רייד וועגן ע. פֿינינבערגס דרײַ לידער, וועלכע זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אינעם 1־טן „שטראָם"־נומער פֿאַרן 1922.

צו בריוו 5.

זומער 1925 פֿאָרט ע. פֿינינבערג אַריבער קיין כאַרקאָוו, וווּהין ער ווערט אײַנגעלאַדן אַלס פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פֿונעם פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן, ליטעראַריש־קינסטלערישן און וויסנשאַפֿטלעכן זשורנאַל „די רויטע וועלט" (די דאָזיקע אַרבעט פֿילט ער אויס ביז אָנהייב 1927).

[10] מ. כאַשטשעוואַצקיס ליד „סערגיי יעסענינען" איז אָפּגעדרוקט אין נומ. 10 פֿון „דער רויטער וועלט". זי הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

מיר זײַנען ניכטערע און שטילע זײַנען מיר
און האַלטן אונדזערס פֿעסט אַזוי אין הענט.
פֿאַרוואָס זשע איז ער נאָענט אונדז, אָט דער ריאַזאַנער,
וואָס האָט זײַן לעבן ביזן טויט פֿאַרשווענדט?

שפּעטער, אין 1929, האָט מ. כאַשטשעוואַצקי אין זײַן בוך „אין שווערן גאַנג" אײַנגעשלאָסן די דאָזיקע ליד ווי א באַשטאַנדטייל פֿון א גרעסער ווערק, געווידמעט יעסענינען.

[11] „אָ ר כ י ם" — מ. כאַשטשעוואַצקיס א פּאָעמע, געדרוקט אין „דער רויטער וועלט", נום. 7—8 פֿאַרן 1926.

[12] מ אָ ט ל — מ. כאַשטשעוואַצקיס זון.

צו בריוו 6.

נ אָ כ ע ם  א ו י ס ל ע נ ד ע ר (1962—1893) — ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור־פֿאָרשער. דאָס ערשטע מאָל האָט ע. פֿינינבערג זיך באַקאַנט מיט נ. אויסלענדערן אין קיִעוו אין 1923, און פֿון דעמלט אָן זײַנען זיי געוואָרן פֿרײַנט. שפּעטער האָט ע. פֿינינבערג כאַסענע געהאַט מיט יעווע כענקין — דער שוועסטער פֿון דער ייִדישער דיכטערן מירע

כענקין (1900—1960), נ. אויסלענדערס פרוי. ע. פֿיניגבערגס בריוו צו נ. אויסלענדערן און מירע כענקין געהערן צום אופֿבלײַ־פֿעריאָד פֿון זײַן קינסטלערישער שאַפֿונג און אנטהאַלטן אינטערעסאַנטע ידיעס וועגן דער געשיכטע פֿון אייניקע זײַנע ווערק, ווי אויך ביאָגראַפֿישע פֿאַקטן.

[13] מירען — מ. כענקין.

[14] „שטשיפּאָק" — אַ גאַס אין זאַמאָסקוואָרעטשיע (ראַיאָן אין מאָסקווע), ווו עס האָבן געוווינט יעווע כענקין מיט אירע עלטערן.

[15] אויסלענדער פֿלעגט פֿון מאָל צו מאָל קומען קיין קיִעוו אַף צו לייענען לעקציעס אין קיִעווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, אַף דער יידישער קאַטעדרע.

[16] „דאָס געזאַנג פֿון מילדן לאַנד" — ע. פֿינינבערגס אַ פּאָעמע.

[17] עס גייט אַ רייד וועגן נ. אויסלענדערס קאָמאַנדירונג קיין אויסלאַנד (מיִרעוו־אייראָפּע) אין האַרבסט 1928.

[18] „רויש פֿון ביימער" — פֿינינבערגס לידער וועגן דעם בירגערקריג, אין וועלכע דער דיכטער האָט אויסגעדריקט זײַן אומעט און פּעסימיזם.

[19] אין זײַן פּאָעמע „דאָס געזאַנג פֿון מילדן לאַנד" האָט ע. פֿינינבערג געשריבן:

דאָרט אַף יאַמען בלאָווע, דאָרט באַ ברעגן מילדע
איז מײַן ליד באַהאַלטן — אַ שיפּעלע אַ גילדנס...
וועל איך איך זינגען דאָס געזאַנג פֿון דער כוואַליע,
דאָס געזאַנג פֿונעם שיפּל אונטער זון פֿון איטאַליע...

די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט די שורעס:

ס'איז אַלעס גוט! ס'איז גאָרניט ניט פֿאַרפֿאַלן!
לעבן זאָל דאָס שיפּעלע דאָס גילדנס פֿון איטאַליע!

[20] „פֿרוי מיטן שפּיגל" — אַ בילד פֿונעם גרויסן איטאַליענישן קינסטלער וועטשעליאָ טיציאַן (1477—1576), וועגן וועלכן ע. פֿינינבערג האָט אין אָנהייב פֿון זײַן לידער־ציקל „ערמיטאַזש" (1929) געשריבן:

אין ווײַטסטן צימערל,
אין ווינקל־וואַנט —
די וווּנדערלעכע פֿרוי
פֿון דאַרעם־לאַנד,
דײַן פֿרוי, וואָס מיטן שפּיגל,
טיציאַנאָ!...

[21] ד. וו. אָרפּענצטערל — געמיינט: באַם קאַסע־פֿענצטערל פֿונעם פֿאַרלאַג „דערזשאַוונע ווידאַווניצטוואָ אוקראַיִני" (מעלוכע־פֿאַרלאַג פֿון אוקראַינע).

צו בריוו 7.

[22] גאָריקן — געמיינט: פֿיניגבערגס עלטערן זון. אין די יאָרן פֿון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע העלדיש אומגעקומען אַפֿן פֿראָנט.

[23] „אַף לאַדעמירער וועג" — נ. אויסלענדערס פּראָזע־בוך, וועלכער האָט זיך דעמלט געדרוקט אינעם מעלוכע־פֿאַרלאַג פֿון אוקראַיִנע (דערשינען אין 1930).

[24] דער קאַמער־טעאַטער — מאָסקווער יידישער מעלוכע־טעאַטער.

[25] וואָפּסי — פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון פּססר שלוימע מיכאָעלס.

[26] „בראַניעפּאָיעזד" — די פּיעסע פֿונעם באַוווסטן רוסישן סאָוועטישן שרײַבער וו. איוואַנאָוו (1895—1963) „פּאַנצערצוג נומ. 69־14", וועלכע איז געשטעלט געוואָרן אויך דורכן מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאַטער.

[27] „די קריגן דויערן" — ע. פֿיניגבערגס לידער־בוך, וועלכער איז דערשינען אין קיִעווער קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע" (1930).

[28] „אין גרויסער שטאָט קיין פּרײַנט כ'האָב ניט געלאָזן" — אַ שורע פֿון מ. כענקינס ליד.

צו בריוו 8.

[29] עס גייט אַ רייד וועגן ע. פֿיניגבערגס פּיעסע „יונגען", איבער וועלכער דער דיכטער האָט דעמלט געאַרבעט לויט דער באַשטעלונג פֿונעם יידישן מעלוכע־טעאַטער פֿון אוקראַיִנע. די פּיעסע אין דרײַ אַקטן שילדערט דרײַ עפּאָכעס: די צײַט פֿון דער רעאַקציע, די פֿעוורואַל־רעוואָליוציע און די ערשטע יאָרן פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. כאָטש זי איז שפּעטער אופֿגעפֿירט געוואָרן אין דער רעזשי פֿון עפֿראַיִם לויטערן, האָט די שטעלונג באַקומען אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג מיצאַד דער טעאַטראַלער קריטיק. די פּיעסע איז ניט געווען געדרוקט.

[30] ע. פֿיניגבערגס ליד „האַס", געווידמעט סאַקאָ און וואַנצעטי, ענדיקט זיך מיט די שורעס:

די בורזשויען אַף לאַמטערנס!
האַק די מערדער, „גיליאָטין"!..

צו בריוו 10.

[31] מיטן קריטיקער הירש בעריאָזקין האָט ע. פֿיניגבערג זיך באַקאַנט אין מיטן פֿון די 30־ער יאָרן, קומענדיק קיין מינסק אַף אַ פֿלענום פֿונעם שרײַבער־פֿאַרבאַנד. דער בריוו צו ה. בעריאָזקינען איז אָנגעשריבן אַף שוואַרץ און איז ניט פֿאַרענדיקט.

צו בריוו 11.

דער בריוו וועגן העניך שוועדיקס (1943—1914) טויט איז אָנגעשריבן אין אוגוסט 1943.

32 צו ע. פיניגבערגן זײַנען דעמלט דערגאַנגען פאַלשע קלאַנגען, אַז אויך דער קריטיקער ה. בעריאַקין איז אומגעקומען.

33 עס גייט א רייד וועגן ע. פיניגבערגס לידער־בוך „פון שלאַכטפעלד", וועלכער איז דערשינען אין „עמעס"־פאַרלאַג אין 1943.

34 מיכאַס לינקאָוו, אַרקאַדי קוליעשאָוו — ווײַסרוסישע שרײַבער, וועלכע האָבן דאַן געלעבט אין מאָסקווע.

35 העניך שוועדיקס א ציקל לידער, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין סענטיאַבער — אָקטיאַבער 1942, זײַענדיק אַפן מײַרעוור־פראָנט, זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם ליטעראַרישן זאַמלבוך „צום זיג" (מאָסקווע, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", 1944).

36 ה. שוועדיקן האָט ע. פיניגבערג אין דער זעלבער צײַט, מיט וועלכער ס'איז דאַטירט זײַן בריוו צו דעם דיכטערס פרוי, געווידמעט א ליד „אָנדענק", אין וועלכער ער שרײַבט:

עס האָט א כאַווער מײַנער<br>
אין סאַנטייל,<br>
אין בלוט פון ווונד,<br>
וואָס קאָן ניט ווערן אויסגעהיילט,<br>
אין היץ פון גסיסע,<br>
פאַרן אויסהויך פון נעשאָמע<br>
דערזען מײַן פּאָנעם<br>
און דערמאָנט מײַן נאָמען<br>
און האָט דערפילט,<br>
אַז כ'קוש אים, כ'קוש אים הייס...

דעם 26 אָקטיאַבער 1944 האָט ע. פיניגבערג אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „אייניקייט" אן אַרטיקל „דער דיכטער ה. שוועדיק".

צוגעגרייט צום דרוק און קאָמענטאַרן —

כאַיִם ביידער

---

## בראָניק

### א נײַע אויסגאַבע פון ש. האַלקינס ווערק

דער פאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא" האָט ארויסגעגעבן אין א טיראַזש פון 10 טויזנט עקזעמפּליאַרן נאָך איין בוך פון די איבערזעצונגען פון שמועל האַלקינס לידער און באַלאַדעס.

די זאַמלונג, וועלכע הייסט „דאָ זײַנען מײַנע לעבעדיקע שפּראָצלינגען", עפנט זיך מיט אן אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ, וואָס שמועל האַלקין האָט אָנגעשריבן ניט לאַנג פאַר זײַן טויט.

■ ■ ■

# פאַרשיידנס

## לופט־הענדלער

„די לופט פון בערגען", „די לופט פון אָסלאָ"... אַזעלכע עטיקעטקעס קאָן מען זען אַף מיליאָנען קאָנסערוון־באַנקעס אין די נאָרוועגישע און שוועדישע מאַגאַזינען. אין נאָרוועגיע קאָסט א באַנקע „קאָנסערווירטע" לופט א האַלבע קראָנע, און אין שוועדן — זיבן מיט א האַלבער. די דאָזיקע פּראָדוקציע גייט אַראָפּ פונעם קאָנווייער פון דער נאָרוועגישער פירמע „בליקקעמבאַלאַסכע פאַבריק «AC»". די אימפּאָרטיר־פירמע קלעפּט בלויז אָן בונטע עטיקעטקעס מיטן נאָמען פון די ערטער, פון וועלכע מע האָט „אויסגעפּאָמפּעט" די לופט.

דער „לופט"־ביזנעס פון דער נאָרוועגישער קאָמפּאַניע האָט אַרויסגעבראַכט פון די קיילים די אייפּערדיקע קאָנקורענטן, באַזונדערס פון די, וועלכע האָבן זײַנערצײַט ניט שלעכט פאַרדינט אַפן עקספּאָרט פון „נאָרוועגישער" וואַסער. זיי האָבן געטײַנעט, אַז די „פירמע"־לופט פון בערגען אָדער אָסלאָ האָט קיין שום געמיינזאַמס ניט מיט די אָנגערופענע שטעט, ביפּראַט נאָך, אַז די באַנקעס זײַנען ביכלאַל ניט הערמעטיזירט. אָבער ביז וואַסער האָבן די פּיפּיקע נאָרוועגישע און שוועדישע לופט־הענדלער שוין באַוויזן אַרײַנלייגן אין זייערע קעשענעס גאַנץ פײַנע סומעס אַפן כעזשבן פון די ליבהאָבער פון וואָלוועלער עקזאָטיק.

## דער זיקאָרן איז אופגעשטעלט געוואָרן

אַנטאָניאָ טאַלענטאָ, א נעאַפּאָלער קליין־אָנגעשטעלטער, האָט אין דער מעסיבע פון זײַן פאַמיליע געקוקט א טעלע־וויזיע־טראַנסליאַציע. מע האָט איבערגעגעבן א כראָניק וועגן דער באָמבאַרדירונג פונעם שטעטל אַנטעקאַסינאָ אין 1944 יאָר. פלוצעם האָט אַנטאָניאָ אָנגעהויבן שרײַען: „כ'געדענק, כ'געדענק!".

קינדווײַז איז ער געוואָרן א קאָרבן פונעם אוויאַציע־אָנפאַל אַף דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל. ער האָט באַקומען א שווערע פאַרווונדונג אין קאָפּ, און מע האָט אים אַרויסגעפירט קיין נעאַפּאָל. ווען די טויט־געפאַר איז פאָריבער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס יינגעלע געדענקט נישט ניט זײַן נאָמען, ניט זײַן פאַמיליע, ביכלאַל גאָרנישט פון דעם, וואָס איז געווען פאַר דער טראַוומע. דרײַסיק יאָר האָט אַנטאָניאָ געטראָגן דעם נאָמען און די פאַמיליע, וואָס מ'האָט פאַר אים צוגעטראַכט אין שפּיטאָל. און פלוצעם... איצט האָט ער געפונען זײַנע אייגענע, נאָר ער האָט באַשטימט בלײַבן אַנטאָניאָ טאַלענטאָ, א נעאַפּאָליטאַנער.

## די „גאָלדענע פּאַגאָדע"

איינער פון די סאַמע מערקווירדיקע אַרכיטעקטור־דענקמעלער אין בירמע איז די באַוווסטע פּאַגאָדע שווע דאַגאָן אין ראַנגון. די 120־מעטערדיקע פּאַגאָדע האָבן אויסגעבויט די פאָלקס־מײַסטערס אינעם XII יאָרהונדערט, און פאַר דער דאָזיקער צײַט האָט מען זי בלויז איין מאָל רעסטאַווירט — אין 1768 יאָר. צוריק מיט דרײַ יאָר האָט מען אַף דער אויבערפלאַך פון דער פּאַגאָדע באַמערקט א שפּאַלט. די ספּעציאַליסטן האָבן זאָרגזאַם אויסגעפאָרשט די פּאַגאָדע און געפונען נאָך 130 שפּאַלטן. די רעגירונג פון בירמע האָט באַשטימט נאָכאַמאָל רעסטאַווירן די פּאַגאָדע.

ווי עס טיילט מיט די פּרעסע, וועט אַף באַצירן די אויבערפלאַך פון דער „גאָלדענער פּאַגאָדע" אויסגענוצט ווערן 35.000 גאָלדענע פּלאַטן. דער שירעם, וואָס באַצירט דעם קופּאָל פון דער פּאַגאָדע, איז איצט פונסנײַ אָפּגעפּאָלירט געוואָרן, און בא זײַנע ראַנדן האָט מען אופגעהאַנגען 2063 קליינינקע גאָלדענע, זילבערנע און אײַזערנע גלעקעלעך.

(טאַסס)

---

## א פּושקין־פּרעמיע אין איטאַליע

דער איטאַליענישער צענטער אַף דערלערנען די רוסישע שפּראַך און ליטעראַטור, וואָס ווײַזט אַרויס אַן אַקטיווע טעטיקײַט שוין אין מעשעך פון א סאַך יאָרן, האָט דאָ ניט לאַנג אײַנגעפירט א ליטעראַרישע פּרעמיע אַף פּושקינס נאָמען פאַרן בעסטן ווערק וועגן דעם לעבן און דער שאַפונג פונעם גרויסן רוסישן דיכטער. אין די באַדינגען פונעם קאָנקורס ווערט אָנגעוויזן צווישן אַנדערן, אַז דאָס ווערק דאַרף זײַן א פונדאַמענטאַלע פאָרשונג אַף א וועלכער־ניט־איז טעמע פון פּושקינס גראַנדיעזער שאַפונג. אַלס פּרעמיע וועט דער זיגער אינעם קאָנקורס באַקומען רעכט אַף דער פּובליקאַציע פון זײַן אַרבעט אין איינעם פון די איטאַליענישע ליטעראַרישע זשורנאַלן און אויך אַף א רײַזע אין סאָוועטנפאַרבאַנד אַף לער.

## אַן אומדערמידלעכער לעקטאָר

אין קאַונאַס איז גוט באַקאַנט איינער פון די עלטסטע לעקטאָרן פון דער ליטווישער רעפּובליק לעאָנאַס דאַליס, וועלכער איז בא זײַנע 82 יאָר גאַנץ אַקטיוו און ענערגיש.

פאַר די לעצטע 25 יאָר האָט ער איבערגעלייענט בא 1.700 לעקציעס, אַף וועלכע עס זײַנען בײַגעווען קימאַט 250.000 מענטשן.

די הויפּט־טעמאַטיק פון זײַנע אַרויסטרעטונגען איז די פעלקער־פרײַנטשאַפט. דאַליס האָט געלייענט לעקציעס אין די ברידערלעכע רעפּובליקן, אין מאָסקווע, לענינגראַד, אוליאַנאָווסק, טאָליאַטי, קעשענעוו.

ט. באַלקעוויטשיוס („איזוועסטיאַ")

## בוראַטינאָס מוזיי

אין איינעם פון די זאַלן פונעם פלאָרענטינער פאַרלאַג „בעמפּאָראַד" פאַרנעמט דעם אויבנאָן פּינאָקקיאָ, אָדער בוראַטינאָ. פון אַלע לענדער זײַנען דאָ צונויפגעזאַמלט די ביכלעך וועגן דעם באַרימטן הילצערנעם ווײַסכעווערניק, דערין אויך אונדזערע, סאָוועטישע אויסגאַבעס. די מײַסעלעך פונעם איטאַליענישן שרײַבער קאָללאָדי (זײַן עמעסער נאָמען איז קאַרלאָ לאָרענציני) גייען אַרײַן, לויט די ידיעות פון יונעסקאָ, אינעם ערשטן פינפטלינג פון די ווערק אין דער וועלט לויט דער צאָל איבערזעצונגען אַף פאַרשיידענע שפּראַכן.

בוראַטינאָ איז שוין אַלט העכער 90 יאָר. די ערשטע אויסגאַבע איז דערשינען אין פלאָרענץ אין 1883 יאָר מיט א טיראַזש בלויז פון 3 טויזנט עקזעמפּלאַרן. דאָס ביכל פון קליינעם פאָרמאַט איז געווען

## דעשיפרירט אַן אוראַלטן הימן

די אמעריקאַנער געלערנטע־מוזיקפֿאָרשער האָט זיך אײַנגעגעבן אופשטעלן דעם אַלטערטימלעכן סובאַרעיִשן הימן „די ליד פון די געטער", וואָס איז געשאַפן געוואָרן, ווי די געלערנטע מיינען, העכער פיר טויזנט יאָר צוריק אין באָוול.

די ווערטער און די מעלאָדיע פונעם הימן זײַנען געווען פאַרשריבן אַף ליימענע פלאַטן, וואָס מע האָט געפונען בײַס די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין נינווע — דעם גרעסטן קולטור־צענטער און די הויפּטשטאָט פון דעם אַלטערטימלעכן אשור. די ווערטער האָבן דעשיפרירט נאָך אין 1936 יאָר די געלערנטע פונעם קעמברידזשער אוניווערסיטעט, אָבער ביז דער לעצטער צײַט האָט זיך קיינעם ניט אײַנגעגעבן אופצושטעלן די מעלאָדיע פונעם הימן.

דעשיפרירן די פאַרשריבענע נאָטן האָט זיך אײַנגעגעבן דעם ספעציִאַליסט פון אַלטערטימלעכער מוזיק דזשאָרדזש סטאַשעק. „די ליד פון די געטער", אין דער אויספילונג פונעם זינגער אוויִליאַם לעם אין דער פּאָרטעפּיאַן־באַגלייטונג פון דזש. סטאַשעק, איז איצט פאַרשריבן אַף א פּלאַט.

## אַן איידעס פון פאַרגאַנגענע צײַטן

איר געדענקט, ווי פאַמוסאָוו פלעגט טײַנען צו דער דינסט: „דו אליין ציסט אַן דעם זייגער, און דונערסט מיט דער סימפּאָניע אַף דער גאַנצער גאַס"? דער זייגער, וואָס גריבאָיעדאָוו האָט „באַשריבן" אין „צאָרעס פון סייכל", האָט זיך פאַרהיט ביז הײַנטיקן טאָג, און יעדע האַלבע שאָ שפּילט ער אויס א פּאָלאָנעז.

דער זייגער, וועלכער איז געמאַכט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פונעם XVIII יאָרהונדערט אין לאָנדאָן, האָט שפּעטער געהערט דעם באַוווּסטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר א. א. אַליאַביעוו, בא וועמען דער שרײַבער האָט אים דערזען. פון די אַליאַביעווס איז דער זייגער אַריבערגעגאַן צו זייערע יאָרשים, וואָס האָבן געלעבט אינעם טעקסטיל־שטעטל סאַבינקאַ. דאָ איז דער זייגער לאַנגע יאָרן געשטאַנען אָן א געוויכט און אָן אומרו. איצט איז דער „גריבאָיעדאָוו"־זייגער רעסטאַווירט געוואָרן און ווערט עקספּאָנירט אַף דער אויסשטעלונג „כפייצים דערציילן וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט", וועלכע ס'האָט אָרגאַניזירט דער וולאַדימיר־סוזדאַלער מוזיי.

## א קאָלעקציע פון פּאַלשיווקעס

די פּאָליציי פונעם רוימישן ראַיאָן טראַסטעווערע האָט אין אירע קעלערן צונויפגעזאַמלט אַן אויסטערלישע קאָלעקציע. דאָרט געפינען זיך פיר טויזנט פאַלשע בילדער, וועלכע ס'זאָלן האָבן קלוימערשט געמאָלט ניט בלויז הײַנטצײַטיקע מאָלער, נאָר אויך גאָיאַ, רובענס, רענואַר. די קאָלעקציע איז נאָך א יונגע. מע האָט זי אָנגעהויבן זאַמלען בלויז אין מײַ 1973 יאָר. פיל פון אָט די פּאַלשיווקעס זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן אין בעקאָוועדיקע גאַלערייען, אָדער ס'האָבן זיי פאַרקויפט אָנגעזעענע הענדלער.

## דעם פּאַרפענאָן דראָעט א געפאַר

איינעם פון די גרעסטע דענקמעלער פון דער אַלט־גריכישער אַרכיטעקטור — דעם פּאַרפענאָן — דראָעט א געפאַר כאָרעוו צו ווערן. ווי ס'ווײַזן אָן די גריכישע ספעציִאַליסטן, איז דער גאַנצער אַקראָפּאָל, אַף וועלכן ס'שטייט דער פּאַרפענאָן, פול מיט שפּאַלטן. די געלערנטע לייגן פאָר פאַרגיסן די דאָזיקע שפּאַלטן מיט שטאָל און צעמענט.

אין רעזולטאַט פונעם פאַרמיסטיקן די אַטמאָספער, פון דער וויבראַציע, וואָס ווערט געשאַפן דורך די עראָפּלאַנען, וועלכע פליִען אַף א קליינער הייך, און פון דער אינוואַזיע פון מיליאָנען טוריסטן האָט דער מאַרמאָר פונעם פּאַרפענאָן פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר געליטן מער ווי פאַר אַלע צוויי מיט א האַלבן טויזנט יאָר פון זײַן עקזיסטענץ.

---

רײַך איליוסטרירט. דער הויפּט־העלד זעט אויס אַף די געמעלן קימאַט אַזוי, ווי עס קענען אים הײַנטצוטאָג די סאָוועטישע קינדער.

נאָך דעם ווי פּינאָקקיִאָ האָט זיך באַוויזן אַף דער וועלט, איז ער אַף אַזויפיל געפעלן געוואָרן די קליינינקע לייענער, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן פאָדערן א פאָרזעצונג פונעם בוך. צוערשט אין איטאַליע, דערנאָך אויך אין אַנדערע לענדער זײַנען דערשינען ביכער וועגן נײַע פּאַסירונגען פונעם הילצערנעם מענטשעלע. די דאָזיקע פּילצאָליקע אימפּראָוויזאַציעס זײַנען אָבער געווען א סאַך שוואַכער פון קאָלאָדיס ווערק.

## רעקלאַמע־„אַלפּיניזם"

די דורכגייער אַף איינער פון די ניו־יאָרקער גאַסן האָבן געשטוינט, דערזעענדיק, ווי אַן עלטערער מענטש, אַרומגעוויקלט מיט שטריק, קלעטערט אַף דער וואַנט פונעם צוועלפשטאָקיקן מאַגאַזין פון דער פירמע „אַבערקראָמבי ענד פיטש". זייער שטוינונג האָט זיך געענדיקט, ווען דער „אַלפּיניסט" האָט זיך בעשאָלעם אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז גופע דער פּרעזידענט פון „אַבערקראָמבי ענד פיטש". ווי ער האָט געמאָלדן, איז דער ציל פון זײַן „אַרופשטײַגן" געווען דעמאָנסטרירן די זיכערקײַט פון דעם דאַקראָן־שטריק, וואָס זײַן פירמע קלײַבט זיך לאָזן אין פאַרקויף פאַר די ליבהאָבער פון אַלפּיניזם.

## אָפּגעזוכט די שיף „טשעליוסקין"

בײַס דער פּאַראַיאָריקער נאַוויגאַציע איז פאַר דער פּערטער אַרקטישער הידראָגראַפישער קאָמפּלעקס־עקספּעדיציע געשטעלט געוואָרן אַן אופגאַבע געפינען די שיף „טשעליוסקין" און זי גענוי באַטראַכטן.

די הידראָגראַפישע גרופּע פון דער עקספּעדיציע, וואָס האָט זיך באַזירט אַף דער שיף „סטעפּאַן מאַליגין", האָט, אָנווענדנדיק די נײַסטע הידראָ־אַקוסטישע אַפּאַראַטור און הײַנטצײַטיקע מעטאָדן, דורכגעפירט א קאָמפּליצירטן קאָמפּלעקס מאָסמיטלען. אַף דער טיף פון 50 מעטער האָט די אַפּאַראַטור פאַרפיקסירט די דערטרונקענע שיף. דער דאַמפּער געפינט זיך אין א גאַנץ גוטן צושטאַנד. ער האַלט אין דער לענג בא הונדערט מעטער און די ברייט 16 מעטער, דאָס אַנטשפּרעכט דעם טעכנישן פּאַספּאָרט פון דער שיף „טשעליוסקין".

אַדאַנק די סקרופּולעזע פאָרשונגען מיצאַד די יאַם־לײַט, הידראָגראַפן און געלערנטע זײַנען באַוווּסט געוואָרן נײַע פאַקטן פון דער „טשעליוסקין"־עפּאָפּיי. ס'איז פאַרפינקטלעכט געוואָרן דאָס אָרט, ווו די שיף איז דערטרונקען. לעגאַבע דעם אָרט, וואָס די טשעליוסקינצעס האָבן פעסטגעשטעלט דעם 14 פעווראַל 1934 יאָר, באַטרעפט דער אונטערשייד 0,6 מײַל.

וו. מיכײַלאָוו („איזוועסטיִא")

# נאַטאַן זאַבאַרע



אין קיִעוו איז דעם 19 פעברואַל ד. י. געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע דער אָנגעזעענער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע־שרײַבער נאַטאַן זאַבאַרע. ערשט צוריק מיט עטלעכע טעג האָבן מיר אים געזען אין מאָסקווע, אין לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד”, אַ מונטערן, אַ באַגײַסטערטן פון גרויסע שעפערישע פּלענער, אין סאַמע מיטן פון דער אַרבעט איבער דער מערקווירדיקער היסטאָרישער עפּאָפּיי, וועלכע דרוקט זיך שוין העכער דרײַ יאָר אין אונדזער זשורנאַל.

נאַטאַן זאַבאַרע האָט דורכגעמאַכט אַ פּרוכטבאַרן פינף־און־פערציקיאָריקן שעפערישן וועג אין דער ליטעראַטור. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 27 דעקאַבער 1908 אינעם שטעטל ראָהאַטשאָוו, אין אַ פּאַמיליע פון האָרעפּאַשניקעס. געלערנט האָט ער זיך אין אַן אוקראַיִנישער שול, געאַרבעט אַלס בויער ביזן 1931, געדינט אין דער רויטער אַרמיי אין אַ ראַדיאָ־באַטאַליאָן. אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָט ער שטודירט אין דער אַספּיראַנטור פונעם קיִעווער אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט האָט זאַבאַרע אָנגעהויבן אין 1930 מיט דער דערציילונג „אַ געשוויר” (אין זשורנאַל „פּראָליט”). שפּעטער שאַפט ער אַ ריי ווערק וועגן דער שעפערישער מי פונעם פאָלק אין די יאָרן פון די ערשטע פינפיאָרן: „ראַדיאָ־ראָמאַן” (1932), וועלכער איז געווידמעט דער רויטער אַרמיי, דער דערציִונג פון אַרמייִשע ראַדיסטן, „ני־לאָוקע” (1934) — וועגן דעם באַנײַטן שטעטל אין די יאָרן פון דער אינדוסטריאַליזאַציע, אַ בוך נאָוועלן און פאַרצייכענונגען „מענטשן און צײַטן” (1935), די ראָמאַנען „פון לאַנד צו לאַנד” (1938), „דער פאָטער” (1940).

זאַבאַרעס ווערק ביז דער גרויסער פּאַטעריאָטישער מילכאָמע בילדן אַ גאַנצן עטאַפּ אין זײַן שעפערישער ביאָגראַפיע. אין אָט דעם פּעריאָד אַנטפּלעקן זיך שוין די גרונט־אייגנשאַפטן פון זײַן נוסעך — די פאַרבינדונג מיט דער קלאַסישער טראַדיציע („נילאָווקע”), די שטענדיקע שטרעבונג צו נאָוואַטאָרישע זוכונגען („ראַדיאָ־ראָמאַן”), די נייגונג צו היסטאָרישער עפּישער שילדערונג, באַנאַנד מיט דער סאַמע ענגער פאַרבינדונג מיט די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקייט.

די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע און די יאָרן נאָך איר שאַפן דעם צווייטן עטאַפּ אין זאַבאַרעס ליטעראַרישער טעטיקייט. ווי אַ סאַך אַנדערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, איז נאַטאַן זאַבאַרע געווען אַן אָנטיילנעמער פונעם קריג. אַ געוויסע צײַט האָט ער נאָכן זיג מיטגעאַרבעט אין דער בערלינער צײַטונג „טעגלעכע רונדשאַו” און פאַרעפנטלעכט דאָרט מאַטעריאַלן וועגן דער רוסישער קולטור און ליטעראַטור. דאָס אַלץ האָט פאַרברייטערט זײַן שעפערישן האָריזאָנט. עס פורעמט זיך נאָך מער אויס אין זײַן שאַפונג דער סטיל פון היסטאָרישער שילדערונג, וואָס עס איז צו זען פונעם ראָמאַן „הײַנט ווערט געבוירן אַ וועלט” („סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 3, 1965) — אַ ווערק וועגן די געשעענישן באַם פינאַל פון דער מילכאָמע. אין דער היסטאָרישער דערציילונג „אַף געקרייצטע וועגן” („סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 12, 1966) ווערט געשילדערט די אוקראַיִנישע און ייִדישע פּראָגרעסיווע ליטעראַרישע אינטעליגענץ פון XIX און אָנהייב XX יאָרהונדערט (לעסיאַ אוקראַיִנקאַ, קאָטליאַרעווסקי, מאָרדכע־זעיוו פײַערבערג, מוישע אָלגין און אַנד.), דער ראָמאַן־כראָניק „אַ פּאָשעטע מאַמע” („סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 9—11, 1967) דערציילט וועגן די העלדן פון דער אָקטיאַבער־עפּאָכע (טשודנאָווסקי, פּאָדוואָיסקי און אַנד.).

די דאָזיקע היסטאָרישע ראָמאַנען און דערציילונגען וועגן דער נאָענטער און ווײַטער פאַרגאַנגענהייט האָבן צוגעגרייט דעם שרײַבער צום לעצטן עטאַפּ פון זײַן שאַפונג, ווען ער האָט געאַרבעט איבער די ראָמאַנען פון זײַן היסטאָרישער עפּאָפּיי. דער ערשטער בוך פון אָט דער עפּאָפּיי, „ס'איז נאָך גרויס דער טאָג” („סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 10, 1972) האָט גלײַך אַרויסגערופן אַ באַדײַטנדיקן אינטערעס פונעם לייענער און פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט סײַ בײַ אונדז אין לאַנד, סײַ אין אויסלאַנד. דער צווייטער בוך — „אונטער דער הייסער זון פון פּראָוואַנס” („סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 9—10, 1973) — האָט דעם אינטערעס נאָך מערער פאַרשאַרפט. אין די ערשטע נומערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד” פונעם לויפנדיקן יאָר איז פאַרעפנטלעכט דער דריטער בוך — „אינמיטן דעם העלן באַטאָג”.

ניט דאָ איז דאָס אָרט און ס'איז נאָך ניט די צײַט אונטערצופירן סאַכאַקלען פון אָט דעם גרויסן ווערק. עס רופט אַרויס באַוווּנדערונג און אַנציקונג די מײַסטערשאַפט און ערודיציע פונעם אַווטאָר, זײַן פרײַ אָריִענטירן זיך אין דער עפּאָכע, וועלכע איז אָפּגעוויַיטערט פון אונדז אַף אַ היסטאָרישער דיסטאַנץ פון העכער 700 יאָר, די וואָרהאַפטע שילדערונג פון סאָציאַלע, קולטורעלע, שטייגערישע בילדער, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קאָנפליקטן, פון היסטאָרישע, וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פּערזענלעכקײַטן סײַ אין דער ייִדישער סוויווע, סײַ אין דער אייראָפּעיִשער. אַ רײַכער קינסטלערישער סטיל אַנטפּלעקט זיך אין דער רעאַליסטישער שילדערונג און אין דער ראָמאַנטישער דערהויבנקײַט פון די געשטאַלטן.

נאַטאַן זאַבאַרע איז אַרויסגעריסן געוואָרן פונעם לעבן טאַקע אין מיטן העלן טאָג, אין סאַמע שוווּנג פון זײַן שעפערישן אויפבלי. דער פאַרלוסט איז גרויס, און גאָרנישט קאָן אים ניט פאַרפילן. אין טיפן צער און טרויער פאַרנייגן מיר זיך פאַר נאַטאַן זאַבאַרעס ליכטיקן אָנדענק.

■ ■ ■

# קאַלײדאָסקאָפּ

## די שײַן פאַרטרײַבט דעם כושעך

„פון וועמען לאַכט איר?.."

נ. גאַגאָל

די וויטער געבראַכטע עפּיזאָדן זײַנען רעאַלע פאַקטן, וועלכע זײַנען אין פאַרשיידענע לענדער געשען מיט דערפינדונגען און זייערע דערפינדער, מיט אנטדעקונגען און זייערע אנטדעקער. די קאָריפייען פון דער וויסנשאַפט און טעכניק, וואָס א סאַך פון זיי זײַנען אַרײַן אין דער וועלט־געשיכטע, האָט מען ניט זעלטן באַגעגנט סקעפּטיש און פײַנטלעך, מיט געשרייען: „ניט עמעס, עס קאָן ניט זײַן, אזוינס איז קיינמאָל ניט געווען". אָבער די דערפינדער און אנטדעקער זײַנען געגאַנגען זייער וועג.

• דער אלט־גריכישער פילאָסאָף סאָקראַט האָט געמוזט אויסטרינקען סאַם און שטאַרבן, ווײַל ער איז געווען פרײַ פון די אָבערגלויבענישן פון זײַן צײַט.

• דער פילאָסאָף־מאַטעריאַליסט אַנאַקסאַגאָר איז אויסגעשטאָנען רעדיפעס דערפאַר, וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו זאָגן, אז די זון איז פיל גרעסער פונעם אינדזל פּעלאָפּאָנעס.

• דזשאָרדאַנאָ ברונאָ האָט געזאָגט: „איך בין א מיטגליד פון אן אקאַדעמיע, וואָס איז נאָך ניטאָ אף דער וועלט. איך האָב ניט קיין קאָלעגן צווישן די הייליקע אָבסקוראַנטן". דער טראַגישער סאָף פון דזשאָרדאַנאָ ברונאָ איז אַלגעמיין באַוווּסט.

• אין XVI יה. האָט דער שפּאַנישער געלערנטער מיגועל סערוועט שוין געהאַלטן באַם לייזן די רעטעניש פון בלוט־צירקוליאַציע. ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן זײַן ארבעט: מע האָט אים פאַרברענט אפן שײַטער. די רעטעניש איז געלייזט געוואָרן א סאַך שפּעטער. ס'האָט שוין אָבער ניט געקאָנט העלפן די קראַנקע מענטשן אין יענער עפּאָכע, ווען מע האָט מיגועל סערוועטן פאַרברענט.

• אין איטאַליע האָט מען אין מיטלאַלטער דערקלערט א קרייצצוג קעגן מענטשן, וואָס טראָגן ברילן, ווײַל „ברילן — דאָס איז א זאַך, וואָס שטאַמט פונעם טײַוול".

• קאָלומבן האָט מען פאַרשאָלטן און פאַרטריבן פון דער קירך דערפאַר, וואָס ער האָט געזאָגט, אז די ערד איז קײַלעכדיק. אין קאָלומבוסעס צײַטן האָט מען געהאַלטן, אז זײַן רײַזע איז אן אומזין, ער וועט זיך געוויס אראָפּקײַקלען פון דער ערד און ארײַנפאַלן אין אוילעם־האַטויע.

• די פּראָפעסאָרן פון פלאָרענץ זײַנען געווען מאָלע כיימע פון גאַליליים באַהױפּטונג, אז עס איז פאַראַן א פּלאַנעטע, וואָס הייסט יופּיטער.

• גאַלוואַנין האָט מען מיט רוגזע גערופן „דער לערער פון טענץ בא די פרעש". אַזאַ נאָמען האָט מען אים געגעבן פאַר זײַנע עקספּערימענטן מיט די נערוון־מוסקולן פון פרעש, בייס ער האָט געפּאָרשט, וויאַזוי עס ווירקט אַף זיי די עלעקטריציטעט. אַדאַנק די דאָזיקע עקספּערימענטן זײַנען שפּעטער געשאַפן געוואָרן די גאַלוואַנישע עלעמענטן.

• אין 1885 האָט מען באַשלאָסן צו אויסבויען די ערשטע אײַזנבאַן. די קירך (און אויך דער דעמלטיקער שטערן פון דער מעדיצין באַוואַרי) האָבן געטײַנעט, אז זיי זײַנען קעגן דעם דאָזיקן אופטו, ווײַל „אן אײַזנבאַן, אויב מע וועט זי טאַקע אויסבויען, וועט ברענגען א גוואַלדיקן שאָדן דעם געזונט פון די מענטשן: פון דער שנעלער באַוועגונג וועלן מענטשן כאַפּן א מאַרך־דערשיטערונג, פונעם קוקן אפן לויף פון די צוגן — א קאָפּשווינדל". זיי האָבן געפּאָדערט, אז די אײַזנבאַן־ליניע זאָל כאָטש פאַרשטעלט ווערן פון די מענטשן מיט הויכע פּאַרקנס...

• פולטאָנען, דעם שעפער פון א דאַמף־שיף אף רעדער, האָט נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט אָנגערופן מעשוגענער. פולטאָן איז געווען דער פאַרזעצער פונעם אופטו פון דזשאָן פיטש, וועמען מע האָט גערודעפט אזוי לאַנג, ביז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

• ווען אין ענגלאַנד איז שוין אײַנגעפירט געוואָרן גאַז־באַלײַכטונג, האָט דער פראַנצויזישער אינזשעניער לעבאָן צוגעשטעלט א פּראָיעקט פון באַלײַכטן פּאַריזש מיט גאַז־לאָמפּן, וועלכע ער האָט געשאַפן אין זײַן לאַבאָראַטאָריע. ער האָט אײַנגעלאַדן די אָנפירער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, זיי זאָלן קומען זען זײַנע גאַז־לאָמפּן, נאָר מע האָט פון אים זיך אויסגעלאַכט, און קיינער איז ניט געקומען. דעם 2 דעקאַבער 1804 האָבן פאַנאַטיקער אכזאָריעסדיק דערמאָרדעט דעם אינזשעניער לעבאָן. די הויפּטשטאָט פון פראַנקרײַך האָט באַקומען גאַז־באַלײַכטונג ערשט אין 14 יאָר אַרום.

• דעם 11 מאַרט 1878 האָט דער פיזיקער דימאַנסעל דעמאָנ־

סטרירט פאַר די מיטגלידער פון דער פראַנצויזישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע עדיסאָנס פאָנאָגראַף. ווען דער פאָנאָגראַף האָט אָנגעהויבן איבערכאַזערן די ערשטע פאַרשריבענע פראַזע, האָט איינער פון די אַקאַדעמיקער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן פאַרשער און אויסגעשריִען: „מיר וועלן ניט דערלויבן צו נאַרן אונדז מיט די רייד פון אַט דעם גילגל! זאָל ער טייקעף אָנשוויגן ווערן!“ אָבער דער „גילגל“ איז ניט אָנשוויגן געוואָרן, דער פאָנאָגראַף לעבט ביז הייַנט.

* דער גרויסער כימיקער לאַוואַזיע „האָט געוווּסט, אַז מעטעאָריטן זייַנען אַ קינדער־מייַסע“, ווייַל... „אַפילו פאַר אַ קינד איז קלאָר, אַז קיין שטיינער אין הימל וואַלגערן זיך ניט!“..

* אין דער צייַט פון מאַרקאָנין האָבן אַפילו זייַנע נאָענטע פרייַנט געטייַנעט, אַז אים וועט זיך קיינמאָל ניט אייַנגעבן צו איבערגעבן קלאַנגען דורך דער לופט...

* פון מאָרזען און פון זייַן אַפּאַראַט האָט מען אויך געהוזק געלאַכט...

* און וואָס האָט מען געטראַכט וועגן די דערפינדער פונעם טעלעוויזיע־טרייַבל? מע ווייסט דאָך, אַז איבערגעבן בילדער דורכן פּוסטן רוים איז „אַ ווילדע אידיי“...

* אַ סאַך מענטשן האָבן זיך ניט געקאָנט ערנסט באַציִען צו די ברידער רייַט, ווען זיי האָבן געפּרוּווט אויסבויען אַ מאַשין, וואָס זאָל, לויט זייערע „משוגענע רייד“, קאָנען פליִען איבער דער לופטן. יעדער איינער פאַרשטייט דאָך, אַז אַזאַ מאַשין וועט זייַן שווערער פון אַ פויגל און וועט אומבאַדינגט אַראָפּפאַלן!

* הייַנט ווילט זיך לאַכן, דערמאָנענדיק זיך, אַז עס איז געווען אַ צייַט, ווען מענטשן האָבן געלאַכט פונעם פאָרשלאָג צו אויסבויען אַ „קאָנקע אָן פערד“. האָט מען דען געדאַרפט דערקלערן, אַז „פערד“ אין אַזאַ קאָנקע זייַנען יאָ פאַראַן, נאָר זיי געפינען זיך אין דער פאָרם פון מאָטאָר־ענערגיע טיף אין דער מאַשין?

* און לאָמיר זיך דערמאָנען דעם גאָר ניט פייַנעם קאַבאַלעספּאָנעם, וואָס מע האָט בעשייַטע געמאַכט דעם געניאַלן אַלבערט איינשטיין. איצט זייַנען זייַנע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, וועלכע רעוואָליוציאָניזירן די וויסנשאַפט, דערוויזן עקספּערימענטאַל.

* ווי קאָמיש עס האָט געקלונגען די מיינונג, אַז זשול ווערנס „נאַוטילוס“ איז אַ גאַנץ רעאַלע זאַך, ווי אַ סאַך אַנדערע „פאַנטאַזיעס“, וואָס זייערע שפּעטער האָבן צוגעגרייט אונדזער פּסיכיק צום פאַרשטיין נייַע באַגריפן אין דער מאָראַל און אין דער טעכניק, אין דער וויסנשאַפט און אינעם וועלט־באַנעם. זיי האָבן די ערשטע אויפגענומען די אידייען, וועלכע „טראָגן זיך מאַמעש אַרום אין דער לופט“...

* צום סוף לאָמיר אָנרופן פראַנקלינען, דאַגערן, דאָס פּאָרפּאָלק קיורי און פיל־פיל אַנדערע, — זיי האָבן דאָך אַרייַנגעטראָגן זייער כיילעק אין דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט, אינעם שאַפן אַ בעסערע צוקונפט פאַר דער מענטשהייַט, קעמפנדיק קעגן טעמפּקייַט, אינערץ, באַגרענעצטקייַט. זיי האָבן געוווּסט: דער געלערנטער, דערפינדער, נאָוואַטאָר, וואָס איז בעעמעס נייטיק דער וויסנשאַפט, דעם לאַנד, דער וועלט, טאָר ניט טראַכטן וועגן די שוועריקייַטן, אַפילו וועגן דער סאַקאָנע, וואָס אים דראָעט אין זייַן וועג, ער דאַרף טראַכטן בלויז וועגן דעם, צי איז זייַן אידיי ריכטיק, צי וועט זי העלפן די מענטשן.

סאָפקאָלסאָף זיגט דער עמעס, די שייַן פאַרטרייַבט דעם כוישעך, די לאַמטערנס צינדן זיך אָן, און ניט בלויז אין פּאַריזש. דער פאַנאַטיזם פון די אַלמעכטיקע אַפּאַלאַגעטן פונעם מיטלאַלטערלעכן אָבסקוראַנטיזם האָט ניט געקאָנט פאַרצאַמען דעם וועג פאַרן פאָרויסמאַרש פון דער געשיכטע.

וו. איוואַנאָווא



## וויניק־באַוווסטע פאָטאָגראַפיעס
## פון ארן קושניראָוו

1. ארן קושניראָוו אין 1935 (מאָסקווע)

2. בײַם דער פאָטערלענדישער מילכאָמע (זומער 1941)

3. מיט זײַן לעבנס־פרײַנט ליובע אין די 20־ער יאָרן

4. מיט א שלארט־כאווער (ווינטער 1943)


3


1


4


2

# קום אַרײַן אין מײַן וועלט

ווערטער פון ארן ווערגעליס — מוזיק פון סערגיי טשעבאָטאַריאָוו

Moderato con moto (♩ = 100)

Kum a-rajn.

Kil zix op in majn hic, Bri zix op ba majn kelt. In majn velt kum a-rajn. Kum a-rajn in majn velt.

Si-kez vez fun majn vint, nix-tez vez fun majn vajn. Kum a-rajn in majn velt. In majn velt Kum a-rajn.

Fraak-un fraj dir majn vald, un ge-dixt dir majn feld. In majn velt kum a-rajn. Kum a-rajn in majn velt.

rit.

Kum a-rajn.

morendo

קום אַרײַן.

קיל זיך אָפּ אין מײַן היץ, ברי זיך אָפּ בא מײַן קעלט.
אין מײַן וועלט קום אַרײַן.
קום אַרײַן אין מײַן וועלט.

שיקער ווער פון מײַן ווינט, ניכטער ווער פון מײַן ווײַן.
קום אַרײַן אין מײַן וועלט.
אין מײַן וועלט קום אַרײַן.

פראַנק־און־פרײַ איז מײַן וואַלד, און געדיכט איז מײַן פעלד.
אין מײַן וועלט קום אַרײַן.
קום אַרײַן אין מײַן וועלט.

---

# אווראָם פּריבלודע — 75 יאָר

די ליבע צו ביכער איז בא אווראָם פּריבלודען געבוירן געוואָרן נאָך אין דער פריִער קינדהייט, ווען ער האָט אָנגעהויבן העלפן דעם טאַטן, דעם אײַנבינדער, אין זײַן אַרבעט. געבוירן געוואָרן אין באַלטע, האָט ער נאָך דער גימנאַזיע פאַרענדיקט אין אָדעס דעם יורידישן פאַקולטעט. געווען אַ לערער פון ייִדישער געשיכטע, דערנאָך זיך אָפּגעגעבן יוריספּרודענץ.

און גראַדע דער פאַך פון אַ יוריסט באַהעפט אַ. פּריבלודען צו דער ייִדישער שפּראַך. ער טרעט אַרויס אין דער קאַמער פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פונעם אָדעסער שטאָט־געריכט, זעצט איבער אויף ייִדיש דעם קרימינעלן קאָדעקס און דעם ערד־קאָדעקס, אַרבעט אין „ייִדגעזקאָם“.

די הויפּט־טעמע אין אווראָם פּריבלודעס שאַפונג איז ייִדישע אַנטראָפּאָנימיק. ער שרײַבט אויך דאָקומענטאַלע פאַרצייכענונגען וועגן דעם אָנטייל פון די סאָוועטישע ייִדן אין פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פונעם לאַנד, אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, אינעם בירגערקריג און אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקאַנען מיט אַ. פּריבלודעס אייניקע ווערק, באַזונדערס אין געביט פון אַנטראָפּאָנימיק — פאָרשונגען וועגן דעם אָפּשטאַם פון נעמען און פאַמיליע־נעמען.

אַ. פּריבלודע אַרבעט אויך אין געביט פון היסטאָריאָגראַפיע, ליטעראַרישער ביבליאָגראַפיע (אַ ריי ווערק אויף די דאָזיקע טעמעס זײַנען פאַרעפנטלעכט אין אונדזער זשורנאַל).



באַגריסנדיק הארציק דעם כאַשעוון באַל־יויול, ווינטשן מיר אים געזונט, אריכאס־יאָמים און ווײַטערדיקע דערפאָלגן אין זײַן וויסנשאַפטלעכער און ליטעראַרישער אַרבעט.

---

## שרײַבער און ווערק

### נאָטיצן אויפֿן קאַלענדאַר

דעם 6 מאַרט 1475, מיט 500 יאָר צוריק, איז אין קאַפּרעסע (איטאַליע) געבוירן געוואָרן דער גאוניאַלער סקולפּטאָר, מאָלער, אַרכיטעקטאָר און דיכטער מיקעלאַנדזשעלאָ בואָנאַראָטי.

מיקעלאַנדזשעלאָ בואָנאַראָטי איז געווען איינער פֿון די גרעסטע פֿאָרשטייער פֿון דער קולטור פֿון דער רענעסאַנס־עפּאָכע. זײַנע ווערק „די מאַדאָנע אויף די טרעפּ" און „די שלאַכט פֿון קענטאַוורען" (90־ער יאָרן פֿון XV יה.) זײַנען פֿול מיט קינסטלערישער ענערגיע און אינערלעכער אָנשטרענגונג. דער פּעריאָד פֿון זײַן רײַפֿער שאַפֿונג עפֿנט זיך מיט דער סטאַטוע דאָוויד־האַמעלעך (צווישן 1501—1504).

זײַן גאַנץ לעבן האָט מיקעלאַנדזשעלאָ געשריבן לידער. באַזונדערס פֿיל האָט ער געשריבן אויף דער עלטער. כאָטש ער האָט זײַנע פּאָעטישע ווערק ניט פֿאַרעפֿנטלעכט, זײַנען זיי געווען ברייט באַקאַנט און הויך געשאַצט. די גרעסטע קריטיקער פֿון זײַן צײַט האָבן געלייענט רעפֿעראַטן וועגן זײַן ליריק אין דער אַקאַדעמיע פֿון פֿלאָרענץ. אין דער איטאַליענישער ליטעראַטור פֿון XVI יה. האָט מיקעלאַנדזשעלאָס פּאָעזיע פֿאַרנומען אַ באַזונדער אָרט. אין איר זײַנען אָפּגעשפּיגלט געוואָרן די פֿילאָסאָפֿישע, געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע און רעליגיעזע ראַיוינעס פֿונעם גרעסטן קינסטלער פֿון אַן עפּאָכע, ווען דער רענעסאַנס־הומאַניזם האָט איבערגעלעבט אַ קריזיס. דערמיט איז טײַלווײַז צו דערקלערן, וואָס זײַנע לידער זײַנען אָנגעזאַפּט מיט מענטשלעכן טרויער. זײַנע טעמעס: שאַפֿונג און שיינקײַט, וועלכע ווערן בײַ אים טראַקטירט אַלס דער געטלעכער יעסאָד פֿונעם מענטשן; ליבע, וואָס קעמפֿט קעגן זיקנע און טויט; דאָס היימלאַנד, וואָס איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער מאַכט פֿון אַ טיראַן; די איינזאַמקײַט פֿונעם קינסטלער, וועלכער איז אַרומגערינגלט דורך אַ פֿײַנטלעכער וועלט, — דאָס אַלץ האָט באַקומען אין מיקעלאַנדזשעלאָס לידער בירגערלעכן פּאַטאָס און הויך טראַגישע קלינגעוודיקײַט. זײַנע באַליבטע פּאָעטישע פֿאָרמען זײַנען געווען: מאַדריגאַל און סאָנעט.

גלײַכצײַטיק מיט דיכטונג האָט פֿאַרנומען אַ צענטראַל אָרט אין מיקעלאַנדזשעלאָס שאַפֿונג די אַרכיטעקטור. זײַנע אַרכיטעקטור־ווערק זײַנען אָנגעזעטיקט מיט העראָיִזם. די פֿאָרמען זײַנען אין זיי אַ מיטל צו אויסדריקן שטורמישע עמאָציעס. מיט אויסערגעוויינלעכער קראַפֿט פֿאַרקערפּערט מיקעלאַנדזשעלאָ אין זײַן שאַפֿונג די גרויסע דערגרייכונגען פֿון דער רענעסאַנס־קונסט — הומאַניזם, פֿאָלקסטימלעכקײַט, רעאַליזם.



מיקעלאַנדזשעלאָ בואָנאַראָטי (זײַן פֿולער נאָמען מיקעלאַנדזשעלאָ די לאָדאָוויקאָ די לעאָנאַרדאָ די בואָנאַראָטאָ סימאָני) איז געשטאָרבן דעם 18 פֿעברואַר 1564 אין רוים.

מיט 110 יאָר צוריק איז אין דער רומענישער שטאָט וואַסלוי געבוירן געוואָרן דער ייִדישער שרײַבער, איבערזעצער, פּובליציסט דאָוויד־מוישע הערמאַלין.

ד.־מ. הערמאַלין איז געווען איינער פֿון די פּיאָנערן פֿון דער ייִדישער זשורנאַליסטיק אין אַמעריקע, ער האָט אַ סך אויפֿגעטאָן אינעם שאַפֿן די אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָפּולערע פּרעסע. כאָטש זײַן ייִדישע שפּראַך איז געווען אין אַ געוויסער מאָס אַמעריקאַניזירט און פֿאַרדײַטשמעריש, איז זי אָבער געווען אַ לײַכטע און האָט זיך דערוואָרבן אַ היפּשן עולם לייענער.

הערמאַלינס הויפּט־טעמע איז געווען די אַזוי־גערופֿענע „ליטעראַטור פֿון דער אַכטער זײַט" — וועגן די פֿאַרשיידענע איניאָנים פֿון פֿאַמיליען־לעבן אאַזוו. ער האָט אָבער אויך געשריבן ראָמאַנען, פֿילאָסאָפֿישע טראַקטאַטן און געמאַכט אַ גרויסע צאָל איבערזעצונגען פֿון ל. נ. טאָלסטאָי („מילכאָמע און שאָלעם", „אַנאַ קאַרענינאַ", „קרייצער־סאָנאַטע", „איוואַן איליטשס טויט" און פֿיל אַנדערע), פֿון עמיל זאָליאַ, מאָפּאַסאַן און פֿון אַנדערע קלאַסיקער פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. די אַלע ווערק זײַנען אַרויס אין אַ בוכפֿאָרם אין פֿאַרלאַג „היברו פּאָבלישינג קאָ".

מיר ברענגען דאָ אַ קורצע רעשימע פֿון הערמאַלינס אָריגינעלע ווערק: „די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מילכאָמע", „רומענישע ייִדן אין אַמעריקע", „דער לעצטער בלוט־אַטאַק", „אַמעריקאַנער העלדן" און פֿיל אַנד. אין 1912 איז דערשינען אין אַ בוכפֿאָרם (אין „היברו פּאָבלישינג קאָ") הערמאַלינס „זשורנאַליסטישע שריפֿטן" אין 4 בענדער. ד.־מ. הערמאַלין איז אויך דער אַווטאָר פֿון אייניקע פּיעסן: „דאָס קינד פֿון דער מידבאָר, אָדער געפֿאַנגען אין נעץ פֿון ווילדער ליבע" (1899), „פֿייגעלע, אָדער נויט ברעכט אײַזן"—טראַגעדיע (1899), „דער ייִדישער געמבלער, אָדער אויפֿן מיזבייעך פֿון ליבע" (1900), „דער געלט־זאַק, אָדער ליבע און גאָלד" (1900), „דער פּרינץ ראָדריגאָ" — היסטאָרישע אָפּערעטע (1901), „די קרוין פֿון שאַנדע" — דראַמע.

אַ לײַדנשאַפֿטלעכער ספּאָרטסמען, האָט הערמאַלין זײַן גאַנצע פֿרײַע צײַט געשענקט דעם יאַגד און אָנגעשריבן פֿאַר אַ. רייזענס אויסגאַבע „דאָס נײַע לאַנד" „נאָטיצן פֿון אַ ייִדישן יעגער".

ד.־מ. הערמאַלין איז געשטאָרבן אין יול 1921 אין ניו־יאָרק.



מיט 90 יאָר צוריק איז אין שטעטל ראַקאָוו (ווײַסרוסלאַנד), אין געזינד פֿון אַן אָרעמען סטאָליער, געבוירן געוואָרן דער ייִדישער שרײַבער בערל באַטוויניק.

צו 16 יאָר איז באַטוויניק געוואָרן אַ מאָלער (געמאָלט שילדן און איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווו ער איז געווען באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים בערעלע דער מאַליער. זומער 1903 איז ער פֿאַר רעוואָליוציאָנערער אַרבעט אַ געוויסע צײַט געזעסן אין דער מינסקער טפּיסע. אין 1905 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, די ערשטע צײַט געאַרבעט לויט זײַן פֿאַך און גלײַכצײַטיק געווען אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין 1909 האָט ב. באַטוויניק דעביוטירט מיט צוויי דערציילונגען וועגן דעם ייִדישן לעבן אין אַמעריקע. פֿון דעמלט אָן איז ער אַרויסגעטראָטן אין פֿאַרשיידענע ייִדישע צײַטשריפֿטן, ווו ער האָט, אויסער פּובליציסטישע אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען, אויך פֿאַרעפֿנט־



לעכט פֿראַגמענטן פֿון אַ דראַמע „יעזוס קריסטוס". צוזאַמען מיט י. אַדלערן האָט ער אָנגעשריבן די פּיעסעס „ביילקע מאַראַנטעקע" אָדער „די טײַוולשע ליבע" און „שײַקע פֿון בראַנזוויל" (אופֿגעפֿירט געוואָרן אין 1913. מיט 6 יאָר שפּעטער איז די פּיעסע איבערגעאַרבעט געוואָרן און באַקומען דעם נאָמען „דער וועגעטאַריאַנער"). ביידע פּיעסן האָבן געהאַט דערפֿאָלג אויף דער ייִדישער בינע פֿון אַמעריקע.

אין אַ בוכפֿאָרם זײַנען דערשינען ב. באַטוויניקס פֿאָלגנדיקע ווערק: די איינבענדיקע אויסגאַבע „דערציילונגען און בילדער" (ניו־יאָרק, 1920) און די צווייבענדיקע אויסגאַבע „געקליבענע דערציילונגען" (ניו־יאָרק, 1948).

אין 1912 האָט ב. באַטוויניק צוזאַמען מיט מ. קאַפּלאַנען געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגעבן אַ ייִדישן זשורנאַל מיט לאַטײַנישן שריפֿט. דער פּרווו האָט אַרויסגערופֿן אַ הייסע פּאָלעמיק אין דער ייִדישער פּרעסע, ער האָט אָבער קיין דערפֿאָלג ניט געהאַט.

בערל באַטוויניק איז געשטאָרבן דעם 29 אויגוסט 1945.

---

## יאַנקעוו ריוועס

עס איז געשטאָרבן איינער פֿון די עלטסטע געזעלשאַפֿטלעכע טוער, דער ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער יאַנקעוו ריוועס. ער האָט אָפּגעלעבט אַ לאַנג לעבן, וואָס איז רײַך מיט אַקטיווער פּאָליטישער טעטיקייט און שעפֿערישער מי.

יאַנקעוו ריוועס איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל אָסווייע (ווײַסרוסלאַנד) דעם 6 יאַנואַר 1886. פֿון די יונגע יאָרן אָן איז ער אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. ער איז געווען אַן אָנטיילנעמער פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע אין די יאָרן 1905—1907. נאָך אָקטיאַבער 1917 טרעט ער אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין די יאָרן פֿון בירגערקריג האָט ריוועס געפֿירט, לויטן אויפֿטראָג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַ ברייטע אונטערערדישע אַרבעט אין אָקופּירטן ווײַסרוסלאַנד.

די רעוואָליוציאָנערע און אומלעגאַלע פּאַרטיי־אַרבעט איז אָפּגעשפּיגלט אין יאַנקעוו ריוועסעס קינסטלערישער שאַפֿונג, אין זײַנע דערציילונגען, ראָמאַנען, וועלכע טראָגן מערסטנטייל אַ מעמואַריסטישן כאַראַקטער.

די ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ריוועס אָנגעהויבן אין 1918. זײַן ערשטער בוך „אונטערערד" איז דערשינען אין יאָר 1924. ער איז דער אויטאָר פֿון די ווערק „באַם יאַם" (1931), „יאַן דזשעמבאַ" (1938), „פֿאַרבאָרגענע קויכעס" (1941), „דער וועג צום זיג" („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 2, 1965). אין



רוסיש איז דערשינען זײַן ראָמאַן „באַלשעוויקעס" (1965). דער פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" גיט אינגיכן אַרויס זײַן לעצטן בוך „ברויט".

יאַנקעוו ריוועס האָט מיט זײַן שאַפֿונג פֿאַרברייטערט דעם טעמאַטישן דיאַפּאַזאָן פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע, שילדערנדיק אויף אַ דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל די ניט־ווײַטע רעוואָליוציאָנערע היסטאָרישע פֿאַרגאַנגענהייט.

קאָוועד זײַן ליכטיקן אָנדענק!

■ ■ ■

# В ПОМОЩЬ ИЗУЧАЮЩИМ ИДИШ

## קאסרילעווקער רעסטאָראַנען

(א שמועס וועגן עסן)

...— עפּעס עסן?[1] — רופט זיך אָן דאָס ווײַבל מיט א מאָדנע מין געזאנג(...)[2], און טרייסלט אויס דעם פאַרטעך[3], און פארשיט מיר די אויגן מיט מעל[4]. — וואָס ווילט איר עסן?[5]

— וואָס האָט איר?[6] — זאָג איך צו איר מיטן זעלבן ניגן, וואָס זי[7].

— וואָס ווילט איר?[8] — זאָגט זי נאָכאמאָל מיטן אייגענעם ניגן[9].

— וואָס איך וויל? — זאָג איך. — הם... פיש איז דאָ בא אײַך געפילטע?[10].

— נאָכן מארק פיש?[11] — זאָגט זי. — א שיינע מײַסע![12]

— נו, לאָז זײַן באָרשטש, — זאָג איך, — אז ניט קיין פיש[13].

— ווו האָט איר געזען, — זאָגט זי, — נאָך האלבן טאָג באָרשטש?[14] א באָרשטש דארף זיך קאָכן[15] — דאָס ווייסט איר צי ניין?[16]

— אלצדינג, — זאָג איך, — באדארף זיך קאָכן[17].

— אבי איר ווייסט, — זאָגט זי, — איז גוט![18]

— נו, — זאָג איך, — איז קיין ראָסלפלייש אויך ניטאָ?[19]

— פונוואנעט, — זאָגט זי, — האָט זיך גענומען א ראָסלפלייש?[20] ס'איז געווען א ראָסלפלייש, האָט מען אים אופגעגעסן[21].

— נו, — זאָג איך, — לאָז זײַן א יויך[22].

— מיט וואָס, — זאָגט זי, — ווילט איר, זאָל זײַן די יויך?[23] מיט מאנע־גרײַפּלעך, מיט א מאצעלע צי מיט מאנדלען?[24](...)

— לאָז זײַן, — זאָג איך, — מיט וואָס איר ווילט, אבי א יויך![25]

— אף ווען[26], — זאָגט זי, — ווילט איר, זאָל זײַן די יויך?

— וואָס הייסט, — זאָג איך, — אף ווען? אף באלד![27]

— וואָס הייסט, — זאָגט זי, — אף באלד? איר ווילט דאָך מיסטאמע א יויך זאָל זײַן פון אָף?[28] וואָסער טאַם האָט א יויך אָן אָף?[29] און אַן אָף באדאַרף מען ערשט כאַפּן[30], שיקן צום שויכעט[31], אָפּפליקן, מאכן, זאלצן, אָפּגיסן, אויסווייקן און צושטעלן[32]. עס קאָן ארויסקומען האלעוויַי אף דער נאכט[33].

— גיט זשע מיר אזוי, — זאָג איך, — וואָס־ניט־איז[34]: א שטיקל פלייש, א ביסל זופּ[35], א פרעזשעניצע פון עטלעכע אייער[36], אָדער עפּעס געזאלצנס, טאָמער האָט איר?[37]

— א מאָדנער ייִד![38] ·(...) אלצדינג גלוסט זיך אים[39]... א הערינג, אויב איר ווילט, קאָן איך אײַך מאכן[40].

— לאָז זײַן א הערינג, — זאָג איך, — אבי גיכער[41].

— וויִאזוי ווילט איר? — זאָגט זי. — מיט א ציבלקע?[42]

— מיט א ציבלקע.

— און מיט עסיק אוי־עך?[43]

— מיט עסיק אויך.

— און מיט בוימל[44] אוי־עך?

— מיט בוימל אויך.

זי טוט ווידער א טרייסל דעם פאַרטעך[45], קאטשעט אָפּ די ארבל[46], לאָזט זיך גיין נאָך א הערינג און קערט זיך אום צוריק[47].

— וויִאזוי האָט איר ליב א הערינג זאָל זײַן — מיט א מילעך [מילך]?[48] צי מיט א רויג?[49]

— לאָז ער זײַן ווי ער וויל זיך, — זאָג איך, — אבי לאָז ער שוין זײַן[50].

— גערייכערטע פישלעך עסט איר?[51]

— פארוואָס ניט?[52] — זאָג איך.

— און אָדעסער קעפאליען?[53] — זאָגט זי.

— בעקאָווועד־גאָדל![54] — זאָג איך.

— איך ווייס אָבער ניט, — זאָגט זי, — צי זיי זענען שוין דאָ?[55] מיר דאכט[56], אז זיי זענען נאָך נישטאָ[57], און עפּשער זענען זיי שוין דאָ?[58]... ניין, ס'איז נאָך פרי[59]... פונדעסטוועגן וועל איך גיין זען[60], טאָמער זענען זיי שוין דאָ[61] (ש אָ ל ע ם־א ל יי כ ע ם. דאָס נײַע קאסרילעווקע)[62].

